## יעקב צינעמאן

# „אין רבנישן שאָטן"

ביאָגראַפישער ראָמאַן

וועגן דעם לעבן פון קאַרל מאַרקס און זיין יידישן דור

פּאַריז 1954

## Jacob ZINEMAN


# “ IN RABONISCHN SCHOTN ”

## (“ Dans l’ombre des Rabbins ”)

ROMAN BIOGRAPHIQUE


אַרויסגעגעבן מיט דער הילף פון דער קולטור־אָפטיילונג
ביים „דזשאָינט״ אין פראַנקרייך



**Copyright 1954 by Jacob Zineman, Paris.**



Imprimerie « E. P. », 232, rue de Charenton, Paris-12e

דאָס דאָזיקע בוך ווידמע איך צום אָנדענק פון מיין יינגסטן און ליבסטן ברודער

# ישעיהו צינעמאַן־טאַפּעט ז״ל

דעם ערלעכן, איבערגעגעבענעם שליח ציבור פון פּשעמישלער יידנטום אין דער אָרטיקער שטאָט־פאַרוואַלטונג און קהילה,

דעם ענטוזיאַסטישן קעמפער פאַר ציוניזם און סאָציאַליזם, פאַר וועלכע ער האָט אַוועקגעגעבן זיין גאַנץ לעבן און איז לסוף געפאַלן, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, פון אַ מערדערישער היטלעריסטיש־אוקראַאינישער קויל. הי״ד.

ד ע ר  א ו י ט אָ ר .

# אינהאלט:

## צווייטער טייל: די סטודענטן־צייט אין באָן און אין בערלין

## דריטער טייל: ווען פון מורא ווערט געבוירן שנאה

# פּאָרוואָרט

די געשטאַלט און פּערזענלעכקייט פון קאַרל מאַרקס'ן האָבן מיך פאַראינטערעסירט און צוגעצויגן זייט מיין פריעסטער יוגנט. שוין אַלס גימנאַזיע־שילער האָב איך אַ פּאָר מאָל דורכגעלייענט און כמעט אויסנווייניק געקענט דאָס באַרימטע ווערק פון קאַרל מאַרקס'נס בעסטן ביאָגראַף פראַנץ מעהרינג. שפּעטער, אין מיין ווינער סטודענטן־צייט, זענען מיינע קענטענישן וועגן מאַרקס'ן און מאַרקסיזם אויסגעברייטערט און פאַרטיפט געוואָרן, און גלייכצייטיק איז נאָך מער געוואַקסן מיין פאַראינטערעסירונג מיט דעם פּערזענלעכן לעבן פונעם דאָזיקן גרויסן סאָציאַליסטישן געלערנטן און דענקער. נישט־איינמאָל האָב איך צו יענער צייט געטראַכט וועגן דעם, אַז אַ ביאָגראַפישער ראָמאַן וועגן מאַרקס'נס לעבן וואָלט סיי דעם מחבר און סיי זיינע לייענער, געגעבן אַ רייכן שטאָף צו אַן אויסערגעוויינלעך־באַלערנדיקער און גלייכצייטיק פאַרכאַפּנדיקער לעקטור. אַלס אַן איבערצייגטער מאַרקסיסט און ענטוזיאַסטישער סאָציאַליסט, האָב איך אין מיין יוגנט־תקופה, געוואָלט דורכאויס פאַרגעסן אין די שאַרפע, באַליידיקנדיקע אויסדרוקן פון מאַרקס'ן קעגן די יידן און יידנטום אין זיין אַלגעמיין־באַקאַנטן אַרטיקל פון יאָר 1844 „צו דער יידן־פראַגע". איך האָב געזוכט פאַרשידענע מאָטיוון און אַרגומענטן, וואָס האָבן געדאַרפט אויפקלערן און אַנטשולדיקן מאַרקס'נס שטאַרק־נעגאַטיווע שטעלונג צום יידנטום. און אַז מ'זוכט געפינט מען. אויב איך זאָל זיך דאָ, בנוגע מיין באַציאונג צו מאַרקס'ן, באַנוצן מיט דעם, דורך אים אַזוי באַליבטן, דיאַלעקטישן מעטאָד פון העגעל'ן, דאַן וואָלט איך מיין יוגנטלעכע אויפפאַסונג לגבי מאַרקס'ן פעסטגעשטעלט אַלס די טעזע.

אַ געוויסער ראַדיקאַלער איבערברוך אין דער דאָזיקער אויפפאַסונג איז ביי מיר פאָרגעקומען אין אַ זומער־חודש פון יאָר 1923, קורץ פאַר מיין פאַרלאָזן ווין, ווען איך האָב, צוזאַמען מיט אַנדערע טויזנטער דורכגייער, באַמערקט אויף די ווינער שטאָט־מויערן רויט־פאַרביקע פּלאַקאַטן מיט געמיינע היטלעריסטישע בלבולים קעגן יידן און יידנטום, און מיט אויטענטישע (ליידער!) ציטאַטן בנוגע דעם „ וואָס דער ייד מרדכי קאַרל מאַרקס האָט געשריבן וועגן דעם גאָט און דער רעליגיע פון זיינע געוועזענע גלויבנס־גענאָסן". מאַרקס'נס ווערטער אין צייכן פון פאַרשאָלטענעם, בלוט־כוליגאַנישן האַקן־קרייץ, האָבן מיך טיף דערשיטערט. אפשר איז דאָס געווען דער אָנהויב פון די אידעאָלאָגישע און פּאַרטייאישע ענדערונגען, וועלכע זענען ביי מיר באַלד פאָרגעקומען אין פוילן, אין דעם דאָזיקן הערלעכן, לויט זיין כמות און איכות, יידישן ישוב. אַלס אַ קעמפערישער נאַציאָנאַלער ייד און מלוכה'שער ציוניסט, האָב איך דעמאָלט, אין דער דאָזיקער רייפקייט־תקופה פון מיין לעבן, באַקומען פאַרשטענדלעך, אַ גאָר אַנדערע באַציאונג צו מאַרקס'נס שטעלונג לגבי יידן, ווי אין מיין יוגנט־צייט. אין מיין שריפט, וועלכע איז אין יאָר 1930 דערשינען אין וואַרשע אין פוילישער שפּראַך א. נ.: „קאַרל מאַרקס און די יידן־פראַגע", האָב איך מיט שאַרפע, ריקזיכטסלאָזע ווערטער אַטאַקירט מאַרקס'נס אַנטי־יידישע אויספירונגען אין זיין אַרטיקל „צו דער יידן־פראַגע". איך האָב נישט געפונען קיין שום סיבה אָדער

מאָטיוו, וואָס זאָל באַרעכטיקן און אַנטשולדיקן מאַרקס'נס שטעלונג לגבי דעם יידנ־טום. באַנוצנדיק זיך ווייטער מיט דעם טערמין פון העגעלישער דיאַלעקטיק, וואָלט איך מיין דעמאָלדיקע ענדערונג בנוגע מאַרקס'ן, אָנגערופן די אַנטי־טעזע.

נאָך אַ הפסקה פון איבער צוואַנציק יאָר, ווען מ'האָט זיך שוין דערנענטערט צום אייגענעם לעבנס־האַרבסט און מ'איז געוואָרן, ווי עס זאָגט זיך אין יידישן פאָלקס־ווערטל „עלטער און קעלטער", בין איך ווידער, דאָסמאָל אין פּאַריז, פונ־דאָסניי פאַראינטערעסירט געוואָרן מיט דער טעמאַטיק: קאַרל מאַרקס. איך האָב אָנ־געהויבן באַטראַכטן די פּערזענלעכקייט און די לעבנס־געשיכטע פון מאַרקס'ן אַ סך רואיקער און אָביעקטיווער, ווי אין דער ווינער אָדער וואַרשעווער תקופה. צום לייט־מאָטיוו האָב איך מיר איצט גענומען, אויך אין דעם פאַל, דעם שפּינאָזישן געדאַנק, אַז מ'זאָל זיך תמיד באַמיען: נישט פאַרטיידיקן און נישט פאַראורטיילן דעם מענטש, נאָר אים פאַרשטיין. ממילא, איז מיין היינטיקע באַציאונג צו מאַרקס'ן, צו זיינע מעשים און ווערטער, געוואָרן אַ מין סינטעזע צווישן דער אַמאָליקער ענטוזיאַסטי־שער, פּאָזיטיווער טעזע און דער שפּעטערדיקער נעגאַטיווער, קעגנערישער אַנטי־טעזע.

דאָס לעבן פון יעדן יחיד, און זאָל עס זיין דער וויכטיקסטער און גרעסטער מענטש, מאָר נישט באַטראַכט און געאורטיילט ווערן אָפּגעזונדערט פון דער תקופה און דער סביבה, אין וועלכער דער דאָזיקער יחיד לעבט און ווירקט. אַנדערש, וועט זיך באַקומען אַ לגמרי־פאַלש און אומגערעכט בילד. ווען מען נעמט מאַרקס'נס אַרטיקל פון יאָר 1844 „צו דער יידן־פראַגע" און מען טראָגט עס אַריבער סכעמאַ־טיש אין אונזער צייט מיט אונזערע באַגריפן און השגות וועגן דער יידישער פראַגע, דאַן מוז זיך זיכער שאַפן אַ געוואַלדיקע דיספּראָפּאָרציע צווישן דעם, וואָס מאַרקס האָט געשריבן מיט איבער הונדערט יאָר צוריק, און דער היינטיקער יידישער גייס־טיקער און פּאָליטישער ווירקלעכקייט. אין אַזאַ פאַל ווערט מאַרקס'נס באַציאונג צום יידנטום ממש פּאַראַדאָקסאַל און פּשוט אַנטיסעמיטיש. דאָס מוז, אין קאָנסעק־ווענטן רעזולטאַט, צופירן אונז צו אַ גאָר שאַרפן און ריקזיכטסלאָזן אורטייל קעגן מאַרקס'ן און זיין פאַטאַלן אַרטיקל.

ווען מיר ווילן אָבער זיין אָביעקטיוו און גערעכט אין אונזער אורטייל לגבי מאַרקס'ן, מוזן מיר צו זיין פּערזענלעכקייט און פּראָבלעמאַטיק צוגיין מיט דעם מאָס־שטאַב פון זיין צייט און זיין סביבה, מיט הונדערט יאָר צוריק. ס'איז נישט קיין לייכטע אויפגאַבע, אָפּצושטופּן פון זיך אונזער היינטיקע גייסטיקע און פּסיכישע ווירקלעכקייט, און ווי־ווייט־מעגלעך אַריינלעבן זיך אין יענער תקופה פון דייטשן יידנטום, מיט דריי צי פיר דורות צוריק. אָבער יעדער שריפטשטעלער, וועלכער וויל שרייבן אַ ווערטפול בוך וועגן קאַרל מאַרקס'נס לעבן, צי זאָל דאָס זיין אַ וויסנ־שאַפטלעכע ביאָגראַפיע אָדער אַ ביאָגראַפישער ראָמאַן, מוז די דאָזיקע אויפגאַבע דערפילן. וואָס מער ער וועט זיין ביכולת אַריינצולעבן זיך און איבערצוגעבן פאַר זיינע לייענער די ווירקלעכע היסטאָרישע אַטמאָספערע פון מאַרקס'נס תקופה און סביבה, אַלץ אמת'ער און ווערטפולער וועט געלינגען זיין ווערק. ווי אין יעדער גייס־טיקער שאַפונג, ווערט אויך אין דעם פאַל, דער אמת, צום הויפּט־קוואַל פון יעדער וויסנשאַפטלעכער און קינסטלערישער דערגרייכונג.

קאַרל מאַרקס איז אין זיין נעגאַטיווער באַציאונג צום יידנטום, נישט געווען קיין יוצא מן הכלל. דאָס גאַנצע דייטשע יידנטום האָט דעמאָלט, מיט הונדערט יאָר

צוריק, איבערגעלעבט איר שווערע טראַגעדיע, וועלכע איז באַשטאַנען קודם־כל אין דעם, וואָס זיינע געבילדעסטע און קולטורעלסטע קרייזן זענען, אויף אַלע וועגן און מיט אַלע מיטלען, אַנטלאָפן, מיט אַ שמד און אָן אַ שמד, פון יעדער יידישער, רעליגיעזער צי נאַציאָנאַלער טראַדיציע. און אַנטלויפנדיק, ווי פּחדנישע רענעגאַטן, האָט מען מייסטנס נאָך באַליידיקט און באַשמוצט דעם אייגענעם מקור, די אייגענע פאַרגאַנגנהייט. דאָס איז נישט געווען קיין צרת־היחיד נאָר אַן אַלגעמיינע צרת־הכלל. קאַרל מאַרקס'נס פאָטער, דער פּרייסישער יוסטיץ־ראַט הערשל־היינריך מאַרקס, דער זון און אייניקל פון טריערער רבנים, וועלכער האָט זיך און זיינע קינדער אָפּגעשמד'ט, איז געווען איינער פון די פילע טויזנטער יידישע אינטעליגענטן אין דייטשלאַנד, וואָס האָבן מיט אַ לייכטער האַנט און מיט אַ פאַראַכטונג פאַר דעם יידנטום אויסגעטוישט דעם דורות־לאַנגן גלויבן פון זייערע אבות אויף אַ שמד־צעטל, דעם דאָזיקן מכלומרשטן „איינטריטס־בילעט אין דער אייראָפּעאישער קולטור".

אָבער דאָס אַנטלויפן פון יידנטום איז נישט געווען לגמרי אַזאַ לייכטער שפּרונג פון געטאָ צו דער „אייראָפּעאישער קולטור", ווי עס האָט זיך פאָרגעשטעלט דער דעמאָלדיקער זינדיקער, פאַרבלענדעטער יידישער דור אין דייטשלאַנד. אַ סך פון די דאָזיקע משומדים זענען דאָס גאַנצע לעבן געבליבן טראַגישע געשטאַלטן, מיט צעוויייטיקטע, אינערלעך־צעריסענע נשמות. זיי זענען פון דער אַלטער יידישער וועלט אַוועק, ווער מיט אַ קללה און ווער מיט אַ שפּיי, אָבער אין דער נייער, גויאישער וועלט האָבן זיי זיך אָפּט נישט געקאָנט אַריינלעבן און זענען געבליבן שטיין ראַטלאָזע און צעבראָכענע, צווישןביידע וועלטן. דער בעסטער פון די דאָזיקע משומדים, דער געניאַלער דייטשער דיכטער היינריך היינע, האָט געהאַלטן, אַז דאָס יידנטום איז פאַר אים ווי אַ הויקער, פון וועלכן דער בעל־מום קאָן נישט פּטור ווערן. און היינע איז אין זיין טראַגישן ראַנגלען זיך, כסדר צוריקגעקומען, מיט זיין פּאָעטישער שאַפונג צו יידישע מאָטיוון.

איך האָב זיך באַמיט איבערצוגעבן אין מיין ביאָגראַפישן ראָמאַן די עכטקייט פון יענער דייטש־יידישער תקופה, מיט איר פאַרצווייפלטן און האָפנונגסלאָזן אַנטלויפן פון יידישן עבר. דעם טראַגישן נשמה־געראַנגל פון דעם דעמאָלטיקן דייטש־יידישן אינטעלעקטואַליסט האָב איך גענומען אַלס יסוד און הויפּט־מאָטיוו פאַר מיין מאַרקס־ראָמאַן.

קאַרל מאַרקס איז אָפּגעשמד'ט געוואָרן, ווען ער איז אַלט געווען זעקס יאָר, און זיין פאָטער, דער יוסטיץ־ראַט, האָט זיך באַמיט מיט אַלע כוחות, אַז אין זיין שטוב און אין זיין סביבה, זאָל מער נישט פאַרבלייבן קיין שום זכר פון יידישקייט. אָבער טריער איז געווען אַ קליינע פּראָווינץ־שטאָט מיט אַ גאַנץ צאָלרייכן יידישן ישוב, און קאַרל מאַרקס האָט אין דער דאָזיקער שטאָט פאַרבראַכט זיין יוגנט ביז צום 18־טן לעבנס־יאָר. צי קאָן מען זיך פאָרשטעלן, אַז ס'איז דעם פאָטער געלונגען פולשטענדיק און הערמעטיש אָפּצושליסן זיין זון פון יעדן יידישן זכר, אין דעם דאָזיקן שטעטל, ווו יידן האָבן געלעבט און געווירקט אויף שריט און טריט, און ווו אינם לעצטן דור, זענען קאַרל מאַרקס'נס זיידע און פעטער געווען באַקאַנטע אומעטום רבנים פון דער אָרטיקער יידישער קהילה? בניגוד צום פאָטער, היינריך מאַרקס, איז קאַרל'ס מוטער, הענריעטע, געווען צוגעבונדן צום יידישן דת און צו דער טראַדיציאָנעלער פאַרגאַנגנהייט. נאָכן שמד פון איר מאַן און פון די קינדער,

האָט זי זיך לאַנג און פאַרצווייפלט פאַרטיידיקט קעגן דעם צוואַנג אָנצונעמען דעם קריסטלעכן גלויבן, און אויך שפּעטער, במשך איר גאַנץ לעבן, איז זי פאַרבליבן קעגנעריש געשטימט צום קריסטנטום און דייטשטום. און הגם איר איינפלוס אויף דעם יונגן מאַרקס איז געווען אַ סך קלענער, ווי פונם פאָטער, האָט זי דאָך זיכער מיט איר האַלב־יידישער שפּראַך, מיט אירע יידישע געוווינהייטן, מנהגים און מדות, איבערגעלאָזט געוויסע איינדרוקן אין דער קינדערישער, עמפּינדלעכער נשמה פון אויפוואַקסנדיקן קאַרל.

שוין אין קאַרל מאַרקס'נס צייטן, האָט אין דער אַנטראָפּאָלאָגישער וויסנשאַפט, וואָס פאַרנעמט זיך מיטן פאָרשן די מענטשלעכע נאַטור, אָנגעהויבן דאָמינירן די שיטה פון דעטערמיניזאַציע און פּרעדעסטינאַציע, וועלכע האַלט, אַז יעדער יחיד ירש'נט זיינע פיזישע, גייסטיקע און פּסיכישע אייגנשאַפטן פון די פריערדיקע דורות. די דאָזיקע ירושה פון אבות, וואָס רופט זיך אַטאַוויזם, באַשטימט דעם גורל און דעם לעבנס־כאַראַקטער פון מענטשן. ס'איז נישט דאָ דער פּלאַץ אָפּצושטעלן זיך אויף דעם, צי און ווי ווייט די דאָזיקע וויסנשאַפטלעכע שיטה האָט איבערגעשאַצט דעם איינפלוס פון דער פיזישער און גייסטיקער ירושה אויפן לעבן פון יחיד. אָבער, זיכער טאָר מען נישט אונטערשאַצן דעם כוח פון דעם דאָזיקן ירושה־געזעץ. די טיפע טראַגעדיע פון דעם יידיש־דייטשן דור, מיט הונדערט יאָר צוריק, האָט זיך טאָקע, אין אַ גרויסער מאָס, גענומען דערפון, וואָס מ'האָט דורכאויס געוואָלט אַנטלויפן פון דער דורות־לאַנגער ירושה און מ'איז בזה האופן אַריינגעצויגן געוואָרן אין אַ פאַרצווייפלטן, אָפּט־האָפענונגסלאָזן קאַמף קעגן די געזעצן פון דעטערמינאַציע און אַטאַוויזם.

ס'איז פאַר קיין שום בר־דעת נישט קיין קלענסטער ספק, אַז קאַרל מאַרקס האָט געירש'נט זיינע פיזישע אייגנשאַפטן פון זיינע אבות. צי קאָן מען אָבער צווייפלען אין דעם, אַז ער האָט פון זיי אויך געירש'נט זייערע גייסטיקע און פּסיכישע אייגנשאַפטן? צי קאָן מען גלויבן, אַז די הונדערטער יאָרן פון דורות־לאַנגע יידישע טראַדיציעס, פון תלמודישע גאונים און רבנים, זענען פון קאַרל מאַרקס'נס גייסט און פּסיכיק, אויפאיינמאָל, פּשוט אַרויסגעריסן געוואָרן און פאַרשווּנדן אָן אַ ווירקונג און אָן אַ השפּעה?

אַריינטראַכטנדיק זיך אין די דאָזיקע פּראָבלעמען און פראַגן, בין איך געקומען צו דער פעסטער איבערצייגונג, אַז קאַרל מאַרקס איז נישט געווען קיין יוצא מן הכלל פון זיין גאַנצן דייטש־יידישן דור, נישט בנוגע זיין אַנטיפּאַטיע לגבי דעם יידנטום און אויך נישט בנוגע זיין אינערלעכן טראַגישן געראַנגל. אויך קאַרל מאַרקס האָט, ווי אַנדערע טויזנטער געשמד'טע דייטש־יידישע אינטעלעקטואַליסטן, מיט הונדערט יאָר צוריק, געמוזט קעמפן זיין גאַנץ לעבן קעגן דעם געירש'נטן אַטאַוויזם, און איז כסדר און פאַרצווייפלט אַנטלאָפן פאַר די שאָטנס פון זיין יידישער פאַרגאַנגנהייט. ממילא, ווערט קאַרל מאַרקס פאַרוואַנדלט אין אַ טראַגישע געשטאַלט, איינע פון די אומצאָליקע טראַגישע געשטאַלטן פון דער דעמאָלדיקער דייטש־יידישער אינטעליגענץ. און אַזוי ווי זיין פּערזענלעכקייט איז נישט קיין דורכשניטלעכע, נאָר גאָר אַ גרויסע אין שוווּנג און אין היסטאָרישער באַדייטונג, ווערט אויך זיין לעבנס־טראַגעדיע אַ גרויסע אין איר ברייטקייט און טיפקייט.

פאַר דעם לייענער פון מיין ביאָגראַפישן ראָמאַן „אין רבנישן שאָטן" ווערט

איצט קלאָר דער פּסיכאָלאָגישער יסוד, אויף וועלכן איך האָב אויפגעבויט דעם גאַנצן ספּור המעשה פון מאַרקס'נס לעבנס־געשיכטע. קאַרל מאַרקס אַנטלויפט פאַר זיין יידישן שאָטן, ער קעמפט פאַרצווייפלט קעגן געוויסע פּסיכישע קאָמפּלעקסן, וואָס לאָזן אים נישט צורו. זיינע אויטענטישע בריוו צום פאָטער, געשריבן פון בערלין, ווו ער שטודירט אויף דעם אָרטיקן אוניווערסיטעט, זענען פול מיט אַ תחנונים־גע־בעט, אַז מ'זאָל אים העלפן „אַוועקיאָגן די מוראידיקע שאָטנס וואָס פאַרפאָלגן מיך!".

בלייבנדיק טריי דעם דאָזיקן פּסיכאָלאָגישן לייט־מאָטיוו פון מיין ראָמאַן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז קאַרל מאַרקס'נס אינערלעכסטע הגם נישט־אַרויסגעזאָגטע כוונה ביים שרייבן דעם אַרטיקל „צו דער יידן־פראַגע", איז געווען זיין ווילן בזה האופן פּטור צו ווערן אויף תמיד און בשלמות, פון דער יידישער פאַרגאַנגנהייט און פון די אַנגעוויטיקטע קאָמפּלעקסן, וואָס האָבן אים געפּייניקט. איך האָף, אַז אַזוי וועלן עס אויך פאַרשטיין מיינע לייענער. מיין פּסיכאָלאָגישע דערקלערונג פון מאַרקס'נס מאָטיוון ביים שרייבן דעם דערמאָנטן אַרטיקל וועגן דער יידנפראַגע, שטיצט זיך נישט בלויז אויף מיין שרייבערישער אינטואיציע און היסטאָרישער אויפּאַסונג. ס'איז באַקאַנט, אַז אַ סך שריפטשטעלער און גייסט־מענטשן באַמיען זיך אין זייערע ווערק גובר צו זיין געוויסע פערזענלעכע איבערלעבענישן, פּיינלעכע דאגות, צרות און נשמה־ראַנגלענישן. אַזוי, למשל, האָט דער באַרימטער פראַנצויזישער שריפטשטעלער באַלזאַק אויסגעלאָדן פּסיכיש אַלע מאַטעריעלע און גייסטיקע זאָרגן, וואָס האָבן אים פאַרפאָלגט בעת דעם רעאַלן טאָג־טעגלעכן לעבן, אין זיינע גלענצנ־דיקע ראָמאַנען.

ס'איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז מאַרקס'נס פּרווו צו באַזיגן מיט זיין אַנטי־יידישן אַרטיקל די מורא'דיקע יידישע שאָטנס, וואָס האָבן אים גערודפ'ט, איז גע־בליבן און האָט געמוזט בלייבן בלויז אַן איינגערעדטער פּירהוס־זיג. דער רבנישער שאָטן איז אים נאָכגעגאַנגען דאָס גאַנצע לעבן. ס'איז אַ דבר ידוע, אַז וואָס עלטער מ'ווערט, אַלץ מער קומט מען צוריק צו דער אייגענער יוגנט און צו דער קינדערי־שער צייט. זיכער איז אויך קאַרל מאַרקס אין זיינע שפּעטערדיקע, עלטערע יאָרן צו־ריקגעקומען צו זיין אַמאָליקער פאַרגאַנגנהייט מיט אַלע אירע ראַנגלענישן און אי־בערלעבענישן.

שרייבנדיק זיין אַרטיקל „צו דער יידן־פראַגע", איז קאַרל מאַרקס אַלט געווען סך־הכל 26 יאָר. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 65 יאָר. זיין אייגנטלעכע תקופה פון פולשטענדיקער רייפקייט, ישוב הדעת און גלענצנדיקער וויסנשאַפטלעכער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פאַלט ערשט אויס אין דער צייט נאָכן אויפשרייבן דעם דאָזיקן חטאת־נעורים'דיקן־אַרטיקל. אָבער קאַרל מאַרקס האָט זיך עפנטלעך נישט מער אַרויסגעזאָגט וועגן דער יידן־פראַגע, און זיין אַרטיקל פון יאָר 1844 איז געבליבן דער איינציקער שריפטלעכער דאָקומענט פאַר זיין באַציאונג צום יידנטום.

צוליב דעם, האָב איך מיין ראָמאַן אָפּגעשלאָסן מיט דער תקופה, אין וועלכער מאַרקס האָט געוווינט אין פּאַריז און האָט דאָ פּובליצירט אין „די דייטש־פראַנצוי־זישע יאַרביכער" זיין אַרטיקל „צו דער יידן־פראַגע". איך האָב געהאַלטן, אַז הגם איך בין אין מיין שילדערונג נישט דערגאַנגען אפילו ביז צו דער העלפט פון מאַרקס'נס לעבן, האָב איך דאָך אין מיין בוך „אין רבנישן שאָטן" איבערגעגעבן דאָס עיקרדיקע, וואָס קאָן און דאַרף אינטערעסירן אַ יידישן לייענער. באַשרייבן די

ווייטערדיקע תקופות פון מאַרל מאַרקס'נס לעבן, מיט זיינע סאָציאַליסטישע ווערק און פּאָליטישע קאַמפן, איז נישט געווען מיין אויפגאַבע. דער יידישער לייענער, וועלכער אינטערעסירט זיך מיט דעם, וועט געפינען דערצו אַ רייכע ליטעראַטור אין אַלע שפּראַכן, אויך אין יידיש. די אויפגאַבע, וועלכע איך האָב מיר געשטעלט, איז געווען צו שילדערן קאַרל מאַרקס'ן דעם ייד, דעם אייניקל פון רבנים, דעם יורש פון דורות־לאַנגע אַטאַוויסטישע אייגנשאַפטן און קאָמפּלעקסן.

און צום סוף נאָך אַ באַמערקונג: מיין בוך „אין רבנישן שאָטן" איז אַ ביאָ־גראַפישער ראָמאַן. איך האָב זיך באַמיט, אין די גרענעצן פון מיין מעגלעכקייט, זיך צו שטיצן ביי מיין אַרבעט, אויף אויטענטישע מאַטעריאַלן און דאָקומענטן. אָבער אפילו אַ ריין־וויסנשאַפטלעכע ביאָגראַפיע פון אַ גרויסער פּערזענלעכקייט, אויב זי זאָל זיין מער ווי אַ פּשוט'ע זאַמלונג פון דאָקומענטן, פאַרלאַנגט פון מחבר אַ סך שעפערישע אינטואיציע און פאַנטאַזיע. אָן דעם קאָן נישט געשאַפן ווערן קיין שום ווערטפול ווערק. סוף־כל־סוף איז דאָס לעבן פון אַ מענטש, און פון אַ גרויסן מענטש נאָך מער ווי פון אַ דורכשניטלעכן, נישט בלויז אַ סכום פון אַזויפיל און אַזויפיל פאַקטן, פון אַזעלכע און אַזעלכע אויסערלעכע געשעענישן, נאָר עס איז, און אפשר טאַקע בעיקר, אַ קייט פון אינערלעכע, גייסטיקע און פּסיכישע פּראָצעסן, וואָס ווערן זעלטן דאָקומענטירט מיט שריפטלעכע באַווייזן און מוזן אויסגעפאָרשט און דערקענט ווערן אינטואיטיוו און אינסטינקטיוו. דאָס איז נאָך מער נוגע דעם ביאָגראַפישן ראָ־מאַן, וועלכער גיט דעם מחבר אַ סך מעגלעכקייטן פאַר זיין שעפערישער, אינטואי־טיווער פאַנטאַזיע. די אויפגאַבע פון אַ גוטן ביאָגראַפישן ראָמאַן באַשטייט אין דעם, אַז דער ראָמאַן אין אים זאָל זיך בשלמות און האַרמאָניש צונויפגיסן מיט דער פאַקטישער ביאָגראַפיע, און שאַפן בזה האופן אַ געלונגענע, אָפּגעשלאָסענע אין זיך אייניקייט.

איך האָף, אַז איך האָב מיין אויפגאַבע דערפילט און דאָס יידישע לייענער־פּובליקום וועט מיין בוך אויפנעמען מיט אַ פאַראינטערעסירונג און צופרידנקייט.

פּאַריז, אין דעצעמבער 1953.

**דער אויטאָר**

## ערשטער טייל.

# יוגנט-יארן אין טריער

„וואָס מער מענטשן מיאַכט גליקלעך, אַלץ מער איז מען אַליין גליקלעך!"

(קאַרל מאַרקס, אין זיין שריפטלעכער מאַטורע־אַרבעט, אין יאָר 1835)

# ערשטער קאַפּיטל.

## אַ יידישער וויי־געשריי אין דער קריסטלעכער נאַכט

גרויסע, ווייס־גרויע שניי־מאַסן האָבן באַדעקט די געסלעך פון דער אַלטער, צוויי־טויזנט־יעריקער דייטשער שטאָט טריער, וואָס איז געלעגן ביי דער סאַמע פראַנצויזישער גרענעץ. קאַלטע, שאַרפע ווינטן, אַהערגעלאָפענע מיט אימפּעט פון די ווייטע אַלפּן־שפּיצן האָבן געוואָרפן אַ פּחד אויף די געציילטע גאַסן־דורכגייער, וואָס האָבן פאַרצווייפלט געקעמפט קעגן דעם אַרומיקן שניי־ים און קעגן די פּראָס־טיקע ווינטן.

ס'איז שוין געווען שפּעט ביינאַכט און כמעט אומעטום איז אין די ווויג־הייזער געווען אויסגעלאָשן דאָס ליכט. נאָר אין איינצלנע פענצטער האָבן זיך נאָך אָפּגעשפּיגלט די פייערלעכע, פאַרביקע ליכטער פון ווייַנאַכטס־ביימער, און אַרום זיי זענען, ווי שאָטנס, אַרויסגעקומען די סילועטן פון מענטשלעכע גע־שטאַלטן. ס'איז געווען „די הייליקע נאַכט", דער פרומסטער ישו־חגא פון דער גאַנצער קריסטלעכער וועלט.

זייט אַ פּאָר יאָרן איז דער ווינטער אין גאַנץ מערב־ און דרום־דייטשלאַנד, וווּ מ'איז צוגעוווינט געווען צו אַ לייכטן קלימאַט, געוואָרן אַ זייער לאַנגער און שטרענ־גער. מ'האָט זיך צווישן דעם פאָלק דערציילט, אַז דאָס האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט פון וויטן, קאַלטן רוסלאַנד, די פראַנצויזישע נאַפּאָלעאָנישע חיילות, וואָס זענען נאָך דער מפּלה ביי מאָסקווע (אין יאָר 1812), געשלאָגן און אויסגעמאַטערט צוריקגע־גאַנגען קיין פראַנקרייך דורך די דייטש־רהיינישע שטעט און שטעטלעך. און הגם איצט, סוף דעצעמבער 1823, זענען זייט יענעם טרויעריקן נאַפּאָלעאָנישן ריקצוג פון מאָסקווע קיין פּאַריז, פאַרגאַנגען איבער אַ צענדליק יאָר, האָט דאָך ווייטער צווישן דער דייטש־רהיינישער באַפעלקערונג אָנגעהאַלטן די דאָזיקע ווערסיע, און צו די טענות, וועלכע מ'האָט געהאַט צו די פראַנצויזן, וואָס האָבן דאָ בעת נאַפּאָ־לעאָנס ממשלה געהערשט, איז צוגעקומען נאָך אַ פּרעטענסיע.

די שטאָט טריער האָט איצט געהערט צום פּרייסישן קעניג און די נייע רעגי־רונגס־אַדמיניסטראַציע האָט זיך באַמיט צו געווינען די סימפּאַטיעס פון דער באַ־פעלקערונג, וואָס האָט זייט די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות געליטן פון אַ שווערן ווירטשאַפטלעכן קריזיס אין דער תבואה־ און וויין־פּראָדוקציע. צו די ווייַנאַכטן פון יאָר 1823 זענען באַוויליקט געוואָרן ספּעציעלע שטייערן־הנחות און פאַר דער גאַנצער שטאָט־אָרעמקייט האָט מען פון די מלוכה'שע מאַגאַזינען אַרויסגעגעבן בחנמדיקע לעבנס־פּראָדוקטן. נישט געקוקט דאַרויף, איז די שטימונג צו ווייַנאַכטן 1823 געווען אַ געדריקטע און ווייט־פאַרגעסן איז געלעגן די צייט, ווען מ'האָט דאָ, אין רהיינלאַנד, געפייערט די „נאַציאָנאַלע באַפרייאונג פון פראַנצויזישן יאָך".

פריער, ווי אין אמאָליקע יאָרן, האָט זיך פאַרענדיקט די „הייליקע ישו־נאַכט" אין דעם דאָזיקן אייז־קאַלטן, מיט שטורמישע ווינטן און שנייען באַהערשטן אָוונט פון סוף דעצעמבער 1823. אין נייעם אַריסטאָקראַטישן, רייכן שטאָט־קוואַרטאַל פון טריער, צווישן די ווילעס און מיניאַטור־פּאַלאַצן האָט מען נישט געזען קיין לעבעדיקן נפש. נאָר ערגעצוווּ, פון אַ זייטיקן געסל האָט זיך פּלוצים באַוויזן אַ מערקווירדיקע געשטאַלט, וואָס האָט דאָ אין דער פינצטערקייט פון דער נאַכט, ביים שוואַכן ליכט פון די שטערן און לבנה, אויסגעזען פרעמד און אומהיימלעך אין דער סביבה פון רייכן שטאָט־פערטל. פאַרשנייט פון אויבן ביז אַראָפּ, אָנגעטון אין אַ ברייטן, גרויסן קאַפּעלוש און אין אַ לאַנגן מאַנטל געקליידט, האָט זיך דער פרעמדער, פאַרשפּעטיקטער דורכגייער מיט מי געשלעפּט דורך די נאַסע, קאַלטע וועגן. זיין שריט איז געווען אַן אומזיכערער ,ווי ער וואָלט יעדע רגע געקאָנט אומפאַלן. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן אַ קליינעם לאַמטערן, אין וועלכן ס'האָט געברענט אַ שוואַך ליכט און מיט דער צווייטער האַנט האָט ער כסדר זיך אָנגעהאַלטן ביים קאַפּעלוש. ס'איז געווען צו באַוווּנדערן, ווי ס'איז אים ביז איצט, ביים שטורמישן ווינט, געלונגען, אָפּצוהיטן סיי דאָס ליכט און סיי זיין ברייטע קאָפּ־באַדעקונג. פּלוצים האָט ער זיך אַ שטאַרקן וואַקל געטאָן און איז שיעור אומגעפאַלן. ער האָט דערכאַפּט דעם קאַפּעלוש, אָבער זיין לאַמטערן איז אים אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט און האָט זיך צעבראָכן. דער פרעמדער דורכגייער איז געבליבן שטיין אין דער פינצטערקייט פון דער גאַס, אַ צעטומלטער און אַ פאַרלוירענער. באַלד האָט ער זיך אָבער באַהערשט, איז צוגעגאַנגען צום טויער פון נאָענטסטן הויז און גענומען פאַרצווייפלט קלאַפּן. עס האָט גאַנץ לאַנג געדויערט, ביז ביים טויער האָט זיך פון אינעווייניק באַוויזן עפּעס אַ ליכט, און אַ האַרטע, פאַרשלאָפענע שטימע האָט געפרעגט נישט־פריינטלעך:

„ווער זייט איר און וואָס ווילט איר אַזוי שפּעט אין דער נאַכט?".

„איך בין" — האָט געענטפערט דער פרעמדער — „דער ראַבינער פון טריער, און זוך דאָס הויז פון מיין ברודער, דעם אַדוואָקאַט מאַרקס. אַנטשולדיקט, איז דאָס די בריקן־שטראַסע? איך האָב פאַרלוירן מיין וועג!"

„יאָ, דאָס איז די בריקן־שטראַסע, גייט ווייטער, דאָס זעקסטע אָדער זיבעטע הויז געהערט צו אייער ברודער!" — האָט מיט רוגזה געענטפערט דער פאַרשלאָפענער בעל־הבית.

דער ראַבינער האָט אָנגעהויבן זיך אַנטשולדיקן און דאַנקען, אָבער גלייך איז פאַר אים מיט אַ שטאַרקן אימפּעט צוגעמאַכט געוואָרן דאָס אייזערנע טויער און פון אינעווייניק האָט זיך געהערט דאָס וואָרטשען פון אַ בייזער, אויפגערעגטער שטימע: „אַ געמיינקייט און אַ יידישע חוצפּה. אין דער הייליקער קריסטוס־נאַכט נאָ דיר גאָר אַ ראַבינער, זאָ וואָס, אומדערהערט!!!"

לייכט האָט שוין דער ראַבינער פון טריער דערקענט דאָס הויז פון זיין ברודער. דאָס איז געווען אַ קליינער אָבער פּרעכטיקער בנין, געבויט לויט דעם אַלטן, רהיינישן באַראָק־סטיל. אין הויז איז געווען פינצטער, נאָר אין דעם זייטיקן צימער, וווּ עס פלעגט אַרבעטן דער אַדוואָקאַט הערשל מאַרקס, האָט געברענט אַ לאָמפּ. דעם טויער האָט געעפנט דער בעל־הבית אַליין און ער איז געווען גאָר דערשטוינט, ווען ער האָט דערזען פאַר זיך זיין ברודער. מיט פריינטלעכע, האַרציקע

באוועגונגען האָט ער זיך גענומען פּאַרען אַרום זיין שפּעטן גאַסט. ער האָט פון אים אַראָפּגעצויגן דעם נאַסן מאַנטל און קאַפּעלוש, אַוועקגעלייגט זיי גלייך טרו־קענען ביים אויוון און דאַן האָט ער דעם ברודער אַוועקגעזעצט באַקוועם אין אַ ווייכן, ברייטן שטול. אין צימער איז געווען ליכטיק און וואַרעם. דער אַדוואָקאַט איז געוואָרן אויסער זיך און האָט כסדר איבערגעחזרט:

„זע נאָר זע, דו ביסט עס גאָר, שמואל, אַזוי שפּעט אין דער נאַכט! שוין לאַנג ביסטו ביי אונז נישט געווען. דרויסן איז אַ שרעקלעך וועטער. פון דיין ווינונג צו מיר איז אַ מהלך, אַזוי ווייט... דו ביסט אינגאַנצן פאַרקילט. איך וועל אויפוועקן מיין פרוי און לאָזן מאַכן הייסן טיי!...״

דער ראַבינער האָט געוואָלט פּראָטעסטירן, אָבער שוין איז זיין ברודער פאַרשוואונדן אין דעם פינצטערן קאָרידאָר. שנעל איז ער צוריקגעקומען, זאָגנדיק:

„מיין פרוי וועט דאָ באַלד זיין, און אַ הייסער טיי וועט אויך זיין!״

ביידע ברידער האָבן זיך אָנגעקוקט, געגנוי זיך אָבסערווירנדיק אַ ווייַלע, ווי זיי וואָלטן זיך שוין לאַנג נישט געזען. ביידע זענען זיי געווען הויך־געבויטע, שטאַרקע מענער, זייער צו זיך ענלעך, הגם שמואל האָט געטראָגן אַ גרויסע רבנישע באָרד און הערשל איז געווען גלאַט ראַזירט.

„הער אויס, הערשל״ — האָט איבערגעריסן די שטילקייט דער ראַבינער מיט זיין ערנסטער, טיפער שטימע: — „איך בין צו דיר נישט געקומען צו גאַסט. פאַר ווילטאָג בין איך נישט געגאַנגען שפּאַצירן אַזוי ווייט אין דעם פראָסט און ווינטיקן שניי, און נישט טרינקען טיי מיט דיר און דיין פרוי איז מיין כוונה. עס האָט מיך אַרויסגעיאָגט פון מיין שטוב אין־מיטן־דער־נאַכט די פּלוצימדיקע און שרעקלעכע ידיעה, וועגן וועלכער איך האָב זיך ערשט מיט אַ פּאָר שעה צוריק דערוווּסט, אַז דו גייסט זיך שמדן. זאָג מיר, הערשל, דעם אמת, דעם גאַנצן אמת!!!״

זיינע ווערטער האָבן געקלונגען אין דער פרעמדער, שטילער נאַכט ווי אַ פאַר־צווייפלטער, ביטערער יידישער וויי־געשריי. אַזוי האָבן געשריגן אומצאָליקע יידישע דורות, וואָס זענען געשטאָרבן על קידוש השם. דער רב פון טריער, שמואל מאַרקס, איז אויפגעשפּרונגען פון זיין פּלאַץ און זיין פאַרצווייפלטע שטימע האָט געדונערט און גלייכצייטיק געבעטן זיך מיט תחנונים:

„זאָג מיר, הערשל, דעם גאַנצן אמת!״

דער פריינטלעכער ברודערישער שמייכל איז פאַרשוואונדן פון אַדוואָקאַטס פּנים. ער איז געוואָרן קאַלט און טיף־ערנסט, און זיינע געזיכט־צוגן זיינען געווען ווי פאַרשטיינערט. ער האָט געשוויגן און ערשט נאָך אַ ווייַלע האָט ער שטיל אָבער קאַטעגאָריש געענטפערט:

„יאָ, ס׳איז אמת, איך האָב באַשלאָסן אָנצונעמען דעם קריסטלעך־לוטעראַנישן גלויבן!״

אין צימער איז געוואָרן טויט־שטיל. באַלד האָט גענומען דער אַדוואָקאַט רעדן ענערגיש און מיט פּאַטאָס:

„אַלס אַ ייד קאָן איך נישט בלייבן קיין אַדוואָקאַט. איך וועל פאַרלירן מיין פּרנסה און די צוקונפט פון מיינע קינדער. איבעריקנס, ס׳איז געקומען אַ נייע צייט, אַלע שמדן זיך, אַפילו די תלמידים פון משה מענדעלזאָן. ס׳האָט נישט מער קיין שום זין!״...

דער ראַבינער האָט אים איבערגעריסן שאַרף און פאַרביסן: „לאָז מיר צורו מיט דיינע אַדוואָקאַטישע רייד! איך ווייס, דו האָסט מער בילדונג פאַר מיר, און רעדן קאָנסטו אוודאי בעסער פון מיר. דו האָסט צו דיין הילף די לאָגיק און די ווירקלעכקייט פון היינטיקן יידנטום אין דייטשלאַנד. און איך רעד צו דיר אין נאָמען פון יידישקייט, וואָס איז אייביק און שטייט העכער איבער אַלע שׂכל'ס און ווירק־לעכקייטן פון מענטשלעכן לעבן. צי ווייסט דו, הערשל, וואָס דו גייסט טאָן? זיינט דריי הונדערט יאָר באַשטייט אונזער משפחה פון לויטער רבנים און גאונים. צי האָסטו נישט קיין מורא איבערצורייסן אויף אַזאַ שענדלעכן און פאַרעטערישן אופן די הייליקע טראַדיציאָנעלע קייט פון אונזערע גרויסע אבות? צי האָסטו נישט קיין מורא פאַר דעם גייסט פון אונזער גאָטזעליקן פאָטער, דעם גרויסן גאון און לאַנגיע־ריקן רב פון טריער? צי וועסטו ווי אַ קאַלטער גזלן פאַרניכטן אונזער הערלעכן עבר?"

הערשל מאַרקס איז געוואָרן בלאַס. ער האָט גענומען שרייען: „ניין, איך האָב נישט קיין מורא!"

אין צימער איז אַריינגעקומען די פרוי פון בעל־הבית, געזאָגט שטיל „גוטן אָוונט, הער ראַבינער!", און גענומען סערווירן טיי מיט קיכלעך. שמואל מאַרקס האָט אָן אויפגערעגטער אַוועקגערוקט פון זיך דאָס גלאָז טיי און די קיכלעך. זיינע ליפּן האָבן געציטערט:

„דאָס אַלץ איז טמא, מ'טאָר זיך צו אייך מער נישט צורירן!"

ער האָט גענומען שנעל זיך אָנטאָן דעם מאַנטל און דעם הוט. בעת מעשה האָט ער פאַרטשעפּעט דעם ווייַנאַכטס־בוים, וואָס איז אומבאַמערקט געשטאַנען אין אַ ווינקל. דער בוים איז אומגעפאַלן מיט אַ טומל. פון קאָרידאָר האָט זיך אַריינגעשאַרט אַ קליין חנוודיק ייִנגעלע מיט טונקעלע האָר און ברענענדיקע שוואַרצע אויגן. אַרויסגייענדיק פון צימער, האָט דער רב באַמערקט דאָס ייִנגל, וואָס האָט זיך דערשראָקן און געוואָלט אַנטלויפן. דער רב האָט אים אָנגעכאַפּט ביים הענטל:

„ווי הייסט דו, מיין טייער קינד?"...

דאָס ייִנגל איז געווען צעטומלט און שטאַרק דערשראָקן. עס האָט געשטאַמלט:

„איך הייס קאַרל... קאַרל מאַרקס..."

דער אויפגערעגטער, בייזער פעטער, דער רב פון טריער, האָט אַ האַרציקן גלעט געטאָן דאָס קינד איבערן קעפּל, זאָגנדיק:

„ביי דיין ברית האָט מען דיר געגעבן אַ ייִדישן נאָמען מרדכי! איצט וועט מען דיך שמדן, אָבער געדענק, דו ביסט אַ ייִד און וועסט אַ ייִד בלייבן! דער שאָטן פון דיינע רבנישע זיידעס וועט דיר נאָכגיין דאָס גאַנצע לעבן!"

אין דרויסן האָט די הויז־טיר געגעבן אַ פעסטן זעץ. אָן אַ געזעגענען זיך איז אַוועק דער רב פון טריער. אין צימער איז געוואָרן פינצטער, דאָס ליכט אין לאָמפּ איז אויסגעגאַנגען. שטיל, ווי פאַרגליווערט, זענען אַ ווײַלע געשטאַנען דער אַדוואָקאַט הערשל מאַרקס, זיין פרוי הענריעטע און זייער זעקס־יעריק ייִנגל קאַרל מאַרקס.

# צווייטער קאַפּיטל.

## די שטאָט טריער און איר קהילה קדושה.

א פּאָר וואָכן נאָך דעם אויבן־דערמאָנטן געשעעניש, האָט זיך דער אַדוואָקאַט הערשל מאַרקס געשמדט, אָננעמענדיק בעת אַ פייערלעכער קירכלעכער צערעמאָניע, דעם פּראָטעסטאַנטיש־עוואַנגעלישן גלויבן. די באַפעלקערונג פון טריער און איר סביבה איז געווען פרום־קאַטויליש, הגם ווייט נישט פאַנאַטיש. במשך פון לאַנגע יאָרהונדערטער האָבן אין טריער געהערשט באַרימטע קאַטוילישע בישאָפן און אַרצי־בישאָפן. זייערע בילדער זענען ביז היינט געבליבן אין די קלויסטערס און קירכן און מיט זייערע נעמען האָבן זיך גערופן גאַסן און געסלעך. אויף יעדן שריט און טריט האָט מען דאָ אין טריער, אין דער עלטסטער דייטשער שטאָט, וואָס איז געגרינדעט און אויפגעבויט געוואָרן נאָך דורך די רוימישע אימפּעראַטאָרן, געזען און געפילט די מאַכט פון דער קאַטוילישער, פויפּסטלעכער קירך. ווו מ׳האָט זיך גערירט, כמעט אויף יעדער גאַס און ביי יעדן געסל, זענען געשטאַנען צלמים און הייליקע געשטאַלטן, קלויסטערס מיט הויכע טורעמס, און סתם אַלטע קאַטויליש־רעליגיעזע בנינים, וואָס האָבן אויף דער שיינער, מאַלערישער שטאָט געוואָרפן אַן אומהיימלעכע, פינצטערע לאַסט פון מיטלאַלטערלעכע דורות.

דער אַדוואָקאַט הערשל מאַרקס, וועלכער האָט נאָך זיין שמד באַקומען אַ נייעם, קריסטלעכן פאָרנאָמען היינריך, איז געוואָרן פּראָטעסטאַנטיש־עוואַנגעליש, לויט דעם גלויבן פון דעם הייפּל פּרייסישע ביוראָקראַטן, די נייע שטאָט־הערשער זייט דער „נאַ־ציאָנאַלער באַפרייאונג״. די דאָזיקע פרישע, פון בערלין צוגעשיקטע מושלים האָבן אין דער שטאָט פאַרנומען די העכסטע און וויכטיקסטע פּאָסטנס אין דער אַדמי־ניסטראַציע, געריכט־ און שול־פאַרוואַלטונג, ביי די פינאַנצן און ווירטשאַפטלעכן קאָנ־טראָל, און האָבן זיך באַמיט די „פון פראַנצויזישן יאָך באַפרייטע״ באַפעלקערונג צו דערציען אינעם „פּרייסיש־דייטשן גייסט״. היינריך מאַרקס איז צוגעשטאַנען צו דער דאָזיקער, אין שטאָט און סביבה הערשנדיקער פּרייסישער באַאַמטן־קאַסטע, און זיין כוונה איז געווען צוזאַמען מיט זיי צו מאַכן אַ פאַרמעגן און אַ קאַריערע. זיין מאָטיוו, אַז ער האָט זיך געמוזט שמדן, בכדי צו בלייבן ביי זיין פּראָפעסיע אַלס אַן אַדוואָקאַט, איז אין דער ווירקלעכקייט געווען בלויז אַן אויסרייד. די נייע פּרייסישע געזעצגעבונג פון היסטאָרישן יאָר 1812, האָט די יידן באַוויליקט ברייטע בירגער־לעכע און עקאָנאָמישע רעכט, און הגם די אָפיציעלע מלוכה׳שע אַמטן זענען נאָך ווייטער געבליבן פאַרשלאָסן פאַר „קאַנדידאַטן פון מאָזאַאישן גלויבן״, האָבן דאָך יידן געקאָנט אומבאַשרענקט אויסאיבן די פרייע באַרופן, צווישן זיי די אַדוואָקאַ־טור. הערשל מאַרקס האָט שוין לאַנג זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק זיך צו שמדן. ער איז געווען אַנטשלאָסן דאָס צו טאָן ביי דער ערשטער, פּאַסנדיקער געלעגנהייט. ער האָט אָבער נישט געוואָלט מצער זיין די אַלטע מאַמע, די אַלמנה פון טריערער רב לוי מאַרקס ז״ל. ווען די 88־יעריקע מאַמע איז אין הארבסט 1823 געשטאָרבן, האָט הערשל מאַרקס באַלד אויסגעפירט זיין פּלאַן.

דער שמד פון הערשל מאַרקס איז געוואָרן אין טריער און אין דער גאַנצער

סביבה אַ גרויסע סענסאַציע. די משפחה מאַרקס האָט געשטאַמט פון גרעסטן רבנישן יחוס. במשך לאַנגע דורות האָט זי אַרויסגעגעבן אומצאָליקע רבנים און גאונים. איר שלשלת־היחוס האָט זיך געצויגן פון ווייטע מיטלאַלטערלעכע צייטן, און אין 16־טן י"ה איז זי באַרימט געוואָרן אין דער גאַנצער יידישער וועלט צוליב זייערע אבות, די קאַצענעלבויגנס, אַ צאָלרייכע משפחה פון גרויסע תלמוד־געלערנטע, רבנים און גאונים, וועמענס נאָמען האָט זיך גענומען פון אַ שטעטל אין דער דייטשער פּראָווינץ העסען. די קאַצענעלבויגנס האָבן צוגעשטעלט די בעסטע און געלערנטסטע רבנים פאַר אַ סך קהילות אין דייטשלאַנד, איטאַליע און פּוילן.

אין דער ביבליאָטעק פון הרב שמואל מאַרקס, דעם יורש פון כסא הרבנות אין טריער נאָך זיין פאָטער לוי מאַרקס, און דעם ברודער פון געשמדטן הערשל, האָבן זיך געפונען אַלטע תעודות און דאָקומענטן וועגן דעם גרויסן פאָטערלעכן יחוס. מיט אַן אויפריכטיקן שטאָלץ האָט דער ראַבינער מאַרקס דערמאָנט ר׳ מאיר בן יצחק קאַצענעלבויגן, וועלכער איז מיט אַן ערך 250 יאָר צוריק געווען איינער פון די באַרימטסטע געשטאַלטן אינעם אייראָפּעאישן יידנטום. ער איז געווען רב אין דייטשלאַנד און שפּעטער אין איטאַליע, האָט אָנגעפירט מיט ישיבות און אַרויסגעגעבן צאָלרייכע ספרים, צווישן זיי וויכטיקע קאָמענטאַרן צום רמב"ם. זיין אויטאָריטעט איז געווען גרויס אויך אין דער קריסטלעכער וועלט. דער באַרימטער אוניווערסיטעט אין פּאַדואַ האָט ר׳ מאיר קאַצענעלבויגן פאַרצייכנט צווישן די פירנדיקע גייסטער פון דער דעמאָלטיקער אייראָפּעאישער וויסנשאַפט און האָט זיין בילד אָוועקגעשטעלט אין דער אוניווערסיטעט־גאַלעריע, אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען די בילדער פון די גרעסטע געלערנטע און גייסטיקע קאָריפייען. דער זון פון ר׳ מאיר, שמואל יהודה קאַצענעלבויגן, איז געווען אַ באַרימטער גאון און רב אין ווענעדיק. זיינע גייסטרייכע און טיף־געלערנטע דרשות האָבן צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון גאַנצן איטאַליענישן יידנטום און אויך מחוץ איטאַליע. טויזנטער תלמידים האָבן אים ממש פאַרגעטערט, און איינער פון זיי איז געווען אַזוי באַגייסטערט פון זיין גרויסן רבי, אַז נישט געקוקט אויף דעם תורה־פאַרבאָט וועגן „לא תעשה לך פסל", האָט ער אַליין געמאַכט אַ ביוסט פון ר׳ שמואל יהודה קאַצענעלבויגן, בכדי תמיד צו האָבן פאַר זיינע אויגן דאָס בילד פון געליבטן לערער און מנהיג. אויך די זין פון ר׳ שמואל יהודה זענען געווען באַוווסטע למדנים. איינער פון זיי איז אַריבער קיין פּוילן, וווּ ער האָט געמאַכט אַ גרויס פאַרמעגן און איז געוואָרן דער הויפּט־ליפעראַנט אויף דעם הויף פון פּוילישן קעניג. אין זיינע הענט האָבן זיך געפונען די הכנסות פון די גרענעץ־צאָלן און פון די זאַלץ־גרובן. זיין איינפלוס ביים מלך און אויף די רעגירונגס־ענינים איז געווען אַ געוואַלדיקער. לויט דער קעניגלעכער פּריווילעגיע האָט ער געטראָגן אויפן האַלדז אַ גאָלדענע קייט, באַצירט מיט אַן אייגענעם עמבלעם, וואָס האָט פאַרגעשטעלט אַ לייב און אַן אָדלער. גערופן האָט ער זיך שאול וואַהל און מיט זיין נאָמען איז פאַרבונדן די באַרימטע לעגענדע וועגן דעם איינטאָגיקן יידישן קעניג אין פּוילן. ביז צו זיין טויט, איז שאול וואַהל געווען אַ מוטיקער קעמפער פאַר יידישע רעכט אין דער פּוילישער מדינה.

אין דער נייעסטער צייט איז איינער פון די קאַצענעלבויגנס געווען אַ פירנדיקער

רב אין דייטשלאַנד און האָט זיך באַטייליקט אין דער נאָטאַבלען־פאַרזאַמלונג פון קייזער נאַפּאָלעאָן אין פּאַריז.

אויסער די קאַצענעלנבויגנס האָט די שלשלת־היחוס פון דער משפחה מאַרקס געהאַט צו פאַרצייכענען שטאָם־צווייגן פון למדנים, גאונים און רבנים אין די פאַר־שידענע פּראָווינצן פון דייטשלאַנד. ס'איז אַלזאָ פאַרשטענדלעך, אַז די יידישע קהילה אין טריער האָט שטאָלצירט מיט איר רב לוי מאַרקס און שפּעטער מיט זיין זון און יורש שמואל מאַרקס. די ידיעה, אַז דער זון פון פאַרשטאָרבענעם און דער ברודער פון איצטיקן ראַבינער האָט זיך געשמדט, האָט שרעקלעך דערשיטערט די טריערער יידן און מיט אַ טיפן טרויער און צער אַרומגענומען דאָס לעבן פון דער גאַנצער קהילה קדושה. דער ווייטיק איז ביי אַלע געווען גרויס און מ'האָט זיך פשוט געשעמט צו קוקן אין די אויגן פון די קריסטלעכע שכנים, וואָס האָבן צוליב דעם געשעעניש טריאומפירט.

די קהילה קדושה אין טריער איז געווען איינע פון די עלטסטע אין אייראָפּע. לויט געוויסע היסטאָרישע ידיעות זענען די ערשטע יידן דאָ אָנגעקומען צוזאַמען מיט די חיילות פון די רוימישע קיסרים. זיכערע דאָקומענטן וועגן דעם יידישן ישוב האָבן באַוויזן, אַז די קהילה קדושה פון טריער האָט עקזיסטירט שוין איבער טויזנט יאָר. דער פּנקס פון דער קהילה האָט דערציילט וועגן די פאַרשידענע גלגולים און רדיפות, וועלכע די יידן אין טריער האָבן געהאַט אויסצושטיין, סיי פון דער קאַטוי־לישער קירך און סיי פון די פירשטן און בישאָפן, וואָס האָבן דאָ געהערשט במשך די לאַנגע יאָרהונדערטער פון מיטלאַלטער און אין דער נייער צייט. אומצאָליקע מאָל האָט מען די יידן אַרויסגעטריבן פון טריער, אָוועקגערויבט זייער פאַרמעגן און פאַרברענט זייערע בתי־מדרשים און שולן. אָבער דער יידישער ישוב איז תמיד באַנייט געוואָרן און איז געוואַקסן אין איכות און כמות. דאָס איז געווען ווי אַן אייביקער סימבאָל פאַר דער טיף־דערשיטערטער, צוליב הערשל מאַרקס'נס שמד, יידישער קהילה אין טריער, וואָס האָט זיך געטרייסט, אַז נצח ישראל לא ישקר, אַפּפאַלן וועלן פון יידישן שטאַם איינצלנע פאַרוועלקטע, קאַליע־געוואָרענע בלעטער, אָבער די קהילה קדושה אין טריער וועט ווייטער לעבן און ווייטער טריי דינען דעם יידישן גאָט און זיין הייליקער אמונה.

# דריטער קאַפּיטל.

## דער ראַבינער שמואל מאַרקס

נאָכן שמדן זיך פון הערשל מאַרקס, האָט זיין עלטערער ברודער, דער ראַבינער פון טריער, שמואל, געריסן קריעה און איז געזעסן שבעה. ער האָט שטרענג פאַר־באָטן זיינע בני־בית און די מקורבים צו דערמאָנען אפילו דעם נאָמען פון אָפּ־טריניקן ברודער. אָבער ס'איז לייכטער געווען גוזר צו זיין ווי מקיים צו זיין. טריער איז געווען אַ קליינע שטאָט און די יידן האָבן זיך דאָ נאָענט און ענג צונויפגעלעבט. אַ רב איז אָפּהענגיק פון דעת הקהל און קאָן נישט פּראָווען התבודדות. ווילנדיק

צי נישט־ווילנדיק, האָט זיך דער ראַבינער מאַרקס געמוזט טרעפן מיט די פּאַר־שטייער און מיטגלידער פון זיין קהילה. דאָס שמדן זיך פון זיין ברודער איז פאַר אַלע געווען אַ זייער טרויעריקער און אָנגעווייטיקטער פאַרפאַל און נישט תמיד האָט מען געקאָנט אויסמיידן די קאָמענטאַרן און טענות, וואָס זענען מיט דעם געווען פאַרבונדן. איבעריקנס, אַ סך מאָל האָט דעם ראַבינער נאָך מער ווי געטאָן אַ שטור־מער, שפּראַכלאָזער, אָבער שמערצלעכער בליק פון די קהילה־מיטגלידער.

דער ראַבינער מאַרקס איז איצט גאַנצע נעכט נישט געשלאָפן. צוליב זיין כסדרדיקן, גרויסן עגמת־נפש, האָט זיך זיין געזונט־צושטאַנד פאַרערגערט פון טאָג צו טאָג. שמואל מאַרקס האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן פאַרלאָזן טריער און זוכן אַ פּאָסטן אַלס ראַבינער אין אַ ווייטער שטאָט. ס'איז אים אָבער נישט לייכט געווען צו פאַרלאָזן די שטאָט טריער, מיט וועלכער זיין משפּחה איז, זייט לאַנגע דורות, געווען פאַרבונדן אויף לעבן און טויט. אויפן אַלטן בית־עלמין, נישט ווייט פון דער שול, — זענען אויף אייביק געלעגן זיינע אבות, פרומע לערנער, אָפּגעהיטן אין מצוות און מעשים טובים, רבנים און גאונים. נאָך פריש איז געווען דער קבר פון דער אַלטער, גוטער מוטער ע"ה. ס'איז דעם טריערער רב שווער געווען זיך צו געזעגענען מיט די לעבעדיקע יידן פון זיין קהילה קדושה, אָבער נאָך שווערער איז אים געווען צו שיידן זיך פון די טויטע, פון דעם בית־עלמין, אויף וועלכן ס'איז געלעגן דער חותם און דער זכר פון דער הערלעכער, יידישער פאַרגאַנגענהייט אין זיין היים־שטאָט. שמואל מאַרקס האָט איצט געלעבט מיטן עבר פון זיין פאָלק, פון זיין שטאַם און שטאָט. דאָס, וואָס איז לעצטנס פאָרגעקומען אַרום אים, אינעם יידישן לעבן, סיי אין זיין קהילה, און סיי אין גאַנץ דייטשלאַנד, האָט אים שטאַרק מצער געווען און דערשיטערט. מיט אַ טיפן ווייטיק האָט ער געזען און געהערט, ווי די מאָדערנע יידישע יוגנט דערווייטערט זיך פון יידנטום, און ווי די מוראדיקע שמד־מגפה בושעוועט אומעטום און שאַנעוועט נישט די בעסטע און פרומסטע יידישע משפּחות אין דייטשלאַנד.

אין זיין יוגנט, האָט דער ראַבינער מאַרקס שטאַרק געהאַלטן פון משה מענ־דעלזאָנ'ען און זיינע אויפטוען. ער האָט באמונה שלמה געגלויבט, ווי אַ סך ערלעכע רבנים אין דייטשלאַנד, אַז די ענדערונגען, וועלכע דער גרויסער יידישער געלערנטער און פילאָזאָף פּריידיקט, וועלן שטאַרקן דעם גייסט און כוח פון יידנטום. אָבער זייט משה מענדעלזאָנ'ס טויט זענען פאַרגאַנגען מער ווי דרייסיק יאָר און מ'האָט שוין געזען די טרויעריקע רעזולטאַטן, צו וועלכע זיי האָבן געפירט. מענדעלזאָנ'ס קינדער און נאָענטסטע האָבן זיך געשמדט. אַ סך פון זיינע תלמידים, וואָס האָבן אַליין פּראָפּאַגירט אַ ניי און בעסער יידנטום, זענען לסוף ווייט אוועק פון אונז, ווער מיט אַ שמד־צעטל און ווער סתם מיט אַ הפקרדיקער אפּיקורסישקייט. און לעצטנס, ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק, האָט זיך געשמדט דער אָנפירער פון בערלינער „פאַריין פאַר קולטור און וויסנשאַפט פון יידנטום", עדוואַרד גאַנס, וועלכער האָט יאָרן־לאַנג געפּרעדיקט ליבע און טריישאַפט צום יידנטום, און איז באַ־גייסטערט אויפגעטרעטן מיט יידיש־וויסנשאַפטלעכע פּובליקאַציעס און פאָרלעזונגען.

שמואל מאַרקס האָט איצט שטאַרק חרטה באַקומען אויף זיין חטאת־נעורים. ער איז אָפט געשטאַנען אויפן בית־עלמין ביי דער מצבה פון זיין גאָטזעליקן פאָטער הרב לוי מאַרקס, וועלכער איז אַזוי יונג, נאָך מיט צוואַנציק יאָר צוריק, נפטר געוואָרן.

נישט איין טרער האָט ער דאָ פאַר דער מצבה, פאַרגאָסן, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, ווי זיין פאָטער ע"ה האָט אים ממש מיט תחנונים געוואָרנט פאַר די געפערלעכע געדאַנקען און רעפאָרמען פון משה מענדעלזאָן.

פון בית־עלמין און פון דער אַלטער שטאָט־שול איז געווען נישט קיין גרויסער מהלך צו דער פריוואַטער וווינונג פון טריערער ראַבינער. די בעסער־סיטואירטע מיט־גלידער פון דער יידישער קהילה האָבן זיך געזוכט וווינונגען אין די קריסטלעכע, בירגערלעכע און אַריסטאָקראַטישע שטאָט־טיילן. דער ראַבינער איז געבליבן וווינען מיט די אָרעמע יידן אין דער אַלטער „יידן־שטאָט", ביים „יידן־פלאַץ". דאָ בשכנות פון דער היסטאָרישער, אַלטער שול און פון בית־עלמין האָט ער זיך בעסער געפילט, ווי דאָרט צווישן די גויאישע ווילעס און פאַלאַצן.

הגם שמואל מאַרקס האָט שטרענג פאַרבאָטן זיינע בני־בית צו רעדן און צו טראַכטן וועגן דעם אָפּטריניקן ברודער, איז ער אַליין נישט געווען ביכולת איינצו־האַלטן זיין גזרה. מ'קאָן דאָס מויל צווינגען צו געהאָרכזאַמקייט, אָבער ווער איז ביכולת אָפּצוהיטן דעם מוח און דאָס האַרץ? אין אָנהויב האָט זיך דער ראַבינער מאַרקס געמאַכט ביטערע פאָרווורפן, צוליב דעם, וואָס בעת זיין לעצטן באַזוך ביים ברודער, אין יענעם שרעקלעכן וויינאַכטס־אָוונט, האָט ער אַזוי שנעל און אַזוי שאַרף פאַרענדיקט דאָס אויסטענהן זיך מיט הערשלען. ער איז דאָך אַן עלטערער ברודער און אַ רב דערצו, און זיין פליכט איז געווען צו רעדן מיט הערשלען אַזוי לאַנג, ביז ער וואָלט אים אפשר איבערצייגט און אַראָפּגעפירט פון שמד־געדאַנק. אָבער נאָך אַ לענגערן ישוב הדעת האָט דער ראַבינער פאַרשטאַנען, אַז מיט קורצע, צי מיט לאַנגע רייד וואָלט ער סיי ווי סיי גאָרנישט געפועלט ביי זיין ברודער. ער האָט גוט געקאָנט הערשלען און געוווסט, וואָס פאַר אַן עקשן ער איז. ווען ער וויל עפּעס דורכפירן, איז ער שטאַרק ווי אייזן און לאָזט זיך נישט פון קיינעם איבער־ציינגן. דער פאָטער ע"ה האָט געוואָלט, אַז הערשל זאָל זיין אַ רב, ווי ס'האָט זיך ביי זיי געפירט זייט דורות. אָבער הערשל איז געגאַנגען זיין אייגענעם וועג, ער האָט דורכגעזעצט זיינס, איז געוואָרן אַן אַדוואָקאַט און מיט יעדן יאָר האָט ער זיך אַלץ מער דערווייטערט פון יידנטום. אַ שאָד נאָר זיין יינגל! ווי רופט ער זיך?... קאַרל! וואָס פאַר שיינע, קלוגע אויגן האָט ער, און וואָס פאַר אַ ברייטן רבנישן שטערן. ס'וואָלט פון אים זיכער אַרויסגעוואַקסן אַן עלוי, אַ באַרימטער גאון! אָבער, ווי קריגט מען אים אַרויס פון די זינדיקע שמד־הענט?

גריבלענדיק זיך אַמאָל, בעת אַ שלאָפלאָזער נאַכט, אין קהילה־פּנקס און אין אַלטע שטאָט־דאָקומענטן, האָט שמואל מאַרקס אָנגעטראָפן אויף אַ מעשה, וועלכע האָט אים גאָר שטאַרק פאַראינטערעסירט און וואָכנלאַנג געהאַלטן אין שפּאַנונג. ס'איז געווען אַ היסטאָרישער פאַקט, באַגלויבט דורך אַ סך עדות און תעודות. אויך דער פּנקס האָט זיך וועגן דעם אויספירלעך אָפּגעשטעלט. עס האָט זיך גע־האַנדלט וועגן אַן אַלטער און מערקווירדיקער געשיכטע, וואָס האָט פּאַסירט אין טריער בעת די בלוטיקע מסעי־הצלב, די קרייץ־צוגן. אַ סך יידן זענען דאַמאָלט אַנט־לאָפן צום פּאַלאַץ פון טריערער אַרציבישאָף און האָבן געראַטעוועט זייער לעבן, אָננעמענדיק דעם קריסטלעכן גלויבן. צווישן זיי איז אויך געווען דער טריערער רב מיטן נאָמען מיכה. ווען ס'האָט זיך באַרויקט און די מערדערישע קרייץ־צוגלער זענען אַוועק, האָבן די פּליטים פאַרלאָזט דעם בישאָפלעכן פּאַלאַץ און זענען צוריק

געוואָרן יידן. אַן איינציקער אויסנאַם איז געווען דער דערמאָנטער רב מיכה, וועלכער איז געבליבן ביי זיין שמד.

דאָס דאָזיקע געשעעניש, וואָס האָט פּאַסירט אין טריער מיט אַן ערך זיבן הונדערט יאָר צוריק, איז לאַנג פארבליבן אין זכרון פון שמואל מאַרקס און האָט אים נישט געגעבן קיין מנוחה. ער האָט געוואָלט וועגן דעם געשעעניש ווייטער פאָרשן אין דעם טריערער שטאָט־ארכיוו און אָנשרייבן וועגן דעם אַ גרעסערע אָפּ־האַנדלונג. דעם דאָזיקן פּלאַן האָט דער ראַבינער מאַרקס נישט אויסגעפירט, ווייל אַן אַנדערער איינפאַל האָט אים לגמרי באַהערשט. ער האָט באַשלאָסן, פאַר יעדן פּרייז, אַרויסצוזגנבענען דעם קליינעם קאַרל פון דער געשמדטער שטוב, בכדי אים צו ראַטעווען פאַרן יידנטום. מ'האָט זיך שפּעטער דערציילט, אַז דער פאָטער לוי מאַרקס ע"ה איז דעם טריערער רב געקומען צו חלום און געהייסן אים ראַטעווען דאָס אייניקל פון גויאישע הענט. שמואל מאַרקס האָט גערעכנט, אַז זיין ברודערס פרוי, וועלכע ער האָט געהאַלטן פאַר אַ טרייע און איבערגעגעבענע צום יידישן דת, וועט אים העלפן ביים פאַרווירקלעכן זיין רעטונגס־פּלאַן.

פון די דאָזיקע פּלענער איז אָבער גאָרנישט אַרויסגעקומען. דער ראַבינער מאַרקס איז פּלוצים שווער קראַנק געוואָרן און זיין צושטאַנד האָט זיך פאַרערגערט פון חודש צו חודש. אָנהויב 1827 איז דער טריערער רב שמואל מאַרקס געשטאָרבן. ער איז סך הכל אַלט געווען פופציק יאָר.

נאָך זיין טויט האָט זיין זון און יורש משה מאַרקס פאַרלאָזט טריער און האָט איבערגענומען דעם כסא הרבנות אין דער ווייטער שטאָט גלייוויץ אין שלעזיע. אויך הרב משה מאַרקס האָט פאַרבאָטן זיינע קינדס־קינדער צו דערמאָנען דעם נאָמען פון זיין געשמדטן פעטער. ער האָט אים געוואָלט אויף אייביק פאַרגעסן און אויסמעקן פון זכרון. דאָס וואָלט אים מן־הסתם געלונגען, ווען נישט דאָס, וואָס דער זון פון געשמדטן פעטער, קאַרל מאַרקס, איז שפּעטער געוואָרן אַ גרויסע אייראָפּעאישע פּערזענלעכקייט, וועגן וועלכער די גאַנצע וועלט האָט גערעדט און געשריבן.

## פערטער קאַפּיטל.

## דער קעניגלעך־פּרייסישער יוסטיץ־ראַט

## הערשל־היינריך מאַרקס.

דער פאָטער פון קאַרל מאַרקס, דער געשמד'טער אַדוואָקאַט הערשל־היינריך מאַרקס, האָט שנעל געמאַכט אַ קאַריערע, סיי אַ מאַטעריעלע און סיי אַ פּראָפעסיאָ־נעלע. זיין קאַנצעלאַריע איז געוואָרן איינע פון די בעסטע און רייכסטע, צוערשט אין שטאָטישן געריכט פון טריער, און שפּעטער אין קרייז־געריכט פון דער שטאָט און איר סביבה. זי האָט צוגעצויגן פאַרמעגלעכע קליענטן צווישן די וויין־פּויערן

און סוחרים, און איז פאַר היינריך מאַרקס׳ן געוואָרן אַ סטאַבילער מקור פון גוטער און בכבודיקער פּרנסה. מיט יעדן יאָר איז געוואַקסן די צאָל פון קליענטן, און מיט זיי צוזאַמען דער פערסאָנאַל פון דער אַדוואָקאַטישער קאַנצעלאַריע, דערגייענדיק שוין צו צוויי צענדליק געהילפס־יוריסטן און אַנגעשטעלטע. אין דער פּרעכטיקער דירה פון מאַרקסן, אינם אַריסטאָקראַטן־פערטל, אויף דער בריקן־גאַס, האָט גע־הערשט צופרידנקייט און ווױלשטאַנד.

דער אַדוואָקאַט מאַרקס איז געווען אַ גוטער רעדנער און אַ פעאיקער יוריסט. זיינע קריסטלעך־דייטשע קאָלעגן, וואָס זענען אים מקנא געווען צוליב זיינע שטייגנ־דיקע דערפאָלגן, האָבן אָפט צווישן זיך, האַלב־ערנסט, האַלב־וויציק, געמאַכט בייסיקע באַמערקונגען וועגן דעם „יידישן קעפּעלע, וועלכן דער יוסטיץ־ראַט מאַרקס האָט געירשנט פון זיינע רבנישע טאַטעס און זיידעס". היינריך מאַרקס האָט פאַרשטאַנען ווי צו געווינען פאַר זיך די פּראַטעקציע פון הויך־געשטעלטע און איינפלוסרייכע פּערזענלעכקייטן, ער איז כסדר געשטיגן אין אָנזען און טיטלען. ער האָט פון בערלין באַקומען די נאָמינאַציע אַלס אַ קעניגלעך־פּרייסישער יוסטיץ־ראַט, און מ׳האָט געשמועסט אין די גוט־אינפאָרמירטע געריכטס־קרייזן, אַז ער וועט באַלד דער־הויבן ווערן צו דער מדרגה פון אַ געהיימ־ראַט, וואָס איז געווען אַ זעלטענער און גאָר בכבודיקער טיטל.

היינריך מאַרקס איז געווען צופרידן און אפילו גליקלעך אין זיין פאַמיליע־לעבן. זיין פרוי הענריעטע, פון דער היים פּרעסבורגער, האָט געשטאַמט פון האָלענ־דישע יידן, וואָס זענען געקומען קיין האָלאַנד פון דער סלאָוואַקיש־אונגאַרישער שטאָט פּרעסבורג. אויך איר יחוס האָט זיך געצויגן פון דורות רבנים און גאונים. דער רבנישער יחוס פון קאַרל מאַרקס איז בכן אַ טאָפּלטער, סיי פון טאַטנס צד און סיי פון דער זייט פון דער מאַמע. הענריעטע איז געווען אַן אמתע יידישע פרוי, לויט דעם אַלטן, טראַדיציאָנעלן מוסטער. פּשוט און באַשיידן, אַרבעטזאַם און טריי, איבערגעגעבן בלב ונפש דעם מאַן און די קינדער.

איין זאַך האָט היינריך מאַרקסן באַאומרואיקט דאָס גאַנצע לעבן און כסדר געשטערטביים געניסן פון זיין פּריוואַטן און געזעלשאַפטלעכן גליק. דאָס איז געווען דאָס יידנטום, פון וועלכן ער איז אַנטלאָפן און פון וועלכן ער האָט דאָך קיין מקום מנוחה נישט געפונען. דער יוסטיץ־ראַט היינריך מאַרקס האָט זיך שטאַרק מצער געווען צוליב זיין עכט־יידישן אויסזען און פאַמיליע־שטאַם. מאַרקוס לעווי, איינער פון זיינע יורידישע געהילפן, אַ יונגער און גאָר פייאיקער ספּעציאַליסט פון פּרייסישן געזעץ־קאָדעקס, דער איינציקער ייד, אגב נישט־געשמדט, וואָס האָט גע־אַרבעט אין זיין אַדוואָקאַטישער קאַנצעלאַריע, האָט זיך אַמאָל, בעת אַן אינטימען שמועס אין דעם יוסטיץ־ראַט׳ס עס־צימער, דערלויבט צו זאָגן:

„איר ווייסט, הער יוסטיץ־ראַט, אַז איר וואָלט אין פּרייסן געוואָרן אַ מיניסטער, ווען נישט אייער יידישע נאָז!".

היינריך מאַרקס האָט נישט געוווסט, צי ענטפערן דערויף מיט אַ בייזקייט אָדער מיט אַ שמייכל. אָבער די באַמערקונג פון זיין יידישן געהילף האָט אים שטאַרק וויי געטאָן, און ביי דער ערשטער געלעגנהייט האָט ער אים אָפּגעזאָגט פון פּאָסטן. לייכט איז געווען משלח צו זיין דעם „חוצפּהדיקן" געהילף, אָבער שווער

איז געווען פּטור צו ווערן פון נאָגנדיקן צער. היינריך מאַרקס איז געווען אַ שיינער מאַנספּאַרשוין מיט איידעלע געזיכטס־צוגן און פיינער קערפּער־האַלטונג. וויפל וואָלט ער בתשואות־חן באַצאָלט, ווען מ׳קאָן אים פון פּנים אַראָפּנעמען דעם בולטן, שטאַרק־כאַראַקטעריסטישן סימן פון יידישקייט!

דער יוסטיץ־ראַט מאַרקס איז געווען אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער. אין דער יוגנט האָט ער אפילו געהאַט געוויסע סענטימענטאַלע שוואַכקייטן און געשריבן לירישע פּאָעמען. אָבער ער האָט די דאָזיקע שוואַכקייטן גובר געווען אין זיך, און איז געוואָרן לגמרי זאַכלעך און רעאַליסטיש. אויך לגבי דעם יידנטום האָט ער אין דער יוגנט אַרויסגעוויזן געוויסע סענטימענטאַלע געפילן. ווי זיין גאַנצער דור פון געשמד׳טע יידן, וואָס זענען דערצויגן געוואָרן אין אַן עכט־יידישער, טראַדיציאָנעלער שטוב און סביבה, האָט ער נאָך זיך, יאָרן־לאַנג, געשלעפּט אַ באַרג פון קינדערישע און פּאָטערלעכע זכרונות, וועלכע האָבן מיט זייער שווערער לאַסט געדריקט דאָס געמיט. אָבער דער אַדוואָקאַט היינריך מאַרקס האָט נישט געוואָלט גיין אין די דרכים פון „די שוואַכע, דערשראָקענע ליטעראַטור־העלדן”, ווי דער יידיש־דייטשער פּובליציסט לודוויק בערנע אָדער ווי דער יידיש־דייטשער דיכטער היינריך היינע, וועלכע זענען אויך נאָך זייער שמד געבליבן גייסטיק־פאַרבונדן מיטן יידנטום און זיינע נויטן. דער יוסטיץ־ראַט מאַרקס האָט באַשלאָסן צו מאַכן אַ גאַנצע אַרבעט, שמדן זיך לגמרי און אויף אייביק, עס זאָל ביי אים אין זיין משפחה אפילו קיין זכר נישט בלייבן פון דער יידישער פאַרגאַנגנהייט.

נישט לייכט איז געווען די זאַך דורכצופירן ביז צום סוף. היינריכ׳ס פרוי, הענריעטע, האָט נישט געוואָלט אפילו הערן וועגן שמדן זיך. זי איז נישט געווען שטאַרק־פרום, אָבער זי האָט געלעבט און געאָטעמט מיט די דורות־לאַנגע טראַדיציעס פון דעם יידישן עבר. דאָס שמדן זיך פון איר געליבטן מאַן הערשל איז פאַר איר געוואָרן אַ טיפע טראַגעדיע. זי האָט נישט ליב געהאַט דאָס קריסטנטום און האָט פיינט באַקומען די דייטשן. נאָכן שמד פון הערשלען האָט זי כסדר געדראַט, אַז זי וועט נעמען די קינדער און אַנטלויפן פון שטוב. באַהאַלטענערהייט האָט זי פּרייטיק־צונאַכטס, ערגעץ־ווו אין אַ ווינקל, אָנגעצונדן די שבת־ליכט און געזאָגט טרויעריק די תפילה.

היינריך מאַרקס האָט ליב געהאַט זיין פרוי און האָט נישט געוואָלט צעשטערן זיין משפחה־גליק. ער איז אָבער געווען אַנטשלאָסן דורכצופירן זיינס, צו שמדן די פרוי און די קינדער און אויף אייביק אָוועקצוגיין פון יידנטום. אַלס אַ מענטש פון אַ שטאַרקן כאַראַקטער האָט ער זיין פּלאַן ווילן דורכגעפירט לאַנגזאַם אָבער מיט זיכערע, פעסטע טריט. ער איז געווען אַ גוטער פּסיכאָלאָג און האָט פאַרשטאַנען זיין טאַקטיק צו ענדערן און צוצופּאַסן צו די באַדינגונגען, בכדי לסוף צו דערגרייכן זיין ציל. „מיט געדולד און ענערגיע”, פלעגט ער זאָגן, „קאָן דער מאַן אַלץ דורכפירן ביי זיין פרוי!”.

אַמאָל אין דער יוגנט, איז היינריך מאַרקס געווען, ווי זיין עלטערער ברודער, דער ראַבינער שמואל מאַרקס, אַן אָנהענגער פון משה מענדעלזאָן און זיינע רעפאָרמען. ער האָט געטראַכט וועגן אַ פאַרבינדונג צווישן אַ מאָדערניזירטן יידנטום און דער פילאָזאָפיש־דעאיסטישער וועלט־אָנשויאונג. שפּעטער איז היינריך מאַרקס,

מיט דעם גאַנצן דור פון געשמדטע יידן אין דייטשלאַנד, אוועק צו דער פרעמדער דייטש־קריסטלעכער סביבה. קיין פרומער קריסט איז ער נישט געוואָרן און פון קיין קריסטלעך־קירכלעכע צערעמאָניעס האָט ער נישט געהאַלטן. ער איז געווען אַ פּראָטעסטאַנט מער גייסטיק ווי טעאָלאָגיש, לויט דעם באַגריף פון דעם באַרימטן דייטשן קלאַסיקער א. ג. לעסינג. זיין דעאיסטיש־פילאָזאָפישע וועלט־אָנשויאונג האָט זיך געשטיצט אויפן גרויסן פילאָזאָף עמנואל קאַנט און אויף די פראַנצויזישע שריפטשטעלער־דענקער וואָלטער און רוסאָ. היינריך מאַרקס האָט כסדר און אומעטום אונטערגעשטראָכן זיין קאָסמאָפּאָליטישע, אַלגעמיין־מענטשלעכע ליבע.

אין דער ווירקלעכקייט, איז אָבער היינריך מאַרקס געווען אַ באַגרענעצטער דייטש־פּרייסישער פּאַטריאָט. ער האָט פיינט געהאַט נאַפּאָלעאָנען און האָט אַפּאָ־טעאָזירט דעם אַלט־פּרייסישן, מיליטאַריסטישן קעניג פרידריך דעם גרויסן. ער האָט גערעדט מיט פּאַטאָס וועגן פרייהייט און דעמאָקראַטיע, אָבער גלייכצייטיק איז ער געווען אַ קעגנער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, און האָט פאַרהערלעכט דעם געמעסיקטן, פּסידאָ־ליבעראַלן פּרייסישן רעזשים. פאַרבינדן שיינע ווערטער, וואָס פאַרפליכטן צו גאָרנישט, מיט רעאַלע מעשים, וואָס זענען פּראַקטיש און נוצלעך, דאָס איז געווען די ווירקלעכע, ממשותדיקע לעבנס־חכמה און פילאָזאָפיע פון היינריך מאַרקס'ן. ער איז געווען אַ געבילדעטער, זייער פעאיקער מענטש, אָבער סיי זיין בילדונג און סיי זיינע פעאיקייטן האָט ער באַנוצט, בכדי צו דערגרייכן דאָס מאַקס־סימום פון פּראַקטישן לעבן. אַלס אַ געבילדעטער מענטש און שאַרפזיניקער יוריסט האָט ער תמיד געפונען די נויטיקע, שיינע, ליטעראַרישע און פילאָזאָפישע רעטאָריק, בכדי צו באַפּוצן די רעאַלע, פּראַקטישע טאָג־צוועקן.

די דאָזיקע לעבנס־פילאָזאָפיע, וואָס האָט באַזירט, פון איין זייט אויף בילדונג און פון דער אַנדערער זייט, אויף פּראַקטישקייט, האָט דער יוסטיץ־ראַט מאַרקס באַמיט זיך איבערצוגעבן זיינע קינדער.

הגם ווייט פון יידישקייט, האָט זיך דאָך דער אַמאָליקער רבנישער זון, הערשל־היינריך מאַרקס געהאַלטן טריי ביים יידישן דין פון פּרו ורבו. ניין קינדער האָט אים געבוירן זיין פרוי הענריעטע. בלויז דער בכור האָט געטראָגן אַ יידישן נאָמען: משה דוד, די אַנדערע אַכט קינדער האָבן שוין באַקומען ריין־קריסטלעכע נעמען: זאָפיע, קאַרל, הערמאַן, הענריעטע, לואיזע, עמיליע, קאַראָלינע און עדואַרד.

פינף קינדער זענען געשטאָרבן זייער יונג. די דאָקטוירים האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז געשען צוליב שווינדזוכט. די יידן אין טריער האָבן זיך דערציילט, אַז דאָס איז געווען אַ נקמה פון פאַרשטאָרבענעם טריערער רב שמואל מאַרקס, וועמענס יאָרן זענען אַזוי פרי אָפּגעשניטן געוואָרן צוליב הערשל'ס שמדן זיך.

פון היינריך מאַרקס דריי יינגלעך, זענען צוויי געווען גייסטיק אָפּגעשטאַנענע און ווייניק־אַנטוויקלטע, דאַקעגן קאַרל, דער צוקונפטיקער שעפער פון מאַרקסיזם, האָט שוין אין די קינדער־יאָרן אַרויסגעוויזן אַ גרויסע גייסטיקע שאַרפקייט און טאַלאַנטירטקייט. אַלע האָפענונגען פון פאָטער, דעם יוסטיץ־ראַט, האָבן זיך פאַר־בונדן מיט דעם קליינעם שוואַרץ־האָריקן און טונקל־אויגיקן קאַרל. אין אים האָט ער געזען דעם צוקונפטיקן יורש זיינעם און דעם אויספירער פון אַלע זיינע באַ־שטרעבונגען און צילן.

# פינפטער קאפיטל.

## אין דער קינדער־שטוב און אויף דעם „מארקס־בארג”.

דעם 5־טן מאי 1824 איז קארל מארקס אלט געווארן זעקס יאר. ס'איז געקומען די צייט צו שיקן אים אין דער שטאט־שול, אין וועלכער ס'איז שוין געגאנגען זאפיע, די מיט צוויי יאר עלטערע פון אים שוועסטער. דער פאטער האט ווידער אמאל אויסגענוצט די געלעגנהייט, בכדי לאנג און געדולדיק צוצורעדן זיין פרוי וועגן שמדן די קינדער.

ווי זעט עס אויס, האט ער געטענהט, אז ער, דער פאטער, זאל זיין אן עוואנ־געלישער קריסט און די קינדער אין דער שול זאלן פיגורירן „פון מאזאאישן גלויבן”!? אפגערעדט דערפון, וואס ער אליין קאן נישט מאכן קיין ווייטערדיקע אדוואקאטישע און געזעלשאפטלעכע קאריערע טאקע צוליב דעם, איז דאך די צוקונפט פון די קינדער אלס יידן גאר א שווערע. און מיט יעדן יאר וועט די לאגע נאך ערגער ווערן. די קינדער וועלן דאך אויפוואקסן נישט־יידן און נישט־קריסטן, נישט אהין און נישט אהער, אינערלעך צעבראכן און פוןביידע וועלטן אפגעריסן. ער, דער פאטער, קאן נישט מער צוריקגיין צום יידנטום, מוזן אלזא די קינדער נאכגיין זיין ביישפיל. ס'איז נישטא און ס'קאן נישט זיין קיין אנדערער אויסוועג! די מאמע זאל טאן, וואס זי וויל, אבער פארוואס מאכט זי אומגליקלעך די קינדער? אין לאנד וואקסט דער אנטיסעמיטיזם, עס קומען אפילו פאר נייע יידן־פארפאלגונגען. ווי קאן אן אמתע מאמע פירן די אייגענע קינדער, צוליב איר עקשנות, אויפן וועג פון נויט און פיין?

דער אדוואקאט מארקס האט ווייטער מיט עלאקווענץ גערעדט: אט שמדן זיך אפילו די בעסטע און געבילדעסטע יינגעלייט פון די פיינסטע, פרומסטע יידישע הייזער. וואס פאר א זין האט עס צו בלייבן היינט א ייד, צו ליידן פאר א גלויבן פון וועלכן מ'האלט נישט מער?

אבער הענריעטע, זיין פרוי, האט אים כמעט גארנישט געענטפערט אויף אלע זיינע רייד, נאר זי האט ענערגיש געשאקלט מיט דעם קאפ:

„ניין, איך וועל נישט דערלויבן אפצושמדן די קינדער!”.

היינריך מארקס האט געזען, אז ער וועט דערווייל גארנישט פועלן ביי זיין ווייב. ער האט זי שטארק ליב געהאט, זי איז א שיינע און גוטע פרוי, מיט אלע מעלות, אבער זי איז גייסטיק אפגעשטאנען, נישט געבילדעטע און לעבט מיטן אלטן עבר. אט וווינט זי שוין אזויפיל יארן אין דייטשלאנד און זי קאן אפילו נישט רעדן קיין דייטש אן מיאוסע פעלערן. ס'איז פשוט א חרפה און א בושה פאר לייט! א פרוי פון ניינצנטן יארהונדערט זאל נישט אריינקוקן אין א בוך אדער אין א צייטונג!

באין ברירה, איז דער גאנצער ענין אפגעלייגט געווארן ביז צו הארבסט, ווען ס'וועט זיך אנהויבן דאס נייע שול־יאר. היינריך מארקס האט ביי זיך באשלאסן, אז פון היינט אן וועט ער כסדר און סיסטעמאטיש, כמעט יעדן טאג רעדן מיט זיין פרוי וועגן דער זאך. ער מוז ביי איר פועלן, אז זי זאל מסכים זיין אויף שמדן די קינדער. זיין אדוואקאטישע אמביציע איז געווען טיף פארלעצט: ווי איז דאס מעג־

לעך, אז ער, וועלכער איז באַרימט אין טריער און אין דער גאַנצער סביבה מיט זיין גרויסן רעדנער־טאַלאַנט און איבערצייגונגס־קראַפט, זאָל נישט קאָנען משפיע זיין אויף דער דאָזיקער פּשוטער, ווייניק־געבילדעטער פרוי? ניין, אויך דעם דאָזיקן „פּראָצעס" מוז ער, פאַר יעדן פּרייז געווינען!

דער קליינער קאַרל האָט נישט אַלץ געהערט און נישט אַלץ פאַרשטאַנען פון די טענות צווישן טאַטע־מאַמע. ער איז געווען העכסט צופרידן, וואָס זיין ערשטער שול־באַזוך איז דערווייל אָפּגעלייגט געוואָרן. קיין באַשעפטיקונגען האָבן אים נישט געפעלט, נישט אין דער קינדער־שטוב און נישט אויפן „מאַרקס־באַרג". ער האָט קאָמאַנדעוועט מיט זיינע יינגערע ברידער און שוועסטער און געפירט ביד רמה זיין ממשלה צווישן דער חברה קינדער פון די שכנישע הייזער. זיין קאָפּ האָט געאַרבעט ביי טאָג און ביי נאַכט און אויסגעטראַכט די פיינסטע שפילערייען. קיין פאַנטאַזיע האָט אים קיינמאָל נישט אויסגעפעלט, און די קינדער זענען געווען ממש פאַרכשופט מיט זיינע איינפאַלן און דערציילונגען. ער האָט פון דער מאַמען געהערט אַ סך קינדער־מעשיות, וואונדערבאַרע העלדן־געשיכטן, וועלכע ער האָט אין זיין פאַנטאַזיע שנעל באַאַרבעט און באַפּוצט מיט נייע גאָר אינטערעסאַנטע און סענסאַציאָנעלע פּרטים. די מחנה אייגענע און פרעמדע קינדער איז אים כסדר נאָכגעלאָפן און געבעטן זיך מיט תחנונים: „קאַרל־כען, דערצייל אונז נאָך אַ מעשהלע, ס'איז דאָך אַזוי שיין און וואונדערבאַר!".

קאַרל האָט זיך געפילט און געפירט צווישן די קינדער, ווי אַ מלך, און דווקא ווי אַן אַבסאָלוטער מאָנאַרך. אַ סך יאָרן שפּעטער פלעגט ער זיך וויצלען, זאָגנדיק, אַז אויף דעם „מאַרקס־באַרג" האָט ער געהאַט מער מאַכט, ווי דער פּרייסישער מלך אין זיין לאַנד. דער דאָזיקער באַרג, אַ גאַנץ הויכער און שפּיציקער, איז געלעגן נישט ווייט פון דער בריקן־גאַס. דאָ האָט דער קליינער קאַרל מאַרקס געפירט מיט אַ פעסטער האַנט זיין ממשלה צווישן די צענדליקער קינדער, וואָס האָבן זיך טאָג־טעגלעך פאַרזאַמלט פון אַלע אַרומיקע הייזער און גאַסן. איינשטימיק האָבן אַלע דעם באַרג געגעבן אַ נאָמען „מאַרקס־באַרג". די קינדער האָבן געמוזט אויף קאַרלס באַפעל אַרויפקלעטערן און אַראָפּלויפן פון באַרג, אין אַ שנעלן טעמפּאָ, און לויט אַ מיליטערישער קאָמאַנדאָ. אויבן־אָן איז געשטאַנען דער קליינער מאַרקס און האָט דיריגירט, מעשה גענעראַל, מיט דער גאַנצער חברה.

די אָפּגעמאַטערטע קינדער האָבן דאַן געמוזט בשותפות עסן די קיכלעך, אָפּט ווייניק־אַפּעטיטלעכע און שמוציקע, וועלכע די קעכינס האָבן צוגעגרייט אונטער דער פּערזענלעכער אויפזיכט פון קאַרל, פון דעם מעל און צוקער, וואָס איז געהיים אַרויסגעטראָגן געוואָרן פון די הייזער. ווייי איז געווען צו דעם קינד, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו מאַכן די מיליטערישע קלעטערייען אָדער צו עסן די געשמאַקלאָזע קוכנס. אַזאַ קינד האָט נישט מער געהאַט קיין צוטריט צום מאַרקס־באַרג, און קאַרלס „זשאַנדאַרמעריע" האָט שוין געגעבן אויפגעפּאַסט, אַז די דאָזיקע פּאַראַורטיילטע קינדער זאָלן בלייבן מחוץ למחנה.

קאַרלס קינדער־צייט איז געווען זייער אַ גליקלעכע. די עלטערן האָבן אים שטאַרק ליב געהאַט און קיין שום זאַך נישט אָפּגעזאָגט. די מוטער פלעגט זאָגן, אַז קאַרל איז געבוירן געוואָרן אונטער דעם צייכן פון אַ גוטן מזל, אַלץ געלינגט אים און אַלץ וועט אים תמיד אין לעבן געלינגען. די עלטערן האָבן אפילו טיילמאָל

געהאט זאָרגן וועגן כאַראַקטער פון געליבטן „קאַרלכען", ער איז אַ סך מאָל שווער געווען צו דערציען, אַ שרעקלעכער עקשן, תמיד איבערצייגט וועגן דער אייגענער גערעכטיקייט, געפירט זיך ווי אַן אַבסאָלוטער הערשער און גערעדט מיט אַ שאַרפן, באַפעלערישן טאָן. פאַרן פאָטער האָט ער געהאַט דרך־ארץ, ער האָט אים אימפּאָנירט מיט זיין וויכטיקער שטעלונג צווישן מענטשן און מיט זיין בילדונג. די מאַמע איז פאַר אים געווען צו ווייך און צו נאָכגעבעריש, זי האָט אים ווי אַ שקלאַף, באַדינט ביי טאָג און ביי נאַכט, און האָט געוואַרט הכנעהדיק אויף זיין יעדן ווונטש און באַפעל. די מאַמע האָט גערעדט אַ זייער שלעכטן דייטש און איז געזעסן באַשיידן, אַביסל שעמעוודיק, ווען דער טאַטע האָט דערציילט אין אַ פּרעכטיקער שפּראַך און אין אַ געבילדעטער פאָרם, וועגן דעם, וואָס טוט זיך אין טריער, אין דייטשלאַנד און אין דער גאָרער וועלט. די מאַמע האָט פאַר דעם קינד בסדר איבער־געחזרט: „דו זאָלסט האָרכן דעם טאַטן, ער איז אַ גרויסער מענטש און אַ גוטער פאָטער!".

קאַרל מאַרקס האָט זיך פון דער קינדער־צייט צוגעוווינט צו קוקן אַרויף צום פאָטער און אַראָפּ צו דער מאַמען. און אַזוי איז עס ביי אים געבליבן דאָס גאַנצע לעבן. דער פאָטער איז יונג געשטאָרבן (אין 1838), די מאַמע האָט דערלעבט אַ הויכן עלטער (געשטאָרבן אין י. 1863). די ביאָגראַפיע פון קאַרל מאַרקס'ן דער־ציילט אונז וועגן זיין ליבע און צוגעבונדנקייט צום פאָטער און זי דערמאָנט כמעט גאָרנישט די מוטער. ווי עס שיינט, האָט קאַרל מאַרקס פון דער יוגנט־אָן וויניק רעספּעקט און ליבע איינגעזאַפּט אין זיך לגבי זיין פּשוטער און יידישלעכער מאַמע.

דער פאָטער האָט דעם קליינעם קאַרל דערצויגן אין אַ קולט צום ראַציאָנאַליזם און אוניווערסאַלער בילדונג, אין אַן אַפּאָטעאָזע פון שכל הישר און לאָגישן וועלט־באַנעם. די מוטער איז ווייט געווען פון בילדונג און ראַציאָנאַליסטישער אויפקלע־רונג, זי האָט דעם געליבטן זון געקאָנט געבן בלויז דאָס, וואָס זי האָט פאַרמאָגט: אַ וואַרעם האַרץ פון אַ יידישער מאַמע.

דער פאָטער האָט קאַרלען אָפּגעצויגן פון יידנטום, די מוטער צום יידנטום. אָבער די השפּעה פון פאָטער איז געווען אַ מאַקסימאַלע, בעת די השפּעה פון דער מאַמע איז געוואָרן אַ מינימאַלע. אין דעם דאָזיקן פאַקט דאַרף מען זוכן דעם אייגנטלעכן שליסל צו דער שפּעטערדיקער באַציאונג פון קאַרל מאַרקסן צו יידן און יידנטום.

## זעקסטער קאַפּיטל.

## „העפּ־העפּ, שלאָגט די יידן!".

בלויז אַ קורצע צייט, אין די ערשטע קינדער־יאָרן פון קאַרל מאַרקס, האָט זיין מוטער העכריעטע געהאַט אויף אים אַ געוויסע השפּעה. זי האָט געוועקט ביים קינד אַ שעפערישע פאַנטאַזיע מיט אירע פאָלקס־מעשיות און ביבלישע דערציילונ־גען, זי איז מיטן קליינעם קאַרל אָפּט געגאַנגען שפּאַצירן און האָט אים געוויזן די שיינקייט פון אַרומיקער נאַטור. די מאָלערישע סביבה פון דער אַלטער שטאָט

טריער, מיט אירע היסטאָרישע מאָנומענטן און פּרעכטיקע לאַנדשאַפטן, האָט אָוונטס, ביים זון־אונטערגאַנג, פאַרכאַפּט און פאַרכישופט מיט איר וווּנדערבאַרן צויבער און פייערדיקן ליכט־שפּיל, דאָס יונגע, פרישע געמיט פון קלוגן, אויפוואַקסנ־דיקן קינד. די מוטער האָט דעם קליינעם קאַרל'כען געזונגען אין אָוונט, מיט אַ צאַרטער שטימע, האָלענדישע לידלעך און עפּעס משונהדיקע, אַלטע ניגונים, איבער־גענומענע פון אַ דורות־לאַנגער ירושה. איר שפּראַך איז געווען אַ געמיש פון האָ־לענדיש און פון יידיש־דייטשן לשון, אָבער דאָס קינד האָט די מאַמע פאַרשטאַנען, מער אינסטינקטיוו ווי מיט זיין יונגן שכל. נאָך דעם פּלוצלונגן, שטורמישן באַזוך פון ראַבינער שמואל מאַרקס אין יענער פּראָסטיקער נאַכט פון ווייַנאַכטן 1823, האָט קאַרל אַ פּאָר מאָל אויסגעפרעגט זיך ביי דער מאַמע, ווער איז דאָס געווען דער דאָזיקער משונהדיקער באַזוכער און פאַרוואָס האָט ער אַזוי בייז אויפן טאַטן געשריגן. די מוטער האָט זיך באַמיט אויפצוקלערן דעם נייגעריקן קינד וועגן דעם, וואָס איז דאָס אַ רב און וועלכע שטעלונג ער פאַרנעמט ביי יידן, און ביי דער גע־לעגנהייט האָט זי אויך דערמאָנט דעם זיידן לוי מאַרקס, דעם גרויסן געלערנטן און טריערער רב, פון וועלכן מ'דערציילט זיך ביז היינט אין דער שטאָט און סביבה פאַרשידענע אינטערעסאַנטע זאַכן. דער קליינער קאַרל איז געווען דערשטוינט, ווען ער האָט געהערט פון דער מאַמע, אַז דער דאָזיקער באַרימטער זיידע איז שוין איבער צוואָנציק יאָר טויט. קאַרל איז צוגעשטאַנען צו דער מאַמע און גענומען בעטן, אַז זי זאָל גיין מיט אים אויפן אַלטן יידישן בית־עלמין, ווו ס'געפינט זיך דער קבר און די מצבה פון זיידן. קאַרל האָט אַ פּאָר מאָל געזען ווי זיין מאַמע בענטשט ליכט פרייטיק־צונאַכטס, און אַמאָל האָט אים די מאַמע געגעבן צו עסן אַ מצה און דער־קלערט, וואָס פאַר אַ יום־טוב ס'איז פּסח ביי יידן.

היינריך מאַרקס האָט מיט אַ גרויסער אומצופרידנקייט באַמערקט די יידיש־לעכע אויפפירונג פון זיין פרוי. ווען קאַרל האָט אים אַמאָל געפרעגט וועגן דעם זיידן און זיין באַרימטקייט ביי די טריערער יידן, איז דער פאָטער שטאַרק בייז געוואָרן און האָט זיין פרוי געמאַכט ביטערע פאָרוווּרפן, וואָס זי פאַרדרייט דעם קינד דעם קאָפּ מיט „נאַרישקייטן". ער האָט איר קאַטעגאָריש פאַרבאָטן צו רעדן מיטן קינד וועגן יידן און יידישקייט. זייט דעמאָלט, האָט היינריך מאַרקס ענערגיש און סיסטעמאַטיש גענומען די דערציאונג פון זון אין זיינע הענט. ער איז מיט אים געזעסן שעהנלאַנג און האָט אים, אין אַ שיינער שפּראַך און בילדערישער פאָרם, דערציילט וועגן דער גרויסער וועלט און וועגן די העלדישע געשטאַלטן, אַמאָליקע און היינטיקע, וואָס קעמפן פאַר פרייהייט און גליק פון אַלע מענטשן, אָן אונטערשייד פון ראַסע און רעליגיע. הענריעטע האָט זיך טריטווייז צוריקגעצויגן צו איר הויז־אַרבעט, וואָס איז נישט לייכט געווען ביי אַזאַ צאָלרייכער פאַמיליע, און האָט די קינדער־דערציאונג איבערגעלאָזט דעם שטרענגן און ענערגישן מאַן.

באַלד זענען פאָרגעקומען געשעענישן, וועלכע האָבן דער דערציאונג פון קאַרלען געגעבן אַ נייע, דעצידירנדיקע ווענדונג. דאָס איז געשען אין צוזאַמענהאַנג מיט די אַנטיסעמיטישע פאַרפאַלן אין טריער, וואָס זענען דאָ שוין לאַנג נישט פאָרגעקומען.

די טריערער געשעענישן זענען געווען אַן אָפּקלאַנג פון דער אַנטי־יידישער העצע אין גאַנץ דייטשלאַנד. די דייטש־נאַציאָנאַליסטישע שטימונג, וואָס האָט פאַר־כאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד בעת דעם „באַפרייאונגס־קריג" קעגן נאַפּאָלעאָן, אין אָנהויב

פון יאָרהונדערט, איז איצט נישט שוואַכער געוואָרן, גראָד להיפך. דער פראַנצויזי־שער שונא איז געווען באַזיגט, דער דייטשער נאַציאָנאַליזם האָט געזוכט אַ נייע עקספּאַנסיע־מעגלעכקייט, בכדי אויסצולאָדן זיין אַגרעסיוון כוח. עס האָבן נישט געפעלט אין דייטשלאַנד פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פאַקטאָרן, וואָס זענען אויסן געווען צו שטופּן די נאַציאָנאַליסטישע כוואַליע אין דער ריכטונג קעגן די יידן. פאַר אַ סך אַגרעסיווע כוחות, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַ דאַנק דעם נאַציאָנאַליזם, איז די יידן־העצע געוואָרן אַ מין מאָביליזאַציע, איידער מ׳וועט איבערגיין צום אָנגריף קעגן די אויסערלעכע שונאים. דער רעאַקציאָנערער פּרייסישער מלוכה־רע־זשים, וועלכער האָט בעת דעם „באַפרייאונגס־קריג" צוגעזאָגט דעם פאָלק ליבע־ראַלע רעפאָרמען און אַ קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטישע אָרדענונג, איז שטאַרק באַאומרואיקט געווען צוליב דער וואַקסנדיקער אָפּאָזיציע, און ער האָט מיט צו־פרידנקייט אויפגענומען די אַנטי־יידישע באַוועגונג אַלס אַ „בליץ־אָפּלייטער" פאַר דעם פאָלקס־צאָרן. אין לאַנד האָט געבושעוועט אַ שווערער אַגראַר־קריזיס, די פּויערן זענען פאַראָרעמט געוואָרן, און אין די שטעט האָט מען איבערגעלעבט אַ ווירט־שאַפטלעכע דעפּרעסיע. עס האָבן זיך געטראָפן רייכע יידן, וואָס זענען נאָך רייכער געוואָרן ביים אויפקויף פון דאָרפישע גיטער און ביי אַנדערע ספּעקולאַציעס. דער לעגענדאַרער, שטאַרק איבערגעטריבענער טומל אַרום דעם ריזיקן פאַרמעגן, וועלכן דער פראַנקפורטער ייד מאיר אַנשעל ראָטשילד און זיינע יורשים האָבן געמאַכט אין אַ קורצער צייט, האָט צערייצט דאָס בייזע בלוט פון דייטשן המון. אין פראַנקפורט און אין אַנדערע שטעט אין דייטשלאַנד זענען פאָרגעקומען אַנטי־יידישע עקסצעסן. מ׳האָט מערדעריש געשלאָגן יידן און ראַבירט זייער האָב־און־גוטס. אומעטום זענען די פּאָגראָם־געשעענישן באַגלייט געוואָרן מיט ווילדע געשרייען: „העפּ, העפּ, שלאָגט די יידן!" דאָס איז געוואָרן אַ שלאַכט־לאָזונג פון די אַנטיסעמיטישע כוליגאַנעס.

אַ גרויסן אָנטייל אין די דאָזיקע אַנטי־יידישע געשעענישן האָבן גענומען די דייטשע סטודענטן פון פאַרשידענע שולן און אוניווערסיטעטן, וועלכע זענען בזה אופן טריי געבליבן זייער מיטלאַלטערלעכער טראַדיציע. למען האמת מוז מען צוגעבן, אַז אַ סך דייטש־קריסטלעכע שריפטשטעלער און געזעלשאַפטלעכע טוער האָבן זיך באַמיט אויפצוקלערן די דייטשע פאָלקסמאַסן לטובת די פאַרפאָלגטע יידן. זייער קאַמף איז געשטיצט געוואָרן דורך דעם באַרימטן יידיש־דייטשן שריפטשטעלער לודוויק בערנע, וועלכער האָט אין אַ יאָר נאָך זיין שמדן זיך, גלייך אָנגעהויבן אַ פאַרביסענע אַטאַקע קעגן די דייטשע אַנטיסעמיטן. מיט אַ גלענצנדיקן, פּאָלעמישן טאַלאַנט האָט ער געשריבן זיינע צוויי מאַניפעסטן: 1) „פאַר די יידן", 2) „דער אייביקער ייד". בערנעס לאָזונג: „דער אַנטיסעמיטיזם איז אַן אָפּגעשטאַנענער אויס־דרוק פון שנאה און האָט נישט קיין צוקונפט!" איז געוואָרן דער קאַמף־רוף פון גאַנצן ליבעראַלן לאַגער אין דייטשלאַנד.

די שטאָט טריער און איר אומגעבונג איז געווען באַקאַנט מיט איר טאָלע־ראַנטער, מענטשן־פריינטלעכער באַציאונג צווישן קאַטאָליקן און נישט־קאַטאָליקן, צווישן קריסטן און נישט־קריסטן. דער וויין, וועלכער איז זייט דורות געוואָרן דער אייננטלעכער פרנסה־קוואַל פון דער באַפעלקערונג האָט שטאַרק משפּיע געווען אויף דער פּסיכיק פון די טריערער מענטשן. פון אַלע תהילים־פּסוקים איז אַמבעסטן פאַר זיי צוגעפּאַסט געווען דער זאַץ: „וויין ישמח לבב אנוש" (דער וויין דערפרייט דעם

מענטשלעכן געמיט). הערנדיק דעם דאָזיקן פּסוק ציטירט פון די קלויסטער־פרײַדי־קער און גלחים, האָבן די ווײַן־פּויערן געהאַט שטאַרק הנאה. דאָס זענען געווען פרײַלעכע, גוטמוטיקע, פרידלעכע מענטשן.

און טראָצדעם, האָט די גיפטיקע אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע אויך דאָ געפונען איר אָפּקלאַנג. סטודענטן, וואָס זענען פון די אוניווערסיטעטן געקומען אַהער אויף וואַקאַנסן צו זייערע נאָענטע, האָבן אײַנגעפירט דעם נײַעם מנהג נאָכצושרײַען ייִדן: „העפּ, העפּ, שלאָגט די ייִדן!". ס'האָט שוין געטראָפן, אַז שויבן זענען אויסגעהאַקט געוואָרן אין ייִדישע הײַזער און שטיינער זענען געפאַלן אויף ייִדישע דורכגייער.

אין אַ שיינעם, הייסן זומער־טאָג, ווען דער זעקס־יעריקער קאַרל מאַרקס איז פון נאָענטן וואַלד צוריקגעגאַנגען אַהיים מיט זײַן שוועסטער זאָפיע, זענען זיי באַפאַלן געוואָרן דורך אַ גרופּע פרעמדע שקצים'לעך. די לאָבוזעס האָבן זיך גע־וואָרפן אויף קאַרלען און געוואָלט אים דורכאויס אַרײַנשטופּן אין אַ קאַלוזשע־וואַסער. קוים מיט צרות איז געלונגען קאַרלען און זאָפיען זיך אַרויסצורײַסן פון די קליינע כוליגאַנעס, וואָס זענען זיי לאַנג נאָכגעגאַנגען און געזונגען דאָס פּאָפּו־לערע סטודענטן־לידל:

„אַ ייִדעלע איז אין אַ וואַסער אַרײַנגעפאַלן,
האָבן אַלע זײַן געשרײַ „איי־איי" געקאָנט הערן,
און באמת, עס האָט טאַקע קיין סך נישט געפעלט,
אַז דאָס ייִדעלע זאָל „נעבעך" דערטרונקען ווערן!"

אַהיימקומענדיק, האָבן די קינדער, בלאַסע און דענערווירטע, דערציילט די עלטערן וועגן זייער פּאַסירונג. היינריך מאַרקס איז געוואָרן שרעקלעך אויפגערעגט, אַ בלוטיקע רויטקייט האָט באַגאָסן זײַן פּנים. מיט אַ צאָרן האָט ער אָנגעקוקט זײַן פרוי, ווי ער וואָלט געזאָגט: „זעסט דו, צו וואָס דו פירסט מיט דײַן נאַרישער עקשנות!" הענריעטע איז געוואָרן שטאַרק צעטומלט, זי האָט גלײַך פאַרשטאַנען, אַז דאָס מאָל האָט זי פולשטענדיק פאַרלוירן די שלאַכט.

אַ וואָך שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן דאָס נײַע שול־יאָר. היינריך מאַרקס האָט גענומען אַלע זײַנע קינדער און אָפּגעשמדט זיי אין איין טאָג. די מאַמע איז געבליבן אין דער היים, מיט איר צער און מיט אירע ביטערע טרערן.

## זיבעטער קאַפּיטל.

## דער געהיימראַט לודוויק פאָן וועסטפאַלן.

די דערמאָנטע שמד־צערעמאָניע איז פאָרגעקומען דעם 26־טן אויגוסט 1824. דער אַדוואָקאַט היינריך מאַרקס האָט געפירט זײַנע זיבן קינדער: זאָפיע, קאַרל, הערמאַן, הענריעטע, לואיזע, עמיליע און קאַראָלינע אין די אַלטע סט. מאַרטין־קירכע, ווו זיי האָבן אָנגענומען דעם קריסטלעך־לוטעראַנישן גלויבן. בעת דער קירכ־לעכער צערעמאָניע זענען אָנוועזנדיק געווען, אויסער דעם פּאַסטאָר און זײַן געהילף,

אביסל נייגעריקע פון דער גאַס, און אייניקע נאָענטע פאַרשטייער פון געריכטס־וועזן אין טריער, צווישן זיי דער געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן.

דער דאָזיקער פּרייסיש־קעניגלעכער האָפראַט און געהיימראַט לודוויק פאָן וועסטפאַלן איז געווען אין טריער די וויכטיקסטע און חשובסטע פּערזענלעכקייט. ער איז געשטאַנען נאָענט צו די שפּיצן פון די רעגירונגס־קרייזן אין טריערער באַציִרק, און האָט געהאַט אַ דעצידירנדיקע השפּעה אויף דער אָרטיקער געריכטס־אַדמיניסטראַציע. דאָס איז געווען אַ מענטש פון אַ גרויסער קולטור און טיפער בילדונג, סיי פון אַלטערטום און סיי פון די מאָדערנע וויסנשאַפטן. ער האָט געלייענט אין אָריגינאַל די גריכישע און לאַטיינישע קלאַסיקער. דעם באַרימטן אַלט־גריכישן דיכטער האָמער האָט ער אויסנווייניק ציטירט שעהנלאַנג. ער האָט אויך אין אָריגינאַל געלייענט און אויפריכטיק פאַרערט די פראַנצויזישע ענציקלאָפּעדיסטן און איז געווען זייער באַהאַוונט אין דער ענגלישער ליטעראַטור און פילאָזאָפיע. ער האָט געקאָנט אויסנווייניק איבערגעבן אויף ענגליש גאַנצע טיילן פון שעקספּיר׳ס דראַמען. זיינע געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע אָנשויאונגען האָבן זיך געשטיצט אויף אַ הומאַניסטישן ליבעראַליזם, וואָס האָט אָפּגעוואָרפן קאַטעגאַריש יעדע ראַסן־אָדער קלאַסן־דיסקרימינאַציע. דער אַדוואָקאַט מאַרקס איז געוואָרן זיין נאָענטער פריינט און פּאַרטרויטער הויז־איינגייער. אויך די קינדער פון דיביידע פריינט האָבן זיך אָנגעהויבן חבר׳ן. קאַרל׳ס עלטערע שוועסטער זאָפיע איז געגאַנגען אין דער שול צוזאַמען מיט דער טאָכטער פון געהיימראַט, זשעני, וואָס האָט שפּעטער, כידוע, חתונה געהאַט מיט קאַרל מאַרקסן.

קאַרל מאַרקס׳נס שפּעטערדיקער שווער, לודוויק פאָן וועסטפאַלן האָט, ווי ס׳איז דערמאָנט געוואָרן, געהערט צו די שפּיצן פון אָרטיקן אַדל און פּרייסיש־קעניגלעכער ביוראָקראַטיע. אָבער ער האָט גאָרנישט געהאַט אין זיין טבע און פירונג פון דעם פּריציש־יונקערישן שטאָלץ. דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט, קודם־כל פון דורות־לאַנגע טראַדיציעס, וועלכע האָבן דערציילט וועגן מוטיקע, רעוואָלוציאָנערע מעשים פון זיינע אבות. זיין פאָטער איז געווען אַ באַוווסטער גענעראַל און שעף פון אַן אַרמיי, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אינם קאַמף קעגן די חיילות פון פראַנצויזישן קעניג לואי דעם פופצנטן. ער האָט פאַר זיינע גלענצנדיקע מיליטערישע נצחונות באַקומען אַ סך אויסצייכנונגען און דעם טיטל פון אַ גראַף. ער איז תמיד אויפגעטרעטן מיט אַ גרויסער ווירדע קעגן די אַריסטאָקראַטישע מיוחסים, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, און האָט ביי יעדער געלעגנהייט שטאָלצירט מיט זיינע בירגערלעכע אבות, וועלכע זענען געפאַלן ווי העלדן אין קאַמף פאַר פרייהייט.

אויך זיין זון, דער געהיימראַט לודוויק פאָן וועסטפאַלן פלעגט מיט שטאָלץ דערמאָנען איינעם פון די נאָענטסטע אבות, וועלכער איז אין שאָטלאַנד פאַרברענט געוואָרן אויף אַ שייטערהויפן, ווייל ער האָט געקעמפט פאַר רעליגיעזער און געזעלשאַפטלעכער רעפאָרמאַציע. אַן אַנדערער זיידע איז געקעפּט געוואָרן אויפן מאַרק פון עדינבורג פאַר זיין בונט קעגן דער קעניגלעכער טיראַניע. שעהנלאַנג האָט לודוויק פאָן וועסטפאַלן געקאָנט דערציילן גאָר אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן די דורות־לאַנגע פאַמיליע־טראַדיציעס אינם קאַמף פאַר גערעכטיקייט און פרייהייט. ס׳איז לכן געווען פאַרשטענדלעך צו גלויבן, וואָס מ׳האָט איבערגעגעבן אין טריער וועגן דער יאַקאָבינישער פאַרגאַנגענהייט פון געהיימראַט פאָן פעסטפאַלן:

ווען מיט דרייסיק יאָר צוריק, אין יאָר 1794, זענען די זיגרייכע און העלדישע חיילות פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אַריין אין טריער און אין אַנדערע שטעט פון רהיין־לאַנד, איז דער יונגער, ענטוזיאַסטישער סטודענט לודוויק פאָן וועסטפאַלן צוגעשטאַנען צו דער ראַדיקאַלער, רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי פון די פראַנצויזישע יאַקאָבינער. ער איז געשטאַנען בראש פון דער מחנה, וואָס האָט מיט התלהבות באַגריסט די אַרמייען פון רעוואָלוציאָנערן פראַנקרייך און האָט געהאָלפן צעברעכן די אַלטע, פאַרשימלטע אָרדנונג פון פעאָדאַלער פויערן־שקלאַפערייַ און קאַטויליש־קלעריקאַלער ממשלה. די דאָזיקע ענטוזיאַסטישע רעוואָלוציאָנערע יוגנט האָט אין גאַנצן לאַנד אָרגאַניזירט „יאַקאָבינער־קלובן" און איז געוואָרן דער טרייער אַוואַנגאַרד פון דער נייער רעליגיע פון פרייהייט און שכל, וועמענס טריומף מ'האָט שטורמיש געפייערט מיט טאַנץ, ווייַן און געזאַנג אונטער די געפלאַנצטע „פרייהייטס־בוימער". באַלד זענען מיט חרפה פאַריאָגט געוואָרן די אַלטדייטשע פירשטן מיט זייער גאַנצער פּאַראַזיטיש־אַריסטאָקראַטישער הויף־קאַמאַרילע און צוזאַמען מיט זיי אויך די רעשטלעך פון דער אַמאָליקער „ווייסער", קאָנטר־רעוואָלוציאָנערער פראַנצויזישער עמיגראַציע, וועלכע האָט אין רהיין־לאַנד יאָרן־לאַנג קאָנספּירירט קעגן דער פראַנצויזישער רעפּובליק.

שפּעטער, בעת נאַפּאָלעאָנ'ס ממשלה, און בעיקר נאָך זיין מפּלה, האָט זיך דאָ לגמרי געענדערט די שטימונג. אויך דער יונגער רעוואָלוציאָנער און פראַנצויזן־פרייַנט לודוויק פאָן וועסטפאַלן האָט זיך געענדערט. אַ סך יאָרן זענען פאַרגאַנגען און אַ סך וואַסערן זענען דורכגעפלאָסן אין דעם גרויסן דייטש־פראַנצויזישן גרענעץ־טייַך—רהיין, זייט מ'האָט געטאַנצט אונטער די „פרייהייטס־בוימער" און געזונגען פראַנצויזישע יאַקאָבינער־לידער. מ'איז געוואָרן עלטער און ניכטערער און מ'האָט זיך אָפּט געשעמט צו דערמאָנען די אַמאָליקע חטאת נעורים פון אויפבראַוזנדיקער „שטורם־און־דראַנג"־יוגנט. אַ סך פון די אַמאָליקע דייטשע „יאַקאָבינער" אין רהיינלאַנד האָבן היינט פאַרנומען וויכטיקע פּאָסטנס אין דער פּרייסיש־קעניגלעכער אַדמיניסטראַציע און זענען געוואָרן פאַרביסענע רעאַקציאָנערן און דייטש־נאַציאָנאַליסטישע הוראַ־פּאַטריאָטן.

לודוויק פאָן וועסטפאַלן האָט צו זיי נישט געהערט, הגם, ווי געזאָגט, די נייע שטימונגען און די דרייַ יאָרצענדליקער, האָבן אויך אים שטאַרק געענדערט. אָבער ער האָט נישט געשפּיגן קיינמאָל אויף זיין פאַרגאַנגענהייט און האָט זיך נישט געשעמט מיט זיין יוגנטלעכער רעוואָלוציאָנערער באַגייסטערונג. ער איז געוואָרן קעניגלעך־פּרייסישער געהיימראַט און אַ גאָר וויכטיקע פּערזענלעכקייט אין דער רעגירונגס־אַדמיניסטראַציע פון טריערער קרייז. דאָס האָט אים, פאַרשטענדלעך, פאַרפליכטעט צו זיין לאָיאַל און פּאַטריאָטיש געשטימט. די אַמאָליקע, פאַנטאַסטיש־צעוואַקסענע, לאַנגע האָר־לאָקן זענען געוואָרן שניי־ווייס, און דאָס יונגע, פייערדיקע האַרץ איז געוואָרן מיד און אָפּגעקילט. די געדאַנקען זענען איצט געווען געמעסיקטע און מיושבדיקע. אָבער געהיימראַט לודוויק פאָן וועסטפאַלן האָט זיך געהיטן אַרייַנצופאַלן אין אַן עקסטרעמער ריכטונג. ער איז געבליבן, ווי געזאָגט, אַ ליבעראַלער מיט עכטע, פרייהייטלעכע טראַדיציעס און מיט אַ טיפער הומאַניסטישער ליבע צו אַלע מענטשן אָן אונטערשייד פון ראַסע און רעליגיע.

אדוואָקאַט היינריך מאַרקס איז געווען שטאָלץ מיט זיין נאָענטער פריינטשאַפט צו אַזאַ וויכטיקער און איידעלער פערזענלעכקייט, ווי ס'איז דער געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן. ער איז געווען גליקלעך, וואָס זיין טאָכטער זאָפיע איז געוואָרן די נאָענטסטע און בעסטע חברטע פון געהיימראַטס טאָכטער זשעני. זיין גליק איז געוואָרן נאָך גרעסער, ווען ער האָט זיך דערוווסט, אַז זאָפיע האָט קאַרלען באַקענט מיט איר האַרץ־פריינדין זשעני און מיט דעם יינגערן זון פון געהיימראַט, עדגאַר. היינריך מאַרקס האָט זיין זון קאַרלען צוגעזאָגט, אַז ווען ער וועט אַהיימברענגען צום סוף פון שול־יאָר אַ גוטן צייגניש, וועט ער דערפאַר מיטגיין מיטן פאָטער אויף אַ באַזוך צום געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן.

די מוטער, הענריעטע מאַרקס, איז געבליבן אין איר איינזאַמקייט און געדריקטער שטימונג. עס האָט זי ווייניק געפרייט די קאַריערע פון מאַן און דאָס גליק, וואָס האָט אים געטראָפן מיט דער נאָענטער פריינטשאַפט פון געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן. אין די זעלטענע פרייע שעה'ן, איז זי געזעסן פאַרטראַכט, און האָט געקוקט, ווי פאַר־חלום'ט, אויף די ווייטע האָריזאָנטן. פרייטיק־צו־נאַכטס פלעגט זי באַהאַלטענערהייט, ווי קאָנספּיראַטיוו, בענטשן ליכט אין די שבת'דיקע אַלטע קופּערנע לייכטער, די דורות־לאַנגע ירושה פון אירע אבות. אַ גאַנצע וואָך האָט זי די שבת־לייכטער געהאַט באַהאַלטן אין קעלער. איר מאַן האָט שוין נישט איינמאָל פאַרלאַנגט, אַז זי זאָל די לייכטער פאַרקויפן אָדער אַוועקשענקען. אַמאָל זענען די דאָזיקע קופּערנע לייכטער, אַ פּרעכטיק קונסט־ווערק פון האָלענדישע מייסטער, געשטאַנען אויבן־אָן און מ'האָט זיך מיט זיי נישט געדאַרפט שעמען. מאַדאַם הענריעטע האָט געדענקט, ווי נאָך דער חתונה מיט דעם ראַבינער־זון הערשל מאַרקס, זיינען זיי געשטאַנען אין עס־צימער, און אַ פרייד האָט פון זיי געשטראַלט סיי אין די שבתים און סיי במשך דער וואָך. שפּעטער זיינען די לייכטער אַריבער אין אַ זייטיק, באַהאַלטן צימער. נאָך הערשל'ס שמד'ן זיך, האָט מען זיי אַוועקגעשטעלט אין קיך, און איצט ליגן זיי אינם נאַסן קעלער, צווישן דעם פאַרשימלטן אַלט־וואַרג.

הענריעטע מאַרקס איז געווען אַ פשוטע, יידישע פרוי, זי האָט זיך זיכער נישט פאַרשטאַנען אויף סימבאָליסטיק, אָבער ס'איז איר געווען לגמרי קלאָר, וואָס עס באַדייט די דאָזיקע וואַנדערונג און בהדרגה'דיקע דעגראַדאַציע פון די קופּערנע שבת־לייכטער, דער טייערער ירושה פון אירע זיידעס און באָבעס. מיט אַלע אירע שוואַכע כחות האָט זי זיך געקלאַמערט אין די דאָזיקע שבת'דיקע לייכטער, וואָס זיינען פאַר איר געוואָרן אַ סימבאָל פון יידנטום.

הענריעטע איז נישט געווען זיכער ביי זיך, צי וועלן איר נאָך לאַנג סטאַיען כחות צום קאַמף קעגן דער נייער, פרעמדער סביבה. דאָס האָט איר וויי געטון און האָט אַרומגענומען איר נשמה מיט אַ טיפן צער. און עס האָט זי באמת זייער ווייניק געפרייט, ווען דער מאַן איז אין אַ געוויסן פרייטיק־צו־נאַכטס געקומען אַ היים אַ צעשטראַלטער פאַר שמחה, צוליב דעם, וואָס דער געהיימראַט לודוויק פאָן וועסטפאַלן האָט צוגעזאָגט צו מאַכן ביי זיי אַ באַזוך אין שטוב. היינריך מאַרקס און זיינע זיבן קינדער זיינען געווען אויסער זיך פאַר שמחה און גליק. די מוטער האָט אָבער נישט פאַרשטאַנען, וואָס די דאָזיקע שמחה באַדייט.

# אַכטער קאַפּיטל

## „GALILEE VICISTI!" („גלילייער, דו האָסט געזיגט!").

דער ערשטער, און דוכט זיך, אויך דער לעצטער באַזוך פון געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן ביים אַדוואָקאַט מאַרקס, אין זיין וווינונג אויף דער בריקן־גאַס, איז געשטאַנען אין צוזאַמענהאַנג מיט די נאָענטע געשעענישן אין געריכטס־וועזן פון טריער. לויט אַ פאַראָרדענונג פון בערלין האָבן אַלע אַדוואָקאַטן פון טריערער קרייז געדאַרפט שאַפן אַ באַזונדערע יורידיש־געזעלשאַפטלעכע קאָרפּאָראַציע מיט אַ געוויילטן פאָרזיצער בראש. דער געהיימראַט האָט געהאַט בדעה אַרויסצושטעלן און דורכצופירן די קאַנדידאַטור פון היינריך מאַרקס'ן אויף דער דאָזיקער וויכטיקער און בכבוד'דיקער פּאָזיציע. אויך אַנדערע, גאָר דעצידירנדיקע ענדערונגען זענען געווען פאָרויסצוזען פאַר דער נאָענטסטער צייט, און דער געהיימראַט האָט זיך געוואָלט באַראַטן מיט זיין איבערגעגעבענעם פריינט. צוליב דער וואַקסנדיקער, לעצטנס, אין בערלין, רעאַקציאָנערער שטימונג, איז די לאַגע פון געהיימראַט פון וועסטפאַלן געוואָרן אַ שווערע. מ'האָט געקוקט קרום אויף זיינע מאָדערנע, ליבעראַלע אַנשויאונגען און פירונג. די אַמאָליקע צייטן, נאָך נאַפּאָלעאָנ'ס מפּלה, ווען מ'האָט אין בערלין פאַרשטאַנען, אַז אין די נייַ־באַקומענע רהיינלאַנד־פּראָווינץ מוז מען שיקן די בעסטע און געבילדסטע באַאַמטע, האָבן זיך געענדיקט. נייע שאַרפע, אויטאָקראַטישע טענדענצן האָבן באַהערשט דעם הויף און די רעגירונג פון פּרייסישן מלך פרידריך ווילהעלם דעם דריטן. דאָס איז געווען דער פינצטערער גייסט פון עסטרייכישן קאַנצלער מעטערניך, דעם אויבערשטן אַפּוטרופּוס און פאַרביסענעם שומר פון דער אייראָפּעאישער רעאַקציע. דער געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן האָט זיך אפילו געקאָנט שטיצן אין בערלין אויף אַ מעכטיקן פּראָטעקטאָר. דאָס איז געווען דער פירנדיקער פּרייסישער מיניסטער האַרדענבערג, וועלכער האָט זיך באַצויגן צו אים מיט פריינטשאַפט און אַכטונג. אָבער די צייטן זיינען געוואָרן אומזיכערע און אויך די מאַכט פון האַרדענבערג איז געווען באַדראָט.

ביי דער דאָזיקער לאַגע, האָט היינריך מאַרקס גענומען ווידער אַמאָל איינטענה'ן מיט זיין פרוי, אַז זי זאָל ענדלעך איבערייסן מיטן יידנטום און אָננעמען דעם גלויבן פון איר מאַן און קינדער. מ'איז אין בערלין שטאַרק נישט־צופרידן, האָט ער כסדר געמאַכט זיין פרוי פאָרווורפן, וואָס אַ פּראָמינענטער פּרייסישער יוריסט און געריכטס־פאָרשטייער האָט אַ פרוי אַ יידישקע. דאָס קאָמפּראָמיטירט אים און שטערט זיין ווייטערדיקע קאַריערע. אויך די קינדער וועלן דערפון ליידן. ווי לאַנג איז דער שיעור צו בלייבן אַזוי איינגעשפּאַרט און האַלטן זיך ביי אַ נאַרישער פאַנאַטישקייט. עס מוז דערצו נעמען אַ סוף!

פרוי הענריעטע האָט גאָרנישט דאַרויף געענטפערט. זי האָט שטיל געזיפצט און איז געוואָרן נאָך בלאַסער און טרויעריקער, ווי ביז איצט. זי האָט זיך געפילט שוואַך און אומבאַהאָלפן. וווּ זאָל זי זוכן הילף און כח אין איר קאַמף? דער מאַן און די קינדער ווערן איר, מיט יעדן טאָג אַלצמער פרעמדער און אומפריינטלעכער. זי איז איינזאַם און מאַכטלאָז. אָבער פון גיין אין קירך און לאָזן זיך שמד'ן, האָט זי ווייַ-

טער נישט געוואָלט הערן. היינריך מאַרקס האָט בשום אופן דאָס נישט געקאָנט ביי איר פועל'ן, נישט מיט גוטע רייד און נישט מיט בייזע ווערטער. באין ברירה, איז ער געווען אַנטשלאָסן צו וואַרטן אויף אַ נאָענטע, גוטע געלעגנהייט, וועלכע וועט אים העלפן דורכצופירן זיין ווילן ביי דער איינגעשפּאַרטער פרוי. ווידער האָט אים דער מזל צוגעשפּילט מיט אַן אַנטיסעמיטישן אינצידענט, וועלכער האָט דאָסמאָל פּאַסירט מיט קאַרלען אין דער שול.

ס'איז שוין כמעט פאַרגאַנגען אַ יאָר, ווי קאַרל האָט אָנגעהויבן גיין אין דער פאָלקסשול. ער האָט זיך גוט געלערנט און די נייע סביבה איז אים געוואָרן נאָענט און אינטערעסאַנט. איין זאַך האָט אים אָבער ווײ געטאָן: די שול־קאָלעגן האָבן זיך וויניק מיט אים געחבר'ט, און צווישן זיי און אים איז געשטאַנען עפּעס אַ וואַנט, וועלכע ער האָט נישט געקאָנט דורכברעכן. קאַרל מאַרקס האָט זיך באַמיט צו זיין אַ גוטער קאָלעגע און שפּיל־חבר. אפשר צוליב דעם טאַקע האָט מיט אים פּאַסירט דער פאָלגנדיקער אינצידענט:

ס'איז געווען אין אַ הייסן זוניקן טאָג, אויף דער לעצטער שעה, ווען אַלע אין קלאַס זענען שוין געווען מיד און פאַרמאַטערט. דאָסמאָל איז די לעצטע לעקציע געווען — די דייטשע געשיכטע, וועלכע די שילער האָבן נישט שטאַרק ליב געהאַט צוליב דעם אַלטן, אויפגערעגטן פּראָפעסאָר. זיין אופן פון לערנען איז געווען נודנע און פּעדאַנטיש, און די תלמידים האָבן תמיד אויפגענומען זיינע רייד ווי אַן אָפּ־קומעניש. גראָד האָט ער ווענגן עפּעס אויסגעפרעגט קאַרל'ס שכן, אַ לעבעדיקן און לוסטיקן יונגאַטש, וועלכער האָט אָבער מער געהאַלטן פון פויגל־און־פיש־כאַפּן ווי פון דייטשער געשיכטע. דער אויסגעפרעגטער שילער האָט קיין אַנונג נישט געהאַט וועגן דעם, וואָס דער פּראָפעסאָר פרעגט אים, און איז געשטאַנען אַ צעטומלטער און הילף־לאָזער. שטיל האָט ער גענומען זיך בעטן:

„קאַרל, העלף מיר, זאָג מיר אונטער!".

קאַרל האָט נישט געוואָלט און נישט געקאָנט אָפּזאָגן זיין שכן די דאָזיקע חבר'־שע הילף. גראָד אין דער דייטשער געשיכטע איז ער געווען אַ זייער גוטער תלמיד. ער האָט אָנגעהויבן שטיל אונטערזאָגן דעם צעטומלטן שכן. אָבער שוין איז דער בייזער זקן, דער פּראָפעסאָר, געשטאַנען ביי זייער באַנק (און גאָט אַליין ווייסט, ווי ער האָט געקאָנט מאַכן אַזאַ שנעלן שפּרונג פון דער קאַטעדרע!) און האָט אַן אויפ־גערעגטער געשריגן:

„מאַרקס, וואָס מיינסט דו, אַז דו ביסט ביי דיין יידישער מאַמע אין דער היים. דאָ איז נישט קיין חדר פון דיין זיידן, דעם ראַבינער, נאָר אַ קריסטלעך־דייטשע שול!".

אַ בלאַסער, מיט טרערן אין די אויגן, איז קאַרל מאַרקס אַהיימגעקומען. ס'איז געווען מיטאָגס־צייט און די עלטערן זיינען שוין געזעסן ביים טיש. קאַרל האָט גלייך דערציילט וועגן דעם, וואָס האָט מיט אים פּאַסירט אין דער שול. די עלטערן זיי־נען געוואָרן צוליב דעם פּאַרפּאַל אַזוי אויפגערעגט, אַז זיי האָבן מער נישט געקאָנט עסן. היינריך האָט באַלד באַשלאָסן אויסצונוצן די געלעגנהייט, בכדי צו צווינגען זיין פרוי נאָכצוגעבן ענדלעך זיין ווילן און שמד'ן זיך. אויך קאַרל האָט גענומען קוקן אויף זיין אָרעמער מאַמע מיט אַ בייזקייט. אים איז קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס די שול־קאָלעגן ווילן זיך מיט אים נישט חבר'ן און מיידן אים אויס. אַלץ צוליב

זיין יידישער מאַמע! קאַרל איז געוואָרן זייער עמפּינדלעך און נערוועאיש, ביינאַכט איז ער שלעכט געשלאָפן און עס האָבן אים באַאומרואיקט שווערע חלומות.

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער, האָט קאַרל ווידער אין דער שול געהאַט אַ געשעעניש, וואָס איז אים לאַנג פאַרבליבן אין זכרון. פאַר דעם געמיט פון אַ זיבן־יעריקן קינד איז דאָס באמת געווען אַ שווערע וואָך!

דאַסמאָל האָט עס פּאַסירט בעת דעם רעליגיע־אונטעריכט. קאַרל האָט געמוזט זיין אָנוועזנדיק אויף די לעקציעס פון קריסטלעך־לוטעראַנישער רעליגיע. די גרעסטע מערהייט פון די שילער איז געווען, פאַרשטענדלעך פון קאַטוילישן גלויבן, און האָט זיך געלערנט רעליגיע ביים שטאַטישן גייסטלעכן, אַ דיקן גלח פון נידריקן וווקס. דער לערער פון פּראָטעסטאַנטיש־לוטעראַנישער רעליגיע איז דאַקעגן געווען אַ הויכער און דאַרער פּאַסטאָר. ער האָט זיין באַרוף גענומען זייער ערנסט, און איז אויסן געווען די קליינע גרופּע פון זיינע תלמידים, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען קאַרל מאַרקס, צו פאַראינטערעסירן מיט זיין לימוד. ער פלעגט דערציילן שיינע מעשיות פון אַלטן און נייען טעסטאַמענט.

אין דערמאָנטן טאָג, האָט דער פּאַסטאָר באַריכות זיך אָפּגעשטעלט אויף דער פּערזענלעכקייט פון באַרימטן רוימישן קיסר יוליאַנוס אַפּאָסטאַט, וועלכער איז, בידוע, דערצויגן געוואָרן אין דער קריסטלעכער אמונה, אָבער האָט זיך שפּעטער פאַרבענקט נאָך דעם אַלטן רוימיש־נאַציאָנאַלן, געצנדינערישן גלויבן און איז אַוועק פון קריסטנטום. די קריסטלעכע קירכע האָט דאָס אים קיינמאָל נישט געוואָלט מוחל זיין, און צו זיין נאָמען יוליאַנוס האָט זי תמיד צוגעגעבן דעם ביינאָמען אַפּאָסטאַט, ד.ה. הכופר — אָפּטריניקער. דער קייזער יוליאַנוס, וועלכער האָט געלעבט אַן ערך 350 יאָר נאָך דער אָנגענומענער ערע, איז דערהרג׳ט געוואָרן בעת אַ שלאַכט קעגן די געפערלעכע שונאים פון דער רוימישער אימפּעריע, די אַזיאַטישע שבטים פּאַרטן. פאַרשטענדלעך, אַז די קריסטלעכע היסטאָריקער האָבן אין דעם געזען גאָט׳ס שטראָף פאַר דעם קייזער׳ס פאַראַט לגבי ישו׳ס גלויבן. די קירכלעך־קריסטלעכע היסטאָריאָגראַפיע האָט איבערגעגעבן פון דור צו דור די לעגענדע, אַז בעת יוליאַנוס איז אויפן שלאַכטפעלד געלעגן שווער פאַרוואונדעט, האָט ער דערזען פאַר זיך דעם צלם און דאָס בילד פון ישו, און פאַלנדיק אויף זיינע קני, האָט דער קייזער שטאַרבנדיק געמורמלט: "GALILEE VICISTI!" („גליליער, דו האָסט געזיגט!").

דער פּאַסטאָר האָט די דאָזיקע געשיכטע דערציילט זייער איינדרוקספול, מיט אַן אָנטשפּרעכנדיקן מוסר השכל, און די קינדער זענען געווען שטאַרק גערירט פון זיינע ווערטער.

ביינאַכט האָט קאַרל מאַרקס נישט געקאָנט שלאָפן. עס האָבן אים כסדר געפּייניקט שווערע און משונה׳דיקע חלומות. ער האָט געזען דעם זיידן, דעם אַלטן טריערער ראַבינער, ווי ער איז אַרויס פון קבר אויפן יידישן בית־עלמין און גייענדיק צוזאַמען מיט זיין זון, דעם ראַבינער שמואל מאַרקס, וועלכער האָט זיך פּלוצלינג אויך באַוויזן, האָט ער גענומען שרייען צו אים, צו קאַרל מאַרקס׳ן: „מ׳וועט דיך אָפּשמדן, אָבער געדענק, דו ביסט אַ ייד און וועסט אַ ייד בלייבן. דער שאָטן פון דיינע רבנישע זיידעס וועט דיר נאָכגיין דאָס גאַנצע לעבן!".

קאַרל האָט זיך אויפגעוועקט, אַ דערשראָקענער און אַ באַגאָסענער מיט שווייס. ווען ער איז ווידער איינגעשלאָפן, האָט אַ נייער, שווערער חלום אים באַאומרואיקט.

נאָענט צום בעט איז געשטאַנען דער פּאַסטאָר און צו אים האָבן זיך דערנענטערט די ביידע רבנים, דער זיידע און דער פעטער, און אַלע צוזאַמען האָבן אויסגעשטרעקט זייערע הענט און געשריען אין איין קול: "!GALILEE VICISTI"

קאַרל האָט געציטערט אויפן גאַנצן קערפּער און געוויינט אין שלאָף פאַר פּחד. די מאַמע איז אַ דערשראָקענע צוגעקומען צו זיין בעט און האָט זיך באַמיט צו באַרואיקן איר זון. זי איז נישט אַוועק פון בעט, ביז סוף־כל־סוף ס'איז שוין גע־וואָרן העלער טאָג, און קאַרל איז פעסט איינגעשלאָפן.

# ניינטער קאַפּיטל.

## אַ יידישע מאַמע.

דער אַדוואָקאַט היינריך מאַרקס איז געגאַנגען צום דירעקטאָר פון דער שול, ווו זיין זון קאַרל האָט זיך געלערנט, און האָט פאַרלאַנגט, אַז מ'זאָל דעם לערער פון דער דייטשער געשיכטע צוציען צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיינע אַנטיסעמיטישע רייד. דער דירעקטאָר האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר דעם אַדוואָקאַט און צוגעזאָגט צו באַשטראָפן דעם לערער. ער האָט זיין וואָרט געהאַלטן, הגם די שטראָף איז גע־ווען אַ זייער קליינע צוליב דעם הויכן לעבנס־עלטער פון לערער און אין צוזאַמענ־האַנג דערמיט, וואָס סיי־ווי־סיי האָט זיך דער פּראָפעסאָר געגרייט צו גיין אויף עמעריטור.

מיט דעם איז דער פיינלעכער אינצידענט, וועלכער איז באַקאַנט געוואָרן אין דער גאַנצער שטאָט, דערליידיקט געוואָרן פאַר די שול־אינסטאַנצן. אָבער דער יונ־גער קאַרל מאַרקס האָט דאָס לאַנג און מיט ווייטיק געדענקט. ער איז אינגאַנצן גע־ווען דערשיטערט צוליב דעם אַנטיסעמיטישן פאַרפאַל און איז ערנסט קראַנק גע־וואָרן. אַ פּאָר וואָכן האָט ער געהאַט הויכע טעמפּעראַטור און איז געלעגן אין בעט. ביי טאָג און ביי נאַכט האָט ער גערעדט פון היץ און איז געווען באַאומרואיקט פון קאָשמאַרנע חלומות. דער הויז־דאָקטאָר האָט די עלטערן געטרייסט, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ פאָריבערגייענדיקע שוואַכקייט, וואָס איז געקומען צוליב מידקייט און פּסיכישע איבערלעבענישן. ער האָט געהייסן קאַרלען זיך אָפּרוען אַ פּאָר וואָכן און היטן זיך פאַר יעדער אויפרעגונג.

היינריך מאַרקס האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און איז ענערגיש צוגעשטאַ־נען צו זיין פרוי מיט ביטערע טענות און פאָרווורפן, הלמאי זי מאַכט דאָס קינד אומגליקלעך מיט איר „נאַרישער פירונג". זי זעט דאָך באַשיינפּערלעך, צו וועלכע רעזולטאַטן דאָס ברענגט! היינריך איז אַרומגעגאַנגען אין שטוב אַ פאַרכמורעטער און האָט זיך כסדר געבייזערט. ער, דער רואיקער און גוטער מאַן, איז נישט געווען פּשוט צו דערקענען. ס'האָט אים אין שטוב גאָרנישט מער געפעלן און אַלץ האָט אים אויפגערעגט. פּלוצלינג האָט ער גענומען שרייען און דראָען זיין פרוי, אַז אויב זי וועט נישט גלייך גיין מיט אים צום פּאַסטאָר און אָננעמען דעם קריסטלעך־

לומעראנישן גלויבן, וועט אַלץ איצט נעמען אַ סוף. ער וועט זיך מיט איר גט'ן און פון איר אוועקגייען צוזאַמען מיט די קינדער.

הענריעטע האָט ווייניק וואָס געענטפערט און כסדר געוויינט. זי האָט געזען און געפילט, אַז איצט מוז זי זיך אַנטשיידן: אָדער צו ווערן אַ קריסטין און בלייבן מיטן געליבטן מאַן און מיט די טייערע קינדער, אָדער מאַכן אַ סוף צו איר פאַמי־ליע־לעבן, בלייבן טריי דעם גלויבן פון אירע אבות, אָבער פאַרלירן אויף אייביק דעם מאַן און די קינדער. הענריעטע האָט געזען און מיט אַ טיפן שמערץ פעסטגעשטעלט, אַז אויך די קינדער קוקן אויף איר קרום און טראָגן אין האַרצן אַ בייזקייט אויף דער איינגעשפּאַרטער מאַמע. ס'האָט איר אַרומגענומען אַ שוידער און אַ פּחד, ווען פאַר אירע אויגן איז געשטאַנען דאָס בילד פון אַ פּרוי, אַן איינזאַמער און פון אַלע פאַרלאָזענער. זי האָט מער נישט געהאַט קיין כוח צו קעמפן, צו שטעלן אַ ווידער־שטאַנד, צו ריזיקירן מיט אירע ליבסטע און נאָענטסטע.

הענריעטע איז געווען מורא'דיק פאַרצווייפלט און האָט נישט געזען קיין אַנ־דערן אויסוועג, ווי צו קאַפּיטולירן פאַר דעם ווילן פון איר מאַן און אירע קינדער. זי איז געווען אַ יידישע מאַמע מיט אַלע מעלות און חסרונות, און האָט איצט אַלץ מקריב געווען אויפן מזבח פון איר פאַמיליע־גליק.

אין איר פאַרצווייפלונג און געבראָכנקייט האָט הענריעטע זיך נאָך געבעטן ביי איר מאַן: גוט, זי וועט אַלץ טון, וואָס ער פאַרלאַנגט פון איר, נאָר זאָל ער איר לאָזן נאָך אַ פּאָר חדשים, בכדי צוצוגרייטן זיך און באַהערשן איר אַנגעווייטיקטן געמיט. היינריך האָט מסכים געווען, און הענריעטע האָט זיך געטרייסט, און גע־האָפט נאָך אויף אַ נס: אפשר וועט דאָך במשך די פּאָר חדשים געשען אַ וווּנדער און די שמד־גזרה וועט בטל ווערן.

קאַרל'ס געזונט־צושטאַנד איז אַ סך בעסער געוואָרן און דער דאָקטאָר האָט צוגעזאָגט, אַז באַלד וועט ער ווידער קאָנען גיין אין דער שול. צום קראַנקן חבר איז אָפט אַריינגעקומען זיין שול־קאָלעגע עדגאַר, דער זון פון געהיימראַט פאָן וועסט־פאַלן. דאָס איז געווען אַ שטאַרקער און מוטיקער חברה־מאַן, תמיד לוסטיק און לע־בעדיק, פול מיט פייער און פאַנטאַזיע. דער געהיימראַט האָט אים שטאַרק ליב גע־האַט, ווייל ער האָט אים דערמאָנט זיין אייגענע ראָמאַנטישע יוגנט. עדגאַר איז גע־ווען איינער פון די ווייניקע שול־קאָלעגן, וואָס האָבן זיך געחבר'ט מיט קאַרלען. ער האָט קאַרלען ליב באַקומען און מקרב געווען גראָד דערפאַר, ווייל אַנדערע האָבן אים אויסגעמיטן.

עדגאַר וועסטפאַלן איז געווען אַ מין להכעיס'ניק און דאָס איז ער געבליבן, אין אַ געוויסער מאָס, זיין גאַנץ לעבן. קאַרלען האָט ער אָפט דערציילט וועגן זיינע פאַנטאַסטישע פּלענער, פון ווייטע רייזעס און פון וועלט־באַרימטע מעשים. ווי קאַרל, האָט אויך ער ליב געהאַט צו דער'ציילן וווּנדערבאַרע געשיכטעס און צו באַצויבערן מיט דעם די צוהערער. און ווען זיי ביידע, קאַרל און עדגאַר, האָבן אָנגעהויבן צו דערציילן, איבערשטייגענדיק איינער דעם אַנדערן מיט פאַנטאַזיע־שווונג און מיט פּאָעטישער שילדערונג, איז די פאַרזאַמלטע אַרום זיי יונגוואַרג געשטאַנען געדול־דיק שעהנ'לאַנג און האָט מיט התפּעלות געשלונגען יעדעס וואָרט.

איינמאָל האָט עדגאַר מיטגענומען מיט זיך זיין שוועסטער זשעני, וואָס איז גע־

ווען, ווי געזאָגט, די נאָענסטע האַרץ־פֿריינדין פֿון קאַרל׳ס עלטערער שוועסטער זאָ־פֿיע. זשעני האָט געבראַכט דעם קראַנקן קאַרל בלומען און אַ פּעקל צוקערלעך. קאַרל איז געווען זייער צופֿרידן און דאַנקבאַר צוליב איר באַזוך. ער האָט זשעני שטאַרק ליב באַקומען. און ווער האָט זי דען נישט ליב געהאַט?

זשעני איז געווען מיט פֿיר יאָר עלטער פֿאַר קאַרלען. די 11־יעריקע טאָכטער פֿון געהיימראַט פֿאָן וועסטפֿאַלן איז אין דער גאַנצער שטאָט באַרימט געווען מיט איר שיינקייט און עלעגאַנץ. אין דער שולע איז זי געווען איינע פֿון די בעסטע און פֿליי־סיקסטע שילערינס און האָט יעדעס יאָר באַקומען די ערשטע אויסצייכענונג. איר אינטעליגענץ, קלוגהייט, פֿיינקייט און באַשיידנקייט האָבן איר צוגעצויגן די אויפֿ־מערקזאַמקייט און די אויפֿריכטיקע סימפּאַטיעס פֿון יונג און אַלט אין טריער. אַלע עלטערן האָבן זיך געווונטשן, אַז זייערע טעכטער זאָלן זיין ווי די זשעני פֿון וועסט־פֿאַלן. מ׳האָט געהאַט מיט וואָס מקנא צו זיין דעם אַלטן געהיימראַט, אָבער אַמ־מיינסטן האָט מען אים מקנא געווען צוליב זיין אויסגעצייכנטער, באמת גראַנטענער טאָכטער. אַלע האָבן זי געליבט און געשטעלט אַלס מוסטער פֿאַר דער וועלט. זשעני האָט געהערט צו דער טרייער גרופּע פֿון יינגערע און עלטערע שול־קאָלעגן, וואָס זיינען קיינמאָל נישט מיד געוואָרן, צוהערנדיק זיך צו די מעשיות פֿון עדגאַר און קאַרל. דאָס דאָזיקע לעבעדיקע ייִנגל, דער זון פֿון אַדוואָקאַט מאַרקס, מיט זיינע טונ־קעלע, פֿינקלדיקע אויגן און מיט די צעשויבערטע שוואַרצע האָר־לאָקן, האָט געפֿונען חן אין די אויגן פֿון דעם אויפֿוואַקסנדיקן פֿריילין פֿאָן וועסטפֿאַלן. זי איז געווען באַצויבערט מיט זיין דערציילערישער פֿאַנטאַזיע און פּאָעטישן שפּראַך־סטיל.

ווען זשעני איז אַוועקגעגאַנגען, ווינטשנדיק דעם קראַנקן קאַרל אַ שנעלע בעסע־רונג, האָבן אַלע באַמערקט, ווי זיין פּנים איז געווען צעשטראַלט פֿאַר שמחה. פּלוצ־לינג האָט זיך קאַרל אָנגערופֿן:

„ווען איך וועל אויפֿוואַקסן, וועט זשעני זיין מיין פֿרוי!".

אַלע האָבן געלאַכט, אַפֿילו די טרויעריקע מוטער, וועלכע האָט געשמייכלט און געזאָגט:

„קאַרל, גאָט־צו־דאַנקען, דו ווערסט שוין פֿולשטענדיק געזונט, דו האָסט שוין אַ קאָפּ צו נאַרישקייטן!".

אין אַ וואָך שפּעטער, איז קאַרל געגאַנגען ווידער אין דער שול, און דאָס לעבן אין דער שטוב פֿון אַדוואָקאַט מאַרקס איז געוואָרן ווי פֿריער. אָבער היינריך מאַרקס איז אָפֿט אַהיימגעקומען אַן אויפֿגערעגטער און מ׳האָט געזען, ווי זיין הויכע גע־שטאַלט ברעכט זיך אונטער דער לאַסט פֿון אומבאַקאַנטע דאגות.

דער זומער איז שנעל פֿאַרגאַנגען, ס׳איז געקומען דער רעגנדיקער און שווער־מוטיקער האַרבסט. דאָס געמיט פֿון הענריעטע איז געווען געדריקט און אָנגעווייטיקט. קיין נסים זענען נישט פֿאָרגעקומען און דער טערמין, וועלכן זי האָט צו־געזאָגט איר מאַן, האָט זיך שנעל דערנענטערט. דעם 20 נאָוועמבער 1825 איז מאַ־דאַם הענריעטע מאַרקס געגאַנגען מיט איר מאַן צום עוואַנגעלישן פּאַסטאָר און האָט אָנגענומען דעם קריסטלעך־לוטעראַנישן גלויבן. ס׳איז געווען אַ קאַלטער ווינטער־טאָג און דרויסן האָט געשנייט. הענריעטע איז געווען וואַרעם אָנגעטון, אָבער זי האָט געפֿילט אַ משונה׳דיקע קעלט אין אַלע אירע אברים. ווי פֿאַרשטיינערט איז געווען

איר האַרץ, און אירע ליפּן האָבן אַפּאַטיש, ווי מעכאַניש, געענטפערט אויף אַלע פראַגן, וועלכע דער פּאַסטאָר האָט איר געשטעלט.

אין אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט הענריעטע אַוועקגעשענקט אירע קופּערנע שבת־לייכטער אַן אָרעמער יידישער פרוי, וועלכע האָט זיך געקווענקלט אָבער לסוף דאָך אָנגענומען דעם ווערטפולן געשענק. הענריעטע האָט נאָך געהאַט ביי זיך די כתובה, געשריבן מיט פאַרגאָלדעטע אותיות אויף פּאַרמעט און באַצירט מיט אָריגינעלע אַלט־פראַנקישע צייכענונגען. דאָס איז איר פאַרבליבן אַלס דער לעצטער זכר פון אַמאָליקער יידישקייט. הענריעטע איז קיינמאָל אין קיין קירך נישט געגאַנגען און האָט קיין קריסטלעכע תפילה נישט געזאָגט. זי האָט נישט געוואָלט וויסן פון גויאישע צערעמאָניעס, און איר קריסטנטום איז געווען און געבליבן ביז צום סוף פון איר לעבן אַ ריין־פאָרמעלער און אָפיציעלער דאָקומענטאַציע־אַקט.

## צענטער קאַפּיטל.

## פינף קינדער־יאָרן פון פרייד און שמערץ.

די פינף יאָרן, צווישן 1825 און 1830, זיינען געווען די גליקלעכסטע קינדער־צייט פון קאַרל מאַרקס'ן. אפשר זיינען זיי בכלל געווען די גליקלעכסטע יאָרן אין זיין שטורמישן לעבן. קאַרל האָט זיך לאַנגזאַם אַריינגעלעבט אין דער שול־אַטמאָס־פערע און איר סביבה. עס איז אים געלונגען, אין אַ געוויסער מאָס, דורכצוברעכן די מויער, וואָס איז געשטאַנען צווישן אים און זיינע שול־קאָלעגן, און ער האָט גע־וווּנען די סימפּאַטיע פון אַ פּאָר אויפריכטיקע פריינט. מ'האָט ליב באַקומען די פאַנ־טאַסטישע שפּילן און דערציילונגען פון קליינעם „נעגערל", (ווי מ'האָט קאַרלען גע־רופן צוליב זיינע פעך־שוואַרצע האָר און טונקעלן פּנים). און מ'האָט מורא געהאַט פאַר די געלונגענע סאַטירישע לידלעך, וועלכע דער קליינער מאַרקס האָט אָנגעהויבן שרייבן. זיינע וויציקע און שאַרפע סטראָפן זיינען געווען אַ געפער־לעכער כלי־זין, זיי האָבן לעכערלעך געמאַכט קאַרל'ס קעגנער און שונאים און זיי־נען שנעל פּאָפּולער געוואָרן אין דער קלאַס, אין דער גאַנצער שול און אָפט אפילו אין דער שטאָט. שטאַרקע און ברוטאַלע יונגאַטשעס האָבן פאַר זיי מער געציטערט ווי פאַר פיזישע קלעפּ. די סאַטירישע דיכטער־קונסט פון קאַרל מאַרקס'ן, וועל־כער ער איז זיין גאַנץ לעבן געבליבן טריי, האָט אים שוין אין דער שול פאַרשאַפט באַרימטקייט און דרך ארץ, סיי ביי די תלמידים און סיי ביי די לערער. אויך זיי, די לערער, האָבן נישט ווייניקער ווי קאַרל'ס שול־קאָלעגן, מורא געהאַט פאַר דער שאַרפער, איראָנישער, מייסטנס בייסיקער סאַטירע פון קליינעם „נעגערל".

די שול, צו יענער צייט, האָט אַ סך פאַרלאַנגט פון אירע תלמידים. די קעגנ־שטאַנדן זיינען געווען צאָלרייכע און די דיסציפּלין אַ גאָר שאַרפע. מ'האָט די קינ־דער אַ סך געלערנט לויט אַן אַלטן און פעדאַנטישן סיסטעם, און מ'איז געווען ווייניק טאָלעראַנט לגבי זייערע שוואַכקייטן און אינדיווידועלע אייגנשאַפטן. אויך קאַרל

האָט געמוזט אַ סך לערנען און אַרבעטן סיי אין דער פֿאָלקס־שול און סיי שפּעטער אין דער גימנאַזיע. אָבער טראָצדעם, זיינען די קינדער געווען שטאַרק צוגעבונדן צו דער שול און איר סביבה, און מ'האָט נאָך יאָרן, אין דער שפּעטערדיקער צייט פֿון רייפֿקייט און עלטער, דערמאָנט מיט ליבע און סענטימענטאַלער ראָמאַנטישקייט די יוגנט־יאָרן אין דער שול. אויך קאַרל מאַרקס פֿלעגט אָפֿט דערמאָנען מיט בענק־שאַפֿט די שול־יאָרן אין טריער „די גאָלדענע צייט פֿון קינדישע חלומות און טייערע דערינערונגען". אפֿשר איז עס געווען נישט צוליב די מעלות פֿון דער שול, נאָר צוליב דער פֿרישער און פֿריילעכער קינדער־צייט, וואָס ווערט פֿאַר אונז שפּעטער, אין דערוואַקסענעם עלטער, „דאָס פֿאַרכשופֿטע לאַנד פֿון קינדערישער פֿרייד און פֿאַנטאַזיע".

אויך אין זיין היימישער סביבה, אין דער ברייטער און שיינער דירה אויף דער בריקן־גאַס, האָט זיך דער קליינער מאַרקס געפֿילט צופֿרידן און גליקלעך. עס האָט אים תמיד אַרומגערינגלט די צאַרטע ליבע פֿון דער מאַמע און די טרייע איבערגע־געבנקייט פֿון פֿאָטער. אויך די ברידער און שוועסטער האָבן אים שטאַרק ליב גע־האַט און באַוווּנדערט זיינע פֿעאיקייטן און איינפֿאַלן. אַ באַזונדערע האַרציקע באַ־ציאונג האָט אים פֿאַרבונדן מיט זיין עלטערער שוועסטער זאָפֿיע, וועלכע איז אים דאָס גאַנצע לעבן געווען און געבליבן די נאָענטסטע און בעסטע פֿון אַלע ברידער און שוועסטער.

די אַטמאָספֿערע אין דער היים, נאָכדעם ווי די מוטער האָט קאַפּיטולירט און אָנגענומען דעם קריסטלעך־לוטעראַנישן גלויבן, איז געוואָרן אַ רואיקע און געמיט־לעכע, ווי אַמאָל. פֿרוי הענריעטע האָט זיך לאַנגזאַם צוגעפּאַסט צום נייעם מצב, זי איז געווען רעזיגנירט, און האָט איצט בלויז געטראַכט וועגן צופֿרידנקייט און גליק פֿון די קינדער. מיט אַ שווערמוטיקער טרער אין די אויגן האָט זי זיך אָפֿט דער־מאָנט אין דער ביבלישער ברכה פֿון איר עלטער, מיט אַ קורצער צייט צוריק פֿאַר־שטאָרבענער, רבנישער מאַמע, וואָס האָט איר נאָך דער חתונה געווונטשן קינדער־פֿרוכטבאַרקייט: „ווי שטערן אויף דעם הימל, און ווי זאַמד אויף די ברעגעס פֿון ים!". הענריעטע האָט באַשלאָסן אַלץ צו פֿאַרגעסן און צו לעבן בלויז מיט דעם גליק פֿון אירע קינדער און פֿון איר מאַן.

היינריך מאַרקס האָט איצט אויסגעזען, ווי ער וואָלט געווען צופֿרידן און גליק־לעך. ער איז ווידער געוואָרן רואיק און געלאַסן, תמיד מיט אַ פֿריינטלעכן שמייכל אויפֿן פּנים. אַ דאַנק דער פּראָטעקציע פֿון געהיימראַט פֿאָן וועסטפֿאַלן און זיין השת־פּעה, איז מאַרקס'ן געלונגען גובר צו זיין די קעגנערישע און פֿיינטלעכע אינטרי־געס. זיין פּאָזיציע איז געוואָרן אַ פֿעסטע, סיי אין דעם טריערער געריכטס־וועזן און סיי אין דער געזעלשאַפֿט. זיין מאַטעריעלער מצב איז געווען אַ גלענצנדיקער. מיט אַ גרויסער מערהייט פֿון שטימען איז ער געוועלט געוואָרן אַלס פּאָרזיצער פֿון די אַדוואָקאַטן אין טריער און אומגעבונג. אין בערלין האָבן זיך איינפֿלוסרייכע פּער־זענלעכקייטן באַמיט, אַז מ'זאָל דעם „גוטן, פּרייסישן פּאַטריאָט און יוסטיץ־ראַט" היינריך מאַרקס געבן דעם טיטל „געהיימראַט", און עס איז פֿאַראַן געווען אַ זיכע־רע האָפֿענונג, אַז די דאָזיקע באַמיאונגען זאָלן באַלד ברענגען דעם נויטיקן דער־פֿאָלג. יוסטיץ־ראַט מאַרקס איז צו יענער צייט געוואָרן דער אָנפֿירער פֿון דער גע־

מעסיקטער, קאָנסטיטוציאָנעלער פּאַרטיי אין טריער, און האָט גערעכנט צו מאַכן אַ גאָר גרויסע פּאָליטישע קאַריערע. די ווערטער פון זיין אמאָליקן, יידישן געהילף וועגן דעם, אַז ער, מאַרקס, וואָלט געוואָרן אַ פּרייסישער מיניסטער, ווען נישט זיין יידישע נאָז, זיינען אים איצט נישט מער פאָרגעקומען ווי אַ חוצפה'דיקער שפּאָט. די אַספּיראַציעס און האָפענונגען פון יוסטיץ־ראַט מאַרקס זיינען געוואָרן גאָר הוי־כע. מיט שטאָלץ און זעלבס־ווירדע האָט ער כסדר אונטערגעשטראָכן, אַז אַלץ, וואָס ער האָט אין לעבן דערגרייכט, פאַרדאַנקט ער דער אייגענער ענערגיע און דער אויס־געהאַלטנקייט פון זיינע לעבנס־פּרינציפּן. „פון מיינע עלטערן האָב איך גאָרנישט באַקומען, אַ חוץ מיין געבורט און די ליבע פון מיין מוטער", האָט ער אָפט דער־קלערט. דער ראַבינער־זון הערשל מאַרקס איז געוואָרן צופיל ביי זיך זיכער און האָ־פערדיק, ער האָט פאַרגעסן ווו און ווי ער האַלט אין דער וועלט. באַלד וועט ער זיך אָבער, מיט אַ ביטערן שמערץ, איבערצייגן וועגן זיין גרויסן טעות.

היינריך מאַרקס האָט אַלץ געטון, בכדי צו פאַרגעסן אין זיין אמאָליקער יידיש־קייט. ער איז דעם דאָזיקן זיינעם באַשלוס טריי געבליבן אפילו אין אַ טראַגישן מאָ־מענט, ווען ס'איז געשטאָרבן זיין ברודער שמואל, דער ראַבינער פון טריער. ער האָט זיך נישט געוואָלט באַטייליקן אין אַ יידישער לויה. אָבער אין דער לויה פון זיין פעטער, דעם טריערער ראַבינער, האָט זיך באַטייליקט דער יונגער קאַרל מאַרקס. געשען איז דאָס דורך אַ צופאַל.

דאָס איז געווען ענדע מערץ 1827, אין איינעם פון יענע שוואַר־מוטיקע פאָר־פרילינגס־טעג, ווען דער געראַנגל צווישן דעם אַוועקגייענדיקן ווינטער און דעם אָנ־קומענדיקן פרילינג נעמט אָן פאַרשידנאַרטיקע, אָפט שטורמישע פאָרמען. אַ גרופּע שילער, צווישן וועלכע ס'איז אויך געווען קאַרל מאַרקס, איז גראָד אַרויסגע־גאַנגען פון שול־בנין, ווען די גאַס איז פּלוצלינג פאַרפלייצט געוואָרן פון אַ שוואַר־צער מחנה מענטשן, וואָס האָט אויף אירע פּלייצעס געטראָגן אַן ארון פון אַ מת, און איז מיט שנעלע טריט ווי יאָגנדיק־זיך געגאַנגען, וויינענדיק און טרויערנדיק. אויף דער גאַס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ קריסטלעכער המון, און איינער פון די צו־שויער האָט געזאָגט צו די שילער:

„דאָס איז אַ יידישע לויה, ס'איז געשטאָרבן דער טריערער ראַבינער מאַרקס!".

די שול־קאַמעראַדן האָבן געוואָרפן אַ קריטישן בליק אויף קאַרלען, און אַ פּאָר פון זיי זיינען אינגאַנצן אַוועקגעגאַנגען פון אים. אפשר האָבן זיי דאָס געטון אָן אַ כוונה, אָבער דער 9־יעריקער קאַרל מאַרקס איז געוואָרן ווי עלעקטריזירט. ער האָט צום ערשטן מאָל אין לעבן דערזען אַ יידישע לויה, און ספּאָנטאַן, זיכער אינסטינק־טיוו איז אים פאָרגעקומען, אַז די דאָזיקע שוואַרצע מחנה פון משונה'דיקע גע־שטאַלטן איז אים נאָענטער, ווי זיינע קריסטלעכע שול־קאָלעגן.

קאַרל האָט אָנגעהויבן מיטגיין מיטן לויה־צוג. דער ארון באַדעקט מיט אַ שוואַרצן טוך מיט אויפשריפטן אין אַן אומבאַקאַנטער שפּראַך, דער ביטערער גע־וויין פון די נאָענסטע, און דער שנעלער טרויער־מאַרש פון דער מחנה יידן, האָבן טיף דערשיטערט דאָס יונגע געמיט פון קאַרלען. ער האָט אַליין נישט געוווּסט, ווי ער האָט זיך אויף איינמאָל דערזען אויף דעם יידישן בית־עלמין, צווישן די אַלטע שטיינער־מצבות און צווישן דער גרויסער עדה פון טריערער יידן. מ'האָט דעם טויטן

קערפּער פון טריערער רב אַראָפּגעלאָזט אין דעם אָפענעם קבר, בשכנות פון זיין פאָטער׳ס מצבה, און מ׳האָט וויינענדיק געזאָגט „קדיש״. אַ טיף פאַרטרויערטער, מידער און פאַרקילטער, האָט קאַרל מאַרקס לאַנג אַרומגעבלאָנדזשעט צווישן די מצבות פון יידישן בית־עלמין, און דאַן אויף די גאַסן און געסלעך פון טריער, ביז ער איז ענדלעך אַהיימגעקומען.

ס׳איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, און אַלע אין שטוב זיינען געווען איבערגעוויינלעך באַאומרואיקט צוליב קאַרל׳ס אָפּוועזנקייט. ווען קאַרל איז אַריינגעקומען, פאַרשטויבט פון אויבן ביז אַראָפּ און שרעקלעך פאַרמאַטערט, האָבן אַלע זיך געוואָרפן אויספרעגן אים, וואָס איז מיט אים געשען. קאַרל איז געזעסן אַריינגעזונקען אין דעם טיפן, באַקוועמען בענקל און האָט געשוויגן. דאַן האָט ער זיך פּלוצלינג געוואָנדן צום פאָטער:

„צי ווייסט דו, פּאַפּאַ, אַז דיין ברודער איז געשטאָרבן?״.

היינריך איז געוואָרן בלאַס און צעטומלט. אָבער באַלד האָט ער געענטפערט באַהערשט און קורץ:

„יאָ, איך ווייס עס!״.

קאַרל האָט ווייטער געפרעגט:

„פאַרוואָס ביסט דו, טאַטע, נישט געגאַנגען צו זיין לויה?״.

דער פאָטער האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן צום זון, אין זיין שאַרפן בליק איז געווען אַ געמיש פון צער און צאָרן. ווידער האָט ער זיך אָבער באַהערשט און געענטפערט:

„די יידן וואָלטן מיך נישט צוגעלאָזט!״.

קאַרל האָט שטיל געזאָגט:

„און מיך האָבן זיי צוגעלאָזט. קיינער האָט מיר נישט געשטערט!״.

אין שטוב איז געוואָרן פינצטער און שטיל. מ׳האָט גאָרנישט מער גערעדט. נאָר די מאַמע האָט טיף און מיט אַ באַהאַלטענעם ווייטיק אָפּגעזיפצט. דער פאָטער איז אַרויס פון עס־צימער און איז אַריין צו זיך, אין זיין אַרבעטס־קאַבינעט. ווען קאַרל האָט אין אַ ווײַלע שפּעטער, באַהאַלטענערהייט, אַריינגעקוקט צום פאָטער, האָט ער דערזען, ווי ער זיצט ביים טיש, דעם קאָפּ פאַרלייגט אויף ביידע הענט, און זיינע ליפּן מורמלען עפּעס צו זיך.

אַן אומבאַקאַנטער צער האָט באַהערשט דעם יונגן קאַרל מאַרקס. גרויס איז געווען אויך דער ווייטיק פון דער מאַמע. הענריעטע האָט נישט איינמאָל, אין די שווערע טעג פון נסיונות און קאַמפן, געוואָלט זוכן הילף ביים שוואָגער, דעם טריערער רב. אָבער זי האָט געוווסט, אַז ער ליגט שווער קראַנק און קעמפט מיטן טויט. איצט איז ער שוין אויך נישטאָ!

אין אַ פּאָר חדשים שפּעטער, איז קאַרל מאַרקס פון דער פאָלקס־שול אַריבער אין דער גימנאַזיע. דאָס נייע לעבן און די נייע סביבה האָבן אים לגמרי אַריינגעצויגן. נייע קינדער־פריידן און זאָרגן האָבן באַלד באַהערשט זיין יונגע נשמה. שנעל זיינען געלאָפן טעג, וואָכן, חדשים און יאָרן. און שוין איז מען געשטאַנען אויף דער שוועל פון גורל׳דיקן יאָר 1830.

# עלפטער קאַפּיטל.

## די יולי־רעוואָלוציע אין פּאַריז און איר ווירקונג אין דייטשלאַנד

דאָס יאָר 1830 האָט געבראַכט אַ גרויסע ווענדונג אין דעם לעבן פון יונגן קאַרל מאַרקס. ערשטנס, איז ער אַריבער, במשך דעם דאָזיקן יאָר, אין די העכערע קלאַסן פון גימנאַזיע, וואָס רופן זיך ליצײ און זיינען דער לעצטער עטאַפּ ביים פאַרענדיקן די מיטל־שול. צווייטנס, און דאָס איז געווען זיכער וויכטיקער, האָט זיך דער 12־יעריקער גימנאַזיסט קאַרל מאַרקס אָנגעהויבן, צום ערשטן מאָל, אינטערעסירן מיט פּאָליטישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען. באַווירקט האָט דאָס די זיגרייכע יולי־רעוואָלוציע פון יאָר 1830 אין פּאַריז, וועלכע האָט מיט איר גליענדיקן אָטעם באַהערשט און באַגייסטערט אַלט און יונג אין גאַנץ אייראָפּע. איר פאָרגעשיכטע איז געווען אַ פאָלגנדיקע :

די מיליטערישע מפּלה פון קייזער נאַפּאָלעאָן און זיין דעטראָניזאַציע (1815) האָבן דערפירט צו דעם פולשטענדיקן טריומף פון דער מאָנאַרכיסטישער רעאַקציע. פראַנקרייך איז געוואָרן באַזעצט דורך די זיגרייכע אַרמייען פון דער אַנטי־פראַנצויזישער קאָאַליציע, און די ממשלה איבער פראַנקרייך איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם בורבאָנישן קעניג לואי דעם אַכצענטן. ביים איבערנעמען די קעניגלעכע מאַכט האָט לואי דער אַכצענטער אַרויסגעגעבן אַ טשאַרטער, אין וועלכן ער איז זיך מתחייב געווען צו רעספּעקטירן די רעכט און די פרייהייטן פון פראַנצויזישן פאָלק. ס׳איז אָבער געווען קלאָר, אַז דער נייער אַבסאָלוטיסטישער, בורבאָנישער מלך וועט נישט האַלטן זיין הבטחה. דער ראָיאַליסטישער רעזשים האָט דאָך געוואָלט זיין דער לעגיטימער המשך פון דעם פראַנקרייך, וואָס איז פאַרניכטעט געוואָרן דורך דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. אין דער בורבאָנישער רעגירונג און אין פּאַרלאַמענט זיינען אפילו געזעסן פאָרשטייער פון אַ געמעסיקטער, ליבעראַלער ריכטונג, וועלכע האָבן געזוכט אַ קאָמפּראָמיס צווישן דער נייער בורבאָנישער מאָנאַרכיע און די געוואַלדיקע ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין פראַנצויזישן לעבן במשך די שטורמישע לעצטע פופציק יאָר. אָבער די השפּעה פון די ליבעראַלן איז געפאַלן לגבי דער וואַקסנדיקער מאַכט פון די עקסטרעם־רעכטע ראָיאַליסטן, וואָס זיינען אַנטשלאָסן געווען, פאַר יעדן פּרייז, צו באַנייען (רעסטווירירן) דעם „אַנסיען רעזשים״, דאָס אַלטע פראַנקרייך פון ערב־דער־רעוואָלוציע. זיי האָבן אויסגעאיבט אַ שטאַרקן דרוק אויף דעם קעניג, אַז ער זאָל: צוריקגעבן די קאָנפיסקירטע גיטער צו די גרויסגרונט־באַזיצער און די קאַטוילישע אָרדנס, איבערגעבן די דערציאונג דעם קלער, איינפירן די שאַרפסטע צענזור אויף ביכער און פּרעסע, באַגרענעצן דאָס וואַל־רעכט און די קאָמפּעטענצן פון פּאַרלאַמענט און אַז. וו.

איינער פון די פּראָמינענסטע אָנפירער פון דער ראָיאַליסטישער רעאַקציע און איר גייסטיקער פאָטער איז געווען דער באַרימטער און טאַלאַנטירטער שריפטשטעלער שאַטאָבריאַן. ער האָט געהאַלטן, אַז דער נייער רעאַקציאָנערער רעזשים דאַרף, לויט נאַפּאָלעאָנ׳ס מוסטער, זוכן רום און מאַכט דורך נצחונות אויף די שלאַכטפעלדער פון אייראָפּע. ער איז געווען זיכער, אַז דאָס פראַנצויזישע פאָלק וועט פאַר־

שכור'ט ווערן פון נאַציאָנאַלע טריומפן אין אויסלאַנד און וועט פולשטענדיק מוותר זיין אויף זיין אינערלעכער פרייהייט. אונטער שאַטאָבריאַנ'ס השפעה, איז אין יאָר 1823 געשיקט געוואָרן קיין שפּאַניע אַ גרויסע פראַנצויזישע אַרמיי, וועמענס אויפגאַבע ס'איז געווען צו אונטערדריקן דאָרט די ליבעראַלע און רעוואָלוציאָנערע אויפשטאַנדן. בזה האופן איז דאָס אַמאָליקע רעוואָלוציאָנערע פראַנקרייך געוואָרן דער זשאַנדאַרם פון דער אייראָפּעאישער רעאַקציע און פון איר הויפּט־שעף, דעם עסטרייכישן קאַנצלער מעטערניך. פראַנקרייך איז געוואָרן די פעסטונג פון אַבסאָלוטיזם און קלעריקאַליזם.

שאַטאָבריאַן און זיינע אָנהענגער האָבן זיך נישט באַגנוגנט מיט די „שפּאַנישע טריומפן". זיי האָבן פאַרלאַנגט, אַז נייע פראַנצויזישע אַרמייען זאָלן געשיקט ווערן איבערן רהיין. אָבער דאָס האָט שוין געדראָט מיט געפערלעכע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפליקטן. און אַגב האָבן די גרויסע מיליטערישע אויסגאַבן רואינירט די מלוכה'שע פינאַנסן. דער נייער קעניג קאַרל דער צענטער, דער נאָכפאָלגער פון לואי דעם אַכצענטן, האָט געמוזט פון דער רעגירונג משלח זיין דעם טאַלאַנטירטן שריפטשטעלער אָבער אַוואַנטוריסטישן פּאָליטיקער שאַטאָבריאַן. אָבער, גלייכצייטיק, האָט דער נייער קעניג איינגעפירט אין לאַנד דעם רעאַקציאָנערסטן רעזשים. ער האָט איבערגעגעבן די גאַנצע מאַכט און השפעה דעם קאַטוילישן קלער. די רעכט פון פּאַרלאַמענט זיינען לגמרי באַגרענעצט געוואָרן און די צאָל וויילער פון גאַנץ פראַנקרייך (28 מיליאָן נפשות) איז רעדוצירט געוואָרן צו קנאַפּע 100 טויזנט. דעם 25 יולי 1830 זיינען דערשינען דריי קעניגלעכע „אָרדינאַנסן", פאַראָרדענונגען קעגן פּאַרלאַמענט, קעגן דעם ביזאַיצטיקן וואַלרעכט און קעגן די רעשטלעך פון דער פּרעספרייהייט. די האַנדלונג פון קעניג איז געווען העכסט אומגעזעצלעך און פּראָוואָקאַטאָריש.

דעם נאָנטסטן טאָג, דעם 26 יולי 1830, איז אויסגעבראָכן אין פּאַריז די רעוואָלוציע. די פּאָלקסמאַסן האָבן געבויט באַריקאַדן און אַנטוואָפנט די קעניגלעכע זשאַנדאַרמען. דעם סיגנאַל צום רעוואָלוציאָנערן אויפשטאַנד האָבן געגעבן די פאַרביטערטע זשורנאַליסטן.

דער אויפשטאַנד איז אייגנטלעך אָנגעפירט און אָרגאַניזירט געוואָרן דורך קאָנספּיראַטיווע רעפּובליקאַנישע פאַרבאַנדן. אין ראָטהויז איז געשאַפן געוואָרן די נייע רעוואָלוציאָנערע רעגירונג אונטער דער לייטונג פון אַלטן פרייהייטס־קעמפער לאַפאַיעט. דער קעניג און זיינע מאַכט־אָרגאַנען זיינען פולשטענדיק איבעראַשט געוואָרן פון פּאַריזער אויפשטאַנד. קאַרל דער צענטער האָט צוריקגעצויגן זיינע דריי אָרדינאַנסן, אָבער ס'איז שוין געווען צו שפּעט, דער בורבאָנישער מאָנאַרך האָט געמוזט אַבדיקירן און פאַרלאָזן פראַנקרייך.

די זיגרייכע רעוואָלוציאָנערן האָבן געוואָלט פּראָקלאַמירן די רעפּובליק. אָבער די לעצטע אַנטשיידונג איז געפאַלן אין די הענט פון די געמעסיקטע פּאָליטיקער, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז מ'דאַרף זיך באַגנוגן מיט אַ קאָנסטיטוציאָנעלער, דעמאָקראַטישער מאָנאַרכיע. מ'האָט מורא געהאַט, אַז די פּראָקלאַמירונג פון אַ רעפּובליק וועט אַרויסרופן אַ נייע מיליטערישע אינטערווענץ מצד די רעאַקציאָנערע מלוכות אין אייראָפּע. פראַנקרייך איז געווען ערשט אַ פּאָר יאָר פריי פון דער פרעמדער אָקופּאַציע, פון וועלכער זי איז קוים מיט צרות פטור געוואָרן.

דער נייער קעניג לואי פּיליפּ איז געווען דער זון פון יענעם בורבאָנישן פּרינץ, וועלכער האָט זיך בעת דער גרויסער רעוואָלוציע אָפּגעזאָגט פון זיין יחוס און נאָמען, און האָט אַלס אַ יאַקאָבינישער דעפּוטאַט געשטימט אין קאָנווענט פאַר דער גילאָטינירונג פון זיין קרוב, לואי דעם זעכצנטן. לואי פּיליפּ האָט געקעמפט אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי און איז געווען יאָרן־לאַנג אַ רעפּובליקאַנער.

הגם די זיגרייכע יולי־רעוואָלוציע איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט אַ קאָמפּראָמיס, איז זי דאָך געווען דער טריומף פון דער פרייהייט איבער דער טיראַניע, דער נצחון פון דעמאָקראַטיע איבערן אַבסאָלוטיזם. זי איז געווען אַ פּאַטש אין פּנים דער אייראָפּעאישער רעאַקציע און איר אָנפירער, דעם קאַנצלער מעטערניך.

דער איינדרוק פון דער יולי־רעוואָלוציע אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער איז געווען אַ געוואַלדיקער. אונטער איר השפעה האָט אין בריסל געזיגט אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, וועלכע האָט פּראָקלאַמירט די אומאָפּהענגיקייט פון בעלגיע. אין פּוילן איז אויסגעבראָכן אַ נאַציאָנאַלער אויפשטאַנד קעגן דעם רוסיש־צאַרישן דעספּאָטיזם. אין דייטשלאַנד האָבן זיך אומעטום געשטאַרקט די דעמאָקראַטיש־קאָנסטיטוציאָנעלע באַוועגונגען, וועלכע זיינען אָנגעפירט געווען פון די סטודענטן־פאַרבאַנדן, די אַזוי־גערופענע „בורשענשאַפטן". אין פאַרשידענע דייטשע פּראָווינצן, ווי סאַקסן, העסן און אַז. וו., זיינען פאָרגעקומען פאָלקס־דעמאָנסטראַציעס און אומרוען. באַזונדערס גרויס איז געווען די אומצופרידנקייט אין רהיין־לאַנד. די ווירטשאַפטלעכע לאַגע פון פויערטום איז דאָ געוואָרן וואָס אַמאָל מער קריטישער. די נייע פּרייסישע צאָל־פּאָליטיק האָט כמעט אוממעגלעך געמאַכט דעם עקספּאָרט פון דער וויין־פּראָדוקציע. די פּרייזן פאַר וויין זיינען שטאַרק געפאַלן, און אין דער זעלבער צייט זיינען געשטיגן די לעבנס־קאָסטן און די מלוכה'שע שטייערן. די מאַטעריעלע נויט פון דער לאַנד־באַפעלקערונג איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז מ'האָט זי פאַרגליכן צו דער שרעקלעכער און וועלט־באַקאַנטער אָרעמקייט פון די וועבער אין שלעזיע. אויך די שטעט האָבן דערפון זייער געליטן, דער האַנדל איז געפאַלן און די בעלי־מלאכות זיינען אַרומגעגאַנגען אַרבעטס־לאָז.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אָנגעשטרענגטער פּאָליטישער און ווירטשאַפטלעכער לאַגע, זיינען אומעטום פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען און באַראַטונגען פון די דעמאָקראַטישע טוער. אין דער וווינונג פון יוסטיץ־ראַט היינריך מאַרקס, דעם אָנפירער פון דער קאָנסטיטוציאָנעלער פּאַרטיי אין טריער, האָבן זיך כמעט יעדן אָוונט פאַרזאַמלט די פאָרשטייער פון דער דאָזיקער ריכטונג, סיי פון דער שטאָט און סיי פון דער אומגעבונג. די דעבאַטן זיינען געווען שעה'נלאַנגע, ערנסטע און אָפט שטורמישע. די יוגנט האָט פאַרלאַנגט פון די אָנפירער אַ מוטיקע און ענערגישע האַלטונג. דער 12־יעריקער קאַרל, לויט זיינע יאָרן גייסטיק שוין גאָר אַנטוויקלט, פלעגט זיך אָפט אַריינקריגן אין פאָטערלעכן סאַלאָן, ווו די באַראַטונגען זיינען פאָרגעקומען, און זיצנדיק ערגעצוווּ אומבאַמערקט אין אַ ווינקל, האָט ער זיך מיט גרויס אינטערעס צוגעהערט צו די שטורמישע פּאָליטישע דעבאַטן. דאָס איז געוואָרן, אַזוי־צו־זאָגן דער אָנהויב פון קאַרל מאַרקס'נס געזעלשאַפטלעכער קאַריערע.

די יידישע באַפעלקערונג אין טריער, ווי אין גאַנץ דייטשלאַנד, האָט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם פאַרפאָלגט די אַנטוויקלונג פון די געשעענישן. די יולי־רעוואָלוציע האָט די פראַנצויזישע יידן געגעבן די פולשטענדיקסטע גלייכבאַרעכטיקונג, און

אין דער נייער דעפּוטאַטן־קאַמער איז אַנגענומען געוואָרן אַ געזעץ, וואָס האָט אַנער־קענט די יידישע רעליגיע אַלס אַן אָפּיציעלע און סובווענציאָנירטע דורך דער מלו־כה. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקן איינדרוק ביי די דייטשע יידן, וואָס זיינען נאָך שטאַרק געווען באַגרענעצט אין זייערע יורידישע און ווירטשאַפטלעכע רעכט. דער קאַמף פאַר יידישער גלייכבאַרעכטיקונג אין דייטשלאַנד האָט איצט באַקומען נייע, מעכטיקע אימפּולסן. בראש פון אים האָט זיך געשטעלט גבריאל ריסער, אַ טאַלאַנטירטער אָראַטאָר און אָרגאַניזאַטאָר, אַ טרייער ייד און גלייכצייטיק איינער פון די פירער פון דער דעמאָקראַטיש־ליבעראַלער פּאַרטיי אין דייטשלאַנד.

די טריערער יידן האָבן געוווּסט וועגן די כסדר'דיקע באַראַטונגען, וואָס קומען פאָר ביים יוסטיץ־ראַט מאַרקס. זיי האָבן נישט פאַרגעסן און נישט מוחל געווען די חרפּה און די עוולה, וועלכע הערשל מאַרקס האָט זיי גורם געווען. אָבער דאָך האָבן זיי גערעדט מיט סאַטיספאַקציע וועגן דעם, אז דער זון און ברודער פון די טריערער רבנים איז עולה לגדולה געוואָרן און אז ער זאָל באַשטימט ווערן אין בערלין אויף אַ הויכן מיניסטער־פּאָסטן. די טריערער יידן האָבן צווישן זיך געשמועסט, אַז די דרכים פון דער השגחה עליונה זיינען פאַרשידנאַרטיקע און נישט־תמיד פאַרשטענדלעכע פאַר אַ פּשוטן בשר ודם.

## צוועלפטער קאַפּיטל.

## די פאַרשפּילטע קאַריערע פון יוסטיץ־ראַט מאַרקס.

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ליבעראַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג לטובת אַ נייער קאָנסטיטוציע אין דייטשלאַנד, וואָס האָט זיך פאַרשטאַרקט נאָכן זיג פון דער פּאַריזער יולי־רעוואָלוציע, זיינען אומעטום, און קודם־כל אין דעם דייטשן גרענעץ־געביט פון פראַנקרייך, פאָרגעקומען מאַניפעסטאַציעס אין פאָרם פון פּאָליטישע באַנקעטן. אין טריער איז די דאָזיקע מאַניפעסטאַציע אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט פון קאַסינאָ", וואָס איז געווען די פעסטונג פון די ליבעראַל־דעמאָקראַטישע קרייזן.

די דאָזיקע „ליטעראַרישע געזעלשאַפט" איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אין דער צייט, ווען די רעוואָלוציאָנערע פראַנצויזישע אַרמיי האָט באַזעצט טריער. איר גייסט איז געווען און פאַרבליבן אַ פאָרטשריטלעכער און דעמאָקראַטישער, הגם די צייטן זיינען געוואָרן אַנדערע און די רעאַקציע האָט געהערשט אין לאַנד. דער סטאַטוט פון דער „געזעלשאַפט" האָט דערקלערט: „יעדער אַנשטענדיקער און קולטורעלער מענטש, אָן אונטערשיד פון זיין באַרוף און סאָציאַלער שטעלונג, קאָן ווערן אַ מיט־גליד אין אונזער ליטעראַרישער געזעלשאַפט".

דאָס קאַסינאָ, וווּ די געזעלשאַפט האָט געהאַט איר זיץ, איז געווען אַ גרויסער, צוויי־שטאָקיקער בנין, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען: אַ צימער פאַר דער רייכער ביבליאָטעק, אַ לעזע־זאַל מיט דייטשע און פראַנצויזישע צייטונגען, אַן אונ־

טערהאַלטונגס־סאַלאָן און אַ גרויסער פאַרזאַמלונגס־לאָקאַל. אין קאַסינאָ זיינען אָפּט פאָרגעקומען קאָנצערטן, טעאַטער־פאָרשטעלונגען, בעלער און אַז. וו.

דער אויבן־דערמאָנטער באַנקעט לכבוד דער קאָנסטיטוציע און די ליבעראַלע דעפּוטאַטן פון רהייניש לאַנדטאַג איז טאַקע פאָרגעקומען אין דעם גרויסן פאַר־זאַמלונגס־לאָקאַל פון טריערער קאַסינאָ. באַלד פון אָנהויב איז קלאָר געוואָרן דער פּאָליטישער כאַראַקטער פון באַנקעט, ווייל די אָרגאַניזאַטאָרן האָבן צו אים איינגע־לאַדן בלויז די ליבעראַלע דעפּוטאַטן, אויסמיידנדיק דעמאָנסטראַטיוו די קאָנסערוואַ־טיווע און רעאַקציאָנערע. צווישן דעם צאָלרייך פאַרזאַמלטן עולם איז שטאַרק פאַר־טרעטן געווען די סטודענטשאַפט.

הײנריך מאַרקס איז געווען איינער פון די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרן און רעדנער אויפן באַנקעט. ער האָט דער ערשטער געהויבן זיין גלאָז לכבוד די ליבעראַלע דע־פּוטאַטן און געהאַלטן די פייערלעכע דערעפענונגס־רעדע. אָבער זיינע ווערטער האָבן אַנטוישט די אָנוועזנדיקע און בפרט די יוגנט. דאָס איז געווען אַ הכנעה'דיקער לויב־געזאַנג פאַר דעם פּרייסישן קעניג. „אַ דאַנק דער גוטסקייט פון זיין מאַיעסטעט" האָט פאַרענדיקט יוסטיץ־ראַט מאַרקס „האָבן מיר באַקומען די אינסטיטוציע פון אַ פּאַרלאַמענטאַרישער פאַרטרעטערשאַפט. מיר קאָנען מיט פאַרטרויען קוקן אויף דער צוקונפט, ווייל זי געפינט זיך אין די הענט פון אונזער גוטן פאָטער, דעם גערעכטן פּרייסישן קעניג. זיין איידל האַרץ וועט תמיד פריינטלעך אויפנעמען די פאַרשטענד־לעכע ווונטשן פון זיין פאָלק".

הגם די טריערער מאַניפעסטאַציע אין קאַסינאָ האָט געטראָגן אַ לאָיאַלן און געמעסיקטן כאַראַקטער, איז זי דאָך געווען אַ ליבעראַלע, פּאָליטישע אַקציע לטובת דעמאָקראַטישע לאָזונגען, און האָט אַרויסגערופן אַ גרויס אויפזען אין גאַנץ דייטש־לאַנד און אין אויסלאַנד. די דייטשע פּרעסע האָט וועגן דעם געשריבן אויספירלעך, ווי ווייט די צענזור האָט דערצו דערלאָזט. אין דער פּאָפּולערער, ראַדיקאַלער צייטונג אין פּאַריז „לע קאָנסטיטוציאָנעל" איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ גרעסערע נאָטיץ וועגן דעם טריערער באַנקעט, וועלכער האָט, לויט דער צייטונג, געהאַט אַ וויכטיקע באַ־דייטונג פאַר דעם דעמאָקראַטישן קאַמף אין דייטשלאַנד.

די רעגירונגס־קרייזן אין בערלין זיינען טאַקע געווען שטאַרק אומצופרידן פון דער טריערער מאַניפעסטאַציע. זיי האָבן געהייסן דעם טריערער רעגירונגס־פאָרשטייער צושטעלן אַ גענויען באַריכט וועגן פאַרלויף פון דעם באַנקעט, און דער פּרייסי־שער יוסטיץ־מיניסטער האָט געשריבן אין אַן אויפגערעגטן טאָן: „די אָנטיילנעמער פון טריערער באַנקעט האָבן זיך און אַנדערע געוואָלט איינרעדן, אַז זיי זיינען פאַר־שטייער פון פאָלק. זיי האָבן זיך אַרויפגעלייגט אויפן קאָפּ אַ בירגערלעכע קרוין, מ'וועט זיי שוין די קרוין אַראָפּנעמען פון קאָפּ!".

ווי געזאָגט, זיינען אָבער אַ סך אָנטיילנעמער, בעיקר די סטודענטן, נישט גע־ווען צופרידן פון דער געמעסיקטער, און אפילו פּחדנישער, ווי זיי האָבן געזאָגט, האַלטונג פון די באַנקעט־אָרגאַניזאַטאָרן. הײנריך מאַרקס האָט אַ טאָג נאָך זיין באַנ־קעט־רעדע באַקומען אַן אַנאָנימען בריוו, אין וועלכן מ'האָט געשריבן: „אייער זיידע און אייער ברודער, די טריערער רבנים, האָבן אָפּט געזאָגט מי שברך'ס און געזונ־גען „מה־יפית" פאַר די מלכים און פּריצים. איר, דער „דעמאָקראַט" קענט די

מלאכה פון חנפ׳ן זיך צו מלכות אויך נישט קשה׳דיק!". דער יוסטיץ־ראט האָט באַלד דערקענט די האַנטשריפט. דאָס האָט געשריבן זיין געוועזענער יורידישער גע־הילף, דער ייד מאַרקוס לעווי, וואָס האָט געהערט צו די „ראַדיקאַלע פּראָזעאַלאָגן".

עס האָט זיך נאָך נישט באַרואיקט נאָך דעם דעפּוטאַטן־באַנקעט, ווי ס׳איז אין טריער געקומען צו אַ נייעם „סקאַנדאַל", וועלכער איז דאָסמאָל נישט אַריבער אַזוי גלאַטיק. אַ פּאָר וואָכן נאָך דעם באַנקעט איז אין קאַסינאָ פאָרגעקומען אַ גרויסע אונטערהאַלטונג אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פערציק־יאָריקער גרינדונגס־פייערונג פון דער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט". ווידער האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם, בעיקר פון דער שטאָט־אינטעליגענץ און פון דער אַקאַדעמישער יוגנט. מ׳האָט גוט געגעסן און געטרונקען, פיין זיך געוויילט, געטאַנצט און געזונגען. דער רהיינישער וויין איז שטאַרק און ביליק, מ׳האָט אים געטרונקען ווי וואַסער. צום סוף פון דער אונטערהאַלטונג, איז אַ גרויסער טייל פון די אָנוועזנדיקע געווען בגלופנדיק. מ׳איז געוואָרן גאָר מוטיק און קעמפעריש געשטימט. די יוגנט האָט אָנגעהויבן צו זינגען פאָלקס־לידער און ראַדיקאַלע הימנען. אַ טייל פון דער יוגנט איז אפילו דערגאַנגען אַזוי־ווייט, אַז זי האָט גענומען זינגען פראַנצויזישע רעוואָלוציאָנערע לידער. איי־נער פון די הויפּט־זינגער איז געווען דער דערמאָנטער מאַרקוס לעווי. ער האָט זיך גראָד אַוועקגעשטעלט נאָענט צום טישל, וו ס׳איז געזעסן היינריך מאַרקס, און האָט געקוקט מיט אַ סאַרקאַסטישן בליק אויף זיין געוועזענעם בעל־הבית, ווי ער וואָלט געזאָגט:

„נו, טייערער פּאַטראָן מיינער, דו ביסט גאָר אַ גרויסער דעמאָקראַט, אָבער זינ־גען אַ דעמאָקראַטיש לידל האָסט דו מורא!".

היינריך מאַרקס האָט געהערט צו די, וועלכע האָבן אין דעם דאָזיקן אָוונט נישט־קשה׳דיק געטרונקען. די סאַרקאַסטישע חוצפה פון זיין אַמאָליקן ייִדישן גע־הילף האָט אים פּראָוואָצירט און אַרויסגעפירט פון געדולד. דער יוסטיץ־ראַט מאַרקס איז געוואָרן בלוט־רויט אויפן פּנים צוליב אויפרעגונג און וויין־געניס, און נישט קלערנדיק אַ סך, האָט ער זיך אויפגעשטעלט אויף אַ בענקל, און גענומען דיריזשירן מיט דעם עולם, וועלכער האָט איצט, מיט באַגייסטערונג געזונגען דעם רעוואָלוציאָ־נערן, פראַנצויזישן הימן „מאַרסיליעז".

דעם אַנדערן טאָג, ווען מ׳איז געוואָרן ניכטער, האָבן אַלע פאַרשטאַנען, אַז דער „סקאַנדאַל" אין קאַסינאָ וועט האָבן זיינע קאָנסעקווענצן. די פּרייסישע פּאָליציי האָט געהאַט אירע שפּיאָנען אין קאַסינאָ און זי איז געווען גענוי אינפאָרמירט וועגן דעם, וואָס האָט פּאַסירט בעת דער אונטערהאַלטונג. קיין בערלין איז אַוועק אַ גע־נויער ראַפּאָרט. די פּרייסישע אַדמיניסטראַטיווע אָרגאַנען, סיי אין בערלין און סיי אין טריער, האָבן אָנגעהויבן אַ שאַרפע אונטערזוכונג. אפילו דער קעניג אַליין איז אינפאָרמירט געוואָרן וועגן די געשעענישן, און זיין יורש עצר האָט אין נאָמען פון פאָטער געשריבן אַ שאַרפן בריוו צום בירגערמייסטער פון טריער, אין וועלכן ער האָט קוואַליפיצירט דאָס זינגען רעוואָלוציאָנערע לידער אין קאַסינאָ ווי „אַ געמיינ־קייט צו גלאָריפיצירן אַלטע און נייע מלוכה־פּאַראַטן". פון קאַסינאָ און פון דער „ליטעראַרישער געזעלשאַפט" האָבן געמוזט אַרויסטרעטן אַלע באַאַמטע און אָנגע־שטעלטע, וואָס זיינען אָפּהענגיק געווען פון דער רעגירונגס־אַדמיניסטראַציע. דאָס קאַסינאָ איז געשטעלט געוואָרן אונטער אַ שטרענגער קאָנטראָל פון דער פּאָליציי,

און פון איצט אָן האָט מען ווען יעדער פּאַראַנשטאַלטונג געמוזט פריער מעלדן. די פאַרשטייער פון דער פּרייסישער רעגירונגס־מאַכט אין טריער האָבן פון בערלין באַקומען דעם שטרענגן באַפעל אָפּצורעכענען זיך מיט אַלע „רעבעלן", וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם „פאַרעטערישן סקאַנדאַל".

אַ באַזונדערע אויפרעגונג האָט געהערשט אין די רעגירונגס־קרייזן קעגן דעם יוסטיץ־ראַט היינריך מאַרקס. זיין ווייטערדיקע קאַריערע איז געווען פאַרענדיקט, און נאָך ערגער, ס'האָט געהאַלטן דערביי, אַז ער זאָל פאַרלירן זיינע ביז־איצטיקע אַמטן. דער געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן האָט געמוזט אויסנוצן אַלע זיינע איינ־פלוסן, בכדי צו ראַטעווען זיין פריינט. דאָס איז אים, סוף־כל־סוף, מיט אַ גרויסער מי, געלונגען. דער געהיימראַט האָט אַנטשולדיקט מאַרקס'ן, אַז ער איז געווען שכור און איז מיטגעריסן געוואָרן דורך דער מאַסן־סוגעסטיע.

די פּרייסישע רעגירונג האָט ענדלעך רעזיגנירט פון איר פּלאַן צוצוציען דעם יוסטיץ־ראַט מאַרקס צו אַ געריכטלעכער פאַראַנטוואָרטונג, אָבער זי האָט קיינמאָל נישט מוחל געווען דעם דאָזיקן „פרעכן יודע" פאַר זיין „פאַרעטערישן געזאַנג" אין טריערער קאַסינאָ. פון דער אַנדערער זייט ווידער האָבן ראַדיקאַלע, יונגע פאַרשטייער פון דער ליבעראַלער פּאַרטיי געהאַט טענות צום אַדוואָקאַט מאַרקס, אַז ער איז פּחדנות'דיק צוזאַמענגעבראָכן און האָט נישט אויפגענומען דעם קאַמף קעגן די אויטאָקראַטישע פּרייסישע מאַכטהאָבער. אייניקע פון זיי האָבן אָפן גערעדט וועגן דעם, אַז צוליב דער „יידישער פּחדנות און כאַראַקטערלאָזיקייט" פון מאַרקס'ן איז פאַר־לוירן געגאַנגען אַ שלאַכט פאַר דעמאָקראַטיע און ליבעראַלער קאָנסטיטוציע.

היינריך מאַרקס האָט זיך פּלוצלינג געפונען צווישן צוויי פייערן. און פון ביידע זייטן האָט מען אים געריסן און געשטאָכן צוליב זיין יידישער אָפּשטאַמונג. היינריך מאַרקס האָט ענדלעך פאַרשטאַנען, אַז מיט זיין רעליגיע־ענדערונג איז ער נאָך נישט פּטור געוואָרן פון יידנטום. דאָס איז פאַר אים געווען אַ נייע און אַנגעווייטיקטע אַנטדעקונג. ער האָט זי געוואָלט אין זיך פאַרטושן און פאַרשרייען, אָבער ס'איז אים נישט געלונגען. דאָס איז געוואָרן זיין לעבנס־טראַגעדיע און האָט באַלד אַ סוף געמאַכט, נישט נאָר צו זיין קאַריערע נאָר אויך צו זיין לעבן. ס'איז איבריקנס גע־ווען נישט בלויז די טראַגעדיע פון יחיד היינריך מאַרקס, טויזנטער אַזעלכע משומ־דים ווי ער, בעסערע און ערגערע, האָבן פריער אָדער שפּעטער איבערגעלעבט די זעלבע טראַגעדיע. ס'איז געוואָרן אַ צרת רבים פון אַ גאַנצן דור געשמד'טע און האַלב־געשמד'טע יידן אין דייטשלאַנד.

## דרייצענטער קאַפּיטל.

## דער אַלטער געהיימראַט און דער יונגער גימנאַזיסט.

אין אַ געשפּרעך מיטן געהיימראַט לודוויק פאָן וועסטפאַלן, האָט היינריך מאַרקס דערקלערט: „איך אַליין, מיט אייגענע הענט, האָב פאַרטאַכלעוועט מיין קאַריערע". דער יוסטיץ־ראַט מאַרקס האָט זיך נישט געקאָנט מוחל זיין, וואָס אין יענער פאַטאַ־

לער נאכט אין קאסינא, בעת דער „משוגענער באקכאנאליע" האט ער פארלוירן זיין געוויינלעכע געלאסנקייט און האט זיך געלאזט מיטרייסן דורך דעם שכור'ן המון. היינריך מארקס איז אבער נישט געווען גערעכט. די אייגנטלעכע סבה פון זיין דורכפאל איז נישט געלעגן אין דעם געזאנג פון דעם רעוואלוציאנערן הימן „מארסעליעזע". וואלט דעמאלט אין פרייסן געזיגט די ליבעראלע, דעמאקראטישע ריכטונג וואלט אים דער רעוואלוציאנערער געזאנג נישט נאר נישט געשאדט, נאר גראד להיפך, דאס וואלט אים געגעבן מער פאפולאריטעט און געהאלפן מאכן די פאליטישע קאריערע.

אין פרייסן און אין גאנץ דייטשלאנד איז דער רעאקציאנערער קורס נאך מער פארשארפט געווארן. די יולי־רעוואלוציע אין פראנקרייך און אירע נאכקלאנגען אין בעלגיע, פוילן, אין דייטשלאנד און אין אנדערע לענדער, האבן שטארק באאומרואיקט דעם פירשט מעטערניך און זיין קאמארילע, וואס האט מיט אירע שווארצע פליגלען באדעקט אייראפע אוז אפגעהיטן פון יעדן פרייען און דעמאקראטישן געדאנק. מעטערניכ'ן, דעם „מאקיאוועל פון דער אייראפעאישער רעאקציע" איז געלונגען צו איבערצייגן דעם „ליבעראלן" צאר אלעקסאנדער דעם ערשטן און דעם שוואכן, אומאנטשלאסענעם פרייסישן מלך פרידריך ווילהעלם דעם דריטן מיטן ארגומענט, אז די תפיסות און צענזור זיינען די בעסטע מיטלען צו בארואיקן די אומצופרידענע פעלקער. די פרייסישע רעגירונגס־מאכט האט אונטערדריקט אלע אפאזיציאנאלע באוועגונגען, זי האט א סוף געמאכט צו דעם בונט פון די סטודענטישע „בורשענשאפטן" און איז צוגעטרעטן צו ליקווידירן די פארבליבענע פאזיציעס פון די ליבעראלע און דעמאקראטישע ריכטונגען. מעטערניך האט זיינס אויסגעפירט, די אייראפעאישע רעאקציע איז געווען געראטעוועט, און ביז צום רעוואלוציאנערן יאר 1848 פון „פעלקער־פרילינג" האט זי געהערשט ביד רמה איבער דעם גוף און דעם גייסט פון דער אייראפעאישער מענטשהייט.

די דאזיקע צרת־הכלל איז אבער געווען א קנאפער טרייסט פאר דעם אנגעווייטיקטן געמיט פון יוסטיץ־ראט מארקס. זיין קאריערע איז געווען פארענדיקט. ס'איז גארנישט געווארן פון זיינע האפענונגען אויף א געהיימראט־טיטל און אנדערע אויסצייכענונגען. ער האט פארלוירן זיין אמאליקן איינפלוס, סיי אין בערלין און סיי אין טריער. אויך מאטעריעל איז איצט זיין לאגע געווארן אן ערגערע. די פאראמטע פויערישע און שטאטישע קליענטן זיינען פון חודש־צו־חודש וויניקער געקומען אין זיין אדוואקאטישע קאנצעלאריע. ער האט געמוזט א טייל פון זיין פערסאנאל אפזאגן. דעם יוסטיץ־ראט מארקס האבן איצט נישט געפעלט קיין דאגות. נישט־איינמאל אין די שלאפלאזע נעכט האט אין זיין מוח געעגבערט די פראגע: „צי האט זיך מיין מזל פון מיר אפגעטון? און פארוואס? און אויף ווי לאנג?".

היינריך מארקס האט איצט געהאט מער צייט, ווי פריער, פאר זיין משפחה־לעבן. מיט א באזונדערן אינטערעס האט ער זיך באשעפטיקט מיט זיין באליבטן זון קארל. די טעכטער וועלן דאך, פריער אדער שפעטער, ווערן פרויען פון פרעמדע מענער, און מיט זיי פארבינדן זייער לעבנס־וועג. פון די דריי זין האבן צוויי אים מצער געווען צוליב זייער קערפערלעכער און גייסטיקער שוואכקייט. דער איינציקער, וועלכער האט אין זיך פאראייניקט אלע פעאיקייטן און האפענונגען פון פאטער, איז געווען קארל.

אים, דעם געליבטן און טייערן זון, דעם איינציקן יורש זיינעם, האָט דער יוס־טיץ־ראַט מאַרקס צוגעגעבן דעם אייגענעם פאָרנאָמען היינריך, און אין אַלע שול־דאָקומענטן איז פאַרצייכנט געוואָרן: קאַרל היינריך מאַרקס.

קאַרל איז שוין אַלט געוואָרן קנאַפּע 16 יאָר. מ'האָט שוין געהאַלטן ביים אָנ־הויב פון יאָר 1834. קאַרל האָט גוט געלערנט און איז געווען גייסטיק זייער אַנט־וויקלט. זיין באַציאונג צום פאָטער האָט געהאַט אין זיך אַ סך אויסדרוקן פון ליב־שאַפט און דרך ארץ. קאַרל האָט זיך אינטערעסירט מיט אַלע זאָרגן און קאַמפן פון זיין פאָטער און גענומען אין זיי אַן אַנטייל. איין זאַך האָט שטאַרק באַאומרואיקט דעם יוסטיץ־ראַט: קאַרל האָט ליב געהאַט די איינזאַמקייט, ער איז געווען אין דער שול און אויסערהאַלב דער שול מייסטנס אַליין, אָן אמת'ע, נאָענטע פריינט.

דער יוסטיץ־ראַט האָט איצט אָפט באַזוכט דעם געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן, מיטנעמענדיק מיט זיך דעם זון קאַרל. זייט אַ געוויסער צייט, איז קאַרל מאַרקס גע־וואָרן אַ סטאַבילער גאַסט אין געהיימראַט'ס פּרעכטיקער וווינונג אויף דער רוימער־נאַס. ס'האָט אים אַהין געצויגן נישט־נאָר די איינציקע פריינטשאַפט צו עדגאַר און זשעני וועסטפאַלן, נאָר אויך די פּערזאָן פון בעל־הבית אַליין. דער טיף־געבילדעטער און קלוגער געהיימראַט איז געוואָרן פאַר קאַרלען אַ לעבעדיקער, אומדערשעפּטער קוואַל פון וויסן און חכמה. דער יונגער גימנאַזיסט פלעגט אָפּזיצן שעה'נלאַנג ביים אַלטן הומאַניסט און איז נישט מיד געוואָרן אַרויסצוציען פון אים ווי־אַם־מיינסטן און ווי־אַם־לענגסטן וויסנשאַפטלעכע, געזעלשאַפטלעכע, ליטעראַרישע און סתם־גייס־טיקע אינפאָרמאַציעס. וואָס מער דער אַלטער געהיימראַט האָט גערעדט, אַלץ מער האָט זיין יונגער פריינט געוואָלט פון אים וויסן. ווי אַ גאָר נאָענטער, ליבער פריינט איז דער יונגער קאַרל מאַרקס געוואָרן פאַר דעם דאָזיקן אַלטן אָבער לעבעדיקן און תמיד גייסטרייכן געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן.

איינמאָל, ווען דאָס געשפּרעך האָט שוין גאָר לאַנג געדויערט, האָט דער געהיים־ראַט מיט אַ שמייכל געזאָגט צום אָנוועזנדיקן פאָטער:

„הער יוסטיץ־ראַט, אייער קאַרל קוועטשט מיך אויס ווי אַ ציטרין!"

היינריך מאַרקס האָט זיך גלייך געוואָנדן צום זון:

„קאַרל, הער אויף צו מוטשן דעם הער געהיימראַט!"

דער יונגער מאַרקס איז געוואָרן פאַרשעמט און האָט גענומען אַנטשולדיקן זיך פאַר'ן בעל־הבית. אָבער פאָן וועסטפאַלן האָט אים איבערגעריסן מיט אַ הילכיק, פריינטלעך געלעכטער, און קלאַפּנדיק אים גוט־ברודעריש אויף די פּלייצעס, האָט ער געזאָגט:

„גיי שוין גיי, נאַרעלע, ס'איז נישט מער ווי אַ וויץ, איך האָב הנאה פון דיי־נע פראַגן און איך ענטפער דיר מיט גרויס פאַרגעניגן!".

און אַזוי איז עס טאַקע געווען. דער געהיימראַט האָט געהאַט אַ גרויסע הנאה צו רעדן מיטן יונגן גימנאַזיסט, צו הערן זיינע קלוגע און שאַרפע פראַגן און באַ־מערקונגען. ער האָט שטאַרק ליב באַקומען דעם דאָזיקן יונגערמאַן מיט זיין ברייטן, רבנישן שטערן, מיט זיינע שוואַרצע האָר־לאָקן און טונקעלע, קלוגע אויגן, מיט זיין אַרויסשטייענדיקער, דעראָבערישער נאָז און ענערגישן, האַלב־געעפנטן מויל, וואָס האָט תמיד ווי פאַרהונגערט, געשלונגען יעדעס נייע וואָרט.

אַן אָפטער באַזוכער אין דעם געהיימראַט'ס וווינונג איז געווען דער דירעקטאָר

פון דער גימנאַזיע, אין וועלכער מאַרקס האָט זיך געלערנט. ער האָט געהייסן וויטענ־באַך. ווי לודוויק פאָן וועסטפאַלן איז ער געווען אַ הויך־געבילדעטער מענטש, אַ היס־טאָריקער, אַרכעאָלאָג און גלענצנדיקער קענער פון דער קלאַסישער ליטעראַטור. און דערביי, אַ זעלטן פיינער און קולטורעלער מענטש, אַ הומאַניסט, אַ קאָסמאָפּאָליטי־שער, עכט־דעמאָקראַטישער דענקער. דער געהיימראַט האָט זיך געוווּנדערט, ווי אַזאַ מענטש קומט צו די פּרייסישע שול־דירעקטאָרן, וואָס זיינען כמעט אַלע געווען טרו־קענע, גייסטלאָזע ביוראָקראַטן. וויטענבאַך האָט אָנגעפירט מיט אַ פילאָזאָפישן קרייז, צו וועלכן עס האָבן אויך געהערט דער געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן און דער יוסטיץ־ראַט מאַרקס. דער דאָזיקער פילאָזאָפישער קרייז האָט זיין וועלט־אַנשויאונג געשטיצט אויף די לערעס פון גרויסן קעניגסבערגער דענקער עמנואל קאַנט, און זיין „קאַטע־גאָרישער אימפּעראַטיוו" איז געוואָרן זייער מאָראַלישער אני־מאמין. צו דעם דאָ־זיקן קרייז איז שפּעטער אויך צוגעטרעטן דער לאַנגיעריקער קלאַסן־דערציער פון קאַרל מאַרקס'ן אין טריערער גימנאַזיום, זיין לערער פון מאַטעמאַטיק און נאַטור־געשיכטע שטיינינגער.

דער פילאָזאָפישער קאַנטיסטן־קרייז פלעגט זיך צונויפקומען ביים געהיימראַט אין שטוב. לויט דער בקשה פון בעל־הבית, האָבן די אָנטיילנעמער מסכים געווען, אַז דער גימנאַזיסט קאַרל מאַרקס זאָל קאָנען זיין אָנוועזנדיק און צוהערן זיך צו די פאַרהאַנדלונגען און דעבאַטן. דאָ, אינם קרייז פון די טריערער קאַנטיסטן, האָט זיך דער יונגער מאַרקס באַקענט מיט דער פּראָבלעמאַטיק פון דער פילאָזאָפיע, אין וועל־כער ער איז שפּעטער געוואָרן איינער פון די בעסטע און טיפסטע קענער.

## פערצענטער קאַפּיטל.

## „אַ נקמה פון דורות".

דער יוסטיץ־ראַט מאַרקס איז נישט געווען צופרידן מיט דעם, וואָס זיין געליב־טער זון קאַרל האָט אַזוי ווייניק חברים צווישן דער שול־יוגנט, און אַז ער איז שוין אַזוי פרי געוואָרן ערנסט און תמיד פאַרטראַכט. דאָס האָט דעם יוסטיץ־ראַט שטאַרק באַאומרואיקט און גורם געווען אָפט טיפע זאָרגן. ערשט איצט, ווען היינריך מאַרקס האָט געהאַט מער צייט, האָט ער באַמערקט, ווי זיין זון זיצט אָפּ לאַנגע שעה'ן ביי ביכער, ווי ער גריבלט זיך איבער שווערע און קאָמפּליצירטע ענינים, און ווי זיין יונגער אָבער ברייטער שטערן באַדעקט זיך מיט קנייטשן, וואָס דערמאָנען אים אַזוי שטאַרק אין די שטערן־קנייטשן ביים טאַטן און ביים ברודער, די טריערער רבנים, בעת זיי זיינען געזעסן פאַרטיפט איבער די גרויסע גמרא־ספרים. דער יוסטיץ־ראַט איז נישט געווען אַנטציקט מיט די גייסטיק־שאַרפע, סכאָלאַסטיש־פאַרוויקלטע פראַגן, וועלכע דער 15־צי־16־יעריקער קאַרל האָט געשטעלט דעם געהיימראַט פאָן וועסט־פאַלן. קאַרל'ס שאלות האָבן אים צופיל דערמאָנט די פּלפּול־חריפות און די מח־שאַרפקייט פון זיינע אבות. זיין טאַטע, לוי מאַרקס, האָט אים געצוווּנגען יאָרן־לאַנג צו לערנען גמרא און תוספות און איז געווען גליקלעך מיט דער טיפקייט און שאַרפ־

קייט פון זיין עלוי'שן הערשל. אָבער הערשלען האָט פון אַלע תנאים אַמייסטן געפעלן אלישע בן־אבויה, און ער איז טאַקע אויך געוואָרן אַן „אחר", לויט דעם נוסח פון נײַנצנטן יאָרהונדערט. היינריך האָט באַקומען פיינט די תלמידי־חכמים מיט זייערע יידישע מנהגים און דינים, און בעיקר האָט ער געהאַסט דעם תלמוד מיט דעם „צוגעשפּיצטן, פּלפּוליסטישן מוח־דריי". ס'האָט אים אַ סך מער געפעלן די מכלומרשט־גראַדליניקע און רעאַליסטישע פאָרם פון דער גויאישער וויסנשאַפט.

היינריך מאַרקס האָט נישט איינמאָל מיט פּחד און זאָרג געטראַכט ביי זיך: „צי איז דאָס נישט אַ נקמה פון דורות, וואָס מיין זון און איינציקער יורש גייט אויפן וועג פון תלמוד'ישער סאָפיסטיק און פּלפּוליסטיק?". ווייל די מוח־חריפות און גייסט־שאַרפקייט פון יונגן קאַרל'ן, וואָס האָט אַזוי אַנטציקט דעם קריסטלעך־אַריסטאָקראַטישן געהיימראַט, איז דעם ראַבינער־זון היינריך מאַרקס פאָרגעקומען נישט־מער ווי אַ נייער אויסדרוק פון דעם אַלטן תלמודישן גייסט פון זיינע אבות. דער יוסטיץ־ראַט האָט געציטערט בלויז ביים געדאַנק, אַז דער כוח פון דער דורות־לאַנגער ירושה וועט קאָנען מנצח זיין די דערציאונג, די נייע סביבה און בעיקר דעם טויף־צעטל. ער איז געווען אויסער זיך פאַר כעס, ווען מ'האָט אין זיין אַנוועזנדיקייט גערעדט וועגן דער מאָדערנער וויסנשאַפטלעכער ריכטונג, וואָס האָט אין דייטשלאַנד אַלס די „ירושה־טעאָריע", געוואָלט באַווייזן, אַז די נאַטור און דער כאַראַקטער פון יעדן מענטשן זיינען נישט מער ווי אַ רעזולטאַט פון זיינע פאָריקע גענעראַציעס.

היינריך מאַרקס האָט זיך פאַרצווייפלט געקלאַמערט ביי דער ראַציאָנאַליסטישער אויפפאַסונג וועגן דעם, אַז יעדער דור איז דער אויסשליסלעכער הערשער איבער זיך און דעם אייגענעם גורל און איז נישט קיין שקלאַף ביי די פאָריקע דורות. אָבער דאָך האָט אים אָפט דער וואָרם פון צווייפל גענאָגט און נישט געגעבן קיין מנוחה. היינריך האָט מיט צאָרן געטריבן פון זיך דעם געדאַנק, וועלכן עס האָט אים אַמאָל געזאָגט אַן אַלטער ייד, אַז אין די רבנישע משפחות קאָנצענטרירט זיך די גאַנצע גייסטיקע ירושה פון די אבות בלויז אויף איינעם פון די קינדער, בעת די אַנדערע בלייבן גייסטיק באַשרענקט. „וואָס פאַר אַן אידיאָטישער איינפאַל איז דאָס פון אַן אַלטן נאַרישן יידן!" פלעגט דער יוסטיץ־ראַט פּרוון איבערצושרייען זיין אומרואיק־געוואָרענע נשמה.

היינריך מאַרקס האָט באַשלאָסן צו ענדערן די ריכטונג פון קאַרל'ס דערציאונג. ער מוז אים אָפּרייסן פון דער אַבסטראַקטער וועלט און ריין־גייסטיקער לאָגיק. מ'מוז אים פאַראינטערעסירן מיט רעאַלע, קאָנקרעטע זאַכן, מיט דער טעכניק און די נייע פּראַקטישע דערפינדונגען. דער יוסטיץ־ראַט האָט קאַרלען אוועקגענומען פון די ביכער, און איז מיט אים געגאַנגען שפּאַצירן אויף די ברעגעס פון טייך מאָזעל. ער איז מיט אים אַרויף אויף די שיפן, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן טייך, און האָט אים געוויזן די איינצלהייטן פון זייער בוי און מאַשינעריע.

צו יענער צייט האָבן זיך באַוויזן אויף דער מאָזעל די ערשטע דאַמף־שיפן, וואָס זיינען געפאָרן מיטן כח פון פּאַרע. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ מין סענסאַציע, און אַלע זיינען געלאָפן אָנקוקן דעם נייען וווּנדער. אין אַ פּאָר טעג שפּעטער, האָט טריער איבערגעלעבט אַ גאָר גרויסע סענסאַציע. דער ערשטער אייזנבאַן־צוג איז אָנגעקומען אויף דער אָרטיקער באַן־סטאַציע. אין דער שטאָט איז געווען אַ גרויסע שמחה. מ'האָט די הייזער דעקאָרירט מיט בלומען־קראַנצן און מיט פענער. איבער די גאַסן האָבן

מאַרשירט און געשפּילט מוזיק־קאַפּעלעס. אַרום דער באַן־סטאַציע זיינען פאַרזאַמלט געווען טויזנטער נייגעריקע, און די מאַכט־פאַרשטייער האָבן געהאַלטן פייערלעכע רעדעס. די גאַנצע באַפעלקערונג פון דער שטאָט און סביבה איז געלאָפן אָנקוקן דעם ערשטן אייזנבאַן־צוג, ווי אויף אַ בייז ווונדער. ווידער האָט היינריך מאַרקס אוועק־געריסן זיין יינגל פון די ביכער, און האָט אים געפירט צו דער באַן־סטאַציע. זאָל ער זעען, צו וואָס דער מענטשלעכער גייסט איז פעאיק, און ווי וווּנדערבאַר זיינען איצט די נייע דערפינדונגען!

צוריק־גייענדיק, האָט דער פאָטער דערציילט זיין זון וועגן דער נייעסטער דער־פינדונג, וואָס איז נאָך נישט דערגאַנגען ביז טריער. „ס'איז שווער צו גלויבן", האָט דער פאָטער געזאָגט, „אָבער ס'איז אמת. אין אייניקע גרויסע שטעט האָט מען אָנגעהויבן באַלויכטן די גאַסן און פּריוואַט־הייזער מיט אַן אומזיכטבאַרן גאַז, וואָס פליסט־צו דורך רערן, און גיט אַ מעכטיק און הערלעך ליכט, עפּעס אַזוינס, וואָס די וועלט האָט נאָך נישט געזען. מ'וואַרפט אַרויס די אַלטע, שטינקנדיקע נאַפט־לאָמפּן און מ'פירט איין אַ ניי הערלעך לעבן ביים ליכט פון גאַז". דער יוסטיץ־ראַט איז אריין אין התפעלות, אַ זאַך, וואָס איז ביי אים געווען זעלטן, און האָט גענומען רעדן מיט ענטוזיאַזם און פּאַטאָס:

„צי ווייס דו, קאַרל, וואָס פאַרא צייטן מיר לעבן איצט איבער? די וועלט גייט צו אַ רעוואָלוציע, לגבי וועלכער די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע איז געווען אַ קינדער־שפּיל. מיר דערנענטערן זיך צו אַ געוואַלדיקער טעכנישער איבערקערעניש, וואָס וועט דערשיטערן די ביז־איצטיקע עקזיסטענץ פון יחיד און כלל, און איבער־בויען זי אויף נייע יסודות. עס וועלן כסדר דערפונדן בעסערע און גרעסערע מאַשי־נען, וואָס באַוועגן זיך מיטן כוח פון פּאַרע און פּראָדוצירן אין אַ בליצשנעלן טעמפּאָ מאַסן פון נוצלעכע און ביליקע סחורות. די וועלט וועט אויפלעבן, און די עקזיסטענץ פון מענטשן וועט ווערן מיט יעדן יאָר אַלץ מער לייכטער און באַקוועמער. עס וועט זיך לגמרי ענדערן דער פּרצוף פון דער געזעלשאַפט. עס קומט אָן די אויסגעחלומ'טע דורך לאַנגע גענעראַציעס נייע תקופה פון וווילשטאַנד און פּראָגרעס. ביז איצט האָט דער מענטש דיספּאָנירט בלויז, ווי די חיה, מיטן כח פון זיינע מוסקולן. העכסטנס, האָט ער געקאָנט צו הילף נעמען דעם לויף פון ווינט. איצט אָבער קאָן דער מענטש, אַ דאַנק דעם אייזן און דער פּאַרע, באַהערשן די נאַטור און אירע כחות. צום ערשטן מאָל איז דער מענטש געוואָרן דער הערשער איבער דער וועלט! ער ווערט גלייך מיט געטער און ציט אוים זיינע הענט צו דער אויסגעחלומטער וויזיע וועגן אַ וועלט פון גליק, וווילשטאַנד און פּראָגרעס. עס בויט זיך אַ נייע מענטשהייט, אַן אוניווערסאַלע, וואָס וועט נישט וועלן וויסן פון קליינלעכע פעלקישע, רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע אָדער ראַסישע גרענעצן. דאָס וועט זיין אַ נייע, קאָסמאָפּאָליטישע מענטשהייט, וואָס וועט זיך שטיצן אויף טעכנישן פּראָגרעס און ברודערלעכער ליבע!".

קיינמאָל נאָך נישט האָט דער אַדוואָקאַט מאַרקס אַזוי פייערדיק און מיט התּ־להבות גערעדט אויף זיינע געריכטס־פּראָצעסן און פאַרזאַמלונגען, ווי אין יענעם זו־מער־אָוונט, בעת ער איז צוזאַמען מיט זיין זון געגאַנגען שעה'נלאַנג שפּאַצירן, נאָך דער דערעפענונג פון דער באַן־סטאַציע. ער האָט גענומען לסוף צורעדן קאַרלען, אַז ער זאָל וויַיניקער זיצן ביי די לייען־ביכער און מער זיך נעמען צו מאַטעמאַטיק און פיזיק, ווייל דאָס וועט פאַרלאַנגען זיין צוקונפטיקער באַרוף אַלס אינזשיניער.

אַנהויבנדיק פון יענעם אָוונט האָט היינריך מאַרקס כסדר גערעדט און געחלומט וועגן אַ טעכנישן באַרוף פאַר זיין זון. אָבער קאַרל איז געבליבן ביי זיינס. ער איז ווייטער געזעסן ביי זיינע לייען־ביכער און האָט געזוכט די חקירות־פולע שמועסן מיטן געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן. גראָד פון מאַטעמאַטיק, פיזיק און נאַטור־וויסנ־שאַפטן איז ער געווען און געבליבן, די גאַנצע צייט, אַ גאָר שוואַכער שילער אין דער גימנאַזיע. ער האָט נישט געטראַכט צו ווערן פיזיקער, טעכניקער אָדער אינזשי־ניער, ווי זיין פאָטער האָט באַשטימט. ער איז געבליבן פאַרטון אין זיין וועלט פון גייסטיקן גריבלען זיך, פון טעאָרעטישער פּראָבלעמאַטיק, צו וועלכער ס'איז באַלד נאָך צוגעקומען זיין שטאַרקע נייגונג צו פּאָעזיע.

מיט אַ וואַקסנדיקער זאָרג האָט דער יוסטיץ־ראַט געזען, אַז זיינע באַמיאונגען האָבן נישט דעם געהעריקן דערפאָלג. און נישט איינמאָל אין די שלאָפלאָזע נעכט האָט אים באַאומרואיקט דער „מורא'דיקער תלמודישער גייסט" פון זיינע אבות. היינ־ריך מאַרקס'ן האָט זיך געדוכט, אַז ער זעט דאָס איראָנישע פּנים פון זיין פאָטער, דעם טריערער רב, ווי ער שמייכלט און זאָגט:

„נו, וואָס האָסט דו געמיינט, הערשל, אַז דיין שטיקל שמד־פּאַפּיר איז שטאַר־קער פאַר דעם בלוט און מוח פון אונזערע אבות?! דו, נאַר איינער!".

## פופצענטער קאַפּיטל.

## צוויי דייטש־יידישע פּאָעטן: זיסקינד פון טרימבערג

## און היינריך היינע.

ווי געזאָגט, איז דער גימנאַזיסט קאַרל מאַרקס געווען זייער ערנסט און לויט זיין אַלטער גאָר שטאַרק גייסטיק־אַנטוויקלט. ער האָט ליב געהאַט אַ סך צו לייענען ביכער פון אַלע וויסנשאַפטלעכע און ליטעראַרישע געביטן, ער פלעגט אָפּזיצן לאַנגע שעה'ן מיטן געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן און רעדן מיט אים וועגן וויסנשאַפטלעכע, פילאָזאָפישע און געזעלשאַפטלעכע פראַגן.

עס וואָלט אָבער לגמרי פאַלש געווען פאָרצושטעלן זיך דעם יונגן מאַרקס ווי אַ באַברילטן, בטלנ'שן ביכער־וואָרם, וואָס אַנטלויפט פון מענטשן־געזעלשאַפט און לעבט זיך אויס בלויז אין זיין, פון ד' אמות־פאַרשלאָסענער, פּאַפּירענער וועלט. דער גימנאַזיסט קאַרל מאַרקס האָט ליב געהאַט דעם שפּיל און דעם געזאַנג, ער איז אָפט געגאַנגען מיט די שול־חברים אויף ווייטע און נאָענטע אויספלוגן, ער האָט זיך גע־לערנט שווימען, טאַנצן און רייטן אויף אַ פערד, ער האָט זיך באַמיט צו זיין אָנ־געטון עלעגאַנט און צו באַנעמען זיך נאָבל. ווי אַ סך טאַלאַנטירטע און ווערטפולע יונגעלייט פון זיין אַלטער און צייט, האָט ער געהאַט גרויסע אַמביציעס און גע־חלומ'ט וועגן וועלט־באַרימטקייט. זיין יונגע אינטואיציע האָט אים געזאָגט דעם אמת, אַז ער טויג נישט צו פּראַקטישע באַרופן, און אַז ער וועט קיין סך נישט דערגרייכן, אויב ער וועט זיך נעמען צו אַ קאָמערציעלער אָדער פּראָפעסיאָנעלער באַשעפטיקונג.

שוין אַלס גימנאַזיסט האָט ער פאַרשטאַנען, אַז זיין כח באַשטייט אין בילדונג, און זיין צוקונפט איז אויף דעם טעאָרעטיש־גייסטיקן געביט.

אין דעם „מעכטיקן קעניגרייך פון וויסן און גייסט" האָט קאַרל מאַרקס געוואָלט ווערן גרויס און באַרימט. צו דעם צוועק איז ער געוואָרן אַ סיסטעמאַטישער, אומ־דערמידלעכער לערנער און פאָרשער. פון דעם האָט זיך גענומען זיין פענאָמענאַלער, קיינמאָל נישט־געזעטיקטער הונגער נאָך וויסנשאַפטלעכע ידיעות און ביכער. די לעק־טור, דאָס לייענען די ביכער, האָט דעמאָלט, ביים אָנהויב פון ניינצנטן יאָרהונדערט, געהערט צו די וויכטיקסטע באַשעפטיקונגען פון יעדעם אַזוי־גערופענעם בעסערן מענטשן. די ליטעראַרישע און וויסנשאַפטלעכע סאַלאָנען האָבן אַרום זיך געזאַמלט אַלע, יונגע און אַלטע, רייכע און אָרעמע, וואָס זיינען געווען געבילדעט און פאַר־נעם. ווער עס האָט נישט געלייענט, דער איז ממילא געווען אָפּגעשטאַנען, האָט נישט געקאָנט נעמען קיין אָנטייל אין די גייסטיקע דיסקוסיעס בעת די אויפנאַמען אין גע־זעלשאַפטלעכע און פּריוואַטע סאַלאָנען, און איז געבליבן אַ פאַרשעמטער מחוץ יע־דער אינטעליגענטער, פיינער געזעלשאַפט. מ'האָט אומעטום הויך געלייענט און קאָ־מענטירט די נייעסטע ווערק. די יוגנטלעכע האָבן זיך באַמיט איבערצושטייגן איי־נער דעם אַנדערן אין וויסן און גייסט־רייכטום.

דער גימנאַזיסט קאַרל מאַרקס האָט געהערט צו די געבילדסטע יונגעלייט אין זיין סביבה. זיינע דיסקוסיעס מיט דערוואַקסענע מענטשן האָבן אַרויסגערופן אַנער־קענונג און אָפט קנאה ביי די שול־חברים. מ'האָט געקוקט אויף אים ווי אויף אַ צוקונפטיקן זשעני. קאַרל האָט גערעדט מיט אַ שיינער ליטעראַרישער שפּראַך, וואָס איז געלייטערט געוואָרן דורך אַ סיסטעמאַטישער און פלייסיקער לעקטור פון די גרוי־סע קלאַסיקער. ער האָט אָפט באַנוצט זיך מיט אַ פּאַטעטישן און פּאָעטישן סטיל. מ'האָט אים געהאַלטן פאַר אַ דיכטער.

און באמת, איז די פּאָעזיע געווען די העכסטע אַמביציע און האָפענונג פון יונגן מאַרקס. ער האָט געוואָלט ווערן אַ גרויסער און באַרימטער דיכטער. דאָס איז דעמאָלט געווען דער חלום פון אַ סך יונגע מענטשן אין דייטשלאַנד. צו יענער צייט, האָט די דייטשע פּאָעזיע דערגרייכט איר העכסטן שטאַפּל פון אַנטוויקלונג און איינ־פלוס. די ראָמאַנטישע ליריק איז געווען די טאָג־מאָדע אין יעדער יונגער געזעלשאַפט, און האָט באַציובערט אַלע, אָן אונטערשיד פון אַלטער און שטאַנד.

צווישן די דעמאָלדיקע פּאָעטן האָט דעם ערשטן, פּראָמינענטסטן פּלאַץ פאַרנו־מען דער דיסעלדאָרפער ייד, יוריס־דאָקטאָר היינריך היינע. זיין הערלעכע פּאָעזיע, אין אַן איידעלער, סענטימענטאַלער שפּראַך אויסגעדריקט, איז געווען און איז גע־בליבן ביז היינט די העכסטע דערגרייכונג פון דער דייטשער פּאָעזיע. היינריך היי־נע'ס לידער האָט מען אומעטום אין דייטשלאַנד געלייענט, דעקלאַמירט און געזונ־גען, לויט די קאָמפּאָזיציעס פון שובערט, שומאַן, מענדעלזאָן און אַנדערע. יעדער, וועלכער האָט געפּרוווט צו שרייבן לידער, און אַזעלכע זיינען דעמאָלט געווען אין אַ גאָר גרויסער צאָל, איז געווען פאַרכשוף'ט פון היינע'ס פּאָעזיע און באַרימטקייט, און האָט געחלום'ט צו ווערן אַ צווייטער היינע. דאָס איז דאָך געווען דער זיכערסטער וועג צום וועלט־רום און דערפאָלג אין ראָמאַנטישער פרויען־ליבע.

אויך דער גימנאַזיסט קאַרל מאַרקס איז געווען פאַרליבט אין היינען און אין היינע'ס וווּנדערבאַרער פּאָעזיע. דעם דאָזיקן היינע־קולט איז מאַרקס טריי געבליבן

זיין גאַנץ לעבן, אויך שפּעטער, ווען ער איז לגמרי אַוועק פון דער אייגענער דיכטע־רישער חטאת־נעורים, און אפילו ווען ער האָט פערזענלעך נענטער דערקענט היינע׳ן אַלס אַ פּראָזאַישן מענטש, מיט אַלע חסרונות און זינד. היינע׳ס ראָמאַנצן און באַלאַדן זיינען פאַר מאַרקס׳ן אין דער יוגנט געווען דער אויסגעחלום׳טער מוסטער, לויט וועלכן ער אַליין האָט זיך באַמיט צו דיכטן. היינע׳ס פּאָעטישער כשוף און געפיל־פולער שוווּנג האָבן אים זיין גאַנץ לעבן באַאומרואיקט און אָפּט פון דער וויסנשאַפטלעכער, סטאָאישער רואיקייט אַרויסגעריסן.

ווי געזאָגט, האָט זיך דער היינע־קולט ביי מאַרקס׳ן אָנגעהויבן גאַנץ פרי, אין דער יוגנט. קורץ פאַר זיין מאַטורע, האָט דער 17־יעריקער קאַרל געלייענט היינע׳ס נייעסטע און מערקווירדיקע שאַפונג „דער רבי פון באַכאַראַך", וואָס האָט אים מיט איר יידיש־ראָמאַנטישער עקזאָטיק צוגעצויגן און אָפּגעשטויסן, אָבער לאַנג נאָך „די נשמה באַווירקט און פאַרסמט, ווי אַ שטאַרקער, געפערלעכער נאַרקאָטיק".

צופעליק, מיט אַ קורצער צייט צוריק, האָט זיך דער יונגער קאַרל מאַרקס, באַשעפטיקט מיט אַן אַנדערן דייטש־יידישן פּאָעט. דאָס איז געווען דער מיטלאַלטערלעכער „מיננע־זענגער" פון 13־טן יאָרהונדערט, דער ייד זיסקינד, וועלכער האָט געשטאַמט פון בייערישן שטעטל טרימבערג. בעת דער לעקציע פון דייטשער ליטעראַטור אין דער גימנאַזיע, האָט דער פּראָפעסאָר, גראָד אַ ליבעראַלער מענטש, אויספירלעך זיך אָפּגעשטעלט אויף די באַרימטע „מיננע־זענגער", וואָס פלעגן מיט זייער שפּיל און געזאַנג אויפטרעטן אין די פּאַלאַצן פון די פירשטן און בישאָפן, און האָבן מיט דעם געשאַפן דעם אייגנטלעכן אָנהויב פון דער דייטשער פּאָעזיע. דער פּראָפעסאָר איז אין זיין פאָרטראַג צוגעקומען צו דער פערזאָן פון דיכטער זיסקינד פון טרימבערג און האָט דערמאָנט זיין אָפּשטאַמונג.

קאַרל מאַרקס איז אין דער קלאַס געווען דער איינציקער שילער, פון וועלכן מ׳האָט געוווּסט, אַז ער איז געווען אַמאָל אַ ייד. קאַרל׳ן האָט זיך געדוכט, אַז די אויגן פון אַ סך שול־קאָלעגן זיינען איצט מער צוגעוואָנדן צו אים, „דעם רבנישן אייניקל" (אַזוי פלעגן אים, בעת אַ סכסוך, רופן געוויסע חברים) ווי צו דער קאַטעדרע פון פּראָפעסאָר. דאָס איז נאָך מער בולט׳ער געוואָרן, בעת דער ליטעראַטור־לערער האָט אָנגעהויבן אַנאַליזירן די שאַפונג פון יידיש־דייטשן טרובאַדור, און האָט דערקלערט, אַז די פּאָעזיע פון זיסקינד איז מייסטנס, סיי לויט איר שפּראַך און סיי לויט איר אינהאַלט, יידישלעך, מיט אַן אייגנאַרטיקן סטיל באַאיינפלוסט פון תנ״ך, תלמוד און יידישע תפילות.

די מערקווירדיקע געשטאַלט פון מיטלאַלטערלעכן יידיש־דייטשן פּאָעט האָט שטאַרק פאַראינטערעסירט קאַרלען. ער איז אין אָוונט געגאַנגען אין דער שטאָט־ביבליאָטעק און האָט דאָרט לאַנג געניישטערט, ביז ס׳איז אים געלונגען צו געפינען אין אַ בוך אַן אויספירלעכע שילדערונג וועגן דעם לעבן פון זיסקינד פון טרימבערג. אויף דעם בילד, וואָס איז צוגעגעבן געוואָרן צום בוך, האָט ער דערזען אַ כאַראַקטעריסטישע געשטאַלט פון אַ ייד מיט אַ לאַנגער באָרד, מיט אַ נערוועזער געסטיקולאַציע און מיט אַ שפּיציקן „יידן־הוט". אַ טיפע טרויעריקייט איז געווען אויסגעגאָסן אויף דעם פּנים און אַ געוויסע פאַרלוירנקייט האָט אַרויסגעקוקט פון די אומעטיקע, כמעט דערשראָקענע אויגן פון יידישן טרובאַדור.

קאַרל האָט געטראַכט: „ער זעט טאַקע אַנדערש, פּולשטענדיק אַנדערש אויס ווי די קריסטלעכע טרובאַדורן!". ביי דער לעקטור פון דעם בוך, איז אים קלאָר געוואָרן די פּערזענלעכע טראַגעדיע פון דעם ייד זיסקינד. ער האָט געוואָלט ווערן אַ דייטשער „מיננע־זענגער" ווי אַלע אַנדערע, אָבער ער איז געבליבן אַ ייד. ביידע זאַכן צו פאַר־בינדן איז אים נישט געלונגען. לסוף, איז ער אַ צעבראָכענער צוריקגעקומען צו זיין שטאַם און האָט פאַרציכט אויף זיין פּאָעטישער קאַריערע ביי די קריסטן. זיינע שווער־מוטיקע געפילן האָט זיסקינד פון טרימבערג אויסגעדריקט אין זיין דאָזיקן לעצטן ליד:

„ווי אַ תם בין איך דאָס גאַנצע לעבן
אַרומגעפאָרן מיט מיין קונסט און מיט מיין ליד.
איצט ווילן מיר די שררות גאָרנישט מער געבן.
די הייף וועל איך פון איצט אָן מיידן:
איך וועל פאַרלאָזן מיר אַ באָרד,
אַ גראָע, יידיש־לאַנגע באָרד,
און ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ ייד,
וועל איך איצט ווייטער וואַנדערן און ליידן.
אין מיין מאַנטל, ביז צו די קנעכל לאַנג,
און מיטן שפּיץ־הוט, וואָס מיר איז פאַרבליבן,
הכנעה'דיק וועט זיין מיין גאַנג,
און קיינמאָל זינג איך מער נישט ריטערלעך געזאַנג
פון זינט די האַרן האָבן מיך פון זייער גוט פאַרטריבן".*)

אַהיימגייענדיק, שוין שפּעט אין אָוונט, פון דער ביבליאָטעק, האָט קאַרל מאַרקס געטראַכט: „פאַרוואָס איז ער נישט איבערגעגאַנגען צו די קריסטן? וואָס האָט אים, דעם דייטשן זינגער, געהאַלטן ביים יידנטום?".

קאַרל'ס געדאַנקען זיינען אַריבער צו היינריך היינע. ער, היינע, האָט דאָך אי־בערגעריסן מיטן יידנטום און איז געוואָרן אַ קריסט. און דאָך, וואָס ציט אים כסדר צוריק צו דער יידישער טעמאַטיק? היינע איז אַ דייטשער פּאָעט, דער גרעסטער צווישן די לעבעדיקע, און אפשר אויך דער גרעסטער פון אַלע דייטשע דיכטער, זייט די „מיננע־זענגער"! זיינע לידער זינגט מען אין יעדן דייטשן הויז! צו וואָס טויג אים „דער רבי פון באַכאַראַך"? פאַר וואָס און צו וואָס ציט עס היינע'ן ווידער צו־ריק צו זיין יידישער פאַרגאַנגענהייט?

אַ טיף־פאַרטראַכטער און טרויעריקער איז קאַרל מאַרקס אַהיימגעקומען. דער פאָטער האָט באַמערקט זיין אומעט און אים געפרעגט, וואָס איז געשען. קאַרל האָט נישט געוואָלט מצער זיין דעם פאָטער, ער האָט זיך פאַרענטפערט מיט אַ קאָפּ־ווייטיק. היינריך איז געוועזן באַזאָרגט צוליב דעם שלעכטן אויסזען פון זיין זון און האָט געזאָגט צו דער מוטער:

„קאַרל איז איצט פאַר דער מאַטורע. ער מוז אַ סך לערנען. מ'דאַרף אים, הענ־ריעטע, שטאַרק אָפּהיטן!".

---

*) יידישע איבערזעצונג פון יוסף בערנפעלד (פּאַריז).

# זעכצענטער קאַפּיטל.

## סאָציאַליסטישע סוגעסטיעס אין דער שול און אין דער היים

די ווירטשאַפטלעכע לאַגע אין רהיין-געביט איז ווייטער געבליבן אַ שווערע. טויזנטער פאַראָרעמטע וויין-פּויערן און אַרבעטסלאָזע האַנטווערקער זיינען אַרומגע-גאַנגען פאַרביטערט, אָן באַשעפטיקונג און אָן ברויט. עס האָבן זיך אין ברייטע פאָלקס-קרייזן באַנייט די אַמאָליקע סימפּאַטיעס צו פראַנקרייך. פון פּאַריז, דער שטאָט פון דער יולי-רעוואָלוציע, האָט מען דערוואַרט אַ שנעלע און ראַדיקאַלע ענדערונג צום גוטן. אַרבעטס-מענטשן, בעלי-מלאכות און אינטעלעקטואַליסטן, וואָס זיינען געקומען פון פראַנצויזישן גרענעץ-געביט, האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט ידיעות, אָפט איבערגעטריבענע און פאַנטאַסטישע, וועגן די נייע סאָציאַלע און סאָציאַליסטישע באַוועגונגען, וועלכע פּריידיקן אידייען פון אַלגעמיינער פרייהייט און גערעכטיקייט. דער באַרימטער פראַנצויזישער סאָציאַליסט-אוטאָפּיסט סען-סימאָן האָט אין רהיין-לאַנד געפונען אָנהענגער און אַגיטאַטאָרן, וואָס האָבן פאַרשפּרייט צווישן דער אומ-צופרידענער באַפעלקערונג זיינע לאָזונגען וועגן קאַמף פאַר סאָציאַלער און מענטש-לעכער גערעכטיקייט.

אָנהויב יאָר 1835 האָט אַ געוויסער לודוויק גאַל, וועלכער האָט זיך גערופן „דער ערשטער דייטשער סאָציאַליסט", אַרויסגעגעבן אין טריער אַ בראָשור, וואָס איז געוואָרן, אין דער שטאָט און איר סביבה, די סענסאַציע פון טאָג. דער מחבר האָט אין זיין שריפט אַפּאָטעאָזירט די אַרבעט, וועלכע איז דער יסוד פון דער וועלט און דער קוואַל פון אַלע רייכטימער, און האָט מיט פּאָלגנדיקע ווערטער פּראָקלאַ-מירט דעם קלאַסן-קאַמף: „מיליאָנען מענטשן פאַרמאָגן גאָרנישט אויסער זייערע אַרבעטס-הענט. דער קלאַס פון די אַרבעטנדיקע און דער פּריווילעגירטער קלאַס זיי-נען פון זיך אָפּגעטיילט דורך אַ תהום פון קאָנטראַסטן. זייערע לעבנס-אינטערעסן זיינען פאַרשידענע און פירן צו אַ קעגנזייטיקן קאַמף!".

די פּרייסישע מלוכה-אָרגאַנען זיינען געווען שטאַרק באַאומרואיקט צוליב דער דאָזיקער „שטאַטס-געפערלעכער", ווי זיי האָבן עס גערופן, אַגיטאַציע. די פּאָליציי האָט זיך נענטער פאַראינטערעסירט מיט דער פּערזאָן פון לודוויק גאַל, און האָט גענוי אָבסערווירט אַלע זיינע אָנהענגער. אויך די קאַטוילישע קירך איז נישט גע-בליבן פּאַסיוו. דער טריערער אַרצי-בישאָף האָט אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן אויפרוף צו די גלויביקע מיט אַ וואָרנונג פאַר די „נייע געפערלעכע און גאָטלאָזע אידייען".

די רעפּרעסיעס פון דער רעגירונג האָבן זיך פאַרגרעסערט, ווען זי איז געוויר געוואָרן, אַז אין דער טריערער גימנאַזיע איז פאַראַן אַן אָרגאַניזירטע גרופּע פון שי-לער, וואָס פאַרשפּרייט די בראָשור פון גאַל און אַנדערע רעוואָלוציאָנערע שריפטן. אין בערלין איז גראָד דעמאָלט נאָך פאַרשאַרפט געוואָרן דער רעאַקציאָנערער רע-זשים קעגן די „דעמאַגאָגן" און אַ ספּעציעלע רעגירונגס-קאָמיסיע האָט באַקומען די אויפגאַבע „צו אונטערדריקן אַלע פּאָליטיש-געפערלעכע שטרעמונגען".

די גימנאַזיע, אין וועלכער קאַרל מאַרקס האָט זיך געלערנט, האָט איצט איבער־געלעבט גרויסע געשעעניש. די אַדמיניסטראַטיווע און פּאָליציייִשע אָרגאַנען האָבן דורכגעפירט רעוויזיעס סיי אין שול־בנין און סיי אין די פּריוואַט־וווינונגען פון אַ סך שילער און אַפילו לערער. אַ פּאָר גימנאַזיסטן פון די העכערע קלאַסן האָט מען אַרעסטירט. עס זיינען ביי זיי געפונען געוואָרן „שטאַטס־געפערלעכע" אויפ־רופן און שריפטן. לויט דעם באַריכט, וועלכן דער פּאָליציי־פּרעזידענט האָט צוגע־שטעלט קיין בערלין, איז אויסגעקומען, אַז „די טריערער גימנאַזיע איז געווען דער אמת'ער נעסט פון דעמאָראַליזאַציע און אַנאַרכיע. די דיסציפּלין האָט דאָרט אויפ־געהערט, די שילער פון די העכערע קלאַסן שלעפּן זיך אַרום ביז שפּעט אין דער נאַכט איבער די ווײַנשטובן און פאַרדעכטיקע לאָקאַלן, אַן אַנטי־מלוכה'שע אַגיטאַציע ווערט געפירט דורך געהיימע קרייזלעך, דער דירעקטאָר וויטענבאַך איז צו ווייך און צו שוואַך צוליב זיין ליבעראַלער דאָקטרינערישקייט, און אַ טייל פּראָפעסאָרן מיט דעם לערער פון מאַטעמאַטיק און נאַטור־געשיכטע שטיינינגער בראש, סימפּאַטיזירן אָפן מיט די דעמאָקראַטישע לאָזונגען".

מ'האָט פּאָרויסגעזען גרויסע ענדערונגען אין דער גימנאַזיע. דערווייל איז פאַר־שאַרפט געוואָרן די דיסציפּלין און דער לערן־סיסטעם. און דאָס איז געשען גראָד אין אַ צייט, ווען קאַרל מאַרקס האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקן די גימנאַזיע און האָט זיך געגרייט צום מאַטורע־עקזאַמען. דער 17־יעריקער קאַרל האָט נישט גענו־מען קיין אַקטיוון אָנטייל אין דער פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט פון געהיימען קרייזל, הגם צווישן זיינע צאָלרייכע פּאַמפּלעטן און סאַטירן, וועלכע ער האָט געשריבן אין דער גימנאַזיע, געפינען זיך אויך אַזעלכע מיט אַ בולט'ער פּאָליטישער טענדענץ. אָבער דער טעמפּעראַמענט־פולער און גייסטיק־אַנטוויקלטער גימנאַזיע־אַביטוריענט מאַרקס האָט נישט געקאָנט בלייבן און איז נישט געבליבן פרעמד לגבי די ליידנשאַפטלעכע פּאָליטישע און סאָציאַלע פראַגן, וואָס זיינען אויפגעשוווּמען סיי אין דער שול און סיי אין דער היימישער סביבה.

אין אַ געווינטן אָוונט, אָנהויב פרילינג 1835, זיינען צום אַדוואָקאַט היינריך מאַרקס אַריינגעקומען אין שטוב צוויי באַזוכער, פון וועלכע איינער איז דעם בעל־הבית באַקאַנט געווען אַלס זיין געוועזענער יידישער יוסטיץ־געהילף מאַרקוס לעווי, בעת דער צווייטער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס לודוויק גאַל, דער מחבר פון דער דערמאָנטער סאָציאַליסטישער בראָשור. היינריך מאַרקס איז געווען שטאַרק דער־שטוינט צוליב דעם דאָזיקן באַזוך. אָבער ווי תמיד, האָט ער אויך די דאָזיקע געסט אויפגענומען פריינטלעך, געהייסן זיי זיצן און דערלאַנגט אַ שאַכטל ציגאַרן.

„איר ווייסט, הער יוסטיץ־ראַט", האָט אָנגעהויבן רעדן מאַרקוס לעווי, „אַז איך בין געווען קריטיש איינגעשטעלט לגבי אייך און אייער גוזלשאַפטלעכער טעטי־קייט. אָבער דאָס געהערט שוין צו דער פאַרגאַנגענהייט. איר זייט, הער מאַרקס, גע־פאַלן אַ קרבן פון דער פּרייסישער רעאַקציע, און מיט אייער „מאַרסיליעזע"־געזאַנג האָט איר אַרויסגעוויזן מוט און כאַראַקטער. איך בין מיט מיין קאַמעראַד גאַל גע־קומען צו אייך מיט אַ פּאָזיטיוון פאָרשלאַג. מיר ווילן אייך געווינען און שטעלן בראש פון אונזער באַוועגונג און......".

היינריך מאַרקס האָט געוואָלט אים איבעררייסן, אָבער מאַרקוס לעווי איז גע־בליבן ביים וואָרט און האָט ממשיך געווען: „אַנטשולדיקט, הער יוסטיץ־ראַט, לאָזט

מיך פארענדיקן, און דאן וועט איר ענטפערן. אייער געזעלשאפטלעכע ראלע אין דער קאנסטיטוציאנעלער פארטיי איז א געענדיקטע. מיט אייער טאט האט איר ארויסגערופן דעם צארן פון דעם פרייסישן פאליציי־רעזשים, אבער אייערע פאליטישע פריינט זיינען פחדנים, זיי האבן אייך געלאזט פאלן. אייער פלאץ איז נישט מער ביי זיי, נאר ביי אונז, אין דער נייער דעמאקראטישער און סאציאליסטישער באוועגונג. מיר ווילן זיך שטיצן אויף די מאסן פון דעם פאראראמטן פויערטום און בעלי־מלאכות. מיר ווען בויען א ניי, פריי און גערעכט דייטשלאנד. מיר דארפן דא האבן בראש פון אונזער באוועגונג אין טריער א באוווסטן מענטשן מיט א נאמען און מיט אן אויטאריטעט, א רעדנער און א פאליטיקער. מיר דארפן אייך האבן און איר דארפט אונז האבן. ווי קאן א ייד זיין עפעס אנדערש ווי א דעמאקראט און א סאציאליסט ? ? ?...״

ווידער האט היינריך מארקס געמאכט אן אומגעדולדיקע באוועגונג, אבער מארקוס לעווי איז געווען אין שוווּנג פון זיין רעדע און האט זיך נישט געלאזט איבעררייסן:

„אנטשולדיקט, הער יוסטיץ־ראט, איך ווייס, אז איר זייט געווארן א קריסט פון לוטעראנישן גלויבן. ביי מיר קאנט איר פועל'ן, אז איך זאל אייך אנערקענען אלס א קריסט. אבער אונזער ביידנס מיינונג איז נישט אנטשיידנדיק. וויכטיק איז דאס, וואס זיי, די קריסטן, טראכטן וועגן אייך. ביי זיי זייט איר געווען און געבליבן א ייד. צי בין איך נישט גערעכט, קאמעראד גאל? דאס וועט אייך, הער יוסטיץ־ראט, באשטעטיקן יעדער אביעקטיווער קריסט. ווי לאנג איר זייט געשטיגן אין מאכט, איינפלוס און פארמעגן, האט מען אייך געחנפעט און מ'האט געמאכט אן אנשטעל, ווי איר וואלט געווען א קריסט מיט קריסטן גלייך. אבער זעט, ביים ערשטן דורכפאל האבן זיי אייך פארלאזט און איר זייט ווידער ביי זיי נישט מער ווי „דער יודע". אונזער עכט־דעמאקראטישע, סאציאליסטישע באוועגונג הויבט איצט אן אין דייטשלאנד איר טעטיקייט. זי וועט וואקסן פון יאר צו יאר, זי וועט געווינען כח און איינפלוס! באלד וועט דא דער סאציאליזם ווערן די גרעסטע מאכט אין לאנד. קומט צו אונז, הער יוסטיץ־ראט!".

היינריך מארקס האט אויסגעהערט ביז צום סוף, די אויספירונגען פון זיין געוועזענעם געהילף, און דאן האט ער געענטפערט געלאסן, מיט א געוויסן טאן פון טרויעריקער רעזיגנאציע :

„מיין ליבער פריינט לעווי, איר זייט טאקע א גלענצנדיקער אראטאר און רעדט טאקע גאנץ פיין. אבער אייער מי איז געווען בחינם. איך וועל זיך נישט פארבינדן מיט אייך, הער לעווי און הער גאל! איך בין שוין אלט און מיד, לעצטנס בין איך ערנסט קראנק. ס'איז נישט פאר מיר אייער באוועגונג. איך גלויב נישט אין אייער סאציאליזם! דאס איז א שעדלעכע, געפערלעכע אוטאפיע. איך בין א ליבעראל פון פאריקן יארהונדערט און עס עקזיסטירט ביי מיר איין פרייהייט, איין איינציקע, געמיינזאמע און אומפארטיילטע פרייהייט. סאציאליזם איז צוואנג. און שאפט איר אפ די עקאנאמישע פרייהייט, קאן אויך מער נישט עקזיסטירן די פאליטישע אדער גייסטיקע פרייהייט. איך גלויב אפשר נישט אין דער קריסטלעכער דריי־אייניקייט, אבער איך גלויב ערלעך אין דער דעמאקראטישער דריי־אייניקייט פון ווירטשאפטלעכער, פאליטישער און גייסטיקער פרייהייט!......".

די געסט האָבן זיך אויפגעהויבן און גענומען זיך געזעגענען. לודוויק גאַל האָט נאָך געזאָגט צום סוף: „מ'זעט, הער יוסטיץ־ראַט, אַז איר זייט מיד און אַלט, און אַז איר געהערט צו די ליבעראַלן פון פאַריקן יאָרהונדערט. אָבער אייער זון וועט זיכער זיין אַ סאָציאַליסט!".

היינריך מאַרקס און זיינע געסט האָבן זיך געוואָנדן צו קאַרלען, וועלכער איז די גאַנצע צייט געזעסן אין אַ ווינקל און האָט מיט שפּאַנונג זיך צוגעהערט צו דעם פּאָליטישן וכוח. דער פאָטער האָט קאַרלען אָנגענומען ביי דער האַנט מיט אַ באַוועגונג פון טרייער ליבשאַפט, און האָט געזאָגט צו זיינע אַוועקגייענדיקע געסט:

„ס'קאָן זיין, אַז מיין זון וועט ווערן אַ סאָציאַליסט, אָבער דערוויל פאַרדרייט אים נישט דעם קאָפּ און לאָזט אים רואיק פאַרענדיקן די שול!".

## זיבצענטער קאַפּיטל.

## די ערשטע און לעצטע ליבע פון קאַרל מאַרקס.

דריי ענינים האָבן ביים אָנהויב פון יאָר 1835 באַהערשט די נשמה און די צייט פון 17־יעריקן קאַרל מאַרקס. דאָס זיינען געווען: 1) די צוגרייטונג צום מאַטורע־עקזאַמען, 2) די פּאָליטישע פאַראינטערעסירונג, 3) די ליבע צו זשעני פאָן וועסטפאַלן. אייגנטלעך, האָט דאָס לעצטע פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ. קאַרל איז געווען פאַרליבט, ווי מ'זאָגט, איבער די אויערן, אין דער שיינער און געבילדעטער טאָכטער פון געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן. אין אָנהויב פלעגט ער זיך מיט איר טרעפן בלויז זעלטן, ווי צופעליק, אין דער ברייטער און זוניקער וווינונג פון די וועסטפאַלנ'ס אויף דער רוימער־גאַס. ס'איז נאָך נישט געווען קלאָר, אפילו פאַר קאַרלען גופא, צו וועמען ער קומט אייגנטלעך: צו זיין גימנאַזיע־חבר עדגאַר, צום געהיימראַט, אָדער גאָר צו זשעני. אָבער שפּעטער האָבן אַלע באַמערקט, אין דער שול און אין דער שטאָט, די נאָענטע, פריינטשאַפטלעכע באַציאונגען צווישן דעם זון פון יוסטיץ־ראַט מאַרקס און דער 21־יעריקער בחנ'טער טאָכטער פון געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן. ס'איז מער נישט געווען קיין סוד, אַז צווישןביידע יונגע מענטשן אַנטוויקלט זיך אַ ראָמאַנטישע, הייסע ליבע. מ'האָט דאָס פאַרליבטע פּאָרל געזען אָפט שפּאַצירן אויף די ברעגעס פון טייך מאָזעל, אָדער ווען זיי זיינען געזעסן אויף אַ באַנק אין די שאָטנ'דיקע אַלייען, צוגעטולעט צו זיך און פאַרטון אין אינטימע שמועסן. די קליינשטעטלדיקע רכילות'ניקעס פון ביידע געשלעכטער האָבן באַקומען פרישע „מטעמים" פאַר זייער לשון־הרע־טרייבן.

זשעני פאָן וועסטפאַלן איז געווען, ווי געזאָגט, אַ באַוווסטע שיינקייט. איר פאָטער, דער געהיימראַט, האָט פאַרנומען אין רהיין־לאַנד אַ זייער וויכטיקע און איינפלוסרייכע שטעלונג. זשעני האָט פאַרמאָגט אַלע מעלות און מעגלעכקייטן, בכדי רייך און גליקלעך חתונה צו האָבן. צענדליקער יונגעלייט פון די בעסטע און שענסטע הייזער, פאַרמעגלעכע קאָמערסאַנטן אָדער הויכע רעגירונגס־באַאַמטע האָבן געבעטן איר האַנט. און דאָך האָט זי פון אַלע אויסגעוויילט דעם דאָזיקן 17־יעריקן גימנאַזיסט מיט די שוואַרצע האָר־לאָקן און טונקעלע געזיכטס־צוגן. אים

האָט זי ליב באַקומען פון גאַנצן האַרצן און געשווירן אייביקע, עכטע טריישאַפט. נאָר ביי אים, ביי קאַרל מאַרקס'ן, האָט זי געזען דאָס צוקונפטיקע גליק פון איר לעבן. איר מיוחס'דיקע סביבה איז צו איר צוגעשטאַנען מיט ביטערע פאַר־וואורפן און טענות: „וואָס זעסט דו, זשעני, אין דעם דאָזיקן „יידישן" יונגנמאַן. נישט ער איז שיין און נישט ער וועט ירשנ'ען פון פאָטער א פאַרמעגן. דו ביסט, זשעני, בלינד, און מאַכסט דיך אומגליקלעך. און ווי ליכט קאָנסט דו זיין רייך און גליקלעך דאָס גאַנצע לעבן!?".

זשעני פאָן וועסטפאַלן האָט פון אירע ייִנגסטע יאָרן אָן ליב געהאַט די ראָמאַנ־טיק, די פּראַכט פון דער נאַטור און די שיינקייט פון פּאָעזיע. זי האָט נישט געטראַכט וועגן יחוס אָדער פאַרמעגן נאָר וועגן גליק און ליבע. און דאָס האָט זי געפונען אין קאַרל מאַרקס'ן. זי איז געווען פאַרכשופ'ט מיט זיינע לידער, וועלכע ער האָט איר פאַרגעלייענט, און פאַרשכור'ט מיט דער הערלעכער, פּאָעטישער שפּראַך פון זיין דיכטערישער וויזיע. זי האָט אין קאַרלען געגלויבט, טיף און ערלעך, און איז געווען איבערצייגט אַז זי האָט צו טון מיט א צוקונפטיקן דיכטערישן גאון, מיט א צווייטן היינריך היינע.

קאַרל האָט געשריבן געפיל־פולע, סענטימענטאַלע לידער. זיין גאַנצע, פאַרליב־טע נשמה האָט ער אין זיי געבראַכט צום אויסדרוק. אפשר איז זיין פּאָעזיע געווען, באַוווסטזיניק אָדער אומבאַוווסטזיניק א מיטל צו געווינען די ליבע פון זשעני. זשעני איז געווען זיין ערשטע ליבע און זי איז אויך געבליבן זיין לעצטע. קיין אַנדערע עכטע ליבע צו א פרוי האָט ער אין זיין גאַנץ לעבן נישט געהאַט. ער איז שפּעטער פון דער פּאָעזיע לגמרי אַוועק, ווייט פון איר אַוועק אויף די פּראָזאַאישע וועגן פון אַן עקזאַקטער, טרוקענער וויסנשאַפט. אָבער זיין יוגנט־ליבע צו זשעני איז ער געבליבן טריי און איבערגעגעבן, אַזוי ווי אין דער ערשטער ראָמאַנטישער גימנאַזיסטן־צייט, ווען ער איז געווען א פּאָעט און האָט מיט זיין דיכטערישער וויזיע פאַרכשופ'ט דאָס יונגע טעכטערל פון געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן.

דער געהיימראַט איז ווייט נישט געווען פאַרכשופ'ט מיט קאַרל'ס פּאָעזיע. ער איז גראָד געווען א מבין אויף עכטער, גוטער דיכטונג, און האָט זיך נישט לייכט געלאָזט פאַרפירן דורך סענטימענטאַלע ווערטער און שיין־קלינגנדיקע מליצות. זיין מיינונג וועגן די לידער, וועלכע קאַרל האָט אים פאָרגעלייענט, איז געווען א קרי־טישע. ער האָט אין דעם יונגן מאַרקס נישט געזען דעם צוקונפטיקן דיכטערישן זשעני. פאָן וועסטפאַלן איז געווען א קענער פון דער קלאַסישער און נייער פּאָע־זיע. ער האָט א סך פאַרלאַנגט, און אָפט ציטירט די מיינונג פון געטהע וועגן דעם, אַז „די מאָדערנע דיכטער מישן זייער טינט מיט זייער א סך וואַסער!".

לודוויק פאָן וועסטפאַלן האָט געוווסט וועגן דער ליבע צווישן קאַרלען און זיין טאָכטער. ער האָט ביי זיך באַשלאָסן, אַז ער וועט דער דאָזיקער ליבע נישט מאַכן קיין שום שוועריקייטן. קאַרל איז נישט קיין וויכטיקער דיכטער, אָבער ער איז זייער אינטעליגענט, קלוג, אַרבעטסזאַם, מיט א סך פעאיקייטן און מיט א שטאַרקער אַמביציע. ער וועט זיכער ירש'נען נאָך זיין פאָטער די אַדוואָקאַטישע קאַנצעלאַריע און אַלס א יוריסט וועט ער זיין וועג אין לעבן געפינען. קאַרל האָט א שטאַרקן ווילן און א מענערישן מוט, ער וועט זשעני פאַרזיכערן א גליקלעכע צוקונפט. זאָלן זיי, די קינדער, הייראַטן!!! —

פאָן וועסטפאַלן האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט זיין פּאָטערלעכער הסכמה, איז די זאַך נאָך ווייט נישט דערליידיקט. די אַריסטאָקראַטישע משפחה וועט אַלץ טון, בכדי נישט צוצולאָזן צו דעם דאָזיקן „חרפּה'דיקן" שידוך. דער געהיימראַט האָט געטראַכט וועגן זיין עלטסטן זון, וועלכער איז מיט יאָרן אַוועק קיין בערלין און האָט דאָרט געמאַכט אַ גרויסע קאַריערע אַלס אַ רעאַקציאָנערער ביוראָקראַט. ער איז אַ גאַנצער מקורב צום קעניגלעכן הויף און זאָל איצט גאָר ווערן אַ פּרייסישער מיניסטער. דער געהיימראַט האָט זיך פאָרגעשטעלט זיין צאָרן, ווען ער וועט זיך דערוויסן, אַז זיין שוועסטער זשעני גייט חתונה האָבן מיט אַ זון פון אַ פּשוט'ן אַדוואָקאַט און נאָך דערצו אַ געשמד'טן ייד. אָבער לודוויק פאָן וועסטפאַלן איז טריי געבליבן די פּאָרטשריטלעכע טראַדיציעס פון זיינע אבות און איז געווען אַנטשלאָסן דורכצוזעצן זיין ווילן קעגן דער גאַנצער מיוחס'דיקער משפחה און קעגן זיין רעאַקציאָנערן זון, וואָס האָט פאַראַכטן די אידעאַלן פון זיין פּאָטער.

אַ פולשטענדיק אַנדערע מיינונג וועגן דער זאַך, האָט געהאַט דער יוסטיץ־ראַט היינריך מאַרקס. ער האָט געהאַלטן די ליבע פון זיין זון צו זשעני פאָן וועסטפאַלן פאַר אַ קינדערישע פאַנטאַזיע. קאַרל איז דאָס אייניקל פון טריערער ראַבינער לוי מאַרקס, ער איז יונג און אָן אַ פאַרמעגן. זשעני איז די טאָכטער פון אַן אַריסטאָקראַטישער, רייכער משפחה. צי קאָן דאָס זיין אַ זיווג!? קאַרל האָט דיכטערישע פאַנטאַזיעס, זיין ליבע צו זשעני איז אויך אַזאַ מין פּאָעטישער איינפאַל! אָבער פּאָעזיע איז אַ זאַך פון ראָמאַנטישער יוגנט, דאַקעגן הייראַטן איז אַן ערנסטער ענין.

אויך הענריעטע האָט מסכים געווען מיט דער דאָזיקער מיינונג. קאַרל דאַרף איצט ענדיקן די גימנאַזיע און דאַן וועט ער שטודירן רעכטוויסנשאַפטן און ווערן אַן אַדוואָקאַט, ווי זיין פּאָטער. ער האָט צייט חתונה צו האָבן! און ווען דערצו דער ריכטיקער מאָמענט קומען, דאַרף ער פאַר זיך געפינען אַ פרוי פון אַ בירגערלעכער, פאַרמעגלעכער משפחה. מ'טאָר נישט אַריינקריכן אין אַזאַ פרעמדער, אַריסטאָקראַטישער סביבה, וווּ מ'האָט בתכלית השנאה פיינט יידן און געוועזענע יידן.

דאָס אַלץ האָט מאַדאַם הענריעטע אַרויסגעזאָגט מיט אַ שטילן, רעזיגנירטן טאָן. זייט אַ פּאָר יאָר איז זי כסדר געווען גייסטיק־דעפּרימירט, האָט זיך ווייניק אַריינגעמישט אין די ענינים פון איר מאַן און פון די אויפוואַקסנדיקע קינדער, און איז ביי טאָג און ביי נאַכט באַשעפטיקט געווען אינטענסיוו און אומדערמידלעך ביי די פאַרשידענע שווערע הויז־אַרבעטן.

היינריך מאַרקס איז געווען פעסט אַנטשלאָסן נישט צוצולאָזן צו דער הייראַט צווישן קאַרלען און זשעני. אין אַ פּאָר חדשים וועט קאַרל פאַרענדיקן די גימנאַזיע. גלייך וועט ער אים שיקן צום ווייטן בערלין, שטודירן אויף דעם דאָרטיקן אוניווערסיטעט. אין דער נייער סביבה וועט קאַרל זיכער פאַרגעסן אין זיין יוגנטלעכער, נאַרישער ליבע!

די עלטערן האָבן אַ טעות געהאַט. די ליבע פון קאַרלען צו זשעני פאָן וועסטפאַלן איז נישט געווען קיין פּאָעטישער איינפאַל. זי איז געוואָרן דער אינהאַלט פון קאַרל'ס נשמה, דער חלום פון זיין לעבן. קאַרל האָט געהאַט אַ שטאַרקן כאַראַקטער. ער האָט זיין חלום פאַרווירקלעכט. זשעני, די ערשטע און לעצטע ליבע פון קאַרל מאַרקס'ן איז שפּעטער געוואָרן זיין געזעצלעכע פרוי און די מוטער פון זיינע קינדער.

# אכצענטער קאַפּיטל.

## דיכטערישע חלומות און גרויע ווירקלעכקייט.

איינער פון קאַרל׳ס נאָענטע קלאַס־חברים איז פּלוצלינג געשטאָרבן. דאָס איז געווען אַן אינטעליגענטער און סובטעלער יונגער מענטש, וועלכער האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט פּאָעזיע, האָט אַליין געשריבן אַ פיינע ליריק, און איז געווען איינער פון די געציילטע שול־פריינט פון קאַרל מאַרקס׳ן. בעת די דערמאָנטע געשעענישן אין דער גימנאַזיע, האָט אים די פּאָליציי אַרעסטירט און ער איז אָפּגעזעסן אַ פּאָר וואָכן אין דער תפיסה. נאָך זיין באַפרייאונג, האָט ער אַ קורצע צייט גע־קרענקט און איז פּלוצלינג געשטאָרבן. ער איז געווען לונגען־קראַנק און האָט גע־ירשנ׳ט זיין קראַנקהייט פון פאָטער, אַ שטאָט־באַקאַנטן, איינגעדאַרטן און בלאַסן געריכטס־פּראָטאָקולאַנט. צווישן דער שול־יוגנט האָט זיך אָבער פאַרשפּרייט אַ ווער־סיע, אַז זייער חבר איז נישט געשטאָרבן צוליב אַ נאַטירלעכן טויט, נאָר, אַז ער האָט זיך אַליין פאַרסמט. זיין זעלבסטמאָרד איז געווען, אַזוי האָט מען זיך דער־ציילט, אַ רעזולטאַט פון זיין גייסטיקער דעפּרעסיע נאָך די תפיסה־איבערלעבענישן און פון זיין דיכטערישן „וועלט־שמערץ״, מיט וועלכן ער האָט זיך אַרומגעטראָגן שוין אַ פּאָר יאָר. אויף זיין טויטן־בעט האָט מען געפונען דאָס באַרימטע ווערק פון געטהע: „די ליידן פון יונגן ווערטער״, וואָס האָט אין יענער תקופה אַ סך ראָמאַנ־טישע יונגעלייט פאַרפירט צום זעלבסמאָרד.

די לויה פון יונגן גימנאַזיסט איז פאָרגעקומען אין אַ פּרעכטיקן, זוניקן מאַי־טאָג. די טרויעריקע געזיכטער פון די לויה־באַגלייטער, צווישן וועלכע ס׳איז אויך געווען קאַרל מאַרקס, האָבן מיט זיך געשאַפן אַ סתירות־פולן קאָנטראַסט צו דער אַרומיקער, זוניקער און אויפגעבליטער נאַטור. מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און מיט צע־בראָכענע הערצער זיינען די יונגע גימנאַזיסטן געשטאַנען אַרום דעם פרישן קבר פון זייער חבר, אויפן קאַטוילישן בית־הקברות. בעת מ׳האָט צום סוף, אויף דעם צו־מאַכנדיקן זיך קבר, געוואָרפן ערד און בלומען, האָט דער סאָציאַליסט לודוויק גאַל געזאָגט אַ פּאָר אָפּשיידס־ווערטער, מיט דעם מוסר השכל, אַז מ׳מוז קעמפן פאַר אַ נייער, בעסערער און גערעכטערער וועלט־אָרדענונג, ווייל דער אַרבעטס־מענטש האָט גאָרנישט צו פאַרלירן אַ חוץ זיין שקלאַפעריי.

אַהיימגייענדיק ביחידות, טיף פאַרזונקען אין מחשבות, האָט קאַרל מאַרקס, שוין ביים ראַנד פון בית־הקברות, באַמערקט דעם פאַרשימלטן, מיטלאַלטערלעכן קבר־שטיין פון אַרצי־בישאָף עבערהאַרד, וועגן וועלכן מען האָט אים אַ פּאָר מאָל דער־ציילט מערקווירדיקע, פאַנטאַסטישע זאַכן. דער דאָזיקער אַרצי־בישאָף איז געווען אַ פאַרביסענער שונא ישראל און האָט באַשלאָסן אַרויסצוטרייבן די טריערער יידן. פאַרשטענדלעך, נאָך דעם קאָנפיסקירן זייער האָב־און־גוטס. בכדי צו געווינען פאַר דעם דאָזיקן „פרומען״ פּלאַן גאָט׳ס ברכה און הילף, האָט ער אין דער קירך איינגע־אָרדנט אַ ספּעציעלן פייערלעכן געבעט. צום סוף פון געבעט, בעת דער אַרצי־בישאָף איז געשטאַנען און האָט געדרשנ׳ט, איז ער פּלוצלינג אומגעפאַלן און געשטאָרבן. וועגן דעם האָט דערציילט באַריכות די אויפשריפט, וועלכע איז מיט גאָטישע אותיות

איינגעקריצט געוועזן אויף דעם קבר־שטיין. און זי האָט נאָך צוגעגעבן, אַז צום פּלוצלינגן טויט פון קירכן־פירשט זיינען גורם געווען די יידן מיט זייער פאַרשאָל־טענעם כשוף. די אויפשריפט איז געווען אַ זייער אַלטע און אָפּגעריבענע, אָבער די פאַרוואַלטונג פון קאַטוילישן בית־הקברות האָט זי כסדר געלאָזט אויפפרישן, משמעות, בכדי די פרומע באַזוכער זאָלן געניי וויסן וועגן דער „שרעקלעכער יידישער גרויל־טאַט", וואָס האָט פּאַסירט מיט אַ פּאָר יאָרהונדערטער צוריק.

קאַרל מאַרקס'ן איז איינגעפאַלן דער געדאַנק צו באַזוכן דעם שכנות'דיקן יידישן בית־עלמין און צו געבן אַ קוק אויף די קברים פון זיידן און פעטער. ער האָט זיך אָבער געאײַלט צו אַ זייער וויכטיקער שול־לעקציע און האָט אין זיך קוים גובר גע־ווען, מיט אַ שטאַרקער ווילן־אָנשטרענגונג, דעם דאָזיקן מערקווירדיקן חשק, וואָס איז אים אַזוי פּלוצלינג באַפאַלן אין אַ שיינעם מאַי־טאָג, אָן אַ־פּאַרוואָס און אָן אַ פאַרווען. גייענדיק אין דער ריכטונג פון דעם גימנאַזיע־בנין, וואָס איז ווייט געלעגן פון בית־הקברות, האָט קאַרל מאַרקס געטראַכט וועגן דער אויפשריפט אויף דעם אַר־ציבישאָפ'ס קבר, און דאָן ווידער וועגן די מצבות פון די צוויי טריערער רבנים אויף דעם יידישן בית־עלמין.

קאַרל האָט אַליין נישט געוווסט, ווי ס'איז אים אויפאיינמאָל געקומען אין זכרון אַ וווּנדערבאַרע מעשה, וועלכע די מאַמע האָט אים אַמאָל אין דער קינדער־צייט דערציילט. דאָס איז געווען אַ לעגענדע וועגן אַ מיטלאַלטערלעכן, באַרימטן יידישן וווּנדער־ראַבינער. (אויב ער האָט נישט קיין טעות, איז דאָס געווען דער גרויסער רבי פון פּראָג, דער שעפער פון „גולם"). איינמאָל, האָט דער דאָזיקער וווּנדער־רבי געטראָפן ביינאַכט אין זיין שול דעם מלאך־המות מיט אַ לאַנגער ליסטע פון יידן, וואָס האָבן געדאַרפט שטאַרבן במשך דעם יאָר. ס'איז געווען ערב דעם יידישן ניי־יאָר און אין דער שטאָט האָט געבושעוועט אַ מגפה, וואָס האָט פאַרשלונגען פיל קרבנות. דער וווּנדער־רבי האָט קיין סך נישט געטראַכט און האָט בליצשנעל אַרויס־געריסן די ליסטע פון מלאך המות האַנט. אָבער אַ שטיקל פון דער ליסטע, און גראָד מיטן נאָמען פון רבי, איז געבליבן אין דער האַנט פון מלאך המות. דער רבי האָט בזה האופן אָפּגעראַטעוועט פון טויט הונדערטער יידן, אָבער אַליין איז ער באַלד געשטאָרבן.

„ס'איז אַ וווּנדערבאַרע לעגענדע, די דאָזיקע דערציילונג פון מיין מוטער", האָט באַשלאָסן ביי זיך קאַרל מאַרקס „ווען מ'זאָל דאָס פּאָעטיש באַאַרבעטן, וואָלט דער איינדרוק געווען נישט קיין קלענערער, ווי פון היינריך היינע'ס „דער רבי פון באַכאַ־ראַך".

פאַרטראַכט אין זיין דיכטערישן חלום, מיט די פרישע איינדרוקן פון קאַטוילישן בית־הקברות און מיט די אַמאָליקע רעמיניסצענצן פון יידישן בית־עלמין, איז קאַרל אַריין אין זיין קלאַס־צימער, ווו אַ פּאָר־צענדליק דערוואַקסענע גימנאַזיסטן זיינען שוין געזעסן ביי אַ שריפטלעכער אַרבעט פון מאַטורע־עקזאַמען. דער פּראָפעסאָר פון ליטעראַטור, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער לעקציע, האָט געוואָרפן אַ שאַרפן בליק אויף דעם פאַרשפּעטיקטן תלמיד. ער האָט אים געוואָלט מאַכן אַ פאַרוואורף, אָבער דערזעענדיק פאַר זיך די אומעטיקע, פאַרחלומט'ע אויגן פון יוסטיץ־ראַט'ס זון, האָט ער עס אויסגעטייטשט אַלס אַן אויפריכטיקן צער צוליב דער לויה פון שול־חבר.

דער פּראָפעסאָר האָט זיך געמאַכט נישט־זעעוודיק, בעת מאַרקס האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ אין דער באַנק און איז צוגעטרעטן צו דער שרייב־אַרבעט. די טעמאַטיק פון דער שול־אויפגאַבע איז געווען: „די געדאַנקען פון אַ יונגן מענטש ביים אויס־קלויבן דעם לעבנס־באַרוף".

קאַרלען האָט באַהערשט די גרויע, טאָגטעגלעכע ווירקלעכקייט. ער האָט זיך באַמיט צו פאַרגעסן די קברים־איינדרוקן, די מיטלאַלטערלעכע לעגענדעס און פּאָעט־טישע רעפלעקסן. פון דעם רעזולטאַט פון מאַטורע־עקזאַמען איז דאָך געווען אָפּ־העגניק זיין צוקונפט! ער האָט געוואָלט זיין פּראַקטיש און רעאַליסטיש און אַזוי האָט ער אויך אָנגעהויבן שרייבן זיינע „געדאַנקען פון אַ יונגן מענטש ביים אויס־קלויבן דעם לעבנס־באַרוף". קאַרל האָט זיך דערמאָנט וועגן דעם ווונטש פון פּאָטער, אַז ער זאָל ווערן אַ טעכניקער, פיזיקער אָדער כעמיקער. „ניין", האָט ער ווידער־אַמאָל ביי זיך באַשלאָסן, „קיין אינזשיניער וועל איך נישט ווערן. איך וועל שטודירן רעכטס־וויסנשאַפט און מן הסתם אויסווילן מיין פאָטער'ס באַרוף, די אַדוואָקאַטור". אין דער דאָזיקער ריכטונג זיינען געגאַנגען די אויספירונגען פון זיין שריפטלעכער שול־אַרבעט. אָבער צום שלום האָבן אים ווידער באַהערשט פּאָעטישע שטימונגען און ער שרייבט ווערטלעך: „ווען מיר האָבן געוויילט דעם באַרוף, אין וועלכן מיר זיינען ביכולת אַמבעסטן צו דינען דער מענטשהייט, זאָל אונז נישט אָפּשרעקן די שווערע לאַסט, וועלכע מיר נעמען אויף אונז! דאָס זיינען קרבנות, וועלכע מיר דאַרפן ברענגען לטובת דעם כלל. וואָס מער מענטשן מיר מאַכט גליקלעך, אַלץ מער איז מען אַליין גליקלעך! יעדע רעליגיע לערנט אונז וועגן דערגרייכן אַ מדרגה, אין וועלכער מיר קאָנען זיך מקריב זיין פאַר דער מענטשהייט!".

די דאָזיקע אויטענטישע ווערטער, וועלכע דער 17־יעריקער קאַרל מאַרקס האָט געשריבן אין זיין שריפטלעכער מאַטורע־אַרבעט, זיינען געווען נישט בלויז זיין פּער־זענלעכער אני־מאמין. דאָס איז געווען די וועלט־אַנשויאונג, אין וועלכער עס האָט געגלויבט און מיט וועלכער עס האָט שטאָלצירט די גאַנצע דאַמאָלדיקע יוגנט. ווער, מיט אַ גרעסערן און ווער מיט אַ קלענערן גלויבן, ווער, מיט אַן אמת'ער און ווער מיט אַ געמאַכטער אויפריכטיקייט. אָבער אַלע האָבן וועגן דעם געטראַכט און גע־רעדט. דאָס האָט געהערט צו די סימנים פון אַ יונגן מענטש. מ'איז געווען גרייט פאַר אידייען, פאַר דעם גליק פון דער מענטשהייט, צו קעמפן און צו ליידן, צו זיצן אין תפיסות און צו וואַלגערן זיך אין פרעמדע גלות'ן, צו לעבן אין הונגער און נויט, און ווען ס'וועט זיין נויטיק, צו שטאַרבן אויף באַריקאַדן.

דאָס איז געווען די אמונה, די הייליקע שבועה פון יענע יוגנטלעכע דורות ביים אָנהויב פון נייצענטן יאָרהונדערט. דאָס איז אויך געוואָרן דער לייט־מאָטיוו פון קאַרל מאַרקס'נס לעבן.

## נייצענטער קאַפּיטל.

## צו אַ נייעם, אייגענעם לעבנס־וועג.

די לעצטע שריפטלעכע און מינדלעכע אַרבעטן ביים מאַטורע־עקזאַמען האָבן זיך דערנענטערט צום סוף. ס'איז געווען אַ הייסער זומער און די אַבסאָלווענטן פון

דער טריערער גימנאַזיע האָבן נישט געהאַט קיין לייכטע אויפגאַבע. דער פּאָליטישער רעזשים איז געוואָרן, ווי מ'האָט שוין דערמאָנט, פאַרשאַרפט, און דאָס איז שטאַרק געקומען צום אויסדרוק אין דער גימנאַזיע. דער ליבעראַל און הומאַניסט וויטענבאַך איז אפילו ווייטער געוועזן דער שול־דירעקטאָר, אָבער די אייגנטלעכע מאַכט איז אַריבער אין די הענט פון זיין ניי־נאָמינירטן געהילף, דעם לאַטיין־פּראָפעסאָר לעהרס, וועלכער איז געוואָרן אַ געהאַרכזאַמער רעאַקציאָנערער לאַקיי ביי די פּרייסישע פּאָליציי־מושלים. אומעטום, אין דער גאַנצער שטאָט, האָבן גענישטערט שפּיאָנען און מוסרים, וואָס האָבן פאַר אַ גוטער באַלוינונג געזוכט און געפונען „דעמאַגאָגן", „יאַקאָבינער" און ענלעכע „שטאַטס־געפערלעכע עלעמענטן".

די מאַטורע־עקזאַמענס אין דער גימנאַזיע זיינען געווען אַ סך שטרענגערע ווי אין די פריקע יאָרן. מ'האָט אַ סך פאַרלאַנגט, בפרט פון די תלמידים, וואָס האָבן זיך אַלע יאָרן, אין דער גימנאַזיע, שוואַך אָדער מיטלמעסיק געלערנט. צו די לעצטע האָט אויך געהערט קאַרל מאַרקס. ער איז קיינמאָל נישט געווען פון די זייער גוטע גימנאַזיע־שילער. יעדעס יאָר פלעגט די דירעקציע אויסצייכענען אַ געוויסע צאָל פון די בעסטע תלמידים. מאַרקס האָט זיך במשך זיין גאַנצער גימנאַזיע־צייט, נאָר איינמאָל געפונען אויף דער ליסטע פון די אויסגעצייכנטע, און דערצו ערשט אויפן צענטן אָרט. קאַרל האָט זיך גוט געלערנט אַלטע און נייע שפּראַכן, ליטעראַטור און היסטאָריע, דאַקעגן איז ער שוואַך געווען אין מאַטעמאַטיק, פיזיק און נאַטור־געשיכטע. די לערער ווי די שילער האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ דיכטער, און פון אַ פּאָעט מיט אַ פריוווילעגירטער „ליצענציאַ פּאָעטיקאַ" („פּאָעטישער פרייהייט") קען מען דאָך נישט, כידוע, פאַרלאַנגען דאָס „סיסטעמאַטישע און נודנע לערנען זיך".

אויך קאַרל'ס שול־נאָטן ביים מאַטורע־עקזאַמען זיינען געבליבן די זעלבע. גוטע אין די הומאַניסטישע קענטשאַפטן און שוואַכע אין די רעאַליסטישע. דאַקעגן האָט מען מיט אויסצייכענונג אָנערקענט זיינע שריפטלעכע אַרבעטן פון ליטעראַטור און געשיכטע. וועגן זיין דייטשער שריפטלעכער אַרבעט איז די מיינונג פון די פּראָפעסאָרן געווען אַ פּאָלגנדיקע: „מאַרקס שרייבט גוט און געדאַנקענרייך, הגם זיין סטיל איז אָפט פאַרוויקלט, ווייל ער באַנוצט מעטאַפיזישע אויסדרוקן און איז נישט תמיד קלאָר". ווי מיר וועלן שפּעטער זען, האָט מען דעם רייפן מאַרקס'ן, דעם וועלטבארימטן געלערנטן, פאָרשער און עקאָנאָמיסט, פאָרגעוואָרפן די קאָמפּליצירטקייט פון זיינע געדאַנקען און פון דער שפּראַך־סטיליסטיק.

אין דער דערמאָנטער שול־אַרבעט איז געווען אַ זאַץ, וועלכער האָט אַרויסגערופן אַ דיסקוסיע צווישן די פּראָפעסאָרן. מאַרקס האָט געשריבן: „נישט תמיד קאָנען מיר דערגרייכן דעם באַרוף, וועלכן מיר ווילן אויסוויילן. אונזערע באַציאונגען מיט דער געזעלשאַפט הויבן זיך אָן אייגנטלעך, פריער, איידער מיר זיינען ביכולת זיי צו באַשטימען". דאָס איז געווען אַ געוואַגטער געדאַנק און ס'איז אים נישט שווער צו דערקענען די ריכטונג פון שפּעטערדיקן געשיכטלעכן מאַטעריאַליזם. גאָר אַ פיינלעכן אינצידענט האָט קאַרל מאַרקס געהאַט צוליב זיין שריפטלעכער אַרבעט פון רעליגיע. ער האָט פון קאָנפעסיאָנעלן גלויבן פאַרלאַנגט דעם עטישן יסוד, און זיינע באַמערקונגען וועגן דעם קאָנטראַסט, וואָס האָט זיך באַשאַפן צווישן דער קריסטלעכער רעליגיע און דער אמת'ער, מענטשלעכער עטיק, האָבן אַרויסגערופן

דעם צאָרן פון פּאַסטאָר, דעם וואַנגעלישן רעליגיע־לערער. עס האָט געהאַלטן דער־ביי, אַז מאַרקס זאָל צוליב דעם דאָזיקן אינצידענט דורכפאַלן ביי מאַטורע.

אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון שול־דירעקטאָר וויטענבאַך, האָט זיך דער פּאַס־טאָר באַרואיקט און אַלץ איז אַדורך בשלום. קאַרל מאַרקס האָט די מאַטורע באַ־קומען דעם 25 אויגוסט 1835. אַ פּאָר וואָכן האָט ער אויסגערוט און באַלד זיך גע־נומען גרייטן צו דער רייזע. היינריך מאַרקס האָט געוואָלט, אַז דער זון זאָל פאָרן קיין בערלין און דאָרט שטודירן טעכנישע וויסנשאַפטן. בערלין, די הויפּט־שטאָט פון פּרייסישן קעניגרייך, איז דעם פאָטער געווען נאָענט צום הארצן. ביי זיין גאַנצער קאָס־מאָפּאָליטיש־ליבעראַלער וועלט־אַנשויאונג, איז דער יוסטיץ־ראַט תמיד געווען און גע־בליבן אַ הייסער פּרייסישער פּאַטריאָט. מ׳האָט זיך לידער, ווי ער פלעגט אונטער־שטרייכן, נישט דערקענט אויף אים אין בערלין. דער יוסטיץ־ראַט האָט געוואָלט, אַז זיין זון זאָל אין בערלין באַאיינפלוסט ווערן פון דער פּרייסישער מענטאַליטעט. און אויסערדעם, האָט ער געהאַלטן, אַז די ווייטקייט פון בערלין קיין טריער וועט זיין אַ סגולה צו באַפרייען קאַרלען פון זיין „קינדישער", „פּאָעטישער" ליבע צו זשעני פאָן וועסטפאַלן.

היינריך מאַרקס האָט באַקומען פיינט דאָס וואָרט „פּאָעזיע", זייט זיין זון, דער געליבטער און צוקונפטיקער יורש זיינער, האָט זיך מיט איר, מיט דער „פאַרשאָל־טענער דיכטונג" דעם קאָפּ פאַרדרייט. דער יוסטיץ־ראַט האָט אינגאַנצן אויפגעצי־טערט, ווען קאַרל איז נאָך דער מאַטורע אַרויס מיט דעם „חוצפּה׳דיקן לשון", דער־קלערנדיק, אַז ער וועט שטודירן אויף דעם אוניווערסיטעט הומאַניסטיק, ווייל זיין צוקונפט איז פאַרבונדן מיט דער פּאָעטישער קאַריערע. דער יוסטיץ־ראַט האָט לאַנג און געדולדיק זיך אויסגעטענ׳ט מיט זיין זון:

„צו זיין אַן אמת׳ער פּאָעט, דאָס איז אַזוי שווער ווי צו געווינען אויף דער לאָטעריע. מ׳לויפט נאָך דאָס גאַנצע לעבן דער דיכטערישער מוזע און לסוף בלייבט מען אַ דורכגעפאַלענער און באַנקראָטירטער פּאָעט, אַן אַ באַרוף און אַן אַ לעבנס־שטעלונג. נאָר איינצלנע, גליקלעכע און געניאַלע יחידים, האָבן די זכיה צו געווינען דעם דאָזיקן וועט־לויף מיט דער דיכטערישער מוזע. מיין פליכט אַלס פאָטער איז דיך צו וואָרנען, קאַרל, פאַר דער געפערלעכער ריזיקע, וועלכע דו נעמסט אויף זיך. איך, דיין פאָטער, בין בשום אופן נישט קעגן דעם, אַז דו זאָלסט ווייטער, אין דער פרייער צייט, שרייבן לידער. אדרבא ואדרבא, יעדער מענטש זוכט זיך זיינע פאַר־גניגנס, און אויב שרייבן פּאָעזיע פאַרשאַפט דיר צופרידנקייט, זאָל עס דיר ווויל באַקומען. אָבער צו פּאָעזיע דאַרף מען האָבן ברויט, אַ סאָלידן באַרוף, וואָס זאָל דיר פאַרזיכערן פּרנסה און פאַרשאַפן אַ בכבודיקע שטעלונג אין דער געזעלשאַפט!".

נאָך לאַנגע שמועסן און דיסקוסיעס, איז צווישן דעם פאָטער און דעם זון געקומען צו אַ פּראַקטישן קאָמפּראָמיס. קאַרל איז מסכים געווען צו שטודירן רעכט־וויסנשאַפטן, ער האָט אָבער דורכגעזעצט, אַז אַנשטאָט צום ווייטן בערלין וועט ער פאָרן צום נאָענטן באָן. ביידע צדדים זיינען געווען צופרידן פון קאָמפּראָמיס. דער פאָטער האָט גערעכנט, אַז דאָס שטודירן רעכט־וויסנשאַפטן וועט דעם זון מאַכן פאַר אַ רעאַלן מענטש, ער וועט זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ די פּאָעטישע פאַנטאַזיעס, וועט ווערן אַן אַדוואָקאַט און איבערנעמען בירושה די קאַנצעלאַריע אין טריער. קאַרל וועט פאַרגעסן זיין יוגנט־ליבע און וועט פּראַקטיש חתונה האָבן. באָן איז

אפילו נענטער, אַ סך נענטער ווי בערלין, אָבער ס׳איז דאָך גענוג ווייט בכדי צו פֿאַרגעסן קינדערישע סענטימענטן. אויך קאַרל איז געווען צופֿרידן, ווייל פֿון באָן קיין טריער, צו דער געליבטער זשעני, איז נישט ווייט, און דאָס שטודירן רעכט־וויסנשאַפֿטן איז בלויז אַ פּראָוויזאָרישע קאָנצעסיע פֿאַר דעם טאַטן, וואָס וועט אים אויסהאַלטן בעת דעם אוניווערסיטעט־שטודיום. ס׳איז נישט וויכטיק אויף וועלכן פֿאַקולטעט ער וועט זיך פֿאַרשרייבן. דער עיקר איז זיין ווילן צו ווידמען זיך לגמרי דער פּאָעזיע און דער דיכטערישער שליחות.

נאָך איין האָפֿענונג, אפֿשר די וויכטיקסטע, האָט היינריך מאַרקס געהאַט מיט זיין זונ׳ס אַרויספֿאָר: קאַרל וועט דאָרט פֿאַרגעסן וועגן זיין ייִדישער פֿאַרגאַנגענהייט, וואָס איז געווען אין דעם דאָזיקן שטעטל פֿאַרבונדן מיט דער נאָענטער סביבה, מיט די רבנים, מיט דעם ייִדישן בית־עלמין, מיט דער סענטימענטאַלער מאַמע און אירע האַלב־ייִדישע מנהגים און שפּראַך־אויסדרוקן. דאָרט, אין דער פֿרעמדער אוניווערסיטעטס־שטאָט, אין דער לוסטיקער געזעלשאַפֿט פֿון דייטשע בורשן, וועט קאַרל פּטור ווערן פֿון זיין אַטאַוויסטישער „תּלמודישער” פּסיכאָלאָגיע, מיט זיין גריבלען זיך און טיפֿן פֿילאָזאָפֿירן. ער וועט זיכער ווערן מענטשן־פֿריינטלעכער און מער זאָרגלאָז, ווי דאָ אין טריער, ווו ער האַלט זיך ווייט פֿון דער יונגער, לוסטיקער חברה, און עס פֿעלט אים אויס די אינערלעכע, עכט־מענטשלעכע וואַרעמקייט, וואָס איז נייטיק בכדי צו געווינען די נאָענטע פֿריינטשאַפֿט פֿון אויפֿריכטיקע חברים.

דער הייסער זומער איז שנעל פֿאַרגאַנגען און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די קילע טעג פֿון אָקטאָבער. קאַרל מאַרקס איז שוין געווען איינגעפּאַקט און גרייט צו דער רייזע קיין באָן. ס׳איז אים נאָך געבליבן איין אויפֿגאַבע, אָפּצושטאַטן די געזעגענונגס־וויזיטן. לויט דעם טראַדיציאָנעלן, זייט דורות אָנגענומענעם מנהג, האָבן די גימנאַזיע־אַבסאָלווענטן באַזוכט, פֿאַר דעם אַרויספֿאָרן, זייערע פּראָפֿעסאָרן, און געדאַנקט זיי פֿאַר דעם שול־לערנען און דערציאונג. אויך קאַרל האָט באַזוכט אַלע זיינע לערער, אַ חוץ דעם דערמאָנטן לעהרס, וועלכן ער האָט פֿאַראַכטעט אַלס אַ געמיינעם רעאַקציאָנער און פּאָליציי־שפּיצל. באַזונדערס האַרציק האָט קאַרל זיך געזעגנט מיטן דירעקטאָר וויטענבאַך.

צוזאַמען מיט זיין פֿאָטער, איז קאַרל געגאַנגען זיך געזעגענען מיטן געהיימראַט פֿאָן וועסטפֿאַלן. דער צופֿאַל האָט געוואָלט, אַז דער געהיימראַט האָט זיך געגרייט צו האַלטן דעם זעלבן אָוונט אַ רעפֿעראַט אין דער „ליטעראַרישער געזעלשאַפֿט” פֿון טריערער קאַסינאָ וועגן דעם גרויסן דייטשן שריפֿטשטעלער און הומאַניסט אפֿרים גאָטהאָלד לעסינג. בעת דעם באַזוך האָט זיך אַנטוויקלט אַ שמועס וועגן ייִדן און אַנטיסעמיטיזם. דער געהיימראַט האָט ציטירט פֿאַרשידענע שטעלן פֿון לעסינג׳ס באַרימטן „נאַטאַן דער ווייזע” און איז געווען באַזונדערס באַגייסטערט פֿון זיין אידעאָלאָגישן פּרינציפּ, אַז „נישט אין דער קאָנפֿעסיע נאָר אין דער מאָראַלישער פֿירונג איז דער עיקר פֿון דער רעליגיע”. קאַרל האָט דערמאָנט די אַנטיסעמיטישע אויפֿשריפֿט אויף דעם קבר פֿון אַרצי־בישאָף עבערהאַרד. דער יוסטיץ־ראַט איז נישט געווען צופֿרידן, וואָס די טעמאַטיק ביים געזעגענונגס־באַזוך פֿון זיין זון האָט גראָד פֿאַרטשעפּעט די ייִדן־פֿראַגע, און ער האָט באַמערקט אַ ביסל ברוגזלעך, אַז מ׳טאָר נישט זוכן ביי יעדער זאַך דעם ייִדישן שורש, ווייל דאָס שאַפֿט אַ פֿאַלשע פּערספּעק־

מיוו צוםווירקלעכן לעבן. דער געהיימראַט האָט אים געענטפערט מיושב׳דיק, מיט לאַנגישע ווערטער און מיט אַ משל פון דער מאַלעריי:

„איר האָט, הער יוסטיץ־ראַט, דערמאָנט די פּערספּעקטיוו. אַ מאַלער, וועל־כער האָט פאַר זיך אַ לאַנדשאַפט, אין וועלכער עס געפינען זיך למשל אַן אונטער־גייענדיקע זון, אַ הויכער טורעם, אַ טייך אָדער אַ פויערישע כאַטע, קאָן זיך אויס־וויילן די פּערספּעקטיוו, וועלכע ער וויל. ער קאָן אין זיין לאַנדשאַפט קאָנצענטרירן די אויפמערקזאַמקייט פון זיינע צושויער אויף דער זון אָדער אויף דעם טורעם, אויף דעם טייך אָדער אויף דער כאַטע. יעדע פּערספּעקטיוו וועט זיין אַן אמת׳ע, ס׳איז נאָר די פראַגע, ווי אַזוי און פון וועלכן צד מ׳קוקט אויף אַ זאַך. דאָס איז אויך נוגע דעם יידן־פּראָבלעם. ס׳איז אַ פראַגע פון וועלכער פּערספּעקטיוו מ׳קוקט אויף אַלץ, וואָס קומט פאָר ארום אונז, אין דער ווירקלעכקייט פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן״.

דער יוסטיץ־ראַט איז נישט געווען אין דער שטימונג צו דיסקוטירן. ער האָט זיך באַלד געזעגנט און איז אַוועק. געבליבן איז אין געהיימראַט׳ס וווינונג קאַרל, וועלכער איז איינגעלאַדן געוואָרן צום אָוונטברויט, און איז נאָך שפּעטער געזעסן אַ לענגערע צייט אין געזעלשאַפט פון זשעני. די צוויי יונגע פאַרליבטע מענטשן האָבן זיך לסוף צוגעזאָגט צו שרייבן יעדן טאָג בריוו, און באַלד ווידער זיך צו טרעפן.

דעם נאָנטסטן טאָג איז קאַרל מאַרקס אַוועקגעפאָרן מיט דער שיף קיין באָן. עס האָבן אים באַגלייט די עלטערן, די ברידער און שוועסטער, און אויסער דעם זשעני און עדגאַר פאָן וועסטפאַלן. קאַרל איז געווען בלאַס און גערירט. פאַרנדיק קיין באָן האָט ער געטראַכט וועגן דעם, אַז שנעל איז פאַרגאַנגען די יוגנט, ס׳האָבן זיך געענ־דיקט די צייטן פון פאָטערלעכער אַפּוטרופּסות און איצט מוז ער אָנהויבן אַ נייעס, אייגענעם לעבנס־וועג. קאַרל מאַרקס איז געזעסן פאַרזונקען אין געדאַנקען, בעת די שיף איז געפאָרן נעבן מאַלערישע טאָלן און בערג, איבער וועלדער, שטעט און שטעט־לעך. ער האָט זיך דערמאָנט אין די ווערטער פון געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן וועגן דעם, אַז „לעסינג איז געווען אַזוי ווי זיין פאָטער, און געטהע אַזוי ווי זיין מוטער, מ׳דאַרף אָבער זיין אַ מענטש מיט אַן אייגענעם ווילן און מ׳מוז גייען אַן אייגענעם וועג״. קאַרל מאַרקס האָט באַשלאָסן צו טון לויט דער עצה פון אַלטן, קלוגן געהיימ־ראַט פאָן וועסטפאַלן.

# צווייטער טייל

# די סטודענטן-צייט אין באָן און אין בערלין

„העלף מיר אַוועקצויאָגן די מוראידיקע שאָטנס, וואָס פאַרפאָלגן מיך !"

(קאַרל מאַרקס אין זיין בריוו צום פאָטער, געשריבן פון בערלין, אין יאָר 1837)

## צוואַנציקסטער קאַפּיטל.

## דער ערשטער טאָג אין באָן.

דעם 17 אָקטאָבער 1835 איז קאַרל מאַרקס אָנגעקומען קיין באָן. נאָך אין דעם זעלבן טאָג האָט ער זיך פאַרשריבן אויף דעם יורידישן פאַקולטעט פון אָרטיקן אוניווערסיטעט.

ס'איז געווען אַ רעגנדיקער טאָג. דער הימל האָט זיך באַדעקט מיט שווערע, טונקעלע וואָלקנס, און אויף די גאַסן איז אויפאיינמאָל געוואָרן פינצטער, הגם ס'איז נאָך ווייט געווען צום זון־אונטערגאַנג. עפּעס אַ מאָדנע טרויעריקייט האָט זיך געפילט אין דער אַטמאָספערע פון דער דאָזיקער גרויסער און פרעכטיקער שטאָט, און האָט מיט איר אומעט געוואָרפן אַן אימה אויף דעם פריש־אָנגעקומענעם גימנאַזיע־אבסאָלווענט פון טריער. קאַרל מאַרקס האָט זיך דעם גאַנצן טאָג נישט געקאָנט געפינען קיין מנוחה, הגם ער איז געווען שטאַרק פאַרנומען מיט אויסזוכן פאַר זיך אַ פּאַסנדיק צימער, און מיט דעם איינאָרדענען־זיך אין דער פרעמדער, נייער שטאָט. ווי אַ פאַר'חלומ'טער, האָט קאַרל געבלאָנדזשעט אין די לאַנגע, קאַלטע קאָרידאָרן פון דעם אַלטן באָנער אוניווערסיטעט. כמעט אויטאָמאַטיש האָט ער אונטערגעשריבן די נויטיקע פאָרמולאַרן און איז שפּעטער געשטאַנען אין דער לאַנגער ריי פאַר דער אוניווערסיטעט־קוועסטור, בכדי צו באַצאָלן דאָס איינשרייב־געלט פאַר די אויסגעוויילטע למודים. אַרום אים האָט זיך אומאויפהערלעך דורכגעגאָסן אַ שטראָם פון יונגע, לעבעדיקע, לאַכעדיקע סטודענטן. אָבער קאַרל מאַרקס'נס נשמה איז געבליבן טרויעריק און אומעטיק. אַלץ איז אים פאָרגעקומען ווי אַ פאַלש שפּיל און ווי אַ פריילעכע מאַסקע, וואָס איז בלויז אויסן צו פאַרדעקן די אייגענע נעבעכדיקע איינזאַמקייט.

פון די טרויעריקע געדאַנקען האָט קאַרלען אַרויסגעריסן אַ פעסטער קלאַפּ, וועלכן ער האָט פּלוצלינג באַקומען אין דער פּלייצע. פאַר אים איז געשטאַנען אַ צעשטראָלטער עדגאַר פאָן וועסטפאַלן, און אויף זיין ברייטן פּנים האָט זיך, מיט אַ פריילעכער הנאה, צעגאָסן אַ גוטמוטיקער שמייכל.

„זעט נאָר, חברה, ווי דאָס „נענערל" איז פאַרטון אין זיין וועלט־שמערץ!"

„האַ?, אפשר איז דאָס צוליב אַן אומגליקלעכער ליבע!?"

„נעם דיר נישט צום הארצן, קאַרל, אויך אין באָן פעלן נישט קיין שיינע מיידלעך!".

פון אַלע זייטן האָבן זיך געלאָזט הערן לוסטיקע, וויציקע באַמערקונגען, און קאַרל מאַרקס איז אויפאיינמאָל אַרומגערינגלט געוואָרן דורך באַקאַנטע פריינט און

שול־קאָלעגן פון טריער, וועלכע זענען, ווי ער, געקומען קיין באָן שטודירן אויפן אַר־טיקן אוניווערסיטעט.

פון אַלע אוניווערסיטעטס־שטעט איז באָן געווען אַמנאָענסטן צו טריער, און אויסערדעם האָט מען געוווסט, אַז דאָס לעבן דאָ איז באַקוועם און ביליק און אַז די פּראָפעסאָרן זענען באַרימטע געלערנטע, אָבער גלייכצייטיק גוטע, ליבעראַלע מענטשן. און בעיקר איז געווען אַלגעמיין באַקאַנט, אַז די סטודענטישע חברה איז דאָ אַ לעבעדיקע און לוסטיקע, און אַז די באָנער פּרייליינס און ווייבלעך האָבן ברייטהאַרציק רחמנות אויף די ראָמאַנטישע סטודענטן און לאָזן נישט לאַנג וואַרטן זייערע נאָך פּרוויען־ליבע, לעבצענדיקע נשמות.

עדגאַר האָט אויסגעפּרעגט קאַרלען, וואָס עס הערט זיך אין דער היים, ביים אַלטן פאָטער, און וואָס מאַכט עפּעס זשעני. עדגאַר איז שוין געווען צוויי וואָכן אין באָן און האָט זיך געפילט און געפירט לגבי מאַרקס'ן ווי ער וואָלט שוין געווען דער אייגנטלעכער בעל־הבית פון דער שטאָט. ער האָט גערעדט מיט אַ זיכערן טאָן און געשאָטן מיט אינפאָרמאַציעס, וואָס זאָלן דעם „גרינעם" קאַרל דערלייכטערן דאָס איינאָרדענען זיך אין דער נייער, פרעמדער סביבה. דערווייל איז מאַרקס'נס רייע צוגעקומען צו דער קוועסטור־קאַסע. מאַרקס האָט גענדאַרפט נאָך דערלידיקן געוויסע פאָרמאַליטעטן. די טריערער סטודענטן־חברה האָט זיך מיט אים שנעל געזעגנט, און ס'איז אָפּגערעדט געוואָרן, אַז אין אָוונט וועלן זיי זיך אַלע טרעפן אין נאָענטן קאַפע־הויז „צום שוואַרצן אָדלער", ווו ס'וועט פאָרקומען די ערשטע פאַרזאַמלונג פון דער טריערער סטודענטן־לאַנדסמאַנשאַפט.

שפּעט אין אָוונט איז קאַרל מאַרקס ענדלעך אַרויס פון אוניווערסיטעטס־בנין. עס האָט אויפגעהערט צו רעגענען, דער הימל האָט זיך אויסגעלייטערט פון די שוואַר־צע, בלייענע וואָלקנס, און די אונטערגייענדיקע זון האָט מיט אַ פייערדיקער רויט־קייט באַגאָסן דעם גאַנצן האָריזאָנט. אין די גאַסן איז געווען טומעלדיק. עלטערע און יינגערע דורכגייער האָבן זיך געאיילט אַהיימצוגיין פון דער אַרבעט און פון די געשעפטן. די שטאָטישע באַדינער האָבן אָנגעהויבן אָנצינדן די גאַסן־לאַמטערנעס. אַנדערע ווידער האָבן אָפּגערייניקט די טראָטוארן פון דער בלאָטע, וואָס דער היינ־טיקער רעגן האָט אומעטום איבערגעלאָזט.

קאַרל מאַרקס איז געווען מיד און שטאַרק פאַרמאַטערט פון דעם אַלעמען, וואָס ער האָט במשך פון טאָג איבערגעלעבט. פיר אַ זייגער אין דער פרי איז ער אוועק־געפאָרן פון טריער אויף דעם שיפל, וואָס האָט זיך שטאָלץ גערופן „יאַכט־עקספּרעס". אויף דעם גאַנצן וועג האָט עס שרעקלעך געטרייסלט און פאַרמאַטערט דעם גוף, הגם די נסיעה איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטע און די לאַנדשאַפטן אַרום דעם טייך מאָזעל האָבן ממש פאַרכשופט די יונגע, נייגעריקע אויגן. אויך דאָס שפּעטערדיקע אַרומלויפן איבער דער פרעמדער שטאָט, איבער די נייע גאַסן און אין די לאַנגע, פאַרוויקלטע קאָרידאָרן פון אוניווערסיטעטס־בנין האָבן פאַרלאַנגט אַ גרויסע פּיזי־שע אָנשטרענגונג.

אָבער נישט געקוקט אויף זיין מידקייט, איז מאַרקס נישט אַהיימגעגאַנגען. ס'איז געווען אַ שטיקל וועג צו זיין וווינונג און באַלד וועט ער דאַרף מוזן צוגיין אינם קאַ־פע־הויז „צום שוואַרצן אָדלער", ווו די טריערער לאַנדסמאַנשאַפט קומט זיך צונויף

צום אָוונט־עסן און צו דער ערשטער זיצונג פון נייעם אוניווערסיטעטס־סעמעסטער.

מאַרקס איז צוגעגאַנגען צום נאָענטן שטאָט־גאָרטן. דאָ איז געווען שטיל און אידיליש, זעלטן איז דערגאַנגען אַ קול פון גאַסן־טומל. אין די אַלייען האָט זיך נאָך געפילט די נאַסקייט פון רעגנדיקן טאָג. די נאָך נישט־אויסגעטרוקנטע בענק זיינען געשטאַנען איינזאַם און פאַרלאָזט. נאָר דאָ און דאָרט האָט מען געזען אַ פאַרליבט פּאָרל, וואָס איז געזעסן צוגעטוליעט צו זיך, שטאַרק פאַרטון אין אינטימע שמועסן, און האָט מן הסתם נישט געפילט די פייכטקייט פון די ביימער און פון דער באַנק.

אַ ווײַלע האָט זיך קאַרל מאַרקס אָוועקגעזעצט אויף אַ נאָענטער באַנק. ס'איז געווען אַרום אים קיל און נאַס. קאַרלען האָט אַרומגענומען די קעלט. ער איז אויפ־געשטאַנען און האָט אָנגעהויבן גיין מיט אַ פעסטן שנעלן טריט איבער די איינזאַמע אַלייען. ווידער האָבן אים באַהערשט טרויעריקע שטימונגען. זיינע פיס האָבן גע־טרעטן אויף הויפנס פאַרגעלטע, אָפּגעשטאָרבענע בלעטער. ווי שנעל איז שוין פאַר־גאַנגען דער הייסער זומער און ווי פּריצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן דער נאַסער, קילער האַרבסט!

קאַרל'ס נשמה האָט זיך לגמרי אונטערגעגעבן די עלעגישע געדאַנקען און רע־פלעקסן: אָט אַזוי שנעל איז אויך פאַרגאַנגען זיין יוגנט! ווו ביסטו טייערער טריערער „מאַרקס־באַרג" מיט דיין גאַנצער פאַרכשופטער יוגנט־מלכות? וואָס מאַכן זיי איצט, די ליבע עלטערן, די שוועסטער און ברידער? ווי וועט מען קאָנען לעבן אָן זיי? וואָלט כאָטש דאָ געווען מיט אים זשעני! עס דרייען זיך אַרום איר און מאַכן איר קאָמ־פּלימענטן די שענסטע און רייכסטע יונגעלייט פון טריער! צי וועט זי, די טייערע זשעני, געפינען גענוג כח און מוט, בכדי ווייטער צו בלייבן אים טריי? אפשר האָט ער דאָך נישט געדאַרפט זי איבערלאָזן אַליין! ווייל וואָס פאַרא ווערט וועט שוין האָבן זיין לעבן, אויב זשעני זאָל, גאָט באַהיט, פאַרגעסן אין אים און אין זיין ליבע, און הייראַטן מיט אַן אַנדערן?!!!

מאַרקס האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון די אומעטיקע השערות און גענומען טרייבן פון זיך די שווערע און אומרואיקע געדאַנקען. ס'איז אים ענג געוואָרן אין דעם דאָזיקן פאַרבכטיקן באַנער גאָרטן, הגם די לופט איז געווען אַ פרישע און די אַרומיקע בלומען־קלאָמבן האָבן ווונדערבאַר געשמעקט. קאַרל איז שנעל אַוועק פון גאָרטן צום קאַפע־הויז.

אינם גרויסן זאַל „צום שוואַרצן אָדלער", וואָס איז געווען פייערלעך באַלויכטן, האָט קאַרלען באַלד באַהערשט אַ נייע, אַנדערע אַטמאָספערע און שטימונג. אַ פּאָר צענדליק טריערער סטודענטן, פון נייען און אַלטן שול־יאָר, זענען געזעסן ביי די באַ־פּוצטע טישן, און טרינקענדיק ביר און וויין, האָבן זיי אומדערמידלעך געזונגען זיי־ערע לידער, אָנהויבנדיק מיטן ערנסטן מיטל־אַלטערישן אוניווערסיטעטס־הימן „גאַו־דעאַמוס איגיטור" און איבערגייענדיק שפּעטער צו פריילעכע און אפילו אויסגעלאַ־סענע לידלעך.

מאַרקס איז געבליבן אַ רגע שטיין אין מיטן זאַל אַביסל צעטומלט, אָבער גלייך איז ער מוטיק צוגעגאַנגען נענטער און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויבן־אָן.

קאַרל האָט גענומען טרינקען וויין פון אַ גרויסן בייכיקן קרוג. דער שטאַרקער רהיינישער וויין האָט אים מחיה געווען, ער האָט זיך גלייך אָנגעהויבן פילן גאַנץ אַנדערש, ווי פריער במשך דעם גאַנצן טאָג. אין קאַרל'ס קאָפּ, וואָס איז שוין געווען

צעהיצט מיט דעם פייערדיקן וויין און געזאַנג, איז פּלוצלינג רייף געוואָרן דער באַ־שלוס, אַז פון היינט אָן דאַרף מען זיך פירן אַזוי לוסטיק און זאָרגלאָז ווי אַלע די־דאָזיקע יונגע און פריילעכע אוניווערסיטעטס־קאַמעראַדן.

## איינאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל.

## „וויין, ווייב, געזאַנג" און.... פּאָעזיע.

קאַרל מאַרקס האָט אָנגעהויבן באַזוכן די לעקציעס אויף דעם יורידישן פאַקול־טעט. צוזאַמען מיט אים האָבן שטודירט רעכטס־וויסנשאַפטן כמעט אַלע שול־קאָלעגן פון טריער. דאָס איז נישט געווען קיין צופאַל. עס זענען לעצטנס געשאַפן געוואָרן אין טריערער קרייז נייע, נידעריקע און העכערע געריכטס־טריבונאַלן, און פאַר פע־איקע געענדיקטע יוריסטן האָבן זיך געעפנט גלענצנדיקע האָראָסקאָפּן אויף להבא. דער יוסטיץ־ראַט היינריך מאַרקס האָט שוין מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם טאָג, ווען זיין געליבטער זון וועט קאָנען איבערנעמען נאָך אים די אדוואָקאַטישע קאַנצע־לאַריע, און אים, דעם פאָטער, לגמרי באַפרייען פון שווערן עול־פרנסה. די קראַנקייט פון יוסטיץ־ראַט האָט כסדר געדויערט, זי האָט אָפּגעקאָסט אַ סך געלט און כמעט אומעגלעך געמאַכט זיין ווייטערדיקע אינטענסיווע לאַרופס־אַרבעט. מ'האָט געמוזט פאַרקלענערן די הוצאות פון הויז־געהאַלט און שפּאָרזאַם לעבן. דער יוסטיץ־ראַט האָט זיין ייִנגערן זון, הערמאַן, וועלכער איז געווען אַ סך ווייניקער טאַלאַנטירט ווי קאַרל, נישט געלאָזט מער שטודירן און האָט אים געשיקט אויף אַ קאָמערציעלן פּאָסטן קיין בריסל.

נישט־געקוקט אויף זיין שווערער לאַגע, האָט דער יוסטיץ־ראַט איבערגעוויזן קאַרלען קיין באָן, יעדן חודש רעגלמעסיק, אַ גרויסע געלט־סומע, בכדי זיין זון, די האָפענונג און צוקונפט פון זיינע אַלטע יאָרן, זאָל קאָנען רואיק און באַקוועם שטו־דירן און שנעל מאַכן זיין יורידישן דאָקטאָראַט. אָבער די ידיעות, וועלכע זענען דערגאַנגען צום קראַנקן פאָטער וועגן דעם לייכטזיניקן אויפפירן־זיך פון זיין זון קאַרל אין באָן, האָבן אים שטאַרק מצער געווען. דער מהלך פון באָן קיין טריער איז נישט קיין ווייטער, און כמעט יעדן טאָג האָט מען זיך דערוווּסט די נייעסן פון דער שכנות'דיקער אוניווערסיטעטס־שטאָט. מ'האָט דעם יוסטיץ־ראַט כסדר צוגעטראָגן ידיעות וועגן דעם, אַז זיין זון איז אינגאַנצן פאַרטון אין עולם־הזה'דיקע פאַרגניגנס, און צוזאַמען מיט אַ חברה יונגעלייט פון דער „אַקאַדעמישער גאָלדענער יוגנט" איז ער יומם ולילה „באַשעפטיקט" מיט וויין, ווייב, געזאַנג און...... פּאָעזיע.

די בריוו פון פאָטער צום זון קיין באָן זענען פול מיט ביטערע פאָרווורפן. „לייַ־דער", שרייבט דער יוסטיץ־ראַט צו קאַרלען, „באַמיסט דו דיך צו באַשטעטיקן די מיינונג, וועלכע איך האָב וועגן דיר, אַז ביי אַלע דיינע צאָלרייכע פעאיקייטן, דעצי־דירט ביי דיר קודם־כל דיין פּערזאָן, דיין עגאָאיזם!".

מיט שאַרפע ווערטער, איינמאָל, און מיט פּאָטערלעכע, פריינטלעכע מאָנונגען, דאָס אַנדערע מאָל, וויל היינריך מאַרקס אַרויספירן זיין זון אויפן וועג פון אַרבעט

און מאַראַל און ער שרייבט אים: „ווען דיין האַרץ וועט בלייבן ריין און מענטשלעך, ווען קיין שום דעמאָנישער גייסט וועט נישט שטערן דיינע בעסערע געפילן, ערשט דעמאָלט, וועל איך געפינען דאָס גליק, וועגן וועלכן איך חלום זייט יאָרן, צו דערגרייכן ביי דיר, מיין זון!".

דער אויסדרוק „דעמאָנישער גייסט" איבערחזר'ט זיך אָפט אין די בריוו פון פאָטער צום זון. אויך אין די פּערזענלעכע געשפּרעכן פון היינריך מאַרקס'ן מיט קאַרלען, פריער און שפּעטער, ווערט דער דאָזיקער אויסדרוק כסדר באַנוצט. דער יוס־טיץ־ראַט האָט געציטערט כל ימיו פאַר דעם דעמאָנישן, ווי ער האָט עס אַליין אָנ־גערופן, כאַראַקטער פון זיין געליבטן זון. ס'איז אים, דעם יוסטיץ־ראַט, דעם לאָגיש־דענקנדיקן ראַציאָנאַליסט, אַליין נאָך נישט קלאָר געוואָרן, אין וואָס עס באַשטייט דער דעמאָניזם פון קאַרלען. איינס איז אים אָבער געווען קלאָר: זיין זון איז אַנדערש ווי די קינדער פון דער אַרומיקער סביבה, די זין פון די קאָמערסאַנטן און באַאַמטע. און דאָס האָט אים ווייט געטאָן און שטאַרק באַאומרואיקט. היינריך מאַרקס האָט גע־וואָלט, אַז זיין זון זאָל זיין אַזוי ווי די אַנדערע: אַ פּראַקטישער מענטש, מיט באַ־רעכנטע גייסטיקע און מאַטעריעלע אינטערעסן, מיט אַ נאָרמאַלן גלייכגעוויכט צווישן פאַרגניגן און אַרבעט, און קודם־כל באַהערשט מיט די מאָראַלישע און די סאָציאַלע פּרינציפּן פון דער געבילדעטער, העכערער געזעלשאַפט.

דער יוסטיץ־ראַט האָט געציטערט פאַר דעם שאָטן פון דער פאַרגאַנגענהייט, פאַר דער ירושה פון זיינע רבנישע אבות. ער איז געווען דערשראָקן, ווי אָפט ער האָט קאַרלען געזען זיצן שעה'נלאַנג פאַרטיפט אין הויפנס ביכער אָדער ביי שאַרפ־זיניקע, גייסטיק־חריפות'דיקע דיסקוסיעס. עס האָט היינריך מאַרקס'ן געסטראַשעט די מורא פאַרן תלמודיזם, אין וועלכן ער האָט געזען דעם פאַרכשופטן כח פון אַ דורות־לאַנגן דעמאָניזם. דער יוסטיץ־ראַט האָט זיך פריער אָפט געוווּנטשן, אַז זיין זון זאָל זיין מער עולם־הזה'דיק, ווייניקער ערנסט און מער לעבעדיק, אַז ער זאָל גע־ניסן פון אַלע וועלטלעכע הנאות.

אָבער איצט, באַקומענדיק די ידיעות פון באָן, איז היינריך מאַרקס ווידער גע־ווען אומגליקלעך. עס האָט אים באַאומרואיקט און שטאַרק ווייט געטאָן דאָס, וואָס קאַרל האָט אויך דאָסמאָל אויף אַן עקסטרעמען אופן איבערגעכאַפּט די מאָס. קאַרל האָט נישט, ווי די אַנדערע סטודענטן, געהאַלטן גלייכגעוויכט צווישן ערנסט און שפּיל, צווישן אַרבעט און געניגס. מיט אַ דעמאָנישער לײַדנשאַפט איז ער איצט איבער־געגעבן געווען דעם לייכטזיניקן הנאה־לעבן, ווי מיט אַ קורצער צייט צוריק, דעם „תל־מודישן" גריבלען זיך אין ביכער און פּראָבלעמען. דער געדאַנק: „צו וואָס וועט נאָך דערפירן קאַרלען זיין פאַטאַלער דעמאָניזם?", האָט געעגבערט דעם מח ביי טאָג און נאַכט און אומגליקלעך געמאַכט דעם יוסטיץ־ראַט היינריך מאַרקס.

אויך קאַרל מאַרקס האָט געפילט און פאַרשטאַנען, אַז זיין לעבן אין באָן ווערט געטריבן פון עפּעס אַ מאָדנעם, משונה'דיקן כח, וואָס פאַרכשופט און באַהערשט אים לגמרי, נישט לאָזנדיק אפילו טראַכטן לאָגיש און קריטיש. אפשר איז דער פאָ־טער טאַקע גערעכט, ווען ער רעדט און ער שרייבט כסדר וועגן דעם דעמאָנישן גייסט, וואָס רעגירט מיט אים. אָבער אין וואָס באַשטייט דער דעמאָניזם, פון וואַנען נעמט ער זיך, וואָס איז זיין פעולה, און צו וואָס פירט זיין כוונה?

נישט־איינמאָל, נאָך אַ פאַרהולטאַיעטער נאַכט, איז קאַרל געזעסן אין זיין צי־

מער, אומעטיק־פּאַרטיפּט אין ענדלאָזע געדאַנקען און השערות. ער האָט דורכגעוואָרפן ענציקלאָפּעדיעס און ווערטער־ביכער און געזוכט דעם טייטש פון מיסטעריעזן וואָרט: „דעמאָניזם". אָבער די ענציקלאָפּעדישע פּירושים האָבן אים גאָרנישט דערקלערט מיט זייערע קאָמפּליצירטע ווערטער: „איבער־מענטשלעך", „כשוף", „כח פון שטן", „דער גייסט פון קללה", „פּינצטערע אינסטינקטן", „שטורמישער פּאַרלאַנג נאָך גע־וואַלט־מעשים" און ענלעכע אויסדרוקן.

קאַרל האָט געפילט, אַז דער דאָזיקער דעמאָניזם פירט אים צום אָפּגרונט, צו אַ תהום פון גייסטיקער און מאָראַלישער ירידה. ער האָט געפּרוווט אַנטגעגנצושטעלן זיך די זינדיקע געלוסטן און איבערצורייסן די חברה'שאַפט מיט דער „גאָלדענער יוגנט". ער האָט זיך געצוווּנגען ערנסט און אַ פּאָר מאָל דורכצוליייענען די שאַרפע פּאָטערלעכע בריוו. ער האָט געזוכט טרייסט און אמונה אין די זעלטענע בריוו פון זשעני, וועמענס ליבע איז אים טריי און איבערגעגעבן געבליבן, ווי אין די ערשטע יוגנט־יאָרן. צו איר, דער געליבטער זשעני, האָט ער איצט געווידמעט זיינע שענסטע און געפילפולסטע לידער, וועלכע ער האָט פאַרפאַסט, ווי אָפּט די דיכטערישע שכינה איז צו אים דערשינען.

אָבער דערווייל האָט זיך קאַרל'ס לייכטזיניקע לעבנס־פירונג מיט גאָרנישט גע־ענדערט. ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז די אָרטיקע פּאָליציי, וועלכע איז זייער טאָלע־ראַנט געווען לגבי סטודענטן, האָט מאַרקס'ן אַרעסטירט צוליב „שכרות און נאַכט־אַוואַנטורעס". עס האָט קאַרל מאַרקס'ן געדראָט אַן ערנסטער פּראָצעס, און גלייך איז ער באַשטראָפט געוואָרן דורך דער אוניווערסיטעט־לייטונג. דאָס געלט, וואָס קאַרל פלעגט פון דער היים באַקומען, איז זיך אים צעגאַנגען בליצשנעל, ממש צווישן די פינגער. אין די בריוו צום פאָטער האָט קאַרל כסדר צוגעזאָגט צו ענדערן זיך און בעסער צו ווערן, אָבער זיינע בריוו האָבן זיך געענדיקט תמיד מיט דער זעלבער בקשה: „שיקט ווייטער געלט, און מער, שיקט ווידער און ווידער געלט!!!"

שפּעטער, נאָך יאָרן, האָט קאַרל מאַרקס אַנטשולדיקט זיין פירונג אין באָן מיט דעם, אַז דאָס איז געווען אַ יאָר פון שגעון, ווען ער האָט געמוזט אַנטלויפן פאַר זיין אייגענעם שאָטן.

אין וואָס איז באַשטאַנען קאַרל מאַרקס'נס שאָטן? צי איז דאָס געווען די דור־רות־לאַנגע ירושה פון די יידישע אבות, וואָס האָט לויט די געזעצן פון נאַטור־אַטאַ־וויזם באַהערשט זיין נשמה, זיין קאָפּ און הארץ און האָט נישט דערלאָזט, אַז ער זאָל גלייך ווערן מיט די דאָזיקע שטאַרקע און טעמפּע שקצים פון די דייטשע סטו־דענטישע קאָרפּאָראַציעס? צי איז נישט קאַרל מאַרקס'נס „וויין־ ווייב־און־געזאַנג"־טומל געווען בלויז אַ האָפענונגסלאָזער פּרווו צו אַנטלויפן פאַר דעם אייגענעם דע־מאָניזם, פאַר דעם סודות־פולן כשוף פון דורות־לאַנגע טראַדיציעס, וואָס האָבן אים געצויגן אויף אַ טראַגישן, העלדישן וועג פון קאַמף פאַר אמת און יושר? צי איז „דאָס משוגענע יאָר אין באָן" געווען בלויז אַ רעאַקציע לגבי די טריערער יאָרן פון פּאָטערלעכער אַפּוטרופּסות און אינטענסיווער שול־אַרבעט? אָדער, אפשר איז עס גע־ווען אַ משונה'דיקער אָנהויב פון אַ דעמאָנישן לעבן אין דינסט פון אַן אידיי און באַוועגונג, וואָס וועלן מאַרקס'ן באַלד און לגמרי באַהערשן?

איינער פון די שפּעטערדיקע נאָענטע פריינט און אָנהענגער פון קאַרל מאַרקס'ן האָט זיך אויסגעדריקט, אַז דאָס לייכטזיניקע יאָר אין באָן האָט פאַרברויכט מאַרקס'נס

ערשטן „שטורם־און־דראנג"־אויסברוך, און מיט דעם דערמעגלעכט, אז ער זאָל שפּע־טער זיין לעבן ווידמען לגמרי דער וויסנשאַפט און דער אידיי. דער דאָזיקער פּריינט האָט געמיינט, אז בעת אַנדערע דאַרפן האָבן אַ סך יאָרן, בכדי אויסצולעבן זייער יוגנטלעכן טעמפּעראַמענט, איז ביי מאַרקס'ן דאָס אַלץ פאָרגעקומען אין אַ קאָנדענ־סירטער פאָרם, במשך פון איין יאָר.

צי איז די דאָזיקע מיינונג געווען שוין דער גאַנצער אמת, אָדער איז עס בלויז אַ השערה פון אַ פּריינט? ווער ווייסט עס!!!?

## צוויייאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל.

## מיט משה העס אין באָן און אין קעלן

אין זיין באָנער תקופה האָט זיך קאַרל מאַרקס נישט באַשעפטיקט מיט פּאָלי־טישע אָדער סאָציאַלע פראַגן. כמעט די גאַנצע סטודענטשאַפט האָט זיך דעמאָלט דערווייטערט פון דער פּאָליטיק. די צייטן פון שטורמישע באַוועגונגען אויף די דייטשע אוניווערסיטעטן זענען שוין פאַרגאַנגען. דער געזעלשאַפטלעכער אויפשטייג פון דער סטודענטשאַפט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן בעתן „באַפרייאונגס־קריג" קעגן נאַפּאָלעאָנ'ען, האָט דערגרייכט זיין העכסטע און דראַמאַטישע שטופּע באַלד נאָך דער פראַנצויזישער יולי־רעוואָלוציע. אין יאָר 1833 האָבן די דייטשע סטודענטישע „בורשנשאַפטן" אָרגאַניזירט אַן אויפשטאַנד קעגן דער דעספּאָטישער רעגירונג און איר פּסעאודאָ־פּאַרלאַמענטאַרישן „לאַנדטאַג". דער דאָזיקער אומגעלומפּערטער „פּוטש" איז שנעל אונטערדריקט געוואָרן, און דער גאַנצער מלוכה'שער אַפּאַראַט פון פּאָלי־צייאישן רעזשים האָט זיך איצט געוואָנדן מיט אַלע זיינע רעפּרעסיעס קעגן די או־ניווערסיטעטן. דער אויבערשטער אַפּוטרופּוס פון דער אייראָפּעאישער רעאַקציע פירשט מעטערניך האָט אַליין איבערגענומען די לייטונג פון דער שטראָף־עקספּעדי־ציע קעגן די „רעוואָלוציאָנערע דעמאַגאָגן". הונדערטער סטודענטן זענען דערוויי־טערט געוואָרן פון די אוניווערסיטעטן, און אַ סך פון זיי האָט מען אַרעסטירט. די „בורשנשאַפטן" האָבן פאַרלוירן זייער איינפלוס, און יעדע טעטיקייט אויף די הויך־שולן איז שטאַרק קאָנטראָלירט געוואָרן דורך אומצאָליקע פּאָליציי־אָרגאַנען און דע־נונציאַנטן. ביז צום רעוואָלוציאָנערן „פעלקער־פרילינג" אין יאָר 1848, האָט באַ־הערשט און פּאַראַליזירט די אוניווערסיטעטן אין גאַנץ דייטשלאַנד אַ שטילקייט פון אַ געזעלשאַפטלעכן בית־עלמין.

נאָך מיט אַ קורצער צייט צוריק, האָט דער אוניווערסיטעט אין באָן געשמ'ט מיט זיינע ליבעראַלע און ראַדיקאַלע איינפלוסן. די מחנה פון אַנ'ערך 700 סטודענטן איז געווען אין באָן און איר סביבה, דער אַוואַנגאַרד פון דער ליבעראַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג. ווען קאַרל מאַרקס איז אָנגעקומען קיין באָן, בכדי דאָרט צו שטודירן, איז שוין געווען נאָך אַלעמען, און די אוניווערסיטעטס־לייטונג האָט מיט רעכט גע־קאָנט שטאָלצירן, דערקלערנדיק: „אונזער הויכשול איז נישט ווי אין בערלין. ביי אונז ווערט אַלץ דערצויגן אין זיטלעכן גייסט!".

וועגן דעם דאָזיקן געהאָרכזאַמען גייסט אין באַן האָט געזאָרגט קודם־כל דער אַלטער פילאָזאָפיע־פּראָפעסאָר פרידריך שלעגעל, דער טעאָרעטיקער פון דער רעאַק־ציאָנערער דייטשער ראָמאַנטיק. בנוגע דער זיטלעכקייט האָט אָבער די אוניווערסי־טעטס־לייטונג באמת נישט געהאַט מיט וואָס צו שטאָלצירן. מ'איז געווען גאָר טאָ־לעראַנט לגבי דער אויסגעלאַסנקייט פון דער „גאָלדענער יוגנט", ווילנדיק, אַז די סטודענטן זאָלן זיך בעסער באַשעפטיקן מיט „וויין, ווייב, געזאַנג", ווי מיט דער געפערלעכער פּאָליטיק. די אַמאָליקע, געהיימע פאַרשווערערישע אַקאַדעמישע פאַר־באַנדן זענען פאַרשוווּנדן, זייער פּלאַץ האָבן פאַרנומען קלובן און טאַווערנעס, ווו די סטודענטישע יוגנט האָט פאַרטאַכלעוועט איר נעכט מיט שכרות און זנות.

אַ געוויסע ענדערונג אין מאַרקס'נס לעבן איז פאָרגעקומען כמעט ביים סוף פון זיין אויפנהאַלט אין באָן. מאַרקס האָט זיך באַקענט מיט משה העס, און האָט זיך דאָן מיט אים אָפט געטראָפן, סיי אין באָן און סיי אין נאָענטן קעלן־אַם־ריין, ווו העס איז געווען באַשעפטיקט אין דער צוקער־פאַבריק פון זיין פאָטער. די דאָזי־קע באַגעגענישן, מתחילה צופעליקע און אָן אַ ספּעציעלער באַדייטונג, האָבן מיט דער צייט באַקומען אַ שטאַרקע השפּעה אויף קאַרל מאַרקס'ן און זיין אידייאיש־פּאָ־ליטישער אַנטוויקלונג.

משה העס, דער שפּעטערדיקער באַרימטער סאָציאַליסטישער דענקער און איי־נער פון די ערשטע ציוניסטישע טעאָרעטיקער, האָט געשטאַמט פון באָן. (ער איז מיט זעקס יאָר עלטער געווען פון קאַרל מאַרקס'ן). זיין פאָטער איז געווען אַן אינ־דוסטריעלער, די מוטער האָט איר יחוס געצויגן פון אַן אַלטער, מזרח־אייראָפּעאישער משפּחה פון למדנים און רבנים. משה העס איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין באָן, אין אַ טראַדיציאָנעל־יידישער סביבה. זיין זיידע, אַן עמיגראַנט פון פּוילן, אַ פרומער ייד און תלמיד־חכם, האָט געהאַט אַ גאָר גרויסע השפּעה אויף דער אַנט־וויקלונג פון זיין אייניקל. דער זיידע האָט מיט אים געלערנט כתבי־הקודש און איז מיט אים אָפט געגאַנגען אין דער סינאַגאָגע. ער האָט דעם אייניקל דערציילט וווּנ־דערבאַרע מעשיות און לעגענדעס פון יידישן עבר. זיינע שילדערונגען וועגן דער שיינקייט פון אונזער אַמאָליקן יידישן לאַנד זיינען טיף אַריינגעדרונגען אין דער גע־פילפולער נשמה פון משה העס, און זענען זיכער געוואָרן דער גייסטיקער מקור פון זיינע שפּעטערדיקע ציוניסטישע שטרעבונגען. כל ימיו איז משה העס געווען און געבליבן אַ טרייער, שטאָלצער ייד. זיין סאָציאַליסטישע וועלט־אַנשויאונג איז קיינ־מאָל נישט געוואָרן קיין קעגנזאַץ צום יידנטום, וואָס איז טיף און ערלעך פאַרוואָרצלט געווען אין זיין האַרץ און אין זיין מוח.

פון זיין פריעסטער יוגנט אָן, האָט משה העס אַ סך געלייענט און געלערנט. ער איז נישט געגאַנגען אין גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן, אָבער אַלס אויטאָדידאַקט האָט ער זיך דערוואָרבן אַ ווירקלעך־גרויסע און אוניווערסאַלע בילדונג. ער שטו־דירט אומדערמידלעך פילאָזאָפיע, היסטאָריע, נאַטור־געשיכטע, עקאָנאָמיע און אַנ־דערע צווייגן פון דער וויסנשאַפט. אַלס פילאָזאָף איז ער אַ גלענצנדיקער קענער און הייסער אָנהענגער פון שפּינאָזאַ און העגעל. אומעטום און תמיד באַגייסטערט העס'ן דער פּאַטאָס פון די יידישע נביאים און זייער געבאָט פון גערעכטיקייט און עטיק. די דאָזיקע וועלט־אַנשויאונג פון יושר און מאָראַל האָט העס באַמיט זיך צו פאַר־

בינדן מיט דעם שפּינאָזישן פּאַנטעאיזם און מיט דער העגעלישער דיאַלעקטיק, און שפּעטער אויך מיט דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע.

משה העס האָט געוואָלט פּאַראינטערעסירן זיין נייעם, יונגן פריינט קאַרל מאַרקס מיט פּאָליטישע און עטישע פּראָבלעמען. העס און מאַרקס האָבן זיך ביי פּאַרשידענע געלעגנהייטן געטראָפן סיי אין באָן און סיי אין קעלן, אין דער דאָזיקער גרויסער און פּרעכטיקער רהיין־שטאָט, ווו מאַרקס איז אָפט געקומען, צוזאַמען מיט אַ פּאָר חברים, אויף אויספלוגן און סתם־פּאַרווייַלונגען. די הויכע, ערנסטע געשטאַלט פון משה העס'ן, געקליידעט אין שוואַרצע בירגערלעכע בגדים, זיינע לאַנגע געדיכטע האָר אויפן קאָפּ, די וואָנסעס און דאָס בערדל, די טרויעריקע, עכט־יידישע אויגן, דער ברייטער רבנישער שטערן, די רוחניותדיקע פיזיאָנאָמיע פון אַ למדן און טרוי־מער, די מיושב'דיקייט פון זיינע טריט און תנועות, האָבן געשאַפן אַ בולטן קאָנ־טראַסט צווישן משה העס'ן און דער סטודענטן־יוגנט, מיט וועלכער קאַרל מאַרקס פלעגט זיך צונויפטרעפן.

„וואָס האָסט דו, קאַרל, פאַר געשעפטן מיט דעם דאָזיקן משונה'דיקן ראַבי־נער?" האָט מאַרקס'ן אַמאָל געפרעגט עדגאַר פאָן וועסטפאַלן, נאָכדעם, ווי ער האָט אים אַ פּאָר מאָל געזען שפּאַצירן מיט העס'ן. קאַרל האָט ביי זיך געטראַכט: „אויב עדגאַר'ן, דעם פריידענקערישן און מוטיקן רעוואָלוציאָנער, געפעלט נישט מיין נייע חבר'שאַפט מיט העס'ן, וואָס וועלן ערשט זאָגן די חברה לאָבוזעס פון די סטודענ־טישע שענקען?".

מאַרקס האָט זיך באַמיט צו טרעפן מיט העס'ן ביחידות, אין זיין צימער, אָדער אין אַ ביר־האַלע צי ווייַן־שטוב ערגעץ־ווו אין אַ וויַיטער פאַרשטאָט. קאַרל האָט גע־וואָלט זיין אַליין מיט דעם דאָזיקן אָריגינעלן און אינטערעסאַנטן מענטש, בכדי אומגעשטערט דורכצושמועסן זיך מיט אים. עס האָט אים אַלצמער צו אים געצויגן. קאַרל האָט אַליין נישט געוווּסט, אין וואָס באַשטייט דער כח פון העס'ן און מיט וואָס ער האָט געוווּנען זיין וואַקסנדיקע סימפּאַטיע. צי איז דאָס די טיפע, אוניווער־סאַלע בילדונג פון העס'ן, וואָס איז אַנדערש ווי די געשולטע געלערנזאַמקייט פון זיינע באַרימטע פּראָפעסאָרן? אָדער איז דאָס זיין שאַרפע ווי אַ ראַזיר־מעסער, לאָ־גיק, וואָס צעגלידערט און אַנאַליזירט אַלץ אַזוי געוואַלדיק קריטיש און אומברחמנות־דיק? אָדער אפשר, ציט אים צו אים די מענטשן־פריינטלעכע גוטסקייט, וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אַזוי איידל אין די פּקחות־פולע אויגן פון משה העס'ן? נאָך די אויסגעלאַ־סענע נאַכט־הולאַנקעס מיט די טעמפּע דייטשע יונגאַטשעס, זענען קאַרל מאַרקס'ן פאָרגעקומען די געשפּרעכן מיט משה העס'ן, ווי אַ היגיענישער באָד, וואָס מ'נעמט, בכדי אָפּצורייניקן זיך פון אַ מיאוסן שמוץ.

עס האָט געטראָפן, אַז בעת אַ שמועס מיט העס'ן, איז מען צוגעקומען צום פיינלעכן ענין: יידן און יידנטום. מאַרקס האָט דערמאָנט וועגן דעמאָנישקייט. העס האָט דערויף געענטפערט:

„מיר יידן, זענען בכלל אַ דעמאָנישע ראַסע. זייט טויזנטער יאָרן טראָגן מיר אין זיך אַן אומרואיקן, שטורמישן גייסט. אונזער נשמה איז אַ דעמאָנישע! מיר פאַרגינען נישט קיין רו נישט זיך און נישט דער וועלט. זייט משה רבנו'ס צייטן זוכן מיר יושר און גליק פאַר דער מענטשהייט. אונזער תורה און אונזער עטיק זע־נען געווען און פאַרבליבן ביז היינט אַן אמת'ע פּראָוואָקאַציע לגבי דער אָפּגעשטאַ־

גענער און פארשקלאַפּטער וועלט־סביבה. פון דעם נעמט זיך אונזער טראַגישקייט! ס'איז נישט באַקוועם צו טראָגן אין דער אייגענער נשמה אַ דעמאָן, און ס'איז זי־כער נישט קיין פאַרגניגן צו געהערן צו אַ דעמאָנישן פאָלק! אָבער דאָס איז אונזער גורל, פון וועלכן מיר קאָנען נישט אַנטלויפן!".

קאַרל מאַרקס האָט געוואָלט דערויף עפּעס ענטפערן העס'ן. עס האָט אים אָבער באַהערשט אַ מאָדנע אומבאַהאָלפנקייט און זי האָט ממש פּאַראַליזירט זיין צונג. מאַרקס האָט זיך שנעל געזעגנט מיט העס'ן און איז אַ שווייגנדיקער און טיף־דער־פּרימירטער אַוועק פון זיין מערקווירדיקן יידישן פריינט.

## דרייאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל.

## „דער קלוב פון פּאָעטן" און דער פּיסטאָלעטן־דועל.

אין אַ נייעם בריוו צו זיין זון אין באָן, האָט היינריך מאַרקס ווידער אַמאָל פאַרלאַנגט, אַז קאַרל זאָל זיך נעמען שטודירן ערנסט און סיסטעמאַטיש און לויט אַ באַשטימטן פּלאַן. ווייל, ווי דער פאָטער האָט געשריבן: „דאָס געביט פון וויסנ־שאַפט איז געוואַלדיק־גרויס און דאָס מענטשלעכע לעבן איז קורץ".

אין די לעצטע חדשים פון זיין באָנער שול־יאָר האָט טאַקע קאַרל מאַרקס אָנ־געהויבן אָפּט באַזוכן די לעקציעס פון די אויסדערוויילטע פּראָפעסאָרן. אויסער די יורידישע קורסן זענען דאָס געווען די פאָרלעזונגען פון באַרימטן שלעגעל וועגן דער פּאָעזיע פון האָמער, און דער סעמינאַר פון אַן אַנדערן באַוווסטן פּראָפעסאָר וועגן דער געשיכטע פון קונסט. דער פּראָפעסאָר וועלקער, וועלכער האָט געלייענט וועגן גריכישער און רוימישער מיטאָלאָגיע, האָט פאַרצייכנט, אַז דער סטודענט קאַרל מאַרקס איז געווען אָנגעזונדיק סיסטעמאַטיש אויף זיינע לעקציעס און האָט טיכ־טיק געאַרבעט.

אָבער ס'איז נישט באַשערט געווען קאַרלען צו לערנען זיך רואיק אין באָן. זיין צוקונפטיקער שוואָגער עדגאַר פאָן וועסטפאַלן, אַן אומרואיקער, פאַנטאַסטישער גייסט, האָט אים אַריינגעצויגן אין אַ נייע סטודענטן־געזעלשאַפט, וואָס האָט זיך גערופן: „דער קלוב פון פּאָעטן". ווי געזאָגט זענען צו יענער צייט, אַלע אָפּאָזיציאָ־נעלע און דעמאָקראַטישע גרופּירונגען אויף די דייטשע אוניווערסיטעטן געוואָרן אונ־טערדריקט, און די בעסטע, אַקטיווסטע סטודענטן, זענען אויסגעשלאָסן אָדער אַרעס־טירט געוואָרן. די ווייניקע אַקאַדעמישע טוער, וואָס האָבן זיך צופעליק געראַטעוועט, האָבן געזוכט און אָפּט געפונען נייע פאָרמען פאַר זייער פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אויף דעם אוניווערסיטעט אין באָן האָבן זיי צו דעם צוועק געגרינדעט „דעם קלוב פון פּאָעטן". פאַר דער פּאָליציי און פאַר דער אוניווערסיטעטס־לייטונג האָט עס געדאַרפט הייסן, אַז מ'גייט זיך באַשעפטיקן מיט דער „ריינער קונסט פון פּאָעזיע".

אונטער דעם דעק־מאַנטל פון דיכטונג זענען אָבער געווען גאָר אַנדערע כונות. וועגן דעם האָט געזאָגט עדות דער פאַקט, אַז צום גייסטיקן וועג־ווייזער האָט דער

„קלוב פון פּאָעטן" זיך אויסגעוויילט היינריך היינען, וועלכער איז אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, אַליין געווען סטודענט אויף דעם באָנער אוניווערסיטעט, און איצט, אין יאָר 1836, האָט ער געוווינט סטאַביל אין פּאַריז, פון וואַנען עס זענען קיין דייטשלאַנד כסדר דערגאַנגען זיינע הערלעכע לידער וועגן ליבע, מענטשן־גלייכקייט און פריי־הייט. די דעספּאָטישע רעזשימען אין גאַנץ דייטשלאַנד האָבן דורך אַן אָפיציעלע רעגירונגס־פאַראָרדענונג פאַרבאָטן צו פאַרשפּרייטן און צו לייענען היינע׳ס שריפטן. אָבער איבער אַלע גרענעצן פון תּפיסות און צענזורן, פון פּאָליצייאישע גזרות און רעפּרעסיעס האָט טריומפירט דאָס אומבאַזיגטע, בונטאַרישע ליד פון געניאַלן יידיש־דייטשן פּאָעט.

צווישן די גרינדער פון דעם „קלוב פון פּאָעטן" איז, אויסער עדגאַר פאָן וועסט־פאַלן, געווען נאָך אַן אַנדערער טריערער סטודענט, אַ געוויסער בירמאַן, וועלכער האָט זיך צווישן דער יוגנט באַלד באַרימט געמאַכט מיט זיינע רעוואָלוציאָנערע לי־דער, און איז לסוף געווען געצוווּנגען צו אַנטלויפן פאַר דעם אַרעסט־באַפעל פון דער פּרייסישער פּאָליציי, קיין פּאַריז. צום „קלוב" האָבן אָבער מייסטנס געהערט יונגעלייט מיט אַ שוואַכקייט צו פּאָעזיע, און זיי זענען ווייט געווען פון יעדער פּאָ־ליטישער כוונה.

צו זיי, די דאָזיקע פּאָליטיש־אינדיפערענטע, האָט זיך אויך צוגערעכנט קאַרל מאַרקס. אין „קלוב פון פּאָעטן" איז מאַרקס געווען זייער טעטיק, ער האָט געהערט אפילו צו דער לייטונג, צוזאַמען מיט אַן אַנדערן נישט־פּאָליטיקער קאַרל גרין, וועל־כער איז אויך ערשט אין אַ שפּעטערדיקער תּקופה געוואָרן אַ ליידנשאַפטלעכער סאָ־ציאַליסט, הגם פון דער „עכטער" ריכטונג, וואָס איז אַזוי ריקזיכטסלאָז קריטיקירט און באַקעמפט געוואָרן דורך מאַרקס׳ן און זיינע אָנהענגער.

דער יוסטיץ־ראַט היינריך מאַרקס איז זייער צופרידן געווען מיט קאַרל׳ס אָנ־געהעריקייט צום פּאָעטן־קלוב, און האָט אין איינעם פון זיינע בריוו געשריבן: „דיין „קלוב" געפעלט מיר מער ווי די וויין־שענקן. די יונגעלייט, וועלכע אונטערהאַלטן זיך מיט ליטעראַטור, וועלן זיכער זיין מער קולטורעלע מענטשן און בעסערע צו־קונפטיקע בירגער, ווי יענע, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט געמיינע פאַרווייַלונגען".

דער אַלטער פּאָטער האָט געהאָפט, אַז איצט וועט פאָרקומען אַן ענדערונג אין קאַרל׳ס אויפפירונג אין באָן, און ענדלעך וועט ער הערן וועגן אים גוטע בשורות. אָבער ווי טיף־דערשיטערט און אויפגערעגט איז ער געוואָרן, ווען איינמאָל אין אַ זומער־טאָג, קורץ פאַר דעם שול־יאָר, האָט ער באַקומען פון באָן אַ ידיעה, אַז קאַרל איז פאַרוווּנדעט געוואָרן בעת אַ בלוטיקן פּיסטאָלעטן־דועל.

דער דאָזיקער דועל איז געווען בלויז אַן אינצידענט אין דער לאַנגער קייט פון קאָנפליקטן און צוזאַמענשטויסן, וואָס זענען זייט אַ געוויסער צייט פאָרגעקומען אויף דעם באָנער אוניווערסיטעט צווישן דעם „קאָרפּס באָרוסיאַ", פון איין זייט, און דער „טריערער לאַנדסמאַנשאַפט" און „קלוב פון פּאָעטן", פון דער אַנדערער זייט. צום „קאָרפּס באָרוסיאַ" האָבן אָנגעהערט יונקערס און אַריסטאָקראַטן פון העכסטן אַדעל, וואָס האָבן דאָ אויף דעם אַלטן רהיינלענדישן אוניווערסיטעט גע־וואָלט איינפירן זייערע פּרייסיש־פּריצישע מנהגים און מאַניערן. מיט ביטול און שפּאָט האָבן זיי געקוקט אויף די „פּלעבעיער", די זין פון „אַדוואָקאַטלעך און סוחרים׳לעך", די מיטגלידער פון דער טריערער לאַנדסמאַנשאַפט און פון פּאָעטן־

קלוב. די רויע, ברוטאַלע קאָרפּס־יונגאַטשעס האָבן ביי יעדער געלעגנהייט פּראָוואָ־
צירט, באַליידיקט און אפילו געשלאָגן זייערע פּלעבעאישע „קאָלעגן". ס'איז געווען,
אַזוי־צו־זאָגן, אַ מוסטער פון אַ קלאַסן־קאַמף צווישן דער פעאָדאַלער אַריסטאָקראַ־
טיע און דער רהיינלענדישער בורזשואַזיע.

צו יענער צייט, אין אַ געווייסן אָוונט, האָט זיך קאַרל מאַרקס געפונען אין גע־
זעלשאַפט פון משה העס'ן. מיט אַן אויפריכטיקער פאַראינטערעסירונג האָט זיך קאַרל
צוגעהערט צו די אויספירונגען פון העס'ן, וועלכער איז דעמאָלט געווען אינטענסיוו
באַשעפטיקט ביים פאַרענדיקן אין דרוק זיין ערשט בוך: „די הייליקע געשיכטע פון
דער מענטשהייט", אַ פילאָזאָפיש ווערק, געשריבן אין אַ מוטיקן, ראַדיקאַלן טאָן,
אין גייסט פון שפּינאָזאַ'ס וועלט־אַנשויאונג.

ווען מאַרקס און העס זענען בעת דעם דאָזיקן אָוונט־שפּאַציר, דורכגעגאַנגען
איבער דעם ענגן טראָטואַר פון אַ באָנער געסל, איז זיי אַנטקעגנגעקומען איינער
פון די „באָרוסיאַ"־קאָרפּאָראַנטן, אַ שטאַט־באַקאַנטער שיכור און שלעגער. אויך
דאַסמאָל איז ער געווען שטאַרק בגילופין און איז געגאַנגען מיט חוצפּה'דיקע הגם
אומזיכערע טריט, האַלטנדיק אַ גראָבן שטעקן אין דער האַנט. דערזעענדיק מאַרקסן
און העסן, האָט ער אָנגעהויבן שרייען:

„מאַכט פּלאַץ, יידן און געשמד'טע העברעער, אַראָפּ פון טראָטואַר!".

העס האָט אים שאַרף געענטפערט. דער „באָרוסיאַ"־קאָרפּאָראַנט איז געוואָרן
מלא כעס, און האָט זיך געוואָרפן שלאָגן העס'ן, מיט זיין שטעקן. מאַרקס האָט
אַרויסגעריסן דעם שטעקן ביים שלעגער און געגעבן אים אַ פעסטן שטופּ. דער שטאָל־
צער יונקערישער אַריסטאָקראַט איז אומגעפאַלן און אין אַ ווײַלע איז ער געלעגן
אויף דעם טראָטואַר, אין דער גאַסן־בלאָטע.

אויף צומאָרגנס האָבן זיך צו קאַרל מאַרקס'ן געמאָלדן צוויי באָרוסיאַ־קאָר־
פּאָראַנטן. זיי האָבן אַלס סעקונדאַנטן פון „באַליידיקטן קאָרפּס־קאַמעראַד" געברענגט
אַן אויפפאָדערונג צום דועל. מאַרקס האָט די אויפפאָדערונג אָנגענומען, הגם די
דועל־באַדינגונגען זענען געווען גאָר שאַרפע און דערצו נאָך אויף פּיסטאָלעטן. דאָס
איז געווען אַ זעלטענער פאַל, ווייל די סטודענטן־דועלן פלעגן תמיד פאָרקומען אויף
שווערדן אָדער שפּיזן. דאַסמאָל האָט דער יונקער געוואָלט, ווי ער האָט זיך באַרי־
מעריש פאַרגעשטעלט, אָנלערנען דעם „חוצפּה'דיקן ראַבינער־זון". מאַרקס איז בעת
דעם דועל לייכט פאַרוווּנדערט געוואָרן אונטער דעם לינקן אויג. אין אַ פּאָר וואָכן איז
די ווונד געווען שוין לגמרי פאַרהיילט.

דער באַאומרואיקטער און אויפגערעגטער יוסטיץ־ראַט האָט באַלד נאָכן באַקו־
מען די ידיעה וועגן דועל, אָנגעשריבן קיין באָן צוויי בריוו. איינעם צו קאַרלען מיט
פאָלגנדיקע ווערטער: „צי לאָזט זיך דער דועל פאַראייניקן מיט דער ריכטיקער לעבנס־
פילאָזאָפיע? די מענטשן זאָגן, אַז זיי דועלירן זיך, ווייל אַזוי פאַרלאַנגט די געזעל־
שאַפטלעכע מיינונג. לאָז דיך נישט אַריינציען אין דער דאָזיקער קרענקלעכער איינ־
רעדעניש! גיב אַכטונג אויף דיר! דו ביסט דאָך די שענסטע האָפענונג פון דיינע
עלטערן! איך האַלט, אַז אַ קלוגער און ערנהאַפטער מענטש דאַרף זיך האַלטן וויט
פון אַזעלכע זאַכן!".

דער צווייטער בריוו פון יוסטיץ־ראַט איז אַרויסגעשיקט געוואָרן צום רעקטאָר
פון דעם באָנער אוניווערסיטעט. היינריך מאַרקס האָט קורץ און דעצידירט מודיע

געוועז דעם רעקטאָר, אַז פֿון נאָענטן שול־יאָר אָן, וועט זיין זון נישט מער שטודירן אין באָן נאָר אין בערלין, ווייל „אַזוי איז מיין ווילן". די גרויסע אויפרעגונג פֿון יוסטיץ־ראַט איז געווען פֿארשטענדלעך, ווען מ'נעמט אין באַטראַכט, אַז צו יענער צייט האָט די פרעסע געבערענגט אַלאַרמירנדיקע ידיעות וועגן צוויי טויט־פֿאַלן בעת סטודענטן־דועלן.

די פּאָליציי האָט זיך נענטער פֿאַראינטערעסירט מיט מאַרקס'נס פּיסטאָלעטן־דועל. דער דעספּאָטישער רעזשים האָט נישט מורא געהאַט פֿאַר סטודענטן־דועלן, אָבער ער האָט געציטערט פֿאַר דעם, אַז פֿייער־וואָפֿן זאָלן זיך געפֿינען אין די הענט פֿון ציווילע פֿערזאָנען. פּיסטאָלעטן קאָנען דאָך שיסן נישט נאָר אויף קעגנערישע סטודענטן, זיי קאָנען אויך אויסשיסן אין דער ריכטונג פֿון די פֿאַרהאַסטע מושלים.

גלייכצייטיק איז דורך דעם באָנער רעגירונגס־אַמט דורכגעפֿירט געוואָרן אַ שטרענגע אונטערזוכונג קעגן דעם „קלוב פֿון פּאָעטן". די פּאָליציי־אָרגאַנען האָבן באַקומען פֿאַרטרויליכע ידיעות וועגן אַן „אַנטי־מלוכה'שער" טעטיקייט אינם „קלוב". עס האָבן זיך אָנגעהויבן אויספֿאָרשונגען און פֿאַרהערונגען. די אוניווערסיטעטס־לייטונג איז וועגן אַלעמען געוואָרן אינפֿאָרמירט. מ'האָט גערעדט וועגן נייע רעפּרע־סיעס און אַרעסטן.

די ידיעות וועגן די דאָזיקע געשעענישן זענען שנעל דערגאַנגען צום באַזאָרגטן יוסטיץ־ראַט. ער איז באמת געווען גליקלעך, ווען דאָס שול־יאָר האָט זיך ענדלעך פֿאַרענדיקט און קאַרל איז אַהיימגעקומען קיין טריער אַ געזונטער און גאַנצער.

## פֿיראונצוואַנציקסטער קאַפּיטל.

## די וואַקאַנסן אין טריער און די געהיימע פֿאַרלאָבונג

קאַרל מאַרקס האָט זיינע וואַקאַנסן, דעם זומער און הארבסט 1836, פֿאַר־בראַכט אין טריער. ווידער איז ער געווען אין דער דאָזיקער ראָמאַנטישער, מאָלע־רישער שטאָט פֿון זיינע קינדערישע חלומות און יוגנטלעכע פֿאַרלאַנגען. ווי לאַנג־זאַם לויפֿן די וואַסערן פֿון היימישן טייך מאָזעל און ווי וווּנדערבאַר איז די לאַנד־שאַפֿט אַרום אירע גרינע ברעגעס! ווי מיט יאָרן צוריק, האָט קאַרל אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די שווערע שטאָטישע בגדים, און אָנגעטון בלויז אין אַ לייכטן באָד־קאָס־טיום, האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט מיט אַ גרופּע חברים אין „קעניגרייך פֿון מאָזעל", שווימענדיק אין די קאַלטע כוואַליעס און אָפּברענענדיק זיך אין דער הייסער זון.

„טייערער נעגערל מיינס", האָט זיך געוויצלט עדגאַר פֿאָן וועסטפֿאַלן, „דו ווערסט פֿון זון און וואַסער נאָך שוואַרצער, ווי אַ נעגער!".

אין די אָוונטן, ווען ס'איז געוואָרן קיל, איז קאַרל אָפֿט געגאַנגען אָנקוקן זיין געבורט־שטאָט, ווי ער וואָלט זי קיינמאָל נישט געזען. ער האָט געבלאָנדזשעט, אין נעדאַנקן פֿאַרטון, איבער די ענגע געסלעך און ווייטע פֿאָרשטעט, איבער פּלעצער און גאַסן, איבער בערג און טאָלן. ווי מאַיעסטעטיש איז די „פּאָרטאַ ניגראַ" („דאָס שוואַרצע טויער"), וואָס געדענקט נאָך די צייטן פֿון רוימישע אימפּעראַטאָרן! אָט

איז דער איבערגעבליבענער פראַגמענט פון אַמפיטעאַטער, וועלכן עס האָבן געבויט צעזאַר און אויגוסטוס! און דאָ ווידער שפּריצן אַרויס די הייסע, אַלטע וואַסער־קוואַלן!

די מאַסיווע, היסטאָרישע קירך, די קאַטוילישע קאַטעדרע, מיטן בילד פון היי־ליקן באָניפאַציוס, וואָס האָט געבראַכט „דאָס ליכט פון קריסטנטום צו דער היידניש־גערמאַנישער וועלט" איז געווען ווי אַ ממשות'דיקער איבערגאַנג פון אַלטערטום צום מיטלאַלטער. די נייע, מאָדערנע, מלוכה'שע און פּריוואַטע בנינים האָבן קאַרלען ווידער צוריקגעפירט צו דער היינטיקער, רעאַלער ווירקלעכקייט. אויף דעם „מאַרקס־באַרג" האָבן זיך קינדער געשפּילט אין זאַמד און גראָז. נייע, פרעמדע קינדער, וועל־כע קאַרל האָט נישט געקענט. קאַרלען האָט באַהערשט אַ בענקשאַפט נאָך יענע פאַרגאַנגענע, אַזוי ווייטע טעג, ווען אויך ער האָט זיך דאָ קליינערהייט אַרומגע־וואַלגערט אין גאָלדיקן זאַמד און אין פרישן גראָז.

און ווידער, אַן אַנדער מאָל, אין אַ טרויעריקן, נאַסן נאָכמיטאָג, איז קאַרל מאַרקס געגאַנגען צום ווייטן קריסטלעכן בית־הקברות, ווי מ'האָט ערשט לעצטנס אויפ־געשטעלט אַ געדענק־שטיין אויף דעם קבר פון נאָענטן שול־חבר, וועלכער איז, מיט אַ צייט צוריק, געפאַלן אַ קרבן פון פּאָליצייאישע רדיפות. צוריקגייענדיק פון קריסט־לעכן בית־הקברות האָט קאַרל פאַרקערעוועט, נישט וויסנדיק אַליין פאַרוואָס־און־פאַרוועגן, צום יידישן בית־עלמין, צו דער אַלטער מצבה פון זיין זיידן און צו דער פרישער מצבה פון זיין פעטער, דעם ראַבינער סאַמועל. די קברים פון די ביידע טריערער רבנים זענען געווען אַביסל פאַרנאַכלעסיקט און באַוואַקסן מיט ווילדן גראָז.

אַהיימקומענדיק, האָט זיך קאַרל קוים צוריקגעהאַלטן, בכדי נישט צו מאַכן פאָרווורפן דעם פאָטער. ער האָט נישט געוואָלט מצער זיין דעם קראַנקן, צעבראָכע־נעם יוסטיץ־ראַט. זייט אַ יאָר איז דער פיזישער און מאַטעריעלער מצב פון היינ־ריך מאַרקס'ן געוואָרן נאָך אַ סך ערגער. די לעבער־קראַנקייט, פון וועלכער ער האָט געליטן, איז איצט געוואָרן געפערלעכער פון טאָג־צו־טאָג, און הגם ס'האָט אָפּ־געקאָסט אַ סך געלט, זענען די דאָקטוירים געווען ראַטלאָז. דער יוסטיץ־ראַט איז אַרומגעגאַנגען אַ נידערגעשלאָגענער און פאַרביטערטער. קאַרל האָט מיט ווייטיק אָב־סערווירט זיין בלאַס פנים און זיין איינגעבויגענע געשטאַלט, וואָס איז שוין מיד געוואָרן צו טראָגן אויף זיך די שווערע לאַסט פון טאָגטעגלעכע זאָרגן און שמערצן.

הענריעטע, די מוטער, איז געבליבן, ווי זי איז געווען תמיד אין די לעצטע יאָרן, כסדר פאַרהאָרעוועט און פאַרדאגה'ט, מיט טרויעריקע, פאַרוויינטע אויגן און אייביק מיט אַ שטילן קרעכץ. קאַרל איז געווען זיכער, אַז זי וויינט אָפט, און איינ־מאָל האָט זיך אים געדוכט, ווי די מאַמע וואָלט שטילערהייט געזאָגט צו זיך אַליין: „ס'איז גאָט'ס שטראָף, גאָט'ס אמת'ע שטראָף!". קאַרל האָט זיך געמאַכט נישט־הערנדיק און נישט געוואָלט אויספרעגן די מוטער, וואָס איז דער טייטש פון אירע ווערטער.

די מאַמע האָט זיך באַמיט, אַז קאַרל זאָל גוט און צו דער צייט עסן, ווייל ער זעט שלעכט אויס. זי האָט פון אים פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל ווייניקער אַרומלויפן און מער אויסרוען. וועגן די היימישע דאגות האָט זי נישט געוואָלט מיט אים רעדן, נאָר איינמאָל, ווען קיינער איז נישט געווען אין שטוב אויסער קאַרלען, האָט זי זיך באַ־גאָסן מיט טרערן און געמאַכט דעם זון ביטערע פאָרווורפן:

„דער טאַטע איז שווער קראַנק, און מיט פּרנסה איז אויך נישט גוט. מיט דיין

פירונג אין באַן האָסט דו דעם פּאָטער שטאַרק מצער געווען. ס'איז דיין פּליכט, מיין זון, ווי אַמשנעלסטן צו פאַרענדיקן דיין שטודירן! דו מוזט באַלד איבערנעמען די אַדוואָקאַטישע קאַנצעלאַריע. געדענק, ווו מיר האַלטן אין דער וועלט און פאַרדריי דיר נישט דעם קאָפּ מיט פּוסטע חלומות!".

קאַרל איז איצט מער ווי אין עלטערן־הויז, אָפּגעזעסן אין דער וווינונג פון געהיימראַט לודוויק פאָן וועסטפאַלן. פאַר דעם 18־יעריקן יונגן מענטש איז די אַט־מאָספערע אין דער היים געוואָרן צו ערנסט און צו טרויעריק. דער געהיימראַט איז געבליבן אַ לעבעדיקער און גייסטרייכער „אַלטער הער", ווי פריער. און די געליבטע זשעני איז קיינמאָל נישט געווען אַזוי פאַר'כשופדיק־שיין, ווי לעצטנס. אין דעם גרויסן ,צעוואַקסענעם גאָרטן, וואָס האָט אַרומגערינגלט דאָס פּרעכטיקע און באַ־קוועמע הויז פון געהיימראַט, איז קאַרל גאַנצע טעג אָפּגעזעסן אין נאָענטער געזעל־שאַפט פון זשעני. זיי האָבן אַ סך געלאַכט און געשטיפט, געלייענט ערנסטע ביכער און געשריבן פּאָעזיע. קאַרל איז געווען גאָר גליקלעך, ער האָט זיך געפילט ווי אין אַ גן־עדן, און האָט כמעט נישט באַמערקט, ווי שנעל דער זומער איז פאַרגאַנגען.

אין דער וווינונג פון געהיימראַט האָט זיך קאַרל באַקענט מיט אַ פּאָר נייע שטאָטישע פּערזענלעכקייטן. צווישן זיי איז געווען דער זון פון גרויסן דייטשן דיכ־טער פרידריך שילער, ערנסט פאָן שילער, וועלכער האָט לעצטנס איבערגענומען אין טריער אַ פּאָסטן אַלס געריכטס־ראַט און איז געוואָרן אַ הייסער אָנהענגער פון דעם געהיימראַט און פון זיין טריערער געזעלשאַפט.

די באַציאונג פון געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן צו קאַרלען איז געבליבן אַ נאָענ־טע און זייער פריינטלעכע, הגם דער געהיימראַט האָט זיכער געוווּסט וועגן קאַרל'ס לייכטזיניקער אויפפירונג אין באָן. דער געהיימראַט האָט מיט סימפּאַטיע געקוקט אויף דער נאָענטער באַקאַנטשאַפט פון קאַרלען מיט זשעני. אַנדערש האָט זיך צו דעם באַצויגן זשעניס מוטער. דאָס איז געווען אַן אינטעליגענטע און פיינע פרוי. איר גרויס בילד, געמאָלן מיט אַ סך יאָרן צוריק, איז געהאַנגען אויבן־אָן אין סאַ־לאָן. דער יונגנטלעכער פּאָרטרעט האָט עדות געזאָגט וועגן דעם, אַז זשעני'ס מו־טער איז אַמאָל געווען אַן אויסערגעוויינלעכע שיינקייט, און זשעני האָט געהאַט אין וועמען צו זיין ענלעך.

זשעני'ס מוטער איז געווען שטאַרק באַזאָרגט צוליב דער ליבע, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט צווישן איר טאָכטער און דעם זון פון אַדוואָקאַט מאַרקס. די מאַדאַם פאָן וועסטפאַלן האָט געשטאַמט פון אַדעל און איז געווען אַ פרומע קריסטין. איר גאַנצע משפּחה איז באַשטאַנען פון מיוחס'דיקע, רייכע און שטאָלצע פּריצים און הויכע באַאַמטע. דער זון פון אַן אַדוואָקאַט, און נאָך דערצו אַ געשמד'טער ייד, האָט נישט אַריינגעפּאַסט, לויט איר מיינונג, אין דער דאָזיקער „נאָבעלער, אַריסטאָקראַטי־שער געזעלשאַפט".

זשעני איז געווען „דאָס שענסטע מיידל אין טריער", „די קעניגין פון בעלער", „די באַוווּנדערטע פּרינצעסין". דאָס איז נישט געווען סתם אַן איינרעדעניש פון דער מוטער, נאָר די אַלגעמיינע מיינונג פון דער גאַנצער שטאָט. וועגן דער האַנט פון זשעני האָבן זיך באַמיט די רייכסטע און שענסטע קאַוואַלירן פון טריער, הויכע באַאַמטע און אָפיצירן, גראַפן און גרויס־גוטבאַזיצער. די מוטער האָט מיט ווייטיק געהערט, ווי אירע נאָענטע קרובים, און בעיקר קרובות, האָבן זיך מיט אַ בייסיקן

שפּאָט אויסגעדריקט: „ווי קומט זשעני צו דעם דאָזיקן מיאוסן, שווארצן יודן־בענגל?". און אפשר האָט אויך דער מוטערלעכער אינסטינקט איר אונטערגעזאָגט, אַז גייענדיק חתונה האָבן מיט קאַרל מאַרקס'ן, לאָזט זיך זשעני אויף אַ טראַגישן וועג פון נויט און פּיין, פון הונגער און ליידן!

איינמאָל, ווען עס האָט שוין געהאַלטן ביים סוף פון די וואַקאַנסן, האָט קאַרל פאַרטרויט זיך פאַר זיין פאָטער מיט אַ גרויסן סוד:

„איך האָב זיך אין געהיים פאַרלאָבט מיט זשעני. דערווייל ווייסט קיינער נאָך נישט דערפון. אָבער מיר ביידע, איך און זשעני, געהערן שוין אויף אייביק צו זיך און קיין שום כח אין דער וועלט איז נישט מער ביכולת צו צעשטערן אונזער גליק!".

היינריך מאַרקס איז בשום אופן נישט געווען צופרידן מיט דער דאָזיקער פּלוצלינגער ידיעה. ער האָט לאַנג ביחידות גערעדט מיט זיין זון און אויפגעוויזן אים ווי לייכטזיניק ער האַנדלט:

„דו און זשעני געהערט צו צוויי באַזונדערע, פרעמדע וועלטן. זי איז מיט פיר יאָר עלטער פון דיר, זי איז רייך און שיין, און דו ביסט בלויז אַ סטודענט, נאָך יונג און לגמרי נישט־דערפאַרן. וואָס וועט זיין דער תכלית פון אייך ביידע? וואָס וועט פון אייך ווערן? איר מוזט זיך ביידע אַרויסשלאָגן, דערווייל, די זאַך פון קאָפּ! אין אַ פּאָר טעג אַרום וועסט דו, קאַרל, אָוועקפאָרן צום וויטן בערלין, בכדי דאָרט צו שטודירן רעכטס־וויסנשאַפטן. דאָס איז אַן ענין נאָך אויף 3 ביז 4 יאָר. צווישן דיר און זשעני טאָר נישט אין דער דאָזיקער צייט פאָרקומען קיין שום פאַרבינדונג, אפילו נישט קיין בריוו־קאָרעספּאָנדענץ. נאָכדעם, ווי דו וועסט באַקומען דיין יורידישן דאָקטאָראַט, וועלן מיר זעען ווייטער וואָס צו טון! אויב זשעני וועט דיר בלייבן טריי און נישט הייראַטן במשך דער דאָזיקער צייט, דעמאָלט איז איר ליבע צו דיר באמת אַן ערנסטע זאַך און איך, דיין פאָטער, וועל גאָרנישט האָבן קעגן אייער הייראַט!".

צום סוף פון לאַנגן געשפּרעך האָט קאַרל געבעטן דעם פאָטער צו האַלטן בסוד די ידיעה וועגן דער פאַרלאָבונג מיט זשעני.

היינריך מאַרקס האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און האָט וועגן אַלץ דערציילט זיין פרוי. די עלטערן זענען די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. זיי זענען געווען באַזאָרגט און האָבן גערעדט וועגן דער אומזיכערער צוקונפט. דער פאָטער האָט בסדר געקרעכצט צוליב זיין לעבער־ווייטיק, די מוטער האָט אָפט און טיף געזיפצט.

## פינפאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל.

## אין דעם וויטן, קאַלטן בערלין.

סוף אָקטאָבער 1836 איז קאַרל מאַרקס אָוועקגעפאָרן פון טריער צום וויטן בערלין. ביי דער באַן האָבן אים באַגלייט זיינע בני־בית און אויסערדעם זשעני און עדגאַר. דער פאָטער, היינריך מאַרקס איז, ביים געזעגענען זיך, געווען טיף גערירט,

ווי ער וואָלט געפילט, אַז ער זעט זיין זון צום לעצטן מאָל. דער יוסטיץ־ראַט איז לאַנג נאָכגעגאַנגען דעם לאַנגזאַם־פאָרענדיקן צוג און האָט אומדערמידלעך נאָכגע־פאָכעט מיט זיין טאַשנטיכל.

דער וועג קיין בערלין איז געווען אַ ווייטער און לאַנגווייליקער. צוויי טעג און צוויי נעכט איז דער צוג געפאָרן איבער גלייכמעסיקע לאַנדשאַפטן. מ'איז אַדורך די פּריי־סישע גרענעץ, דאַן ווידער די גרענעץ פון האַנאָווערישן קעניגרייך, וואָס האָט גע־הערט צום ענגלישן מלך, און צום סוף איז מען ווידער געפאָרן איבער די גרענעץ פון דער פּרייסישער מלוכה.

קאַרל איז געווען אומעטיק און נידערגעשלאָגן. דער אָפּשייד פון טריער איז אים איצט געווען נאָך שווערער, ווי מיט אַ יאָר צוריק. דעמאָלט האָט ער געהאַט נאָענט צום רהיינלענדישן, פריילעכן באָן, היינט אָבער האָט אים געפירט דער ווייטער וועג צום קאַלטן, פּרייסישן בערלין. עדגאַר האָט קאַרלען ביים געזעגענען זיך, איבערגע־חזרט האַלב־וויציק און האַלב־ערנסט די מיינונג פון דעם באַוווסטן ראַדיקאַלן פי־לאָזאָף לודוויק פייערבאַך, וועגן דעם, אַז דער אוניווערסיטעט אין בערלין איז אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע דייטשע אוניווערסיטעטן, אַ „שטרענגע אויסבעסערונגס־אַנשטאַלט”.

פייערבאַכ'ס ווערטער האָבן מאַרקס'ן באַגלייט דעם גאַנצן וועג, בעת אין זיין זכרון זענען נאָך פריש געווען די לוסטיקע שענקען און די פריילעכע סטודענטן־קאָמ־פּאַניעס פון באָן. קאַרל'ס געדאַנקען זענען אַריבער צו זיינע נאָענטסטע: ווי טרויעריק איז געווען דער טייערער פּאַפּאַ ווען ער איז אַזוי נאָכגעלאָפן, מיט זיינע קראַנקע פיס, דעם אוועקפאָרנדיקן צוג! ווי האַרציק האָט זיך מיט אים געזעגנט זשעני! וואָס פאַרא פּראַכטפולער מלאך זי איז! אָבער, ווען וועט מען זיך ווידער זען?

בערלין האָט אויפגענומען קאַרלען מיט אַ קילן, נאַסן, עכט־האַרבסטלעכן פרי־מאָרגן. ס'איז געווען פולשטענדיק צוגעפּאַסט צו זיין שווערן געמיט. מאַרקס האָט גלייך אָנגעהויבן זוכן אַ פּאַסנדיק צימער. אין צענטער פון שטאָט, נישט־ווייט פון דעם אוניווערסיטעט, אויף דער לייפּציגער־שטראַסע, האָט ער באַמערקט אַ מאַרמאָר־נע געדענק־טאָוול, צוגעקלאַפּט אין פראָנט פון אַן אַלטן הויז. קאַרל איז ספּאָנטאַן שטיין געבליבן און האָט דורכגעלייענט די אויפשריפט אויף דער געדענק־טאָוול, וועלכע האָט מיט שטאָלץ מודיע געווען, אַז אין דעם דאָזיקן הויז האָט געוווינט דער באַרימטער דייטשער דיכטער און דענקער אפרים גאָטהאָלד לעסינג. קאַרלען האָט באַהערשט אַ טיפער סענטימענט לגבי דעם דאָזיקן איידעלן, מיט אַ האַלבן יאָרהונ־דערט צוריק, פאַרשטאָרבענעם דייטש־קריסטלעכן הומאַניסט, דעם אויטאָר פון „נאַ־טאַן דער ווייזע”, וועמענס קולט איז מיט אַזויפיל פּיעטעט אָפּגעהיטן געוואָרן סיי אין זיין פאָטערלעכער היים און סיי אין דער סביבה פון געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן. קאַרל איז אַריינגעגאַנגען אין דעם דאָזיקן הויז און צופעליק האָט ער דאָ געפונען אַ שיין און באַקוועם צימער, אין וועלכן ער האָט אַ לענגערע צייט געוווינט.

אין פאַרגלייך צו באָן, איז בערלין געווען אַ ריזן־שטאָט, די ערשטע באמת־גרויסע שטאָט, וועלכע קאַרל מאַרקס האָט דערזען. די צאָל פון דער בערלינער באַ־פעלקערונג איז דעמאָלט דערגאַנגען צו דריי הונדערט טויזנט נפשות, און זי האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן מיט אַ שנעלן טעמפּאָ, פון יאָר צו יאָר, הגם די עקאָנאָ־מישע, סאָציאַלע און בעיקר גייסטיקע אַנטוויקלונג איז דאָ לאַנגזאַמער פאָרגעקומען

ווי אין די רהיינלענדישע שטעט. נאר בהדרגה'דיק האט בערלין אראפגעווארפן פון זיך די צורה פון אמאליקן בראנדענבורגישן דארף. אלטע מויערן און טויערן האבן נאך כסדר פארשלאסן דעם שטאט־צענטער פאר די דארפישע פארשטעט, וואס האבן חוצפה'דיק, אויף אלע וועגן און אופנים אריינגעריסן זיך מיט זייערע פעלדער און גארטנס צום הארצן פון דער פרייסישער הויפטשטאט.

די בערלינער גאסן האבן געטראגן א פראסטן, געשמאקלאזן, שטייפן, אפט אפילו אומהיימלעכן כאראקטער, אזוי ווי די מענטשן, די בערלינער תושבים. דאס זענען געווען פראקטישע, ניכטערע בירגער, מיט א ספעציעלער שוואכקייט צו באקוועמלעכקייט און ארדענונג, ווי אלע עכטע פרייסן. זייער לשון, דער בערלינער דיאלעקט, איז געווען שארף און גראב, מיט א געזונטן חוש פאר א פרימיטיוון, דארפישן הומאר. אלץ האט דא, אין דער דאזיקער ריזן־שטאט, געהאט זיין ציל און צוועק. די צוועקמעסיקייט איז דאך געווען דער הערשנדיקער פרינציפ פון פרייסישן מענטש, סיי אין זיין פראקטישן לעבן און סיי אין די ענינים פון מאראל, רעליגיע און גייסט.

די צייטן, ווען מ'האט אין געוויסע דייטשע קרייזן גערעכנט אויף א ליבעראלן קורס אין פרייסן, זענען שוין לאנג פארגאנגען. די געשטאלט פון פרייסישן מלך פרידריך דעם גרויסן, וועלכער האט זיך אמאל, מיט צוויי דורות צוריק, געחבר'ט מיט פראנצויזישע פילאזאפן און שיינגייסטער, האט געשאפן א פאלשן, אילוזארישן אידעאל פאר ראמאנטישע, אבסטראקטע טרוימער, וואס האבן מיט דער פרייסישער ווירקלעכקייט פון די יארן 1830־1840 נישט געהאט מער קיין שום שיכות. דער פרייסישער מאנארכישער רעזשים איז געווען, נעבן דעם רוסיש־צאריסטישן, דער רעאקציאנערסטער אין גאנץ אייראפע. דער דאזיקער רעזשים האט זיך געשטיצט אויף דעם יונקערטום, די מזרח־פרייסישע גרויס־גרונטבאזיצער, וואס זענען געווען מעכטיק און רייך, אבער גייסטיק אפגעשטאנען און אין זייער באנעמען זיך ברוטאל און חוצפה'דיק. דער פרייסישער דעספאטישער פאליצייאישער רעזשים האט מיט זיינע צוויי מעכטיקע ארעמס: די ארמיי און די קירך, ארומגענומען פעסט, ווי מיט קייטן, דאס גאנצע לאנד און די גאנצע באפעלקערונג. די רעגירונג האט אומברחמנות'דיק אונטערדריקט יעדע גנזעלשאפטלעכע אפאזיציע, אנווארפנדיק מיט דעם א געוואלדיקע מורא אויף גאנץ דייטשלאנד און מיטל־אייראפע.

דער פרייסיש־דעספאטישער רעזשים האט זיך נישט באגנוגנט בלויז מיט דער מאטעריעלער מאכט אין לאנד. ער האט געזוכט צו באפעסטיקן זיין רעגירונגס־סיסטעם אויך אויף גייסטיקע יסודות. דאס איז אים דערמעגלעכט געווארן מיט דער הילף פון אן אידעאלאגיע, וועלכע האט פראפאגירט און ממש פארהייליקט דעם פרינציפ פון מלוכה־הערשאפט איבער אלץ און אלע.

די גרויסע פראנצויזישע רעוואלוציע, מיט א האלבן יארהונדערט צוריק, האט פראקלאמירט די פרייהייט פון יחיד און די פריאריטעט פון זיינע אינדיווידועלע רעכט לגבי דער מלוכה. די פרייסישע רעגירונגס־פילאזאפיע האט דאקעגן איר גאנצע וועלט־אנשויאונג און הערשער־סיסטעם אוועקגעשטעלט אויפן יסוד פון פרינציפ, אז דער יחיד איז גארנישט און אלץ איז די מלוכה. די פראנצויזישע ענציקלאפעדיסטן און דענקער האבן לויט דעם ביישפיל פון דער ענגליש־ליבעראלער שיטה פון א לאקע און אדאם סמיט געהאלטן, אז די מלוכה איז באשאפן געווארן פאר

דעם יחיד, און נישט להיפך. אָבער די אָפיציעלע פּרייסישע פילאָזאָפן האָבן פאַר־לאַנגט, אַז דער יחיד זאָל זיך לגמרי אונטערוואַרפן דער שליטה פון דער מלוכה.

דער גייסטיקער אָנפירער פון דער דאָזיקער פּרייסישער אידעאָלאָגיע איז געווען געאָרג ווילהעלם פרידריך העגעל, דער באַרימטער פּראָפעסאָר און שטאָלץ פון דעם בערלינער אוניווערסיטעט. ווי אַ נייער הייליקער קאַטעכיזם איז אָנגענומען און פּראָפּאַגירט געוואָרן העגעל׳ס טעאָריע, אַז „די מלוכה איז די פאַרקערפּערונג פון דער מאָראַל, די מלוכה איז דער קאָנקרעטער אויסדרוק פון דער פרייהייט, די מלוכה פאָרמולירט דעם מהות פון שכל. די מלוכה רעפּרעזענטירט לכן דאָס העכסטע רעכט לגבי דעם יחיד, וועמענס וויכטיקסטע פליכט איז: צו זיין אַ געהאָרכזאַמער מיטגליד פון דער מלוכה! דער פּראָגרעס פון דער מענטשהייט קומט פאָר דורך דער מלוכה און נישט דורך דעם יחיד. די מיינונג אַלזאָ פון דער מלוכה, און נאָר די דאָזיקע מיינונג, און נישט וועלכע ס׳איז אַנדערע סוביעקטיווע, דאַרף באַשטימען דעם געזעץ און די פליכט פון די מענטשן. ווייל די מלוכה רעפּרעזענטירט איר אייגענעם העכסטן ציל, בעת דער אינטערעס פון יחיד קאָן נאָר אַזוי לאַנג האָבן אַ קיום, ווי לאַנג ער איז אייניק מיט די אינטערעסן פון דער מלוכה!".

העגעל איז געשטאָרבן אין יאָר 1831, אָבער זיין פילאָזאָפיע, וואָס האָט גע־פּריידיקט די פולשטענדיקסטע פאַרשקלאַפונג פון דעם מענטש דורך דעם מלוכה׳שן מאַכט־אַפּאַראַט, איז געבליבן די הערשנדיקע אויף די דייטשע אוניווערסיטעטן, און זי בעיקר האָט אויסגעבילדעט די דייטשע מענטאַליטעט, וואָס האָט אַזוי פיל בלו־טיקע צרות אָנגעטון, במשך שפּעטערדיקע דורות, דער גאַנצער מענטשהייט.

קאַרל מאַרקס האָט פון ערשטן טאָג אָן, נישט ליב באַקומען בערלין און כל ימיו האָט ער פיינט געהאַט די דאָזיקע געפילאָזע שטאָט מיט איר פּרייסישער „נשמה", מיט איר רעזשים און מיט איר „גייסט". אין דער דאָזיקער באַציאונג איז מאַרקס געווען אייניק מיט אַנדערע יידיש־דייטשע ראַדיקאַלע שריפטשטעלער און דענקער, ווי למשל היינריך היינע און לודוויק בערנע, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געקאָנט סובל זיין דאָס פּרייסנטום און איר הויפּט־שטאָט.

מתחילה איז קאַרל מאַרקס געווען קעגנעריש געשטימט אויך צו דער „פּרייסי־שער פילאָזאָפיע" פון העגעל׳ן, מיט וועלכער ער האָט זיך נענטער באַקענט אויף דעם בערלינער אוניווערסיטעט. ערשט שפּעטער האָט מאַרקס פון העגעל׳ס שיטה אַרויסגענומען די דיאַלעקטיק, און העגעלן גופא האָט ער כסדר גערימט אַלס איינעם פון די גרעסטע וועלט־פילאָזאָפן. ווי איז דאָס מעגלעך געווען, אַז מאַרקס, דער ראַ־דיקאַלער דענקער און סאָציאַליסט, זאָל אַזוי קנאות׳דיק איבערנעמען די לערע פון עקסטרעם־רעאַקציאָנערן אידעאָלאָג העגעל?

וועגן דעם האָבן זיך שפּעטער, נישט־איינמאָל, אַריינגעטראַכט און מתווכח גע־ווען מאַרקס׳נס תלמידים און אָנהענגער. איינער פון זיי, אַ באַוווסטער יידישער תלמיד־חכם, האָט זיך באַמיט צו דערקלערן די דאָזיקע סתירה מיט אַן אַנאַלאָגיע פון רבי מאיר און אלישע־בן־אבויה. כידוע האָט דער תנא ר׳ מאיר געלערנט ביים אָפּ־טריניקן אלישע, דעם „אחר". אויף אַלע טענות מכח דעם, האָט מען ר׳ מאיר׳ן גע־פּרוווט צו פאַרענטפערן מיט פאָלגנדיקן משל: „רבי מאיר רימון מצא, תוכו אכל, קליפּתו זרק" („ר׳ מאיר האָט געפונען אַ גראַנאַט־פּרוכט, דעם קערן האָט ער אויפ־געגעסן און דאָס שאָלעכץ האָט ער אַוועקגעוואָרפן".)

ס׳איז זיכער אַ גייסטרייכע אַנאַלאָגיע. אָן אַנדער זאַך איז אָבער, ווי ווייט דער דאָזיקער משל איז ריכטיק צוגעפּאַסט צום נמשל. וועגן דעם קאָנען זיין פאַרשידענע סברות און מיינונגען!

## זעקסאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל,

## דער הער פּראָפעסאָר עדואַרד גאַנס.

ביים אויפּפּאַקן זיינע חפצים און ביכער אין דער נייער בערלינער וווינונג, האָט קאַרל מאַרקס געפונען אַן אַלטן, פאַרוואָרפענעם בריוו, וועלכן זיין פאָטער האָט אים געשיקט קיין באָן. ער האָט דעם בריוו נאָכאיינמאָל דורכגעלייענט. אין דעם דאָזיקן בריוו זענען פאַראַן געווען אויסדרוקן, וועלכע האָבן איצט קאַרלען שטאַרק ווי גע־טון. דער פאָטער האָט געשריבן: „דיין דראָבנע און נישט־דייטלעכע שריפט פאַר־מאַטערט מיך. אויך פאַרמאַטערן מיך דיינע רעכענונגען. אוי, דיינע רעכענונגען אַ לאַ קאַרל! און אַלץ אָן אַ צוזאַמענהאַנג און אָן אַ רעזולטאַט!״.

נאָכן דורכלייענען דעם אַלטן בריוו, האָט קאַרל ווידעראַמאָל ביי זיך פעסט באַשלאָסן אָנצוהויבן לעבן אַנדערש. שפּאַרזאַמער און באַשיידענער, און צו אַרבעטן סיסטעמאַטיש און אינטענסיוו אין זיין צוגרייטונג צו די עקזאַמענס. ער האָט זיך פאַרשריבן אויף די לעקציעס פון די בעסטע פּראָפעסאָרן פון רעכטס־וויסנשאַפטן, געשיכטע, פילאָזאָפיע און אַז. וו. אויסערדעם האָט ער אין דער פרייער צייט אַ סך געלייענט פאַרשידענע וויסנשאַפטלעכע און בעלעטריסטישע ווערק, און געמאַכט דערפון אומצאָליקע נאָטיצן.

ס׳איז קאַרלען שווער געווען, גאָר שווער, איינצולעבן זיך אין בערלין, אין דער דאָזיקער ריזיקער און האַרצלאָזער שטאָט. קאַרל האָט דאָ געהאַט ווייניק באַקאַנטע און פריינט. די בענקשאַפט אַהיים, צו דער ראָמאַנטישער סביבה פון טריער, צו די עלטערן און פאַמיליע, און בעיקר צו דער טייערער זשעני, האָט אים אָפט געפּיי־ניקט.

ערשט איצט, אין דעם ווייטן און קאַלטן בערלין האָט קאַרל זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון דערפון, ווי שטאַרק ס׳איז זיין ליבע צו זשעני און ווי שווער ס׳וועט אים זיין צו לעבן אָן איר, אָן אירע פאַרכשופ׳נדיקע אויגן און אָן אירע גוטע, האַר־ציקע ווערטער.

באַלד נאָך זיין אָנקומען קיין בערלין, שרייבט קאַרל צו זיין פאָטער: „פון דער רגע אָן, ווען איך האָב אייך פאַרלאָזט, בין איך לגמרי באַהערשט געוואָרן פון אַ נייער וועלט, אין וועלכער איך פיל זיך איינזאַם און בענק נאָך מיין ליבע. ס׳איז אַ מעכטיקער געפיל מיט גרויסע פאַרלאַנגען און קליינע האָפענונגען. מיין רייזע קיין בערלין, וואָס וואָלט מיך, ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט, שטאַרק פאַראינטערעסירט, צוליב דער פאַרשידנקייט פון דער אַרומיקער נאַטור, איז געווען לאַנגווייליק און טרויּ־עריק. די שטיין־פעלזן, וועלכע איך האָב באַמערקט בעת מיין רייזע, זענען נישט גע־ווען טיפער און שאַרפער, ווי די איבערלעבענישן פון מיין נשמה. די גרויסע שטעט,

דורך וועלכע איך בין געפארן, זענען נישט געווען אזוי טומעלדיק ווי דאס שטורמישע בלוט אין מיינע אדערן. קיין שום פראכט אויף מיין וועג איז נישט געווען ביכולת צו פארגלייכן זיך מיט דער שיינקייט פון זשעני!".

די פאעטישע מעטאפארן אין דעם דאזיקן בריוו זענען געווען א ריכטיקער אויסדרוק פאר קארל'ס געמיטצושטאנד צו יענער צייט. ער איז געווען באהערשט פון טיפע סענטימענטאלע און דיכטערישע שטימונגען. אין דער פאעזיע האט ער געזוכט טרייסט און מוט צום נייעם לעבן. קארל האט געשריבן א סך לידער, וואס זענען מייסטנס געווען געווידמעט דער ליבע און אירע פארבענקטע געפילן.

פון דער סענטימענטאלער פאעזיע האט מארקס'ן, אויף א קורצע צייט, אוועקגעריסן דער הער פראפעסאר עדוארד גאנס. דאס איז געווען א גאר אינטערעסאנטע פערזענלעכקייט, מיט א סך פאזיטיווע אבער אויך פראבלעמאטישע כאראקטער־אייגנשאפטן, וואס האבן דער דאזיקער טיף־געלערנטער און זייער טאלאנטירטער געשטאלט געגעבן געוויסע ניואנסן פון פאראדאקסאלער מערקווירדיקייט.

דער נאמען עדוארד גאנס איז שוין דערמאנט געווארן אין צוזאמענהאנג מיט דעם „פאריין פאר קולטור און וויסנשאפט פון יידנטום", וועלכער איז ביים אנהויב פון נייצעצנטן יארהונדערט געגרינדעט געווארן אין בערלין. גאנס איז געווען, נעבן דעם שפעטער בארימט־געווארענעם יידישן געלערנטן לעאפאלד צונץ, דער הויפט־גרינדער פון „פאריין", וועמענס אויפגאבע איז געווען צו שטארקן די יסודות פון יידנטום דורך גייסטיק־רעפארמאטארישער ארבעט און וויסנשאפטלעכער פארשונג.

גאנס איז געווען דער אנפירער פון „פאריין", ער האט געהאלטן רעפעראטן, ארויסגעגעבן א צייטשריפט, אליין א סך געשריבן און געדרוקט וועגן יידישער געשיכטע און געזעץ־געבונג. צום „פאריין" האבן געהערט אנ'ערך 50 מיטגלידער, צווישן וועלכע ס'איז געווען אקטיוו אויך היינריך היינע.

אויפאיינמאל האט מען זיך דערוווסט, אז עדוארד גאנס האט זיך געשמד'ט. היינריך היינע איז געווען שטארק אויפגעבראכט צוליב דעם פאראט פון גאנס'ן און האט געמאכט אים ביטערע פארווורפן מיט פאלגנדיקע ווערטער: „אזוי טוט נישט קיין אנפירער. א קאפיטאן פארלאזט דער לעצטער די זינקנדיקע שיף. נעכטן איז ער נאך געווען א העלד און היינט שוין א לאידאק!".

דער „פאריין" איז זיך באלד צעפאלן. עדוארד גאנס האט איבערגענומען, נאך זיין שמד'ן זיך, א קאטעדרע אויף דעם בערלינער אוניווערסיטעט. זיין הויפט־פאך איז געווען קרימינאל־רעכט און פרייסישע געזעץ־געבונג. גאנס איז באלד געווארן איינער פון די וויכטיקסטע פראפעסארן אויף דעם בערלינער אוניווערסיטעט. נישט לייכט איז אים אנגעקומען צו דערגרייכן די דאזיקע קאריערע. ער האט געמוזט אומדערמידלעך ארבעטן און געשיקט אויסנוצן אלע זיינע פעאיקייטן און באקאנטשאפטן.

נאך העגעל'ס טויט האט זיך אנגעהויבן אויפן בערלינער אוניווערסיטעט א פארביסענער קאמף וועגן זיין גייסטיקער און אויטאריטאטיווער ירושה. אייגנטלעך איז דאס געווען א צוויי־קאמף צווישן דעם געשמד'טן ייד, דעם פראפעסאר עדוארד גאנס און דעם עכט־גערמאנישן קריסט און אדעליקן פראפעסאר קארל פאן סאוויגני. דער קעגנזאץ צווישן די דאזיקע צוויי פראפעסארן איז געווען נישט בלויז א פערזענלעכער נאר אויך אן אידעאלאגישער. סאוויגני האט רעפרעזענטירט די אלטע,

קאָנסערוואַטיווע ריכטונג פון די יוריסטן, וואָס האָבן זיך גערופן די „היסטאָרישע שול" און זענען אויסן געווען צו פאַרפעסטיקן און צו פאַרייביקן די יסודות פון דער קריסטלעך־גערמאַנישער מלוכה. די שיטה פון גאַנס'ן דאַקעגן, האָט זיך געשטיצט אויף מאָדערנע דענקער און סאָציאַלע רעפאָרמאַטאָרן (ווי למשל אויף דעם פראַנ־צויזישן סאָציאַליסטישן אוטאָפּיסט סען סימאָן) און האָט אידעאַליזירט די באַפרייאונג פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט.

העגעל האָט שטאַרק געהאַלטן פון גאַנס'ן. קעגן דעם ווילן פון סאַוויגני האָט ער זיינערצייט דורכגעזעצט די נאָמינאַציע פון גאַנס'ן אַלס אוניווערסיטעטס־פּראָ־פעסאָר. ביים סוף פון זיין לעבן, האָט ער נישט קיין אַנדערן, ווי גראָד גאַנס'ן איבערגעלאָזט די אַפּוטרופּסות איבער זיינע פאַרבליבענע שריפטן. מיט העגעל'ס נאָ־מען און גלאַנץ, איז גאַנס נאָך דעם טויט פון זיין גרויסן לערער און פּראָטעקטאָר, אויפגעטרעטן צום קאַמף פאַר דער גייסטיקער און פּערזענלעכער העגעמאָניע אויף דעם בערלינער אוניווערסיטעט.

עדואַרד גאַנס איז געווען אַ גלענצנדיקער רעדנער, דער בעסטער אָראַטאָר אויף דעם בערלינער אוניווערסיטעט. אויסער רעכטס־וויסנשאַפטן, האָט ער געלייענט לעק־ציעס וועגן געשיכטע און באַזונדערס וועגן דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. „גאַנץ בערלין" פלעגט קומען הערן זיינע פאָרלעזונגען, וואָס האָבן זיך אויסגעצ־ייכנט מיט זייער גייסטרייכקייט, וויסנשאַפט און באַרעדזאַמקייט. דער גרויסער אַמ־פיטעאַטער פון דעם אוניווערסיטעט איז געווען צו קליין פאַר דער מחנה צוהערער, וואָס איז געוואַקסן פון יאָר צו יאָר. אויסער די סטודענטן, האָט מען דאָ געזען מלוכה־באַאַמטע, אַרמיי־אָפיצירן, ליטעראַטן און קינסטלער. אין דער פּרייסיש־האָ־הענצאָלערנישער אַטמאָספערע פון צענזורן און תפיסות, איז דער פאָרלעזונגס־זאַל פון גאַנס'ן געווען דער איינציקער אָרט, ווו מ'האָט געקאָנט הערן אַ פריי וואָרט וועגן די מאָדערנע סאָציאַלע און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען.

דער אויטאָריטעט פון פּראָפעסאָר גאַנס איז געוואָרן אַזוי גרויס און איינפלוס־רייך, אַז אפילו די רעאַקציאָנערע פּרייסישע רעגירונג האָט זיך געמוזט מיט אים שטאַרק רעכענען, און מ'האָט אים מוחל געווען זאַכן, פאַר וועלכע אַנדערע וואָלטן געמוזט טייער באַצאָלן. ווען קייזער בערלין איז מיט אַ באַזוך געקומען אַ באַרימטער פראַנצויזישער געלערנטער, האָט אים גאַנס אַרומגעפירט און געוויזן די שטאָט. ער האָט אָנגעהויבן זיינע אינפאָרמאַציעס מיט אַ באַמערקונג, וואָס איז שנעל באַקאַנט געוואָרן אין גאַנץ דייטשלאַנד און אין גאַנץ אייראָפּע. ווייזנדיק דעם גאַסט די קאַ־זאַרמעס בשכנות פון דעם אוניווערסיטעט, האָט גאַנס געזאָגט: „אָט זעט דעם אוּ־ניווערסיטעט ביי די קאַזאַרמעס, דאָס איז דער סימבאָל פון דער פּרייסישער ווירק־לעכקייט!".

קאַרל מאַרקס איז געווען אַ פליסיקער צוהערער אויף פּראָפעסאָר גאַנס'נס לעק־ציעס, סיי פון קרימינאַל־רעכט און פּרייסישער געזעץ־געבונג, און סיי פון געשיכטע. גאַנס האָט נאָטירט גלייך נאָך דעם ערשטן סעמעסטער, אַז דער סטודענט קאַרל מאַרקס איז טיכטיק און אַרבעטזאַם. מאַרקס האָט מיט באַוווּנדערונג און עכטער סימפּאַטיע געקוקט אויף זיין פּראָפעסאָר, וועלכער איז געווען אַזוי מוטיק און אומ־דערשראָקן אין זיין קאַמף קעגן דער אַלטער „היסטאָרישער שול" פון די טעמפּע, רעאַקציאָנערע יוריסטן. די סימפּאַטיע איז באַלד געוואָרן אַ קענגזייטיקע. פּראָפעסאָר

גאַנס האָט אָפּט באַמערקט צווישן זיינע תּלמידים דעם לעבעדיקן, טעמפּעראַמענט־פולן און גייסטיק־רירעוודיקן סטודענט מיט די שוואַרצע האָר־לאָקן און טונקעלן גע־זיכטס־קאָליר. ער האָט זיך נעענטער פאַראינטערעסירט מיט דעם סטודענט קאַרל מאַרקס.

דעם פּראָפעסאָר גאַנס, דעם גוטן קענער פון דער יידישער געשיכטע אין דייטש־לאַנד, איז דער נאָמען מאַרקס נישט געווען פרעמד. גאַנס האָט געוווסט וועגן דעם רבנישן און גאונישן יחוס פון זיין נייעם תּלמיד. דורכקוקנדיק דעם פּערזענלעכן אוּ־ניווערסיטעטס־דאָקומענט פון קאַרל מאַרקס'ן, האָט ער פעסטגעשטעלט, אַז דאָס דאָ־זיקע אייניקל פון די טריערער רבנים האָט אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן אין יאָר 1824, אין דעם זעלבן יאָר, אין וועלכן אויך ער, עדואַרד גאַנס האָט זיך גע־שמד'ט. דער באַרימטער פּראָפעסאָר איז געווען פון דעם שטאַרק איבעראַשט. צי איז דאָס בלויז אַ צופאַל, אָדער אפשר איז עס אַ מערקווירדיקער צייכן פון אַן אומ־באַקאַנטער השגחה.

פּראָפ. גאַנס האָט שוין פאַרגעסן אַ סך פון די יידיש־וויסנשאַפטלעכע און הע־ברעאישע טערמינען, אין וועלכע ער איז אַמאָל געווען אַזוי באַהאַוונט. סך־הכל זע־נען דאָס אַ 12 יאָר זייט דער צייט, ווען ער איז געווען פּאַרזיצער פון „פאַריין פאַר קולטור און וויסנשאַפט פון יידנטום", און איצט דוכט זיך אים, אַז דאָס אַלץ איז עפּעס אַן אויסגעטראַכטע, קיינמאָל נישט־געוועזענע זאַך. און דאָך, דאָס וואָרט „השגחה" איז פּלוצלינג געקומען אין זיין זכרון, אין ווערטלעכן, העברעאישן אָרי־גינאַל. עדואַרד גאַנס האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דעם, וואָס ס'איז געוואָרן פון אַ סך אַלטע יידישע שטאַמען אין דייטשלאַנד, פון די מאַרקס'נס אין רהיינלאַנד, און טאַקע פון אים גופא אליין, פון די גאַנס'נס. ווער ווייס, אפשר איז טאַקע פאַראַן אַזאַ זאַך, וואָס רופט זיך „יידישע השגחה עליונה", אין וועלכער זיינע פרומע טאַ־טעס און זיידעס האָבן אַזוי לאַנג און טריי געגלויבט. און אויב זי איז פאַראַן, צי וועט זי אים און זיינע קינדער מוחל זיין דעם פאַראַט לגבי דעם אַלטן גלויבן, לגבי דעם דורות־לאַנגן עבר?!

נישט־איינמאָל, ווען פּראָפ. עדואַרד גאַנס האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט זיין געליבטן תּלמיד קאַרל מאַרקס, און האָט געהאַט הנאה פון דעם גייסטרייכן געשפּרעך מיט דעם אייניקל פון די טריערער רבנים, איז אים דער דאָזיקער טרויעריקער, שווער־מוטיקער געדאַנק געקומען אין זכרון. דער הער פּראָפעסאָר עדואַרד גאַנס האָט דער־פון געהאַט שעה'ן פוןווירקלעכער עגמת־נפש.

## זיבנאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל.

## צווישן ליבע־האָפענונגען און ספקות.

אפילו דער בעסטער און גייסטרייכסטער פּראָפעסאָר אויף דעם בערלינער אוּ־ניווערסיטעט איז נישט ביכולת געווען צו שטילן די הייסע, בענקענדיקע ליבע פון קאַרל מאַרקס'ן צו זיין זשעני. אין זיינע בריוו צו די עלטערן שרייבט צו בסדר

קאַרל ווערטער פון פאַרליבטער התפּעלות, פול מיט פּאַטעטישע אויסדרוקן, וואָס זע־נען אַלט און נײַ, ווי אַלט און נײַ עס בלײַבט תמיד די שפּראַך פון יונגע פאַרליבטע מענטשן: „טויזנטער קישן פאַר מײַן זיסער און פּרעכטיקער זשעני. שוין אַ טוץ מאָל ווי איך האָב געלייענט איר בריוו און איך געפין אין אים אַן אַלץ מער נײַעם און הערלעכן כּשוף!".

ס'איז געווען פּאַרויסצוזען, אַז קאַרל מאַרקס וועט נישט זײַן בּיכולת אײַנצו־האַלטן די פאַרפליכטונגען לגבי זײַן פאָטער וועגן דעם, אַז ער זאָל נישט שרײַבן צו זשעני און נישט טראַכטן וועגן הייראַטן מיט איר, ביז ער וועט באַקומען דעם דאָקטאָר־טיטל פון רעכטס־וויסנשאַפטן. ווי עס טרעפט אָפט אין אַזעלכע פאַלן, נישט נאָר אין ראָמאַנען נאָר אויך אין ווירקלעכן לעבן, באַזינגט דאָס געזעץ פון ליבע אַלע פאַרפליכטונגען און שווערקייטן.

בּסדר און ענערגיש בעט קאַרל אין זײַנע בריוו צום פאָטער, אַז ער זאָל זיך פאַראינטערעסירן מיט זשעני און רעדן מיט דעם געהיימראַט וועגן זייער ליבע און פאַרלאָבונג. היינריך מאַרקס האָט באמת און טרײַ ליב געהאַט זײַן זון קאַרל, זײַן אײַנציקע טרייסט און האָפענונג פאַר דער צוקונפט. אָבער מיט זאָרג און אומרו האָט ער געטראַכט וועגן דעם זיווג צווישן קאַרלען און זשעני. „וואָס פאַרא ווונ־דערבאַרע פרוי איז זשעני! שיין, קלוג, אינטעליגענט, מיט אַלע מעלות, גוט ווי אַ מלאך, אַ הימלישע געשטאַלט, וואָס נאָר דער גרויסער געטהע אַליין האָט זי געקאָנט אויסטראַכטן און שילדערן אין זײַנע ווערק!" שרײַבט דער פאָטער אין אײנעם פון זײַנע בריוו צום זון. אָבער דעם קראַנקן און פאַרזאָרגטן יוסטיץ־ראַט באַהערשן בּסדר שווערע ספקות: „צי איז דאָס אַ זיווג פאַר מײַן זון? צי איז קאַרל ווערט אַזאַ גרויסע ליבע?".

נאָך קאַרל'ס אַוועקפאָרן קיין בערלין, האָט היינריך מאַרקס אַ פּאָר מאָל גע־רעדט מיט זשעני. זײַנע ווערטער זענען געווען פרײַנטלעכע און אויפריכטיקע. און גראָד צו יענער צײַט האָט זשעני געדאַרפט האָבן אַ דערמוטיקונג און טרייסט.

ווי לאַנג קאַרל איז געווען אין טריער האָט זיך זשעני געפילט זיכער און שטאַרק. איצט איז זי געבליבן אַליין, איינזאַם מיט איר בענקשאַפט און מיטן נאָגנדיקן צווייפל אין האַרצן: צי וועט קאַרל זי נישט פאַרגעסן? צי איז זײַן ליבע נישט מער ווי אַ קאַפּריז פון אַ יונגן, נישט־דערפאַרענעם פּאָעט? צי קאָן מען גלייבן אין זײַנע שבועות, און בויען אויף זײַנע הבטחות אַ געמיינזאַמע צוקונפט?

זשעני איז געגאַנגען אויף וויזיטן און בעלער, זי האָט אַ סך געטאַנצט און גע־לאַכט, און פײַן זיך אונטערהאַלטן מיט דער מחנה יונגעלײַט פון די בעסטע און רײַכסטע פאַמיליעס, וואָס האָבן זי תמיד אַרומגערינגלט. אָבער אין האַרצן האָט זי געהאַט פאַרשלאָסן אירע טרויעריקע ספקות און די פּײַנפולע אײַנזאַמקייט. זי האָט וועגן איר ליבע צו קאַרלען מורא געהאַט צו רעדן מיט דער מוטער, און אויך אויך נישט געוואָלט מצער זײַן דעם אַלטן פאָטער. די אײַנציקע, פאַר וועלכע זי האָט זיך פאַרטרויט, זענען געווען קאַרל'ס פאָטער און זײַן שוועסטער זאָפיע, איר נאָענ־טסטע פרײַנדין.

אין אַ נײַעם בריוו, האָט היינריך מאַרקס געשריבן צו זײַן זון: „איך האָב גע־רעדט מיט זשעני און געוואָלט זי באַרואיקן. איך האָב געטון, וואָס איז נאָר מעגלעך געווען. אָבער נישט אַלץ לאָזט זיך דערגרייכן מיט ווערטער! איך ווייס נישט, ווי אירע

עלטערן וועלן דאָס אויפנעמען. די מיינונג פון די עלטערן און פון דער גאַנצער סביבה איז נישט פון די גרינגע זאַכן. זשעני ברענגט דיר אַן אומשאַצבאַרן קרבן, זי ווייזט אַרויס לגבי דיר אַן איבערגעגעבנקייט, וואָס לאָזט זיך פשוט נישט פאַרשטיין. ווי איז צו דיר, קאַרל, אויב דו וועסט אַמאָל, במשך פון דיין גאַנץ לעבן, וועגן דעם פאַרגעסן! ביי דער איצטיקער לאַגע, ביסט נאָר דו אַליין ביכולת אויף איר משפיע צו זיין. דו דאַרפסט זי איבערצייגן, אַז דו ביסט, נישט געקוקט אויף דיין יוגנט, אַ מענטש וואָס פאַרדינט דעם רעספּעקט פון דער וועלט דורך זיין שטעלונג. דו מוזט אַרויסווייזן אויסדרויער אַלס אַ באַווייז פאַר דער ערנסטקייט פון דיינע צוקונפטיקע פּלענער. דאָס וועט צווינגען צום שווייגן די בייזע צינגער, וואָס דערמאָנען דאָ אָפּט די פעלער, וועלכע דו ביסט באַגאַנגען!"

דעם יוסטיץ־ראַט האָט געפּייניקט דער צווייפל, צי וועט קאַרל גובר זיין אין זיך די חסרונות, וואָס קאָנען אים און זיינע נאָענסטע אומגליקלעך מאַכן. צי איז דער דעמאָן, וואָס שטורמט אין קאַרליס נשמה, אַ ברכה פון גאָט, אָדער אפשר, חלילה, איז דאָס אַ קללה פון טייוול? צי וואַקסט אין זיין מח דער שעפערישער געניוס פון אַן עמנואל קאַנט אָדער, גאָט באַהיט, דער צעשטערנדיקער גייסט פון אַ פאַאוסט? וואָס וועט ווערן דער גורל פון זשעני, וועלכע האָט זיך מיט איר איידלער און קינדיש־ריינער ליבע איבערגעגעבן לגמרי צו קאַרלען? וועט ער זיין ביכולת צו מאַכן זי גליקלעך?

די דאָזיקע און ענלעכע פראַגן האָבן כסדר באַאומרואיקט דעם יוסטיץ־ראַט מאַרקס, ווען ער איז געלעגן גאַנצע נעכט שלאָפלאָז צוליב זיינע פיזישע און מאָראַלישע ליידן.

ווידער איז דער יוסטיץ־ראַט געגאַנגען צו זשעני און האָט מיט איר גערעדט אָפענע, ערלעכע דבורים. היינריך מאַרקס האָט שטאַרק ליב באַקומען די דאָזיקע הערלעכע, אויסערגעוויינלעכע, יונגע פרוי. ער האָט געוואָלט, אַז זשעני זאָל ניכטער און פּראַקטיש קוקן דער וועלט און דעם אמת אין פּנים אַריין. זי קאָן דאָך זיין די גליקלעכסטע אין דער וועלט. צו וואָס און צו ווען לאָזט זי זיך אויף אַ געפערלעכן וועג פון אַ ריזיקאַלן, אפשר פאַטאַלן, זיכער בלינדן ליבע־שפּיל?

זשעני האָט זיך פאַרטרויט פאַר איר צוקונפטיקן שוויגערפאָטער וועגן די שוועריקייטן, וועלכע זי טרעפט אָן אין דער היים. איר עלטערער ברודער, פערדינאַנד, דער צוקונפטיקער פּרייסישער מיניסטער און פּראָמינענטער רעאַקציאָנערער מלוכה־פאַרשטייער, „אַ גייסטיק־באַשרענקטער און אַראָגאַנטער פּרומאַק", שטורעמט די עלטערן און די גאַנצע משפּחה מיט חוצפּה'דיקע בריוו, אין וועלכע ער פאַרלאַנגט דורכאויס, אַז זשעני זאָל אַ סוף מאַכן צו דער „חרפּה'דיקער באַקאַנטשאַפט מיט דעם געשמד'טן יידן־בענגל".

דער יוסטיץ־ראַט האָט געהאַט רחמנות אויף דער יונגער, נישט־דערפאַרענער, און מיט אַזויפיל סכנות באַדראָטער טאָכטער פון געהיימראַט וועסטפאַלן. אָבער זשעני האָט אים אָנגעקוקט מיט אירע ריינע, קינדיש־גלויביקע אויגן, און אירע ליפּן האָבן שטיל, ווי פאַרשעמט, גערעדט וועגן איר גרויסער, אומבאַזיגבאַרער ליבע צו קאַרלען, ביי אַלע באַדינגונגען, וואָס און ווען עס זאָל נישט קומען!

דער יוסטיץ־ראַט, אַ געשוווירענער ראַציאָנאַליסט און קאַנטיסט, איז געשטאַנען פאַר אַ רעטעניש. צי איז טאַקע קאַרל אַ דעמאָן, וועלכער פאַרכשופט מענטשן.

היינריך מארקס האָט אין די לעצטע יאָרן איבערגעלעבט געוויסע רעליגיעזע שטימונ־
גען. אים אַליין איז נאָך נישט קלאָר געווען, וואָס איז די אייגנטלעכע סבה דערפון:
זיין קראַנקייט, צי דאָס שנעלע עלטערן־זיך, אָדער אפשר גאָר האָבן דאָס גורם גע־
ווען איראַציאָנאַלע מאָטיוון.

לסוף האָט היינריך מאַרקס, נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת, באַשלאָסן צו פאַרלאָזן
זיך אויף דער געטלעכער מאַכט און מער זיך נישט אַנטקעגנצושטעלן דער ליבע צווישן
קאַרלען און זשעני. אפשר איז דאָס דער ווילן פון גאָט אַליין? זאָל ער, דער אויבער־
שטער און אַלמעכטיקער, דעצידירן און ווייטער פירן די זאַך ווי ער פאַרשטייט, אויף
זיין אייגענער אחריות, וואָס איז פאַר אונז פּשוט׳ע בשר ודמ׳ס נישט־תמיד קלאָר!

דער יוסטיץ־ראַט האָט זיך אָוועקגעזעצט און האָט אָנגעשריבן צו קאַרלען אַ
לאַנגן בריוו, וועלכן ער האָט פאַרענדיקט מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „די קאָנסט פול־
שטענדיק זיין זיכער אין דער טרייער איבערגעגעבנקייט און ליבע פון זשעני צו
דיר. קיין שום פרינץ אין דער וועלט איז נישט ביכולת אָפּצווענדן זי פון דיר. זי
איז דיר איבערגעגעבן מיט לייב־און־נשמה! פאַרגעס קיינמאָל נישט, אַז זי ברענגט
דיר אַ קרבן, צו וועלכן קיין שום אַנדער מיידל וואָלט נישט פעאיק געווען!”.

דעם דאָזיקן בריוו האָט קאַרל באַקומען גראָד אין דעם טאָג, ווען ער האָט
פאַרענדיקט אַ העפט מיט זיינע לידער. ער האָט אויף דעם העפט אויפגעשריבן די
פאָלגנדיקע ווידמונג: „מיין טרייער, אויף אייביק־געליבטער זשעני פאָן וועסטפאַלן",
און האָט עס גלייך אָוועקגעשיקט קיין טריער. אויף דער לידער־זאַמלונג, אויבן־אָן,
איז געווען אָן אויפשריפט, מיט גרויסע אותיות קאַליגראַפירט: „דאָס בוך פון ליבע".
דאָס זענען געווען ראָמאַנטישע פערזן, געשריבן מיט אַ סך געפיל־אויסדרוקן, אָבער
שוואַכע אין טאַלאַנט און פאָרם, הגם דער מחבר האָט זיך גאָר שטאַרק באַמיט צו
זיין אַ פּאָעט לויט היינריך היינע׳ס סטיל און שפּראַך. דער דיכטערישער ווילן איז
זיכער געווען אַ גוטער, אָבער דאָס האָט נישט פאַרבעסערט די קוואַליטעט פון זיין
פּאָעזיע. קאַרל מאַרקס אַליין איז נישט געווען לגמרי פאַרבלענדעט און האָט געהאַט
ספקות בנוגע אַ טייל פון זיינע לידער. ער האָט זיך אָבער געטרייסט, אַז דאָס איז
בלויז דער אָנהויב פון זיין דיכטערישער קאַריערע, און יעדע התחלה איז דאָך,
כידוע, שווער.

עס זענען פאַרגאַנגען אַ פּאָר טעג נאָכן אַרויסשיקן דעם לידער־העפט צו זשעני.
ס׳איז געווען אָנהויב יאָר 1837. מאַרקס האָט אומגעדולדיק געוואַרט אויף אַ
בריוו פון טריער. אין דרויסן איז געווען קאַלט און די פענצטער האָבן זיך באַדעקט
מיט פאַנטאַסטישע, פּראַכטיקע פיגורן. מאַרקס האָט זיך געפילט אַ ביסל פאַרמאַ־
טערט און שוואַך. ער האָט לעצטנס צופיל געאַרבעט, געלייענט און געשריבן גאַנצע
נעכט. מ׳וועט דאַרפן אַ ביסל אויסשפּאַנען! באַלד וועלן זיך אָנהויבן די ווינטער־
וואַקאַנסן אויפן אוניווערסיטעט און אפשר וועט מען זיך קאָנען אַריבערכאַפּן אויף
אַ פּאָר וואָכן קיין טריער! ס׳איז אָבער נויטיק וועגן דעם אָנצופרעגן פריער ביים
פאָטער. האָפנטלעך וועט ער דערצו געבן זיין הסכמה!

די דערוואַרטעטע פּאָסט איז ענדלעך געקומען. אָבער אָנשטאָט אַ בריוו האָט
זי אים געבראַכט אַ געדרוקטע פּובליקאַציע. דאָס איז געווען דאָס נייע, ערשטע בוך
פון משה העס, אַרויסגעגעבן אַנאָנים אונטער דעם טיטל: „די הייליקע געשיכטע פון
דער מענטשהייט". אַלס מחבר האָט פיגורירט „איינער פון שפּינאָזאַ׳ס תלמידים”.

מאַרקס האָט בעת זיין ווײַלן אין באָן געוווסט וועגן דעם בוך, גלייך ווען עס איז איבערגעגעבן געוואָרן צום דרוקן. איצט האָט ער מיט נייגעריקייט גענומען עס לייענען. אָבער באַלד האָט ער עס אַנידערגעלייגט און איז אַרויסגעגאַנגען פון שטוב אין דער ריכטונג פון דעם אוניווערסיטעט. אין דרויסן האָט עס געשנייט און דער פראָסט האָט געסטריפּעט אונטער די פיס. גייענדיק, האָט קאַרל געטראַכט: „זע נאָר, זע! צוליב מיין מיידל'ס אַ בריוו, האָב איך נישט קיין געדולד צו לייענען אַן ערנסט בוך!".

דעם נאָענסטן טאָג האָט קאַרל באַקומען אַ בריוו פון טריער. דאָס איז געווען אַן אויספירלעך שרייבן פון זיין שוועסטער זאָפיע. זי האָט אים מודיע געווען: „זשעני האָט אויפגענומען דיין לידער־העפט מיט טרערן פון באַוווּנדערונג און ווייטיק!".

# אַכטאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל.

## דער טויט פון לודוויק בערנע און זיינע אָפּקלאַנגען אין טריער.

די סטודענטן־צייט אין בערלין איז פאַר קאַרל מאַרקס'ן געווען אַ שווערע תקופה פון אַ גייסטיק־מאָראַלישן ראַנגלען זיך, אין קאַמף מיט זיך אַליין און אָפּט אויך מיט דער סביבה. דער יונגער מאַרקס האָט געזוכט זיין צוקונפטיקן לעבנס־וועג. קאַרל איז געווען געזונט און שטאַרק. ס'האָט אים געצויגן צום געניס, צו עולם־הזה'דיקער הנאה. ער האָט ליב געהאַט גוט צו עסן און צו טרינקען אַ שטאַרקן וויין. זיין פרישע מענערלעכע קראַפט האָט געפרווווט אויסצולעבן זיך לויט די פאָרמען און מנהגים פון דער לוסטיקער סטודענטן־קאָמפּאַניע. אָבער גלייכצייטיק איז ער געווען לגמרי באַהערשט פון זיין מעכטיקער ליבע צו זשעני, און די דורות־לאַנגע, אַטאַוויסטישע ירושה פון יידישע גאונים און רבנים האָט אים געצויגן צו דער וועלט פון ביכער, צו גייסטיקער פאַרטיפונג, צו אַ מאָראַלישער דערהויבנקייט, צו ערנסטקייט און אחריות. דער סטודענט קאַרל מאַרקס איז אָפּט שטיין געבליבן על אם הדרך, אויף דעם שייד־וועג שווישן די פאַרשידנסטע אימפּולסן און איינפלוסן. ער האָט לאַנג געצווייפלט און געראַנגלט זיך, ביז ער האָט געפונען דעם ריכטיקן וועג, וואָס איז געוואָרן דער ציל און די אויפגאַבע פון זיין לעבן. די בערלינער תקו־פה פון זיין אינערלעכן יוגנטלעכן קאַמף איז נישט געווען קיין לייכטע און נישט קיין גלייכע, ווייל פאַרשידנאַרטיק זענען געווען די צייטן, בעת וועלכע עס האָבן געזיגט אָדער געליטן אַ דורכפאַל די אָדער יענע אימפּולסן און השפעות.

קאַרל מאַרקס האָט אָפּט אין דער איינזאַמקייט געזוכט און געפונען די מעגלעכ־קייט זיך גייסטיק צו פאַרטיפן און מאָראַליש צו דערהויבן. נישט־איינמאָל איז ער אַנטלאָפן פאַר דער טומלדיקער, לוסטיקער סטודענטן־געזעלשאַפט. צוליב דעם טאַקע האָט ער אַ פּאָר מאָל געענדערט זיין דירה, ווילנדיק בלייבן אומבאַקאַנט און ביחי־דות. דער פאָטער האָט אים מיטגעגעבן אַדרעסן פון נאָענטע בערלינער פריינט, אָבער קאַרל איז יוצא געווען מיט אַ פּאָר פאָרמעלע וויזיטן. ער האָט זיך נישט באַמיט אַריינצוקריגן זיך אין דער דאָזיקער פאָרנעמער געזעלשאַפט, און איז מייסטנס, ווי

אין זיין ערשטער שול־צייט אין טריער, געבליבן איינזאַם, אָן נאָענטע, אמת׳ע פריינט. זיין אוניווערסיטעטס־סטודיום און די ביכער־לעקטור האָבן אים שטאַרק באַ־שעפטיקט. אָבער זיין האַרץ איז געווען ביי דער פּאָעזיע, וואָס האָט אים באַגייסטערט און געטרייסט. די אינטענסיווע קאָרעספּאָנדענץ מיט דעם פאָטער האָט אים פאַר־שאַפט אַ גייסטיקע פאַרבינדונג מיט דער היימישער אַטמאָספערע אין טריער, וואָס איז אים אַזוי נויטיק געווען צום פּסיכישן גלייכגעוויכט אין דעם ווייטן, פרעמדן בערלין.

אויך היינריך מאַרקס האָט איבערגעלעבט שווערע אינערלעכע קאַמפן. ס׳איז געווען אַ יאָר פאַר זיין טויט. דער 55־יעריקער יוסטיץ־ראַט, „דער אַלטער הער מיט די גרויע וואָנסעס און מיט דער מידער נשמה״ האָט אינסטינקטיוו געפילט, ווי עס דערנענטערט זיך זיין סוף. די לעבער־קראַנקייט האָט אים פאַרביטערט דאָס לעבן, און דער אומאויפהערלעכער הוסטן האָט אים פאַרמאַטערט. זיין אַרבעטס־קראַפט איז כסדר שוואַכער געוואָרן און די הכנסות פון דער אַדוואָקאַטישער קאַנצעלאַריע זע־נען ווייטער געפאַלן. היינריך מאַרקס האָט געמוזט זאָרגן פאַר אַ צאָלרייכער משפּ־חה, און קאַרל׳ס לערנען זיך אין בערלין האָט אָפּגעקאָסט אַ סך געלט. דער יוסטיץ־ראַט איז אַרומגעגאַנגען טיף־פאַרזאָרגט און פאַרזונקען אין טרויעריקע געדאַנקען.

דער פרילינג פון יאָר 1837 האָט געבראַכט אַ געוויסע, הגם קורצע פאַרבעסע־רונג אין זיין געזונט־צושטאַנד. דער יוסטיץ־ראַט איז איצט עפטער געגאַנגען מיט באַזוכן צו זיין נאָענטן און אויפריכטיקן פריינט, דעם געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן. היינריך מאַרקס האָט ליב געהאַט דורכצושמועסן זיך מיט דעם דאָזיקן, אַנ׳ערך 10 יאָר עלטערן פון אים, איידעלן הומאַניסט און גייסטיקן אַריסטאָקראַט, וועמענס קלאָרע, געבילדעטע און פון אַ פילאָזאָפישער טיפקייט באַהערשטע געדאַנקען האָבן באַרויִקט און געטרייסט דאָס אָנגעווייטיקטע געמיט. אָפט זענען אין געזעלשאַפט פון געהיים־ראַט געזעסן די פיינסטע און געבילדעטסטע לייט פון טריער: דער גימנאַזיע־דירעק־טאָר וויטענבאַך, דער קאַנטיסט שטייניגער, דער געריכטסראַט ערנסט פאָן שיללער, און לעצטנס אויך דער געוועזענער יורידישער געהילף פון היינריך מאַרקס׳ן, לעווי. מ׳האָט אַרומגערעדט אַלע נייעסן פון דער גאַנצער וועלט און געטיילט זיך מיט קעגנ־זייטיקע מיינונגען.

דער טויט פון באַרימטן יידיש־דייטשן שריפטשטעלער און פרייהייטס־קעמפער לודוויק בערנע האָט טיף דערשיטערט היינריך מאַרקס׳ן און זיין טריערער באַקאַנטן־קרייז. בערנע איז, צו יענער צייט, געשטאָרבן אין פּאַריז, אין עלטער פון סך־הכל 51 יאָר. דער דאָזיקער פּראָמינענטער, דייטשער קריטיקער און סטיליסט, דער שע־פער פון דער מאָדערנער דייטשער פּובליציסטיק, דער אומדערשראָקענער קעמפער פאַר דער דייטשער דעמאָקראַטיע, האָט זיין יוגנט פאַרבראַכט אין פראַנקפורטער געטאָ און האָט לאַנג געטראָגן זיין יידישן פאַרנאָמען לייב־ברוך. בערנע, דער שפּע־טערדיקער קנאי אין קאַמף פאַר אמת און יושר, האָט קיינמאָל זיך נישט געקאָנט מוחל זיין דאָס, וואָס ער האָט זיך געשמד׳ט צוליב „אַ נאַרישער פאַרבלענדונג״. ביז צום לעצטן טאָג פון זיין לעבן האָט בערנע זיך באַמיט אויסצוקויפן זיין זינד מיט אַן אינטענסיווער טעטיקייט אין וואָרט און שריפט, לטובת דער יידישער גלייכבאַ־רעכטיקונג. דער גייסט פון יידנטום און דער סטיל פון תנ״ך באַהערשן די גלענצנ־דיקע ליטעראַרישע שאַפונג און שפּראַך פון בערנע. ער איז כסדר אין זיינע ווערק

צוריקגעקומען צו דער יידישער טעמאַטיק. אפילו אין דער הערלעכער, אַנטציקענ־דיקער פאַריזער וועלט־מעטראָפּאָליע האָבן אים באַגלייט די שאָטנס פון פראַנקפור־טער יידן־געטאָ. בערנע האָט געשריבן אַ ראָמאַן וועגן דער אָרעמקייט פון זיין יידי־שער יוגנט־סביבה. זיין קריטיק וועגן דער געשטאַלט פון שעקספּירישן שײַלאָק האָט אַרויסגערופן אויפזען און אַנערקענונג אין אַלע אייראָפּעאישע ליטעראַטור־קרייזן.

לודוויק בערנע איז באַגראָבן געוואָרן אויף דעם פרעמדן פּאַריזער בית־הקברות פּער לאַשעז, אָבער זיין גאַנץ לעבן און גורל זענען פאַרבונדן געווען מיט דעם דייטשן יידנטום. בערנע איז געווען און געבליבן דער בולט'סטער פאָרשטייער פון יענעם זינדיקן גלייכצייטיק טראַגישן יידישן דור אין דייטשלאַנד, מיט הונדערט יאָר צוריק, וואָס איז אַנטלאָפן פון יידישן דת, אָבער איז נישט ביכולת געווען צו אַנט־לויפן פון דעם יידישן עבר.

היינריך מאַרקס איז געשטאַנען ביים ראַנד פון זיין אייגענעם לעבן. די שאָטנס פון זיינע אבות, וואָס האָבן אים באַגלייט דאָס גאַנצע לעבן, אויך נאָך זיין שמד'ן זיך, זענען איצט, ווען ער האָט שוין געפילט די נאָענטע טריט פון מלאך המות, גע־וואָרן מיט אים גאָר היימיש און צודרינגלעך. דער פּלוצלינגער טויט פון גרויסן יידיש־דייטשן שרייבער און קעמפער, האָט אים פּערזענלעך שטאַרק ווי געטון. דאָס האָט מען בולט געפילט, בעת נאָך בערנע'ס טויט, איז אין דער געזעלשאַפט פון געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן, אַ סך און פּילזייטיק גערעדט געוואָרן וועגן דעם פאַר־שטאָרבענעם און זיין פּראָמינענטער ראָל אין דער דייטשער ליטעראַטור און אין דער באַוועגונג פון „יונג־דייטשלאַנד". דער אַלטער גימנאַזיע־דירעקטאָר וויטענבאַך, אַן עכטער הומאַניסט און ליטעראַטור־קענער, האָט זיך דערמאָנט אין די אַמאָליקע בערלינער צייטן, מיט אַ 30 יאָר צוריק, ווען בערנע האָט שטודירט מעדיצין אויפן בערלינער אוניווערסיטעט און איז געווען אומגליקלעך פאַרליבט אין דער יונגער און שיינער פרוי פון דעם יידישן געלערנטן מאַרקוס הערץ. דאָס גליק, וואָס בערנע האָט נישט געפונען אין דער ליבע, האָט ער געזוכט, לויט וויטענבאַך'ס מיינונג, אין דער ליטעראַטור און אין געזעלשאַפטלעכן קאַמף.

ס'איז אוממעגלעך געווען צו רעדן וועגן לודוויק בערנע און נישט צו באַרירן דעם אָנגעווייטיקטן און דיסקרעטן פּראָבלעם פון יידנטום. בעת די דערמאָנטע גע־שפּרעכן אין דעם סאַלאָן פון געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן, האָט מען טאַקע אַ פּאָר מאָל אונטערגעשטראָכן און קאָמענטירט בערנע'ס טעטיקייט לטובת דער יידישער גלייכ־באַרעכטיקונג. מאַרקוס לעווי, וועלכער האָט סימפּאַטיזירט מיטן סאָציאַליזם, און איז שפּעטער געוואָרן אַ באַגייסטערטער אָנהענגער פון פערדינאַנד לאַסאַל'ן, האָט מסכים געווען מיט דער מיינונג פון לודוויק בערנע, אַז דער מאָדערנער אַנטיסעמיטיזם פון דייטשן פאָלק לאָזט זיך דערקלערן מיט דער שנאה, וועלכע די פאָלקס־מאַסן פילן צו דער אַריסטאָקראַטיע, סיי צו דער יונקערישער און סיי צו דער פּלוטאָקראַטישער. די יידן רעפּרעזענטירן די געלט־אַריסטאָקראַטיע און פון דעם נעמט זיך די שנאה צו יידן. לעווי האָט צוגעגעבן, אַז די דאָזיקע מיינונג הערשט אפילו אין די ליבעראַ־לע קרייזן און אַלס באַווייז האָט ער ציטירט די ווערטער פון באַרימטן פאָרטשריט־לעכן דייטשן פילאָזאָף פיכטע.

דער געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן האָט גענומען אַ וואָרט אין דער דיסקוסיע, אונטערשטרייכנדיק באַזונדערס, ווי פאַרשידנאַרטיק זענען די וועגן פון די יידן,

וועלכע האָבן אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן. אַט, בעת בערנע איז געוואָרן אַ גייסטיקער אָנפירער פון „יונג־דייטשלאַנד" און אַ קעמפער פאַר יידישע רעכט, איז אַן אַנדערער משומד, דער פּראָפעסאָר יוליוס שטאַהל, וועלכער האָט פריער געהייסן שלעזינגער, געוואָרן אַן אידעאָלאָג פון דער פּרייסישער רעאַקציע און אַ שונא פון זיינע אַמאָליקע גלויבנסגענאָסן.

דער יוסטיץ־ראַט מאַרקס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן און בלויז צוגעהערט זיך צו די פאַרשידענע מיינונגען. לסוף האָט ער אויך גענומען אַ וואָרט און דער־קלערט קורץ און קאַטעגאָריש, אַז בנוגע דעם יידנטום איז ער געווען און געבליבן אַן אָנהענגער פון אַ נייטראַלער שיטה. ער איז נישט קיין פילאָסעמיט ווי לודוויק בערנע און אויך נישט קיין אַנטיסעמיט ווי פּראָפעסאָר שטאַהל. „איך בין פון יידנטום אַוועק, און דאָס יידנטום אינטערעסירט מיך נישט מער!" האָט פאַרענדיקט היינריך מאַרקס.

מאַרקוס לעווי האָט געוואָרפן אַ קריטישן בליק צו זיין געוועזענעם שעף, ווי ער וואָלט געזאָגט: „דאָס קענסט דו דערציילן זיי, די גויים, אָבער נישט מיר!".

דער בעל־הבית, געהיימראַט פאַן וועסטפאַלן האָט זיך געוואָנדן צום יוסטיץ־ראַט מאַרקס מיט אַ פיינעם, האַלב איראָנישן, האַלב־סקעפּטישן שמייכל אויף זיין אײדעלן פּנים:

„צי זייט איר אַזוי זיכער, ליבער קאָלעגע מאַרקס, מיט אייער נייטראַליזם לגבי דעם יידנטום? צי איז דאָ נישט דער ווונטש, דער פאָטער פון געדאַנק? אפשר איז אייער מכלומרשטע נייטראַליטעט נישט מער ווי אַ קינסטלעכע אויטאָ־סוגעסטיע, וואָס בלייבט און מוז בלייבן אומבאַהאָלפן לגבי די לאַנגע דורות פון אַטאַוויסטישער ירושה?".

אהיימגייענדיק, האָט היינריך מאַרקס ביי זיך געטראַכט, אַז אפשר איז טאַקע גערעכט געווען דער קלוגער געהיימראַט מיט זיין מיינונג, אַז די מכלומרשט־„נייט־ראַליסטישע" שיטה איז נישט מער ווי אַן איינרעדעניש. ווייל צי קאָן מען טאַקע אַרויסרייסן, מיט אַלע וואָרצלען, פון דער נשמה און פון מוח, פונם הארצן און פון גאַנצן אייגענעם באַוווסטזיין די פאַרגאַנגענהייט פון דער מאַרקס־משפחה, מיט אַלע אירע תלמודישע גאונים און רבנים, מיט אַלע אירע טראַדיציעס און מנהגים זייט אַזויפיל יאָרהונדערטער?

דעם קעניגלעך־פּרייסישן יוסטיץ־ראַט, דעם אַמאָליקן הערשל, דעם זון פון טריערער רב לוי מאַרקס, האָבן אין דער פינצטערער נאַכט באַגלייט די שווערמוטי־קע שאָטנס פון דער פאַרגאַנגענהייט. ער האָט זיך לאַנג נישט געקאָנט געפינען קיין מנוחה און איז גאַנץ שפּעט, שוין כמעט ביים זון־אויפגאַנג, איינגעשלאָפן, אַ שטאַרק פאַרמאַטערטער און אומעטיקער.

## נייינאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל.

## „די פּאָעזיע איז געשטאָרבן, זאָל לעבן די פילאָזאָפיע!"

בעת אַן אינטימען אָוונט פון אייניקע בערלינער סטודענטן, האָט אַדאָלף רוטענבערג, דער שפּעטערדיקער נאָענטער פריינט פון קאַרל מאַרקס'ן, פאָרגעלייענט פאָלגנדיקע ווערטער פון לודוויק בערנע, וואָס האָבן געקלונגען ווי אַן אייביקער מאַניפעסט צום קאַמף קעגן דער טיראַניע: „עס איז נישט מער נויטיק זיך אויסצוטענה'ען מיט דער טיראַניע. מען האָט זייט אַ האַלבן יאָרהונדערט שוין אויסגעשעפּט אַלץ, וואָס ס'איז מעגלעך געווען צו זאָגן לטובת דער פרייהייט און לטובת די מענטשן־ און בירגער־רעכט פאַר די יידן. איצט מוז מען אויפטרייסלען די פאַרפרוירענע הערצער! דאָס וואָרט דאַרף ווערן ווי אַ שווערט! קעגן דער טיראַניע מוז מען קעמפן מיט שפּיזן, מיט שפּאָט, מיט האַס און מיט פאַראַכטונג, אָבער נישט מיט אויסטענה'ען זיך מיט איר!"

פאַר אַ גרויסן טייל פון דער יוגנט אין דייטשלאַנד, איז לודוויק בערנע, אויך נאָך זיין טויט, געבליבן דער מוטיקער העראָלד פון יעדער פרייהייטס־באַוועגונג און דער גייסטיקער פאָטער פון „יונג־דייטשלאַנד". פאַר קאַרל מאַרקס'ן איז אָבער אַן אַנדערער אָנפירער פון „יונג־דייטשלאַנד", היינריך היינע, געוואָרן דער קוואַל פון באַגייסטערונג און ליבע. קאַרל האָט געהאַלטן אַלע זיינע אוניווערסיטעטס־לעקציעס און וויסנשאַפטלעכע לעקטורן פאַר אַ נעבנזאַך לגבי דער הייליקייט פון פּאָעזיע, וואָס האָט געדאַרפט ווערן דער ציל און די אויפגאַבע פון זיין לעבן. אינם גייסט און לויט דעם מוסטער פון היינריך היינע'ן האָט מאַרקס געשריבן זיין פּאָעזיע. אויסער דעם דערמאָנטן העפט מיט לידער, וועלכן ער האָט דעדיקירט און צוגעשיקט פאַר זשעני, האָט ער נאָך צונויפגעזאַמלט אַ צווייט פּאָעטיש „בוך פון ליבע" און שפּעטער אַ דריט און אַ פערט, געווידמעט דעם „טייערן פּאַפּאַ".

קאַרל מאַרקס האָט געפּרווט שרייבן אויך אויף אַנדערע ליטעראַרישע געביטן. ער האָט פאַרפאַסט פּאָעטישע דיאַלאָגן, אַ קאָמישע נאָוועלע, אַ קלאַסישע טראַגעדיע און אַ ראָמאַן. נאָר אַ פּאָר לידער איז אים געלונגען צו דרוקן אין אַ געוויסער צייט־שריפט. די אַנדערע מאַנוסקריפּטן, וועלכע ער האָט צוגעשיקט צו רעדאַקציעס, זענען געבליבן ליגן אָן וועלכן ס'איז דערפאָלג. קאַרל האָט אויך נישט מער מזל געהאַט מיט זיינע שריפטן, וואָס זענען געלייענט געוואָרן דורך די טריערער ליטעראַטור־מבינים דירעקטאָר וויטענבאַך און געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן. דער ערשטער האָט אים אָפן און אויפריכטיק געזאָגט, אַז ער זאָל בכלל אויפהערן שרייבן. דער צווייטער האָט כמעט דאָס זעלבע דערקלערט, הגם אין אַ מער־פאַרשטעלטער פאָרם. אויך דער יוסטיץ־ראַט מאַרקס איז געווען זייער קריטיש געשטימט לגבי דער געשריבענער פּאָעזיע און פּראָזע פון זיין זון, און האָט עס אים געגעבן צו פאַרשטיין אין זיינע בריוו קיין בערלין. דער פאָטער האָט צוגעגעבן, אַז שרייבן לידער איז אַ גאַנץ אַנגענעמע באַשעפטיקונג פאַר אַ יונגן מענטש, ער אַליין האָט אויך אין דער יוגנט אַ ביסל „געזינדיקט מיט פּאָעזיע", אָבער דאָס איז אַן ענין פאַר דער פרייער צייט, קיין פרנסה וועט מען דערפון נישט האָבן! „נעם דיך, קאַרל, בעסער נרייטן, ערנסט און

אינטענסיוו, צו דיינע עקזאַמענס פון רעכטס־וויסנשאַפטן!" האָט ווידעראַמאָל פאַר־לאַנגט קאַטעגאָריש דער פאָטער ביים סוף פון זיין לאַנגן און געגוג־שאַרפן בריוו.

ענדלעך האָט קאַרל מאַרקס איינגעזען, אַז זיינע קריטיקער זענען פולשטענדיק גערעכט. אין אַ בריוו צו זיין פאָטער איז ער זיך מודה ומתודה, אַז אין זיין פּאָעטי־שער שאַפונג „זענען די געפילן איבערגעגעבן געוואָרן אין אַ נישט־געלונגענעם סטיל און אין אַ צעצויגענער פאָרם. עס פעלט אין די לידער די עכטקייט, אַלץ איז גענומען ווי פון דער לבנה אַראָפּ, און עס שטייט אין אַ קעגנזאַץ צו דעם, וואָס דאַרף באמת זיין. אָנשטאָט געדאַנקען הערשט אין מיינע לידער רעטאָריק".

ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט שרייבט ווידער קאַרל וועגן זיין דיכטערישער חטאת־נעורים: „מיין גרויסע בענקשאַפט, די נאָסטאַלגיע, וואָס האָט נישט געוווּסט פון קיין גרענעצן, איז זיך ווייט־און־ברייט צעגאָסן מיט ווערטער, מאַכנדיק פון מיין ליטעראַרישער שאַפונג מער אַ לאַנדשאַפט פון אַ וואַסער־מבול ווי פון פּאָעזיע".

דוכט זיך, אַז מער שאַרפער און ריקזיכטסלאָזער האָט שוין קיינער נישט גע־קאָנט קריטיקירן קאַרל מאַרקס'נס דורכגעפאַלענע פּאָעטישע פּרוּוון, ווי ער אַליין האָט עס געטון. אָבער דאָס צו אַנערקענען, איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. עס האָט פאַרלאַנגט אַ שווערן אינערלעכן קאַמף און אַ גרויסן מוט.

דער באַנקראָט פון פּאָעזיע איז פאַר דעם יונגן מאַרקס געווען דער צוזאַמענ־ברוך פון אַלע זיינע אילוזיעס וועגן אַ שנעלער אַנערקענונג און דיכטערישן רום. ס'איז געווען אַ סוף פון אַלע זיינע האָפענונגען אויף אַ נאָענטן טריומף. קאַרל מאַרקס איז געשטאַנען דערשיטערט און טיף־דעפּרימירט ביי די חורבות פון זיין אויסגע־חלום'טער, פּאָעטישער קאַריערע. ער האָט פאַרלוירן יעדן חשק צום לעבן, ער איז געבליבן אָן יעטוועדן גייסטיקן און מאָראַלישן אינהאַלט. „ס'איז אַ שרעקלעכער קלאַפּ פאַר מיר!" האָט ער געשריבן אין אַ פאַרצווייפלטן טאָן צום פאָטער.

קאַרל מאַרקס איז ערנסט קראַנק געוואָרן. ער איז געווען בלאַס און שוואַך און האָט געמוזט אַ פּאָר וואָכן ליגן אין בעט. ער האָט לעצטנס צופיל געלייענט און שטודירט, ביי טאָג און נאַכט, און דאָס האָט אים פאַרמאַטערט. זיין דיכטערישע וועלט איז אים חרוב געוואָרן און דאָס האָט אים לגמרי צעבראָכן. לויט דער פאַר־אָרדענונג פון די דאָקטוירים, האָט קאַרל פאַרלאָזט בערלין און האָט זיך אויסגעזוכט אַ דירה אין דער פאָרשטאָט שטראַלוי, ווו די לאַנדשאַפט איז געווען אַ דאָרפישע און די לופט אַ פרישע. קאַרל האָט איצט וויניקער געאַרבעט און איז אָפט געגאַנגען שפּאַ־צירן. נאָך אַ פּאָר חדשים, איז ער געקומען צו זיך, ער איז געוואָרן פיזיש שטאַרקער און פעסטער. אויך זיין גייסטיקן קריזיס האָט ער לאַנגזאַם באַהערשט. מאַרקס האָט געזוכט אַ נייעם לעבנס־אינהאַלט, נייע גייסטיקע אימפּולסן אָנשטאָט דער דיכטונג.

מאַרקס האָט גענומען שטודירן פילאָזאָפיע, און זיין שטוב איז באַלד פול גע־וואָרן מיט קלאַסישע און מאָדערנע פילאָזאָפישע ווערק. דער אַלטער גאָט איז חרוב געוואָרן, מאַרקס האָט געזוכט און געפונען אַ נייעם גאָט. „די פּאָעזיע איז געשטאָרבן, זאָל לעבן די פילאָזאָפיע" איז געווען זיין נייער שלאַכט־רוף.

צו דעראָבערן, לגמרי און ביז צו די לעצטע קוואַלן, דאָס געביט פון פילאָזאָ־פיע איז איצט געוואָרן דער לעבנס־ציל פון קאַרל מאַרקס'ן. „איך מוז זיך קודם־כל פאַרמעסטן אינם קאַמף מיט דער פילאָזאָפיע" האָט ער דערקלערט גלייך ביים אָנ־הויב. קאַרל האָט אומדערמידלעך שטודירט די אָריגינעלע ווערק און די קאָמענטאַרן

פון דער פילאָזאָפישער ליטעראַטור אין אַלטערטום, מיטלאַלטער און דער נייצייט. לויט ווי עס גיט איבער איינער פון זיינע געצײלטע קאָלעגן „האָט מאַרקס אַ סך מאָל נישט געהאַט קיין געדולד, בכדי צו פאַרענדיקן אַ בוך, וואָס ער האָט אָנגעהויבן צו לייענען. ער איז אינגאַנצן פאַרזונקען געווען אין אַן אָקעאַן פון ביכער, וואָס האָט נישט קיין גרענעצן און קיין ברעגעס".

מאַרקס האָט געלייענט און געאַרבעט ביי טאָג און ביי נאַכט, ביי אַ שוואַכן ליכט. אומצאָליקע זענען געווען זיינע נאָטיצן און באַמערקונגען, וועלכע ער האָט צוגעשריבן אויפן ראַנד פון די געלייענטע ביכער. ער האָט אָנגעהויבן שרייבן צוויי גרויסע ווערק: „די פילאָזאָפיע פון רעכט" און „דער נייער סיסטעם פון מעטאַפיזיק", וואָס האָבן אים געדאַרפט געבן, לויט זיין האָפענונג, אַ נאָמען אין דער וועלט־וויסנ־שאַפט.

„לעבן זאָל די פילאָזאָפיע!". אָבער וועלכע פילאָזאָפיע? אומצאָליקע זענען דאָך די שיטות, די ריכטונגען און די טעאָרעטישע שולן פון דער פילאָזאָפישער וויסנ־שאַפט. ס׳איז געווען ממש אַ ריזן־אַרבעט דורכצושטודירן די וויכטיקסטע פילאָזאָ־פישע ווערק, וואָס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן במשך טויזנטער יאָרן. קאַרל מאַרקס איז אַריין אין דעם דאָזיקן טיפן לאַבירינט פון מענטשלעכן געדאַנק, האָט גענומען אים פאָרשן גרינטלעך און אַלזייטיק, אָבער לסוף האָט ער זיך אין אים פאַרפּלאָנ־טערט און האָט נישט געוווּסט, וועלכער וועג איז דער ריכטיקער און וועלכע שיטה איז די אמת׳ע לעבנס־תורה. אין זיין ענגער שטוב, וואָס איז איבערפולט געווען מיט ביכער און מאַנוסקריפּטן, איז מאַרקס אַ מידער אָפּגעזעסן גאַנצע טעג הילף־און־ראַטלאָז, און אַ נייע אַפּאַטיע האָט אים ווידער באַהערשט.

אָפּט, נישט־קאָנענדיק זיך געפינען קיין מנוחה, איז קאַרל אַרויסגעלאָפן פון שטוב און האָט שעה׳נלאַנג געבלאָנדזשעט איבער די גאַסן פון בערלין און ביי די ברעגעס פון טייך שפּריי. פאַרטיפט אין טרויעריקע געדאַנקען און מיט אַ בולטן „וועלט־שמערץ" אויף זיין בלאַסן פנים, האָט מאַרקס ביי די דורכגייער אַרויסגערופן דעם איינדרוק, אַז ער איז נישט־נאָרמאַל אָדער אַז ער האָט בדעה צו באַגיין זעלבסט־מאָרד. אַהיימקומענדיק שפּעט אין דער נאַכט, האָט מאַרקס ווידער גענומען לייענען, איינמאָל די „רעטאָריק" פון אַריסטאָטעלעס, דאַן ווידער אַ וויסנשאַפטלעך ווערק וועגן די קינסטלערישע פעאיקייטן ביי חיות, און אַ דריט מאָל וועגן דעם „קרימי־נעלן רעכט" פון פייערבאַך, און אַז. וו. און וו.

אַזוי האָט עס געדויערט וואָכנלאַנג, אָן אַ ציל און אָן אַן אויסוועג. מאַרקס איז ווידער געוואָרן זייער דערשעפּט, אַנעמיש און שוואַך. ער האָט זיך געפילט קראַנק, פיזיש און גייסטיק. אין דרויסן האָט געשיינט די וואַרעמע זון, ס׳איז גע־ווען אָנהויב זומער 1837, אָבער דער 19־יעריקער סטודענט קאַרל מאַרקס איז אַרומ־געגאַנגען אַ מידער און אומעטיקער, ווי ער וואָלט אויף זיינע יונגע פּלייצעס געטראָגן די לאַסט פון יאָרהונדערטער. ער האָט אַליין נישט געוווּסט, צי קומט דאָס צוליב זיין אייגענעם לעבנס־פּעסימיזם אָדער אפשר איז עס אַ רעזולטאַט פון אומצאָליקע דור־רות, וואָס פאַרבינדן אים מיט דעם דאָזיקן טראַגישן און דעמאָנישן יידישן פאָלק.

קאַרל מאַרקס האָט זיך זייער שלעכט געפילט. ער האָט נישט געזען קיין אויס־וועג פון זיין פאַרצווייפלטער לאַגע. אפשר וועט אים קאָנען העלפן דער פאָטער? אפשר וועט אים ראַטעווען די היימישע, וואַרעמע סביבה אין טריער? קאַרל האָט

אָנגעשריבן אַן אויספירלעכן בריוו צום פֿאָטער, געשילדערט אים זיין איצטיקן מצב און גייסטיקן קריזיס, און צום סוף האָט ער אים געבעטן, אַז ער זאָל אים דער־לויבן גלייך אַהיימצוקומען.

מיט אַ געשפּאַנטער אומגעדולד האָט קאַרל מאַרקס געוואַרט אויפֿן פֿאָטערלעכן ענטפֿער.

## דרייסיקסטער קאַפּיטל.

## דער פֿאָטער און דער זון.

היינריך מאַרקס האָט באַקומען דעם פֿאַרצווייפֿלטן בריוו, אין וועלכן זיין זון קאַרל האָט אים געשילדערט זיינע שווערע אינערלעכע קאַמפֿן און געבעטן, אַז דער פֿאָטער זאָל אים העלפֿן „אַוועקצוּיאָגן די מוראדיקע שאָטנס, וואָס פֿאַרפֿאָלגן מיך". דער יוסטיץ־ראַט איז געוועזן אויסער זיך פֿאַר צער און אויפֿרעגונג. ער שרייבט גלייך אַ זייער שאַרפֿן בריוו צו זיין זון קיין בערלין, אין וועלכן ער מאַכט אים ביטערע פֿאַרווּרפֿן צוליב זיין גאַנצער אויפֿירונג און לייכטזיניקער באַציאונג צו אייגענע פֿליכטן: „וואָס איז דאָס פֿאַראַ לעבנס־שטייגער, גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען! אומ־אָרדענונג, אַ מאַניאַקיש וואַרפֿן זיך פֿון איין וויסנשאַפֿטלעכן געביט צום אַנדערן, דאָס זיצן גאַנצע נעכט ביי אַ טונקעלן אייל־לאָמפּ! אַנשטאָט דער פֿאַרווילדונג ביי ביר־גלעזער, נאָ דיר איצט אַ נייע פֿאַרווילדונג אין אַ פֿאַרוואָרלאָזטן צושטאַנד פֿון אַ שלאָף־ראָק־געלערנטן מיט פֿאַרוואַקסענע, צעפּלאָשעטע האָר! וואָס זאָל הייסן דיין אַנטלויפֿן פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט? און ווי זאָל מען דיר אַנטשולדיקן דעם מאַנגל פֿון וועלכער ס'איז מאָראַלישער באַציאונג, דאָס נישט רעכענען זיך מיט דער לאַגע פֿון פֿאָטער? דאָס אַלץ איז דאָך ממש שרעקלעך! דיין גאַנצע וועלט איז איצט באַגרענעצט צו אַ שמוציקן צימער, ווו עס הערשט מן הסתם די באַקאַנטע, קלאַסישע אומאָרדענונג, אין וועלכער די ליבעס־בריוו פֿון זשעני און די הארציקע, אפֿשר מיט טרערן געשריבענע פֿאָטערלעכע בריוו ווערן זיכער באַנוצט אַנצוציגדן די לולקע, הגם דאָס איז שוין בעסער, ווי זיי וואָלטן אַריינגעפֿאַלן אין פֿרעמדע הענט!"

דער פֿאַרביטערטער פֿאָטער שרייבט דאַן ווייטער, אַז ער האָט געמוזט אַ פּאָר מאָל איבערייסן דאָס שרייבן פֿון בריוו, בכדי צו נעמען די קרעפֿטיקונג־פּילן, וואָס דער דאָקטאָר האָט אים פֿאַראָרדנט. צום סוף פֿון בריוו קריטיקירט דער יוסטיץ־ראַט די געלט־פֿאַרשווענדונג פֿון קאַרלען: „מיין הער זון האָט במשך פֿון איין יאָר אויס־געגעבן 700 טאָלער, בעת די רייכסטע זין גיבן נישט אויס אפֿילו 500 טאָלער. און דאָס מאַכסטו דו אָן יעדער רעכענונג און אָן וועלכער ס'איז אָנשטענדיקער פֿירונג, אַזוי ווי מיר וואָלטן געשווומען אין גאָלד! זיכער ביסטו דו, קאַרל, נישט קיין לומפּ, אָבער ווי קאָנסטו דו לעבן באַרעכנט, ווען יעדע צווייטע וואָך מוזט דו צעשטערן דעם אַלטן סיסטעם און אָנהויבן אַ נייען. דו האָסט נישט קיין צייט צו אַזעלכע קלייני־קייטן, ווי אַ שפּאָרזאַמע ווירטשאַפֿט". לסוף האָט דער פֿאָטער קאַטעגאָריש זיך אַרויסגעזאָגט קעגן קאַרל'ס קומען קיין טריער, ווייל עס וועלן באַלד זיין די אוני־

וועֶרסיטעטס־וואַקאַנסן און ס׳איז אַ שאָד איצט צו פאַרלירן צייט און געלט אויף נסיעות אַהין און צוריק.

ווידער אין אַן אַנדערן בריוו צו זיין זון אין בערלין, שרייבט היינריך מאַרקס אויספירלעך וועגן דעם, אַז קאַרל זאָל זיך באַמיען צו לעבן אַזוי ווי עס טון עס אַנ־דערע סטודענטן: „אָט, די דאָזיקע יונגע לייט שלאָפן נאָרמאַל ביי נאַכט. העכסטנס, פון צייט צו צייט, גיבן זיי אָוועק אַ נאַכט אָדער אַ האַלבע נאַכט פאַר יוגנטלעכע פאַרגעניגנס, בעת מיין טאַלאַנטירטער און צניעות׳דיקער זון זיצט אָפּ גאַנצע נעכט ביי הויפנס ביכער און מאַטערט אויס זיין גוף און נשמה. אָבער דאָס, וואָס דו דער־גרייכסט היינט, צעשטערסט דו מאָרגן, און לסוף, אין לעצטן רעזולטאַט, האָסטו דו גאָרנישט אויפגעטון. וואָס האָסטו דו פון דעם אַלעמען? דיינע כחות דערשעפּן זיך, דיין מוח ווערט צעטומלט, בעת דיינע קלוגע אַרבעטן סיסטעמאַטיש און דערגרייכן זייער ציל אויף אַ סך לייכטערן און באַקוועמערן אופן!”

טיפע זאָרגן באַאומרואיקן היינריך מאַרקס׳ן בנוגע דעם כאַראַקטער און צו־קונפטיקן גורל פון זיין געליבטן זון קאַרל, און ער שרייבט ווידער, ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט: „אַ סך מאָל בין איך נישט־ביכולת אָוועקצוויאָגן פון מיר די געדאַנקען וואָס דערדריקן מיך מיט זייער שווערן פאַרגעפיל. עס באַהערשט מיך אַן אומעטי־קער צווייפל, און איך פרעג זיך: צי איז דיין האַרץ, קאַרל, אַזוי גוט ווי דיין אינ־טעלעקט און דיינע פעאיקייטן? צי איז דיין האַרץ צוגענגלעך פאַר טיפע געפילן, וואָס זענען אַן אייביקער טרייסט פאַר אַ מענטשלעכער נשמה? צי איז דער דאָזיקער דעמאָן, וואָס האָט פאַרכאַפּט דיין האַרץ, אַ גייסט פון גאָט, אָדער להיפך, פון פּאַאוסטן?”

די מורא פאַר דעם אומבאַקאַנטן, אומהיימלעכן דעמאָן, וואָס האָט באַהערשט די נשמה פון זיין זון, האָט דעם קראַנקן און מידן יוסטיץ־ראַט נישט געגעבן קיין מנוחה. מיט וועלכן כשוף איז קאַרלען געלונגען דער נס, צו דעראָבערן די ליי־בע פון דער שיינער און רייכער זשעני? ס׳איז דאָך נישט קיין נאַטירלעכע זאַך! צי איז דאָס נישט עפּעס אַ סודות׳פולער גייסט פון אַ פּאַאוסט, וואָס האָט אים דערצו די מאַכט געגעבן? און צו וואָס קאָן נאָך קאַרלען דערפירן זיין דעמאָן, וועלכער לאָזט אים נישט רואיק לעבן און אַרבעטן, און פאַרפירט אים אויף משונה׳דיקע, געפער־לעכע וועגן!

היינריך מאַרקס איז געוואָרן מלא כעס, ווען ער האָט זיך דערמאָנט אין די אָפטע שטילע זיפצן פון זיין פרוי הענריעטע. וואָס איז זי אויסן מיט איר אייביקן קרעכצן און מיט די נאַרישע רייד: „ס׳איז גאָט׳ס שטראָף!”. אינערלעך טיף אַ דער־שראָקענער, האָט דער יוסטיץ־ראַט פון זיך געטריבן דעם מורא׳דיקן געדאַנק, וועל־כער האָט אים אומאויפהערלעך באַלעסטיקט, אַז די פאַראַטעטע אבות, די רבנים און גאונים, נעמען אין אים זייער נקמה. צי איז נישט דער דעמאָנישער גייסט פון קאַרלען עפּעס אַ „פאַרשאָלטענע ירושה פון די דורות־לאַנגע תלמודישע מתמידים”? און אויב יאָ, ווי און ווען וועט ער פון דעם פּטור ווערן?

דער יוסטיץ־ראַט האָט כסדר צום זון געשריבן שאַרפע בריוו, מיט טענות און פאָרוואורפן. אָבער אינם האַרצן האָט ביי אים געעגבערט דער נאָגנדיקער צווייפל, צי איז טאַקע קאַרל באמת אין דעם אַלעמען שולדיק. די ווערטער, וועלכע קאַרל האָט אים געשריבן אין זיין בריוו, אַז ער וויל קומען קיין טריער, צום פאָטער, בכדי ער

זאָל אים העלפן „אַוועקצויאָגן די מוראידיקע שאָטנס, וואָס פאַרפאָלגן מיך", האָבן אין זיינע אויערן געקלונגען ווי אַ פאַרצווייפלטער געשריי נאָך רעטונג. זיי האָבן היינריכ'ן באַלעסטיקט בייטאָג־און־נאַכט, זיי האָבן אים פאַרביטערט די פּאָר גע־ציילטע שעה'ן, ווען די פיזישע יסורים זענען אַ ביסל לייכטער געוואָרן.

היינריך מאַרקס, דער ראַציאָנאַליסט און אָנהענגער פון קאַנט'ס פילאָזאָפיע, האָט בשום אופן נישט געוואָלט צולאָזן צו זיך די שרעקלעכע השערה, אַז די שאָטנס, וואָס פאַרפאָלגן זיין זון, שטאַמען פון אַלטע יידישע, אַטאַוויסטישע כחות, פון דעם דורות־לאַנגן רבנישן עבר, וואָס בעל־כרחם לעבן און ווירקן זיי אין בלוט און אין דער נשמה פון די אייניקלעך און אור־אייניקלעך. אָבער די דאָזיקע שרעקלעכע השערה איז כסדר צוריקגעקומען און האָט אָן רחמנות געפּייניקט דעם מידן גוף און דעם פאַרמאַטערטן מוח פון יוסטיץ־ראַט. זי איז געוואָרן שטאַרקער, אַ סך שטאַר־קער פון זיין ווילן און שכל, פון זיין בילדונג און לאָגיק, פון זיין פרײדענקערישער און אפּיקורסישער עקשנות. זי האָט אים פאַרביטערט זיינע לעצטע טעג און צוגע־רויבט דאָס ביסל שלאָף ביי נאַכט.

היינריך מאַרקס האָט פאַרצווייפלט געטראַכט וועגן דעם, אַז ער מוז ראַטעווען זיין קינד, זיין געליבטן קאַרל, פון דעם דעמאָנישן גייסט, פון תלמודישן אַטאַוויזם און פון די מורא'דיקע שאָטנס. אַ פאַרצווייפלטער כאַפּט זיך אָן אָפּט אין אַ שטרוי. דער יוסטיץ־ראַט האָט זיך גענומען איינרעדן און טרייסטן, אַז קאַרלען קאָן פון דעם תלמודישן דעמאָניזם און פון די רבנישע שאָטנס ראַטעווען דער אַפּאָטעאָז פון דעם קריסטלעך־פּרייסישן גייסט.

היינריך מאַרקס'נס בריוו צו קאַרלען ווערן ווייכער און האַרציקער. ער אידעאַ־ליזירט די פרייסישע מלוכה און איר אָרדענונג, ער וויל ביי זיין זון אַרויסרופן באַ־גייסטערונג און ליבע צו דעם הערשנדיקן אויטאָקראַטישן רעזשים. „בלויז דאָקטוי־נערע ליבעראַלן" שרייבט ער אין איינעם פון זיינע בריוו „קאָנען נאָך היינט באַ־וואונדערן דעם דאָזיקן נאַפּאָלעאָנען. בעת נאַפּאָלעאָנ'ס הערשאַפט, האָט קיינער נישט געוואָגט דאָס צו זאָגן, וואָס מען שרייבט היינט אָפן יעדן טאָג אין פרייסן. יע־דער, וועלכער האָט שטודירט די געשיכטע פון נאַפּאָלעאָנען און זיין פאַלשער אידע־אָלאָגיע, מוז היינט, מיט דעם גאַנצן האַרצן, רומען זיין מפּלה און דעם נצחון פון פרייסן!".

דער פרייסיש־קעניגלעכער יוסטיץ־ראַט היינריך מאַרקס, דער געוועזענער ראַבי־נער־זון הערשל, פאַלט אריין אין אַ פאַטעטישן טאָן פון אַן אויסערגעוויינלעכער התפעלות לגבי דער פרייסישער מלוכה, דער פרייסישער אָרדענונג, דער פרייסישער גייסט־דיסציפלין, און לגבי אַלץ, וואָס איז פרייסיש־קריסטלעך. דער יוסטיץ־ראַט פאַרלאַנגט פון זיין זון, אַז ער זאָל שרייבן אַ דיכטערישע אָדע וועגן דעם נצחון איבער נאַפּאָלעאָנען ביי וואַטערלאָ, ווייל „דער דורכפאַל פון די אַליאירטע ביי וואַ־טערלאָ וואָלט מיט קייטן געבונדן די מענטשהייט און בעיקר דעם מענטשלעכן גייסט". און צוליב דעם דאַרף קאַרל באַשרייבן „די דאָזיקע תקופה, וואָס האָט געגעבן רום דעם קעניגרייך פרייסן און אים דערמעגלעכט צו שפּילן אַ וויכטיקע ראָל אַ דאַנק זיין געשיכטלעכן געניוס".

„די אָדע וועגן דעם נצחון ביי וואַטערלאָ", שרייבט ווייטער דער פאָטער צו

קאַרלען: „אויב זי וועט זיין געגנוג פּאַטריאָטיש, געשריבן מיט געפיל און אין אַן עכטן דייטשן גייסט, קאָן זי דיך מאַכן באַרימט!"

מיט געמישטע געפילן האָט קאַרל אויפגענומען די בריוו פון יוסטיץ־ראַט. זיין באַציאונג צום פאָטער איז תמיד געווען פול מיט דרך ארץ און צוגעבונדנקייט. כל ימיו, ביז צו זיין טויט, האָט קאַרל מאַרקס ביי זיך געטראָגן די פאָטאָגראַפיע פון זיין פאָטער. די ביטערע פאָטערלעכע פאָרווורפן, אַז ער האָט נישט קיין הארץ פאַר זיינע עלטערן, האָבן קאַרלען שטאַרק וויי געטון. ער פאַרזיכערט כסדר דעם פאָטער, אַז מיט זיין קומען קיין טריער איז ער גאָרנישט מער אויסן געווען, ווי פשוט „צו בלייבן אַ ביסל מיט מיינע געליבטע עלטערן. גלויב מיר, טייערער פאַפּאַ, אַז איך בין ווייט פון יעדן עגאָטיזם!". קאַרל איז אין זיינע בריוו געוואָרן זייער סענטימענטאַל, עד רעדט וועגן זיין נאָסטאַלגיע, וואָס ציט אים אַהיים, און שרייבט דאָן די זעלטע־נע, איבעראַשנדיקע ווערטער וועגן זיין „ליבער, קליינער מאַמע, דער דאָזיקער פיי־נער און וונדערבאַרער פרוי, וואָס איז גוט ווי אַ מלאך".

דער אָפּזאָג פון פאָטער האָט קאַרלען שטאַרק געטראָפן. ער האָט זיך געפילט באַליידיקט און איז נישט אַהיימגעפאָרן אפילו בעת די זומערדיקע אוניווערסיטעטס־וואַקאַנסן. דער פאָטער האָט זיך באַמיט צו באַרואיקן דעם זון און האָט אים גע־שריבן נייע בריוו, פול מיט אויפריכטיקער סימפּאַטיע און סענטימענטאַלע אויס־דרוקן. דער יוסטיץ־ראַט האָט צו יענער צייט אַ פּאָר מאָל גערעדט מיטן געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן וועגן דער ליבע פון קאַרלען צו זשעני. ביים סוף פון יאָר 1837 האָבן די עלטערן פון זשעני ענדלעך געגעבן זייער הסכמה צו דער אָפיציעלער פאַרלאָבונג פון זייער 23־יעריקער טאָכטער זשעני מיט דעם זון פון אַדוואָקאַט היינריך מאַרקס, דעם 19־יעריקן סטודענט קאַרל מאַרקס.

## איינאונדרייסיקסטער קאַפּיטל.

## „אַ נאַרישער ליבע־שפּיל"

דער ווינטער 1837 האָט געבראַכט אינם לעבן פון קאַרל מאַרקס'ן אַ גרויסע פאַרענדערונג. דאָס איז געשען צוליב צוויי פאַקטן: 1) מאַרקס איז געוואָרן אַ סטאַ־בילער איינגייער אינם בערלינער „דאָקטוירים־קלוב"; 2) ער האָט זיך נעענטער באַ־קענט מיט מאַדאַם בעטינאַ פאָן אַרנים. ביידע געשעענישן זענען גורם געווען אַ דע־צידירנדיקע ווענדונג אין קאַרל מאַרקס'נס בערלינער סטודענטן־לעבן. זיי האָבן אים ענדלעך אַרויסגעפירט פון דער פיינלעכער איינזאַמקייט, וואָס האָט אים פיזיש און גייסטיק דערשעפּט און וואָס איז געוואָרן געפערלעך פאַר זיין ווייטערדיקער צוקונפט.

דער „דאָקטוירים־קלוב" איז געווען אַ ווויסנשאַפטלעך־געזעלשאַפטלעכער פאַ־ריין פון יונגע בערלינער געלערנטע, געענדיקטע פילאָזאָפיע־דאָקטוירים אָדער אַזעל־כע, וואָס זענען געווען ערב דעם דאָקטאָראַט. דער „קלוב" איז געוואָרן אַ פעסטונג פון דעם העגעליאַנישן לאַגער און בעיקר פון זיין ראַדיקאַלער ריכטונג, וואָס האָט זיך קעמפעריש גערופן „די יונג־העגעליאַנער". ווי ס'איז שוין דערמאָנט געוואָרן, האָט

פרידריך העגעל, דער באַרימטער בערלינער פּראָפעסאָר און שעפער פון זיין פילאָזאָ־פישער שיטה, שוין אַ פּאָר יאָר נישט מער געלעבט. אָבער זיין פילאָזאָפיע האָט באַהערשט אַלע פּרייסישע אוניווערסיטעטן און איז דורך דעם מלוכה'שן רעזשים אונטערשטיצט געוואָרן אַלס די אמת'ע פּרייסישע אידעאָלאָגיע. אין דער ווירקלעכקייט, איז טאַקע העגעל געווען אַן אויסגעשפּראָכענער רעאַקציאָנער. ער האָט געהאַלטן די אַבסאָלוטיסטישע מאָנאַרכיע פאַר די בעסטע רעגירונגס־פאָרם, און איז געווען אַ שאַרפער קעגנער פון אַלע ליבעראַלע און דעמאָקראַטישע שטרעבונגען. ס'איז לכן פאַרשטענדלעך, אַז סיי דער פּרייסישער קעניג און סיי מעטערניך, דער אַפּוטרופּוס פון דער אייראָפּעאישער רעאַקציע, זענען געווען אַנטציקט מיט העגעל'ן און זיין פילאָזאָפישער שיטה, וואָס האָט אין קעגנזאַץ צו די אינדיווידואַליסטישע פרייהייטס־פּרינציפּן פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, פאַרהערלעכט די מאַכט פון דער מלוכה לגבי דעם יחיד.

אָבער העגעל'ס פילאָזאָפיע איז באַשטאַנען, אַזוי־צו־זאָגן פון צוויי עלעמענטן, וועלכע זענען זיך אייגנטלעך סותר געווען. אויסער דעם אַפּאָטעאָז פון דער מלוכה, איז אין דער העגעליאַנישער שיטה געווען דעצידירנדיק זיין דיאַלעקטיק, אַ וויסנשאַפטלעכער מעטאָד, לויט וועלכן אַלץ אין דער מענטשלעכער געשיכטע אַנטוויקלט זיך אין אַ כסדר'דיקן קאַמף און פּראָגרעסיווער ענדערונג. העגעל'ס דיאַלעקטישער פּרינציפּ אַנערקענט נישט קיין שום סטאַבילע זאַכן. לויט זיין מיינונג באַוועגט זיך אַלץ און ענדערט זיך כסדר, „אַלץ פליסט", ווי עס האָבן דערקלערט אַלטע גריכישע פילאָזאָפן. („פּאַנטאַ רעאי"). די געשיכטע פון דער מענטשהייט איז ביי העגעל'ן אַ שטופנווייזער פּראָצעס צו אַן אַלץ־העכערער און בעסערער מדרגה פון אַן אַנטוויקלונג, ביז צו דער אײדעלסטער און שלמות'דיקער פאָרם פון דער אַבסאָלוטער אידיי. העגעל אַליין האָט אפילו נישט פּרעציזירט און נישט דערקלערט געננוי, אין וואָס עס באַשטייט דער אייגנטלעכער מהות פון דער דאָזיקער מיסטעריעזער אַבסאָלוטער אידיי. אָבער מ'האָט די דאָזיקע „אידיי" אויסגעטייטשט און פּראָפּאַגירט אַלס דעם אויסגעחלום'טן אידעאַל פון דער גאַנצער מענטשהייט. אַן אידעאַל, וועלכן די יידישע נביאים האָבן פאַרויסגעזאָגט מיט די ווערטער: „והיה באחרית הימים".

נאָך העגעל'ס טויט, האָבן זיינע חברים און עלטערע תלמידים, די אָפיציעלע פאָרשטייער פון דער פילאָזאָפישער וויסנשאַפט, זיך שטרענג געהאַלטן ביי דער פאָרמאַליסטישער, אין תוך־רעאַקציאָנערער אינטערפּרעטאַציע פון דער העגעליאַנישער פילאָזאָפיע, בעת די יינגערע תלמידים, וואָס האָבן זיך טאַקע גערופן יונג־העגעליאַנער, זענען אַ דאַנק דער העגעליאַנישער דיאַלעקטיק אַוועק אויף נייע, ראַדיקאַלע דרכים. צו זיי האָט אויך געהערט דער 20־יעריקער קאַרל מאַרקס. מתחילה איז זיין באַציאונג צו דער העגעליאַנישער פילאָזאָפיע געווען אַ נעגאַטיווע, שפּעטער איז זי געוואָרן אַ נישט־דעצידירטע, אָבער דאַן אַלץ מער און מער אַ פּאָזיטיווע, ביז זי איז לסוף דערגאַנגען צו אַן אמת'ער באַגייסטערונג. די העגעליאַנישע פילאָזאָפיע האָט מיט איר דיאַלעקטיק לגמרי באַהערשט דעם מח און די נשמה פונם יונגן קאַרל מאַרקס. זי איז געוואָרן זיין וויסנשאַפטלעכער אני מאמין, זיין גייסטיקע ליבע, וועלכער ער איז זיין גאַנץ לעבן טריי געבליבן. די העגעליאַנישע דיאַלעקטיק האָט מאַרקס'ן אַרויסגעפירט פון דעם טעאָרעטישן תוהו ובוהו, אין וועלכן ער איז געשטאַנען אַ צע־

טומלטער און הילפלאָזער, און האָט אים געוויזן דעם וועג פון אַ פעסט־געבויטער, סאָלידער וועלט־אַנשויאונג.

פאַרשטענדלעך, אַז ווען קאַרל מאַרקס האָט, מיט יאָרן שפּעטער, איראָניזירט איבער זיין יוגנטלעכן „נאַרישן ליבע־שפּיל", האָט ער מיט דעם נישט געמיינט די ליבע צו דער ענגלישער פילאָזאָפיע, נאָר דאָס צווייטע געשעעניש אין ווינטער 1837, וואָס איז אויבן שוין דערמאָנט געוואָרן. מאַדאַם בעטינאַ פאָן אַרנים, מיט וועלכער ער האָט זיך צו יענער צייט נענטער באַפריינדעט, איז געווען איינע פון די אינטערעסאַנטסטע און באַקאַנטסטע פרויען אין בערלין. בעטינאַ האָט פאַרמאָגט אַ סך מעלות און טאַלאַנטן. זי איז געווען נאָך גענוג שיין, געבילדעט און פאַרמעגלעך, זי איז געווען טעטיק אויך אַלס אַ שריפטשטעלערין און האָט געשריבן אַ גאַנץ פיי־נע פּאָעזיע און פּראָזע. איר סאַלאָן אין סאַמע צענטער פון בערלין „אונטער דען לינדען", איז געוואָרן אַ זאַמלפּונקט פאַר דער בעסטער און געבילדעטסטער געזעל־שאַפט פון דער פּרייסישער הויפּטשטאָט. דאָ האָט מען געטראָפן אַלטע גענעראַלן און יונגע קינסטלער, קאָנסערוואַטיווע מלוכה־מענער און ראַדיקאַלע רעפאָרמאַטאָרן, איינפלוסרייכע מיניסטאָרן און באַנקירן צוזאַמען מיט אָרעמע פילאָזאָפן און וויסנ־שאַפטס־מענטשן, קאַטוילישע און פּראָטעסטאַנטישע גלחים נעבן יידן, שרייבער מכל המינים, גלויביקע און אַטעאיסטן און אַז. וו. קאַרל מאַרקס'ן האָט אין דעם דאָזיקן סאַלאָן אַריינגעפירט זיין נייער פריינט רוטענבערג, איינער פון די גרינדער פון „דאָק־טוירים־קלוב".

בעטינאַ פאָן אַרנים האָט זיך שטאַרק באַמיט, אַז איר סאַלאָן זאָל זיין ענלעך צו יענעם, וועלכן עס האָט מיט יאָרן צוריק, געהאַט אין בערלין די באַרימטע יידי־שע פרוי רחל לעווין. ווען מאַרקס איז געקומען קיין בערלין, איז שוין געווען אַ דריי יאָר נאָך רחל לעווינ'ס טויט. אָבער אומעטום, אין דער פּאָרנעמער בערלינער גע־זעלשאַפט האָבן נאָך געלעבט פרישע און אינטערעסאַנטע דערינערונגען וועגן דער דאָזיקער אויסערגעוויינלעך־וווּנדערבאַרער יידישער פרוי, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ פּראַקטישער, סוחרישער פאַמיליע און איז געוואָרן „די גייסטרייכסטע פרוי פון איר תקופה". אַזוי איז וועגן איר געווען די אַלגעמיינע מיינונג סיי ביי די דייטשן און סיי ביי די אויסלענדער, וואָס האָבן געהאַט די זכיה זי צו דערקענען. רחל לע־ווין האָט געקעמפט פאַר דער פרויען־עמאַנציפּאַציע און פאַר דער נייער מאָדערנער קינדער־דערציאונג. איר אויסגעצייכנטע בילדונג און פיינער קינסטלערישער חוש האָבן איר געגעבן די נויטיקע קוואַליפיקאַציעס, בכדי צו זאָגן מבינות וועגן דיכטע־רישע און ליטעראַרישע שאַפונגען און טאַלאַנטן. מיט איר מיינונג האָט זיך די גייס־טיקע עליטע אין גאַנץ דייטשלאַנד שטאַרק גערעכנט. אין איר סאַלאָן „דער רעפּו־בליק פון פרייען גייסט" האָט רחל לעווין איינגעפירט דעם קולט פאַר דעם דיכטער געטהע און פאַר אַנדערע באַרימטע הומאַניסטן. איר נאָמען איז געוואָרן דער סימ־באָל פון „יונג־דייטשלאַנד", און צו אירע טרייע סאַלאָן־באַזוכער און פריינט האָבן געהערט דער פּראָפעסאָר עדואַרד גאַנס און לודוויק בערנע, היינריך היינע און דער ראָמאַנטיקער־פילאָזאָף פרידריך שלעגעל, דער געלערנטער שלייערמאַכער און די באַ־וווּסטע יידישע שיינקייט הענריעטע הערץ.

בעטטי פאָן אַרנים איז געווען אַ נאָענטע פריינדין פון רחל לעווין. מיט אַלע כחות האָט זי זיך באַמיט, אַז איר סאַלאָן זאָל זיין ענלעך צום סאַלאָן פון איר פאַר־

שטאַרבענער פֿריינדין. בעטטי פֿלעגט אַ סך און אָפֿט דערציילן וועגן דער דאָזיקער גענויאַלער פֿרוי.

קאַרל מאַרקס איז גראָד געווען מיט אַ באַזוך אין דעם סאַלאָן פֿון בעטטי, בעת זי האָט פֿאַר אַ גרעסערער געזעלשאַפֿט, צווישן וועלכער ס'איז אויך געווען אַ באַ־וווסטער יידישער זשורנאַליסט פֿון אויסלאַנד, איבערגעגעבן פּרטים וועגן די לעצטע טעג פֿון רחל לעווין. די גאַסטגעבערין האָט זיך באריכות אָפּגעשטעלט, און אפֿשר נישט אָן אַ כוונה, אויף דער יידישער טראַגעדיע פֿון דער פֿאַרשטאָרבענער פֿריינדין. רחל לעווין האָט ווי בערנע, היינע און הונדערטער ענלעכע יידיש־דייטשע אינטע־לעקטואַליסטן, געוואָלט פּטור ווערן, לגמרי און אויף אייביק, פֿון יידנטום, אָבער לסוף איז איר דאָס נישט געלונגען. ווען רחל לעווין איז געווען יונג, האָט זי זיך אַ פֿאַרצווייפֿלטע באַקלאָגט, אַז איר יידישער אָפּשטאַם איז פֿאַר איר געוואָרן „אַ מע־סער, וואָס מ'האָט איר אין האַרצן אַריינגעשטאָכן". זי האָט חתונה געהאַט מיט דעם באַוווסטן דייטשן דיפּלאָמאַט און געלערנטן וואַרנהאַגען און האָט זיך געשמד'ט. אָבער שפּעטער, ווען זי איז שוין עלטער געוואָרן און אין דייטשלאַנד האָבן זיך באַוויזן בולטע סימנים פֿון אַ נייעם, וואַקסנדיקן אַנטיסעמיטיזם, האָט זי חרטה באַ־קומען און איז ווידער געוואָרן יידיש־געשטימט. שטאַרבנדיק, האָט רחל לעווין פֿאַר אירע נאָענטע דערקלערט, אַז דאָס יידנטום, וואָס איז איר אַמאָל דערשינען ווי אַן אומגליק, איז איצט פֿאַר איר געוואָרן אַזוי וויכטיק און טייער.

בעת בעטינאַ פֿאָן אַרנים האָט דאָס דערציילט פֿאַר אירע געסט, האָט מאַרקס אינמיטן זיך אויפֿגעהויבן און שטילערהייט זיך דערווייטערט פֿון דער געזעלשאַפֿט. קאַרל איז אַ רגע אַרומגעגאַנגען מיט נערוועזע טריט און דאַן איז ער געבליבן זיצן ביחידות אין אַ ווייטן, זייטיקן, האַלב־פֿינצטערן צימער. עס האָט זיך אים איצט געדוכט, אַז ער זעט דאָ, בשכנות פֿון פּרעכטיקן סאַלאָן פֿון מאַדאַם בעטטי, אַרומ־שוועבן דעם אומרואיקן גייסט פֿון דער דאָזיקער יידישער פֿרוי רחל לעווין. מאַרקס איז געווען מיד און האָט אָנגעהויבן דרימלען. ס'איז געווען אַ שווערער און פֿון שלעכטע חלומות כסדר איבערגעריסענער שלאָף. פּלוצלינג האָט מאַרקס דערזען, ווי אין אַ ווייטער וויזיע, די דערצאָרנטע, צעשויבערטע געשטאַלט פֿון זיין פֿעטער, דעם טריערער רב שמואל מאַרקס, ווי ער שטייט פֿאַר אים און שרייט אַן אויפֿגערעגטער: „געדענק, דו ביסט אַ ייד און וועסט אַ ייד בלייבן! דער שאָטן פֿון דיינע רבנישע זיידעס וועט דיר נאָכגיין דאָס גאַנצע לעבן!".

מיט אַ ליכטן געשריי האָט זיך קאַרל מאַרקס אויפֿגעוועקט. ביי אים איז גע־שטאַנען בעטטי פֿאָן אַרנים און מיט איר ווייכער האַנט האָט זי געגלעט זיינע לאַנ־גע, געדיכטע האָר־לאָקן.

„וואָס איז מיט דיר קאַרל, וואָס פֿאַר אַ בייזער חלום האָט דיך אַזוי דערשראָקן?" האָט געפֿרעגט בעטטי, קושנדיק איר יונגן, נייעסטן פֿריינט.

די פֿריינטשאַפֿט צווישן קאַרל מאַרקס'ן און מאַדאַם פֿאָן אַרנים איז לעצטנס געוואָרן גאָר אַ נאָענטע און אינטימע. דאָס איז אָבער געווען בלויז אַ פֿיזישע ליבע און נישט מער. דער איינזאַמער קאַרל, וואָס איז אַנטלאָפֿן „פֿאַר די מורא'דיקע שאָטנס, וואָס פֿאַרפֿאָלגן אים", האָט אין די שטאַרקע און ליידנשאַפֿטלעכע אָרעמס פֿון בעטטי געזוכט און געפֿונען טרייסט און מנוחה. פֿאַר קאַרלען איז דאָס אָבער געווען נישט מער ווי אַ מיטל צום צוועק, ווייל דער צוועק, דער אייגנטלעכער צוועק

איז פאַר אים געווען און פאַרבליבן אויף אייביק די גרויסע און ערלעכע ליבע צו דער איינציקער פרוי, זשעני פאָן וועסטפאַלן. קאַרל מאַרקס אַליין האָט שפּעטער זיין קורצע אינטימע באַקאַנטשאַפט מיט בעטטי פאָן אַרנים אָנגערופן „אַ נאַרישן ליבע־שפּיל״.

## צוויאונדרייסיקסטער קאַפּיטל.

## דער טויט פון יוסטיץ־ראַט היינריך מאַרקס.

„אַלץ, וואָס איז לאָגיש איז רעאַל, און אַלץ וואָס איז רעאַל, איז לאָגיש!״ — דעם דאָזיקן באַרימטן געדאַנק פון פרידריך העגעל׳ן האָט זיך איצט קאַרל מאַרקס באַמיט צו פאַרווירקלעכן אין זיין לעבן. די אָנפירער פון יונג־העגעליאַנישן „דאָק־טוירים־קלוב״ אַדאָלף רוטענבערג, קאַרל פרידריך קעפּען און ברונאָ בויער, זענען געוואָרן זיינע פריינט און מיטקעמפער פאַר דער נייער פילאָזאָפישער וועלט־אַנשוי־אונג. אין זייער געזעלשאַפט און אין זייער קאַמף האָט קאַרל מאַרקס געהאָפט צו געפינען זיין גייסטיקע און מאָראַלישע צופרידנקייט און פסיכישן גלייכגעוויכט.

זיין נאָענטסטער, אינטימער פריינט איז געוואָרן אַדאָלף רוטענבערג, אַן אַקטי־ווער טוער אין די אַמאָליקע געהיימע סטודענטישע פאַרבאַנדן און אַ לאַנגיעריקער אַרעסטאַנט פון די פּרייסישע תפיסות. נאָך דער באַפרייאונג פון געפענגעניש, איז רוטענבערג געוואָרן אַ גימנאַזיע־לערער פון געשיכטע. ער האָט אָבער באַלד פאַר־לוירן זיין פּאָסטן צוליב „דעם שעדלעכן איינפלוס״, וועלכן ער האָט אויסגעאיבט אין דער שול, און איז געוואָרן אַ ליטעראַט און זשורנאַליסט אין בערלין. זיין קעמ־פערישע נאַטור און ראַדיקאַלע אידעאָלאָגיע האָבן שטאַרק משפּיע געווען אויף קאַרל מאַרקס׳ן. ערשט שפּעטער האָט זיך מאַרקס איבערצייגט, אַז רוטענבערג׳ס בילדונג איז געווען בלויז אַן אויבערפלעכלעכע, און אַז זיינע אינטעלעקטועלע און מאָראַ־לישע קוואַליפיקאַציעס זענען געשטאַנען אין אַ בולטער סתירה צו די ראַדיקאַלע, מענטשהייט־דערלייזערישע מליצות, וועלכע ער האָט אָפט און ליידנשאַפטלעך אַי־בערגעחזרט.

דער צווייטער פריינט פון מאַרקס׳ן, קאַרל פרידריך קעפּען איז, אין קעגנזאַץ צו רוטענבערג׳ן, געווען אַ שטילער און באַשיידענער מענטש, מיט אַ גרויסער און טיפער בילדונג און מיט אַ שטאַרקן, אויסגעהאַלטענעם כאַראַקטער. זיינע וויסנשאַפט־לעכע, היסטאָרישע אַרבעטן, בפרט וועגן דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָבן אים פאַרשאַפט אַ נאָמען און פאָרויסגעזאָגט אַ פראָפעסאָרישע קאַריערע. אָבער די פּאָ־ליטיק האָט אים שפּעטער פולשטענדיק דערווייטערט פון דער וויסנשאַפט. קעפּען איז געוואָרן איינער פון די ערשטע סאָציאַליסטישע פּיאָנערן אין דייטשלאַנד, און האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער רעוואָלוציע פון יאָר 1848. ווען די רע־אַקציע האָט געזיגט און אַ סך רעוואָלוציאָנערע אינטעלעקטואַליסטן זענען מאָראַ־ליש און גייסטיק צוזאַמענגעבראָכן, צווישן זיי אויך רוטענבערג, איז קעפּען געבליבן, ביז צו זיין לעצטן לעבנס־אָטעם, אַ שטאַרקער, מוטיקער קעמפער.

דער פעאיקסטער פון זיי אַלע איז געווען ברונאָ בויער, אַ פילאָזאָף און טעאָ־לאָג, אַ גאָר־אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט און אַ גרויסער געלערנטער. ער איז גע־וואָרן דער אייגנטלעכער אָנפירער און טעאָרעטיקער פון „דאָקטוירים־קלוב". זיין שפּעטערדיקער גייסטיקער און פּערזענלעכער איינפלוס האָט געהאַט אויף מאַרקס'ן אַ דעציזידירנדיקע באַדייטונג.

אָבער קיין פילאָזאָפישע מנוחה איז קאַרל מאַרקס'ן נישט געווען באַשערט. נישט־תמיד איז ער געווען ביכולת צו באַהערשן די מעכטיקע, מענערלעכע לײַדנ־שאַפט, וועלכע בעטינאַ פאָן אַרנים האָט ביי אים אַרויסגערופן. מיט אַלע זיינע כחות האָט מאַרקס געפּרוווט פון איר צו אַנטלויפן. צווישן זיינע פּאָעמען, געפינען מיר אַ שאַרפן עפּיגראַם, וועלכן ער האָט געשריבן וועגן דער דאָזיקער „לעצטער ראָמאַנטי־קערין פון דער לעצטער מאָדע". לפי־שעה האָט אים זיין פילאָזאָפירן און קריטיקירן קיין סך נישט געהאָלפן אין זיין פאַרצווייפלטן אָפּוועד־קאַמף קעגן דער „פאַרכשופטער ליידנשאַפט" צו בעטינאַ.

ביי דער דאָזיקער לאַגע, האָט קאַרל מאַרקס'ן, ווי אַ דונער פון העלן הימל, געטראָפן די טרויעריקע ידיעה וועגן דעם פּלוצלינגן טויט פון זיין געליבטן פאָטער. קאַרל האָט געוווּסט, אַז זיין פאָטער איז זייט יאָרן שוועד קראַנק און אַז זיין געזונט־צושטאַנד, נאָך דער קורצער פאַרבעסערונג, האָט זיך ווידער פאַרערגערט. אָבער ס'איז אים קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אַז דער סוף פון פאָטערס לעבן קאָן קומען אַזוי שנעל און אומדערוואַרטעט.

היינריך מאַרקס איז געשטאָרבן דעם 10 מאַי 1838, אַפּאָר טעג נאָך דעם 20־סטן געבורטס־טאָג פון קאַרלען. זיינע לעצטע בריוו צום זון אין בערלין זענען אומעטיקע און סענטימענטאַלע. דער פאָטער האָט דורכאויס, פאַר זיין טויט, געוואָלט זען קאַרלען, אָבער ער האָט זיך דאָס נישט פאַרגונען צוליב די גרויסע רייזע־הוצאות. אין זיין לעצטן בריוו, האָט ער זיין זון געווונטשן דאָס בעסטע צו זיין 20־סטן געבורטס־טאָג, און גלייכצייטיק האָט ער אים געבעטן, שפּאַרזאַמער צו לעבן, ווייל זיינע, קאַרל'ס בערלינער אויסגאַבן האָבן אין די לעצטע דריי חדשים מער באַטראָפן ווי די הכנסות פון זיין אַדוואָקאַטישער קאַנצעלאַריע במשך דעם גאַנצן ווינטער.

די לעצטע לעבנס־טעג פון יוסטיץ־ראַט מאַרקס זענען געווען זייער שווערע. זיינע פיזישע ליידן האָבן אים אומברחמנות'דיק געפּייניקט. נישט קלענער זענען גע־ווען אויך זיינע גייסטיקע און מאָראַלישע יסורים. קיין נחת פון זיינע 9 קינדער האָט ער נישט דערלעבט. פיר קינדער זענען אים אַוועקגעשטאָרבן און די פינף פאַרבלי־בענע האָבן אים פאַרשאַפט עגמת נפש און זאָרגן. זיי זענען נישט געווען געגוג אַר־בעטסזאַם און וויניק פּעאיק. פון הערמאַנען, וועלכן ער האָט געשיקט קיין בריסל אויף אַ פּאָסטן ביי אַ קאָמערסאַנט, האָט ער געהאַט בלויז צרות. מ'מוז נאָך צו־צאָלן דעם בעל־הבית, אַז ער זאָל וועלן אים ווייטער ביי זיך האַלטן. און קאַרל, דער בעסטער און פּעאיקסטער פון אַלע קינדער, זיין טרייסט און האָפענונג להבא, וואָס וועט לסוף פון אים און זיינע פּעאיקייטן ווערן? צי וועט ער דעם דעמאָן אין זיך באַזיגן און ווערן אַ מענטש, אַ נוצלעכער פאַר זיך און פאַר דער געזעלשאַפט? ווען וועט ער ענדלעך פּטור ווערן פון די מורא'דיקע שאָטנס, וואָס פאַרפאָלגן אים?

די נייעסטע גרוסן, וועלכע דער יוסטיץ־ראַט האָט באַקומען פון בערלין וועגן קאַרלען און זיין אויפפירונג, זענען נישט געווען קיין אַנגענעמע. אָט, האָט ער זיך ווי־

דער אריינגעלאָזט אין אַ געזעלשאַפט, וואָס רופט זיך „דאָקטוירים־קלוב", און אָנ־שטאָט צו מאַכן זיינע יורידישע עקזאַמענס, פאַרדרייט ער זיך דעם קאָפּ און פאַר־לירט זיין צייט מיט פילאָזאָפישע חקירות. קיין גוטס קאָן פון דעם נישט אַרויס־קומען, ווייל פילאָזאָפיע האָט נישט קיין גרענעץ און קיין תכלית. לאָזט מען זיך איינמאָל אין דעם אַריין, דאַן איז שוין שווער פון דעם אַרויסצוקריכן, און די יאָרן פאַרגייען שנעל מיט גאָרנישט!

ווייניקער ווי מיט דער פילאָזאָפיע, האָט זיך דער יוסטיץ־ראַט איבערגענומען מיט די רכילות וועגן קאַרל'ס ליבשאַפט מיט דער מאַדאַם פאָן אַרנים. היינריך מאַרקס האָט געהאַלטן, אַז די יוגנט האָט אירע רעכט און זי מוז זיך אַמאָל „אויס־הולטאַיען", בכדי שפּעטער צו ווערן סאָליד און בירגערלעך־אַנשטענדיק. ס'איז נישט ריכטיק, אויב אַלטע, אָפּגעלעבטע מענטשן ווילן זאָגן מוסר דער יוגנט. אַריינטראַכטנ־דיק אין דעם דאָזיקן ענין, האָט זיך היינריך מאַרקס דערמאָנט אין אַ תלמודישער דערציילונג, וואָס ער האָט אַמאָל, מיט אַ סך יאָרן צוריק געהערט אין שטוב ביים טאַטן, דעם טריערער רב. ס'איז געווען אַ מעשה וועגן אַ זקן, אַ פרומען און צניעות־דיקן, וועלכער איז גאָר שאַרף אויפגעטרעטן קעגן די פעלערן און חטאים פון אַנ־דערע מענטשן, בפרט ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן די באַציאונגען צווישן מאַן און פרוי. דער זקן איז געווען בנוגע זיך לגמרי זיכער, אַז זיין עלטער שיצט אים פאַר אַזעלכע עברות. איז לכן אין דעם בית־דין של מעלה באַשלאָסן געוואָרן אויס־צופּרוּוון דעם דאָזיקן צניעות'דיקן זקן. מ'האָט אים צוגעשיקט אַ שד אין געשטאַלט פון אַ יונגער און שיינער פרוי. דער זקן איז נישט בייגעשטאַנען דעם נסיון, און דאַן האָט זיך דער שד געלאָזט דערקענען און געזאָגט: „איך האָב דיר געוואָלט באַ־ווייזן דיין שוואַכקייט! זאָלסט דיך נישט גרויס האַלטן ווי אַ הייליקער און זאָלסט נישט משפּט'ן אַנדערע מענטשן!".

היינריך מאַרקס איז אין די לעצטע טעג פון זיין טרויעריקן לעבן, כסדר צו־ריקגעקומען אין זיין זכרון און אין זיינע נשמה־איבערלעבענישן צו די יונגע יאָרן, צו זיין יידישן עבר. ס'איז נישט געווען צו גלויבן, ווי שנעל און שלמות'דיק, ביז צום יסוד, האָט זיך צוזאַמענגעבראָכן זיין גאַנצע גויאישע וועלט, וועלכע ער האָט אַזוי עקשנות'דיק און מיט אַזויפיל אָנגעשטרענגטער ראַציאָנאַליסטישער לאָגיק און וויסנ־שאַפט אויפגעבויט במשך פון יאָרצענטער אויף די חורבות פון זיין אַמאָליקער יידישקייט. אָבער די מכלומרשטע חורבות פון אַמאָליקן יידישן פונדאַמענט האָבן זיך אויפאיינמאָל אַרויסגעוויזן צו זיין פעסטער און סאָלידער ווי דער גאַנצער קינסט־לעכער גויאישער בנין.

וואָס מער דער גוף פון שטאַרבנדיקן איז שוואַכער געוואָרן, אַלץ מעכטיקער האָט טריומפירט דער גייסט פון דורות־לאַנגע אַטאַוויסטישע כחות. באַלד איז גע־בראָכן געוואָרן יעדער ווידערשטאַנד פון דעם ראַציאָנאַליסטישן קאַנטיסט און קעניג־לעך־פּרייסישן יוסטיץ־ראַט היינריך מאַרקס קעגן דער יוגנטלעכער סביבה פון הערשלען, דעם זון און אייניקל פון די טריערער רבנים. היינריך־הערשל האָט זיך איצט כסדר דערמאָנט אין אַ סך פּרטים פון זיין פאָטערלעכער שטוב, און שטילער־הייט האָט ער איבערגעחזרט פּסוקים פון דער תורה און דערציילונגען פון דער משנה, וועלכע ער האָט אַמאָל אַזוי גוט געלערנט און געקענט.

דער יוסטיץ־ראַט איז געווען ביי זיך זיכער, אַז ער האָט שוין דאָס אַלץ לגמרי

פאַרגעסן. ליגנדיק אין יסורים, אין בעט, פון וועלכן ער איז נישט מער אויפגע־שטאַנען, האָבן זיינע בלייכע, בלוט־לאָזע ליפּן געשעפּטשעט די אייביקע טרייסט־ווערטער: „אַ מענטש שטאַרבט און דערלעבט נישט די דערפילונג אפילו פון דער העלפט פון זיינע ווונטשן", און דאַן ווידער „דאָס מענטשלעכע לעבן איז אַזוי פאַר־גענגלעך, ווי אַ באַוועגונג פון אַ פליענדיקן פויגל".

מיט זיינע לעצטע כחות, האָט זיך היינריך מאַרקס געריסן צום לעבן. ער האָט שטאַרק באַקומען רחמנות אויף זיך אַליין. סך־הכל איז ער דאָך 56 יאָר אַלט גע־וואָרן, און וואָס האָט ער שוין, מ'שטיינגעזאָגט, גענאָסן פון לעבן. שנעל זענען פאַר־גאַנגען די יאָרן, תמיד איז ער געווען פאַרהאָרעוועט, מיט זאָרגן און צרות באַלאָדן, קיין צייט און קיין געדולד נישט געהאַט עפּעס צו געניסן. און איצט אויפאיינמאָל קומט דער סוף פון דעם אַלעמען! צי קאָן דאָס באמת אַזוי זיין, אַז דאָס איז שוין געווען דאָס גאַנצע ווירקלעכע לעבן און מער קומט שוין גאָרנישט? נישט אויף דער וועלט און נישט אין אַ נייער, צוקונפטיקער!???

דער יוסטיץ־ראַט האָט נישט געגלויבט אין השארת הנפש, אין אַ נייעם לעבן נאָכן מענטשנ'ס טויט. אָבער דער געדאַנק, אַז שוין איצט איז פאַרברויכט און אויס־גענוצט געוואָרן זיין גאַנץ לעבן און מער וועט שוין גאָרנישט, אַבסאָלוט גאָרנישט קומען, איז אים דערשינען אַזוי גרויזאַם, אַז אַ ציטער איז דורכגעגאַנגען זיין איינ־געדאַרטן און אָנגעווייטיקטן גוף. אין זכרון איז אים געקומען דער באַקאַנטער פּסוק פון תהילים: „נישט שטאַרבן וויל איך, נאָר לעבן", און גלייכצייטיק האָט ער זיך דערמאָנט אין דעם אָריגינעלן געדאַנק פון תלמוד: „בעסער אויסצולעשן דאָס ליכט פון שבת, ווי דאָס ליכט פון לעבן, דאָס ליכט פון גאָט!".

היינריך מאַרקס האָט געפּרוווט אויפשטיין פון זיין קראַנקן־בעט. דרויסן איז געווען אַ פּרעכטיקער מאַי־טאָג און די זון האָט אַריינגעשיינט אַזאַ ליכטיקע און פריילעכע. היינריך האָט איצט געהאַט חשק צו לויפן איבער פעלדער און וועלדער, ווידער זיין יונג און געזונט, און געניסן, אַ סך געניסן פון לעבן וויפל עס לאָזט זיך נאָר! אָבער אָנמעכטיק און הילפלאָז איז ער גלייך צוריקגעפאַלן אויף זיין בעט. הענריעטע איז אַריינגעקומען אַ דערשראָקענע און מיט ציטערדיקע הענט האָט זי אים אויסגעבעסערט דעם געלעגער און צוגעדעקט מיטן בעטגעוואַנד.

די גסיסה פון קראַנקן איז געווען זייער אַ שווערע און לאַנגע, ווי די נשמה וואָלט בשום אופן נישט געוואָלט פאַרלאָזן דעם דאָזיקן צום טויט שוין פאַראור־טיילטן, לגמרי דערשעפּטן און הילפלאָזן גוף. דער יוסטיץ־ראַט האָט געפיבערט, קאָשמאַרנע חלומות און שווערמוטיקע וויזיעס האָבן אים געפּייניקט. ער איז אומ־אויפהערלעך צוריקגעקומען צו זיין קינדערישער צייט און האָט אַרום זיך געזען טאַ־טע־מאַמע, די ברידער און די שוועסטער. ווי אַמאָל, מיט אַ 50 יאָר צוריק, זענען צו אים דערגאַנגען די האַרציקע, גוטע ווערטער פון דער שמייכלענדיקער מאַמע: „הערשעלע, איך בעט דיך, גיי שוין, גיי אין חדר אַריין!". ער איז ווידער געזעסן צווישן די יידישע קינדער, געלערנט בקול רם ביים רבי'ן, און אַהיימקומענדיק, האָט ער זיין פּרשה איבערגעחזר'ט מיטן טאַטן, דעם שטרענגן טריערער רב. און פּלוצלינג, פון אַן אומבאַקאַנטער ווייטקייט, איז צו אים דערשינען זיין ברודער שמואל. אַ פאַרצווייפלטער האָט שמואל פאַרבראָכן די הענט, געריסן פון זיך קריעה און געשריען יאָמערלעך: „וויי איז צו אונז, וואָס מיר האָבן דאָס דערלעבט! צי

וויסט דו, הערשל, וואָס דו האָסט געטון?!". דער שטאַרבנדיקער היינריך מאַרקס האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס וויל פון אים האָבן דער דאָזיקער אויפגערעגטער ברו־דער, פאַרוואָס וויינט ער אַזוי ביטער און צוליב וואָס ברעכט ער זיך אַזוי פאַר־צווייפלט די הענט.

אַ רגע פאַר זיין טויט, איז היינריך מאַרקס געקומען אַ ביסל צו זיין באַוווסט־זיין. ער האָט אפילו דערקענט זיין פרוי און די קינדער, וואָס זענען וויינענדיקע גע־שטאַנען אַרום דעם קראַנקן. די ליפּן פון גוסס'דיקן האָבן עפּעס געשעפּטשעט, ווערטער פרעמדע, אומבאַקאַנטע. העגריעטע איז צוגעפאַלן צום שטאַרבנדיקן מאַן מיט אַ שרעקלעכן געוויין און מיט ספּאַזמאַטישע אויסשרייען. זי האָט פון גוסס'דיקן דערהערט ווערטער פון יידישע פּסוקים, וואָס זענען איר גוט־באַקאַנט געווען פון שול־דאַווענען און פון פּאָטערלעכע ברכות. העגריעטע האָט פאַרשטאַנען, אַז הערשל זאָגט זיין לעצטע, יידישע ודוי. איר געוויין איז געוואָרן נאָך שטורמישער און האָט מיטגעריסן מיט זיין געיאָמער אַלע בני־בית.

דריי טעג שפּעטער איז פאָרגעקומען דאָס פייערלעכע באַגרעבניש פון קעניגלעך־פּרייסישן יוסטיץ־ראַט היינריך מאַרקס. אַלע טריערער אַדוואָקאַטן, געריכטס־אַנגע־שטעלטע, הויכע מלוכה־באַאַמטע און שטאָט־פּערזענלעכקייטן זענען נאָכגעגאַנגען דעם קאַראַוואַן. גאַנץ פאָרנט האָט מען געטראָגן דעם צלם און נאָך אים איז געגאַנגען דער וואַנגעלישער פּאַסטאָר. יידן זענען געשטאַנען פון דערווייטנס, האָבן טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ און געטייטלט מיט די פינגער: „אָט אַזוי, רחמנא לצלן, באַ־גראָבט מען הערשלען, דעם זון פון טריערער רב לוי מאַרקס זכרונו לברכה!".

## דרייאונדרייסיקסטער קאַפּיטל.

## מיט מאַדאַם בעטינאַ פאָן אַרנים אין טריער.

מיט אַ גרויסער פאַרשפּעטיקונג האָט קאַרל מאַרקס באַקומען די טרויעריקע ידיעה וועגן דעם פּלוצלינגן טויט פון זיין פאָטער. קיין שנעלער טעלעגראַפן־דינסט איז צו יענער צייט נאָך נישט געווען, און ווען די ידיעה פון טריער איז אָנגעקומען צום ווייטן בערלין, איז שוין געווען נאָך דער באַגרעבניש. קאַרל איז געווען שטאַרק נידערגעשלאָגן צוליב דעם גרויסן פאַרלוסט, וועלכן ער האָט געליטן. דער פאַרשטאָר־בענער פאָטער איז דאָך געווען זיין נאָענסטער, בעסטער פריינט און אַפּוטרופּוס. ווידער האָבן קאַרלען באַהערשט אומעטיקע שטימונגען פון אַ מעלאַנכאָלישן „וועלט־שמערץ". ער האָט זיך געפילט איינזאַם און פאַרלאָזט, און אויפסניי האָבן אים אָנ־געהויבן פאַרפאָלגן די מורא'דיקע שאָטנס. קאַרל איז איצט אָפּגעזעסן גאַנצע טעג אין זיין שטוב, פאַרטיפט אין דער בראָשור, וועלכע דער פאַרשטאָרבענער יוסטיץ־ראַט האָט אויפגעשריבן און צוגעשיקט אים קיין בערלין, אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט. די דאָזיקע שריפט איז געווען אַן אמת'ער אַפּאָטעאָז פון דער פּרייסישער מלוכה און איר אָרדענונג, באַטראַכט פון יורידיש־פּאָליטישן שטאַנדפּונקט.

אַ וואַקסנדיקע אַפּאַטיע האָט באַהערשט דעם פאַר'יתום'טן קאַרל מאַרקס, און

זיין ווילן כמעט פּאַראַליזירט. פון דער מוטער איז אָנגעקומען אַ טרויעריקער בריוו, אין וועלכן זי האָט איר זון אינפאָרמירט, אַז דער גאָטזעליקער פאָטער האָט איבער־געלאָזט אַ גאָר באַשיידענעם קאַפּיטאַל, און צוליב דעם מוז ער, קאַרל, צואיילן זיך מיט זיינע אוניווערסיטעטס־עקזאַמענס, בכדי גלייך איבערצונעמען די אַדוואָקאַטי־שע קאַנצעלאַריע אין טריער, וואָס פּוסטעוועט און וואַרט אויף אים.

קאַרל מאַרקס האָט זיך מיט אַלע כחות באַמיט גובר צו זיין די אייגענע אָפּ־געלאָזנקייט, וועלכע האָט אים אַלץ מער באַהערשט נאָכן טויט פון געליבטן פאָטער. ער איז אָפּט געגאַנגען צום אוניווערסיטעט און צום „דאָקטוירים־קלוב". ער האָט אָנגעהויבן לייענען אַ פּאָר נייע, אינטערעסאַנטע ביכער. באַזונדערס האָט אים צו־געצויגן דאָס ווערק פון דעם קריסטלעך־דייטשן טעאָלאָג און העגעליאַנער דוד פרי־דריך שטרויס, א. נ. „דאָס לעבן פון ישו". שטרויס איז אין זיין בוך אויפגעטרעטן מיט אַ היסטאָרישער קריטיק לגבי דעם אַלטן און נייען טעסטאַמענט. אין דער דע־מאָלסדיקער אַטמאָספערע פון פּאָליטישער רעאַקציע און פאָרמעלער רעליגיעזער פרומ־קייט, האָט „דאָס לעבן פון ישו" אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקע סענסאַציע און אַ היי־סע פּאָלעמיק פאַר און קעגן. מ'האָט וועגן דעם בוך אַ סך דעבאַטירט אויך אין „דאָק־טוירים־קלוב", און מאַרקס איז געווען באַטייליקט אין איינער פון די דאָזיקע דיס־קוסיעס. די אפּיקורסישקייט פון שטרויס'ן האָט זיך געשטיצט אויף די מיינונגען פון די אויפגעקלערטע דענקער און שריפטשטעלער, די פראַנצויזישע ענציקלאָפּעדיסטן און אַנדערע פילאָזאָפן, אָבער אין אַלגעמיין איז זי געווען אַ מעסיקע און האָט זיך געהאַלטן ביי דער טעזע, אַז סיי די געשטאַלט פון ישו און סיי די מייסטע וואונדערלעכע דערציילונגען האָבן אַ ווירקלעכן, היסטאָרישן יסוד. קאַרל מאַרקס, וועל־כער איז געווען געשטימט קעגנעריש צו יעטווועדן רעליגיעז־קאָנפעסיאָנעלן גלויבן, האָט אין שטרויס'נס בוך און אין אַנדערע ענלעכע ווערק געזוכט און געפונען וויסנשאַפט־לעכע באַווייזן פאַר זיין אַטעאיסטישער וועלט־אַנשויאונג.

דערווייל האָט זיך פאַרענדיקט דאָס שול־יאָר אויפן אוניווערסיטעט און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די זומער־וואַקאַנסן. די היצן זיינען געוואָרן נישט אויסצו־האַלטן, און קאַרל מאַרקס האָט באַשלאָסן צו פאָרן אויף אַ פּאָר וואָכן אַהיים, קיין טריער. זיין פריינדין מאַדאַם בעטינאַ פאָן אַרנים האָט נאָך לאַנגע בקשות גע־פועל'ט ביי אים, אַז ער זאָל זי מיטנעמען קיין טריער. זי האָט געוואָלט באַזוכן די מאָלערישע סביבה פון רהיינלאַנד און דאָרט פאַרברענגען דעם זומער.

העגריעטע האָט אויפגענומען איר זון מיט אַן אמת'ער, מוטערלעכער פרייד. זי איז אפילו נישט געווען שטאַרק צופרידן מיט זיין באַגלייטערין, דער דאָזיקער „בערלינער קאָקעטע", אָבער זי האָט זיך באַמיט צו זיין גאַסטפריינטלעך און צו דער־מעגלעכן דעם זון אַ גוטע דערהאָלונג. די מוטער האָט קאַרלען דערציילט וועגן די לעצטע טעג פון פאַרשטאָרבענעם פאָטער. זיי זענען ביידע, די מוטער און דער זון, געגאַנגען אויף דעם קריסטלעכן בית־הקברות און האָבן געלייגט בלומען אויף דעם פרישן קבר. צוריקגייענדיק האָט די מוטער גערעדט מיט קאַרלען וועגן דער צוקונפט. איר שטימע איז געוואָרן אַ טרויעריקע און וויינענדיקע. זי האָט זיך גע־בעטן ביי קאַרלען, אַז ער זאָל אָנהויבן ערנסט טראַכטן וועגן דעם תכלית. שוין דריי יאָר ווי ער שטודירט אויף די אוניווערסיטעטן, ס'איז דאָך די העכסטע צייט, אַז ער זאָל פאַרענדיקן זיין יורידישן דאָקטאָראַט און איבערנעמען די קאַנצעלאַריע אין

טריער. די צייטן זענען שלעכטע און פון די קאַפּיטאַל־פּראָצענטער איז שווער צו לעבן. ער, קאַרל, איז היינט די גאַנצע האָפענונג פאַר איר, דער אלמנה, און פאַר די דריי יתומות.

אין אָוונט איז קאַרל געגאַנגען מיט אַ באַזוך צום געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן. מ'האָט אים אויפגענומען קאָרעקט אָבער אַ ביסל ברוגז'לעך. די סבה דערפון איז אים באַלד קלאָר געוואָרן. קאַרל איז גלייך ביים אָנקומען קיין טריער, ארומגעגאַנגען מיט בעטינאַ איבער דער שטאָט, בכדי איר צו ווייזן די מערקווירדיקייטן פון טריער. די עלעגאַנטע בערלינער דאַמע האָט אַרויסגערופן אין דער שטאָט אויפזען און עס האָבן נישט געפעלט קיין קריטישע באַמערקונגען און גיפטיקע שטעכווערט־לעך אויפן חשבון פון דער צוגערייזטער בערלינערין און איר טריערער באַגלייטער.

קאַרל האָט זיך באַמיט צו באַרואיקן די צערייצטע געמיטער אין דעם געהיימ־ראַט'ס הויז, און האָט זיך אַנטשולדיקט, אַז ס'איז אים נישט מעגלעך געווען אָפּצו־זאָגן זיך פון באַגלייטן די בערלינער דאַמע קיין טריער. בעטינאַ פאָן אַרנים איז אַ פריינדין פון זייער „דאָקטוירים־קלוב", זי באַטייליקט זיך אין אַלע סטודענטישע פאַראַנשטאַלטונגען און מ'באַטראַכט זי פאַר אַן אייגענעם מענטש. דער געהיימראַט האָט פריינטלעך אונטערשטיצט די אויספירונגען פון קאַרלען און איז מיט אים מסכים געווען, אַז ער האָט אַלס דזשענטעלמען נישט געקאָנט אַנדערש האַנדלען.

שפּעטער, בעת דעם שעה'נלאַנגן און פאַרטרוילעכן שמועס, וועלכן קאַרל האָט געהאַט ביחידות מיט זשעני, זיצנדיק מיט איר אויף אַ באַנק אין דעם ווייטן, גע־דיכטן גאָרטן, זענען די ליבע־געפילן פון די צוויי יונגע מענטשן, ווידער געוואָרן אַזוי אויפריכטיקע און נאָענטע צו זיך, ווי מיט יאָרן צוריק. קאַרל האָט פאַרזיכערט זשעני, אַז זיין ליבע צו איר האָט זיך מיט גאָרנישט געענדערט, און אַז ער איז פעסט אַנטשלאָסן מיט איר חתונה צו האָבן גלייך נאָכדעם, ווי ער וועט פאַרענדיקן זיינע אוניווערסיטעטס־עקזאַמענס. דער זון פון טריערער אַדוואָקאַט און די טאָכטער פון געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן האָבן זיך געטראָפן יעדן טאָג און זענען געגאַנגען צו־זאַמען שפּאַצירן איבער די גאַסן און פאַרקן פון דער שטאָט, אָפט אין געזעלשאַפט פון בעטינאַ פאָן אַרנים. די בייזע צינגער זיינען באַלד פאַרשטומט געוואָרן און די רכילות האָבן אויפגעהערט.

אַ פּאָר ערנסטע געשפּרעכן האָט קאַרל געהאַט מיט זשעני'ס פאָטער, דעם גע־היימראַט פאָן וועסטפאַלן. עס האָט זיך געהאַנדלט סיי וועגן פּריוואַטע ענינים און סיי וועגן די נייעסטע גייסטיקע שטרעמונגען אין בערלין. קאַרל האָט גערעדט מיט באַגייסטערונג וועגן דער העגעליאַנישער פילאָזאָפיע און איר גלענצענדיקער שיטה, וועלכע באַזירט זיך אויף אַ כסדר'דיקער אַנטוויקלונג לויט דער דרייפאַכיקער עוואָלו־ציע פון טעזע, אַנטיטעזע און סינטעזע. דער געהיימראַט איז נישט געווען קיין אָנ־הענגער פון העגעל'ן, ער איז געבליבן אַ געשוווירענער קאַנטיסט. דאַקעגן האָט ער קאַרלען אויפמערקזאַם געמאַכט אויף דעם וויכטיקן פראַנצויזישן דענקער און אוטאָ־פּיסטישן סאָציאַליסט סען־סימאָן, וועמענס דאָקטרינע וועט זיכער, לויט זיין מיינונג, האָבן אַ גרויסע השפּעה לטובת דעם גייסטיקן און סאָציאַלן פּראָגרעס פון דער מענטשהייט.

מאַדאַם בעטינאַ פאָן אַרנים האָט אָפט געמאַכט אויספלוגן און עקסקורסיעס אין דער מאָלערישער סביבה פון טריער. נאָך צוויי וואָכן, איז זי אינגאַנצן אַוועק

פון טריער, פאַרנדיק אין אַן אַנדערער ריכטונג. קאַרל איז געבליבן נאָך אַ פּאָר טעג אין זיין געבורטס־שטאָט, דאַן האָט ער זיך געזעגנט, דערקלערנדיק, אַז ער מוז צו־ריקפאָרן קיין בערלין, ווו עס וואַרטן אויף אים פאַרשידענע וויכטיקע ענינים. העני־ריעטע האָט אים באַגלייט צום צוג און נאָכאַמאָל געגעדט מיט אים ערנסטע, מאַ־נענדיקע ווערטער. קאַרל האָט געקושט די הענט פון זיין גוטער מוטער און האָט צוגעזאָגט צו טון אַזוי, ווי זי פאַרלאַנגט פון אים. נאָכדעם ווי דער צוג האָט גערירט, איז העינריעטע נאָך לאַנג געשטאַנען אויף דער באַן־סטאַנציע, אַ טיף־פאַרטראַכטע און טרויעריקע. ס'איז איר זייער שווער געווען אויפן געמיט.

## פירצונדרייסיקסטער קאַפּיטל.

## דער דאָצענט ברונאָ בויער.

דאָס נייע אוניווערסיטעטס־יאָר אין בערלין האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ געווי־סער פאַרשפּעטיקונג. דער זומער 1838 איז געווען אַ זייער הייסער און די פּראָפע־סאָרן האָבן זיך באַמיט צו פאַרלענגערן זייערע וואַקאַנסן. איינער פון די ערשטע, וועלכער איז צוריקגעקומען פון דער זומער־דערהאָלונג און האָט באַלד אָנגעהויבן זיינע פאָרלעזונגען אויפן בערלינער אוניווערסיטעט איז געווען דער דאָצענט ברונאָ בויער. עס האָבן אים צוריקגערופן קיין בערלין נישט־נאָר זיינע לערערישע פליכטן אויפן טעאָלאָגישן פאַקולטעט, נאָר בעיקר די פירערישע פונקציעס אין „דאָקטוירים־קלוב".

אין דעם קאַפע־הויז אויף דער פראַנצויזן־גאַס, ווו דער דאָזיקער „דאָקטוירים־קלוב" האָט געהאַט זיין זיץ, איז שוין געווען גאָר לעבעדיק און טומלדיק, הגם די אָקטאָבער־זון האָט נאָך שטאַרק געברענט אויף די צעגליטע בערלינער טראָטואַרן.

„ווי גייט עס דיר, קאַרל, ווי האָסטו פאַרבראַכט דיינע וואַקאַנסן?" מיט די דאָזיקע, בקול־רם־אַרויסגעזאָגטע ווערטער, האָט זיך האַרציק באַגריסט דער דאָצענט ברונאָ בויער מיט זיין נייעם, נאָענטן פריינט קאַרל מאַרקס, וועלכער איז געזעסן בײַ איינעם פון די קאַפע־הויז־טישלעך. קאַרל, אַן אָפּגעברענטער פון דער זון, האָט לאַכנ־דיק געענטפערט מיט אַ פראַגע: „ווו קאָנען די וואַקאַנסן זיין אָנגענעמער ווי אין מיין היימאַטלעכן רהיינלאַנד?"

פון אַ נאָענטן טיש האָט זיך דערהערט אַן איראָנישע באַמערקונג, שטיל ווי פאַר זיך אַליין אַרויסגעזאָגטע: „אין דער זיסער געזעלשאַפט פון בעטינאַ איז אַ־מעטום אָנגענעם!". קאַרל האָט זיך געמאַכט ווי נישט־הערנדיק, ער איז אויפגעשטאַ־נען און איז צוגעגאַנגען צו ברונאָ בויער, מיט וועלכן ער האָט אָנגעהויבן שמועסן, שטייענדיקערהייט.

ברונאָ בויער איז בניגוד צו קאַרל מאַרקס'ן געווען אַ דאַרער, נידעריקער, מיט באַהערשטע, רואיקע באַוועגונגען און מיט אַ פּנים, וואָס האָט תמיד גוטמוטיק גע־שמייכלט. זיין שאַרף־געצייכנטע נאָז, וואָס האָט דיריגירט מיט דער גאַנצער פיין־געבויטער און ענערגישער געשטאַלט, איז צוזאַמען מיט דעם ברייטן, שטאַרקן מויל

און מיט די לעבעדיקע, קלוגע און גלייכצייטיק באַפעלערישע אויגן, געווען אַ סימן מובהק, אַז מ׳האָט צו טון מיט אַ פיזיאָגנאָמיע פון אַ קעמפערישער אינדיווידואַליטעט. די חברה אין „דאָקטוירים־קלוב” האָט זיך געוויצלט: „ווען ברונאָ בויער וואָלט אַ ביסל דיקלעכער געווען, וואָלט ער אויסגעזען ווי נאַפּאָלעאָן”.

צווישן די געבילדעטע יונגע לייט אין „קלוב”, די געענדיקטע דאָקטוירים און ערב־דאָקטוירים, האָט בויער פאַרנומען דעם ערשטן פּלאַץ, נישט נאָר צוליב זיין ענערגיע און באַפעלערישער נאַטור, נאָר אויך אַ דאַנק זיין גרויסער, טיפער בילדונג און זיין שאַרפער, אַנאַליטישער קריטיק. זיין אינטעלעקט איז געווען מער אַנטוויקלט אין דער ריכטונג פון נעגאַציע ווי אין פּאָזיטיווער שאַפונג. מיט דער קראַפט פון זיין לאָגישן געדאַנקען־גאַנג און מיט דער שאַרפקייט פון זיין גייסטרייכער איראָניע, פלעגט ער אומברחמנות׳דיק צעשטערן דורות־לאַנגע אמת׳ן און פאַרהייליקטע דאָגמעס. בויער איז געווען דער געבוירענער קריטיקער, דער פעאיקסטער קריטיקער לשם קריטיק. אַלס אַזעלכער איז ער געוואָרן דער גייסטיקער אָנפירער און העלד פון „דאָקטוירים־קלוב”. שפּעטער, ווען מ׳האָט געדאַרפט איבערגיין פון אַנאַליז צו פּאָזיטיווקייט, פון קריטישער אַנטי־טעזע צו סינטעזע, האָט זיך ברונאָ בויער אַרויסגעוויזן אַלס אַ שוואַכער אידעאָלאָג. זיין כוח איז באַשטאַנען אין קריטיקירן, אין גייסטיקן צעשטערן. אָבער יענע תקופה פון אַ צענדליק יאָרן ערב דעם „פעלקער־פרילינג”, האָט טאַקע פאַרלאַנגט דעם קעמפערישן גייסט פון אַנאַליטיק, פון נעגאַציע און קריטיק. דאָס איז געווען דעמאָלט די הערשנדיקע שטימונג אין בערלינער „דאָקטוירים־קלוב”, וווּ ברונאָ בויער איז געוואָרן דער הויפּט דעה־זאָגער און טעאָרעטיקער.

קאַרל מאַרקס האָט זיך איצט לגמרי אויסגעלעבט אין דער טומלדיקער אַטמאָספערע פון זיין „קלוב”. נאָך דעם הייסן זומער, איז געקומען אַ נאַסער נאָוועמבער. עס האָט גערעגנט כסדר ביי טאָג און ביי נאַכט, און קאַרלען זענען אָפט באַפאַלן נאָסטאַלגישע און מעלאַנכאָלישע שטימונגען. ער האָט געבענקט נאָך טריער, און האָט געוואָלט ווידער זען זיין טייערע זשעני. ביי נאַכט האָבן אים געפּייניקט זכרונות וועגן דעם פאַרשטאָרבענעם פאָטער, און עס האָבן אים געסטראַשעט קאָשמאַרנע חלומות וועגן דעם יידישן בית־עלמין אין זיין געבורטס־שטאָט, מיט די אָפּגעלאָזטע מצבות פון די טריערער רבנים, דעם זיידן און פעטער. פון דער היים זענען אָנגעקומען טרויעריקע, וויינענדיקע בריוו. די מוטער האָט זיך נישט געקאָנט געבן קיין עצה מיט די וואַקסנדיקע זאָרגן. דער ייִנגערער ברודער הערמאַן, וואָס האָט געאַרבעט אויף אַ פּאָסטן אין בריסל, איז געוואָרן לעבנס־געפערלעך קראַנק. די דריי שוועסטער אין טריער זענען געווען ראַטלאָז און אומבאַהאָלפן. זיי האָבן זיך ביטער באַקלאָגט אין זייערע בריוו צו קאַרלען און דערציילט אים, אַז זייט דעם טויט פון גאָטזעליקן פאָטער זענען די באַציאונגען מיט דער פאַמיליע פאָן וועסטפאַלן געוואָרן אָנגעשטרענגטע. דער געהיימראַט איז זייט אַ געוויסער צייט ערנסט קראַנק, און דער אַנטיסעמיטישער איינפלוס פון פּרייסישן מיניסטער פערדינאַנד פאָן וועסטפאַלן וואַקסט אַלץ מער אין דער משפּחה.

זייט דעם צוריקקומען פון די וואַקאַנסן, זענען קאַרל׳ס באַציאונגען מיט בעטינאַ פאָן אַרנים כמעט איבערגעריסן געוואָרן. זיין געליבטע איז אַ פּאָר מאָל געווען מיט אַ קורצן באַזוך אין דעם קאַפע־הויז פון „דאָקטוירים־קלוב”, אָבער זי האָט

זיך מיט קאַרלען קוים באַגריסט און איז געווען אַרומגערינגלט מיט „קאַוואַלירן", וועלכע האָבן איר טומלדיק געמאַכט שמייכלענדיקע קאָמפּלימענטן. בעטינאַ האָט באמת פּרעכטיק אויסגעזען. צו קאַרל'ס אויערן זענען דערגאַנגען רכילות וועגן אירע נייע ליבע־אַוואַנטורעס. ער האָט דאָס אויפגענומען מיט אַ גלייכגילטיקייט, ווי ס'וואָלט אים דאָס גאָר ווייניק געאַרט.

ברונאָ בויער איז לעצטנס אַרומגעגאַנגען אַ נערוועזער און אַ צעשטרייטער. בייזע צינגער האָבן דערציילט, אַז ער איז אומגליקלעך פאַרליבט, און האָבן צוגעגעבן, אַז זיין ליבעס־אידעאַל איז בעטינאַ פאָן אַרנים. שוין אַ פּאָר יאָר, ווי ער יאָגט זיך נאָך דעם דאָזיקן „העל־אויגיקן און בלאָנדן אידעאַל" און קאָן ביי איר גאָרנישט דערגרייכן. „קאַוואַלירן" פעלן איר קיינמאָל נישט, און ער קומט תמיד צו שפּעט. די יונג־העגעליאַנער פון זיין „קלוב" האָבן איראָניזירט שטילערהייט צווישן זיך, אַז זייער מנהיג ברונאָ בויער איז ווי תמיד שטאַרק אין קריטיק אָבער שוואַך אין פּאָזיטיווער דערגרייכונג. אַפילו די קינדער פון זשורנאַליסט רוטענבערג, צו וועלכן אַ סך „קלוב"־מיטגלידער פלעגן אַריינקומען, האָבן זיך געוויצלט, אַז דער „פעטער בויער איז איצט פאַרטראַכט, זעט נישט, וואָס עס טוט זיך אַרום אים, און קוקט ווייט אַוועק ערגעץ ווו קיין אַפריקע!".

דאָס איז פאַרשטענדלעך געווען אַ קינדערישע איבערטרייבונג. אויך אין די רכילות וועגן ברונאָ בויער'ס אומגליקלעכער ליבע צו בעטינאַ פאָן אַרנים, איז געווען מער „דיכטונג" ווי „וואַרהייט". אָבער דאָך איז געווען גערעכט דער קינדערישער אויסדרוק, וואָס האָט אָפּגעשאַצט דעם ווייטן קוק פון „פעטער" בויער. ער האָט באמת מיט זיין ווייטן בליק און אַנאַליטישן אינטעלעקט געזען מער און גרונטלעכער, ווי זיינע „קלוב"־חברים. בויער האָט גלייך דער ערשטער אָפּגעשאַצט די וויסנשאַפטלעכע און גייסטיקע קוואַליפיקאַציעס פון קאַרל מאַרקס'ן און האָט גענומען אים מקרב זיין צו זיך.

קאַרל מאַרקס איז געווען אַ סך יינגער פון בויער'ן, וועלכער האָט שוין געהאַט אַ באַקאַנטן נאָמען אַלס וויסנשאַפטלער און איז געווען דאָצענט אויפן בערלינער אוניווערסיטעט. נישט־געקוקט דערויף, איז זייער פריינטשאַפט באַלד געוואָרן אַ גאָר נאָענטע. די גייסטיקע השפּעה פון בויער'ן אויף מאַרקס'ן איז געווען אַ שטאַרקע. מאַרקס האָט ביי זיין עלטערן חבר געלערנט אַ סך, און האָט כסדר פאַרשאַרפט זיין קריטישן, אַנאַליטישן גייסט. נאָך אַ קורצער צייט האָט דער תלמיד איבערגעשטיגן זיין רבי'ן, און ברונאָ בויער האָט אָנגעהויבן לערנען ביי מאַרקס'ן.

ברונאָ בויער איז לעצטנס שטאַרק צעשטרייט געווען נישט צוליב ליבע־בענקשאַפטן, ווי עס האָט געמיינט די לוסטיקע „קלוב"־חברה. ער האָט זייער אינטענסיוו געאַרבעט ביי אַ ניי ווערק, וואָס וועט באַלד אויפטרייסלען די גאַנצע דייטשע וויסנשאַפט און עפנטלעכע מיינונג. ער האָט גענומען באַאַרבעטן די גאָר אינטערעסאַנטע אָבער געפערלעכע טעמאַטיק, וועלכע דער פריער־דערמאָנטער העגעליאַנער און טעאָלאָג דוד פרידריך שטרויס האָט, מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, באַהאַנדלט אין זיין באַוווּסטן בוך „דאָס לעבן פון ישו". בויער האָט שטאַרק קריטיקירט שטרויסן, האַלטנדיק, אַז זיין ישו איז מער אַ פּערזאָניפיקאַציע פון אַלטן טעסטאַמענט ווי פון נייעם, און אַז זיין גאָט איז נישט ישו דער באַרמהערציקער, נאָר דער יידישער יהוה, דער

גאַט פון נקמה. ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז ברונאָ בויער ווייט נישט געווען קיין אוהב ישראל.

## פינפאונדדרייסיקסטער קאַפּיטל.

## חשבונות פון גייסט און פון געלט.

„קאַרל, איך ווייס נישט, צו וואָס אייגנטלעך דו האַלסט דיר אַ מייער צימער, אַז סיי־ווי־סיי זיצסט דו אָפּ טעג־און־נעכט אין אונזער קאַפע־הויז?"

מיט די דאָזיקע ווערטער, וואָס האָבן געקלונגען ווי אַ פּאַטערלעכער פאַרוואורף, האָט זיך צו קאַרלען געוואָנדן בעת אַ לענגערן געשפּרעך, זיין ערנסטער, מיט 10 יאָר עלטערער, פריינט קאַרל פרידריך קעפּען. מאַרקס האָט געשוויגן און קיין ענטפער נישט געגעבן. ער האָט זיך געשעמט מודה צו זיין, אַז פון זיין שטוב טרייבט אים אַרויס דער פּחד פאַר די מורא'דיקע שאָטנס, וואָס פאַרפאָלגן אים נאָך כסדר אומברחמנות'דיק.

אינם קאַפע־הויז פון „דאָקטוירים־קלוב" אויף דער פראַנצויזן־גאַס האָט עס געזשומעט ווי אין אַ בינשטאָק. ס'איז געווען אין אָוונט, ווען דער לאָקאַל איז ווי תמיד געווען איבערפולט. אַ געדיכטער רויך־וואָלקן פון פּאַפּיראָסן און לולקעס האָט די אַרומיקע לופט געמאַכט נאָך שטיקיגער און שווערער. דער עולם איז געזעסן ביי די באַקוועמע, ברייטע טישן, האָט געגעסן צום נאַכטמאָל געשמאַקע מאכלים, מיט וועלכע דער „קלוב"־רעסטאָראַן האָט זיך באַרימט געמאַכט אין דעם גאַנצן אוניווערסיטעט־קוואַרטאַל, און בעיקר האָט מען אומאויפהערלעך געטרונקען פון די גרויסע קרוגן דאָס שוימיקע ביר, וואָס האָט געשטילט דעם אייביקן דורשט און געשטאַרקט די געמיינזאַמע פריינטשאַפטלעכע געפילן. מ'איז געווען פאַרטון ביים שפּיל פון שאַך און קאָרטן.

פאַרטיק געוואָרן מיט דעם אָוונט־עסן און מיט אַ שאַך־שפּיל, האָט זיך די חברה גענומען היצן ביי אַ ליידנשאַפטלעכער דיסקוסיע וועגן וויסנשאַפטלעכע, פּאָליטישע, ליטעראַרישע און סתם־געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. אין די מעמואַרן פון יענער צייט לייענען מיר פאָלגנדיקע ווערטער, וואָס שילדערן אונז די גייסטיקע אַטמאָספערע פון „דאָקטוירים־קלוב" און זיינע טענדענצן: „צווישן די יונגעלייט, וואָס האָבן דאָ געזוכט דאָס ליכט פון דערקענטניש, האָט געהערשט אַ טיפער אידעאַליזם פאַרבונדן מיט דעם שטאַרקן דראַנג נאָך וויסן אויפן יסוד פון אַ ליבעראַלער וועלט־אַנשויאונג. בעת די צוזאַמענקונפטן, האָט מען פאַרגעלייענט פּאָעזיע און פּראָזע, וואָס איז געשריבן געוואָרן דורך די מיטגלידער פון „קלוב", און מ'האָט וועגן דעם מיט אַ יונגטלעכן ברען דעבאַטירט. דער העגעליאַניזם איז נאָך דעמאָלט געווען אין זיין מאַכט־תקופה און האָט, מער אָדער ווייניקער, באַהערשט די מוחות פון דער אינטעלעקטועלער סביבה אין דייטשלאַנד."

דער דערמאָנטער קאַרל פרידריך קעפּען האָט זיך באַמיט צו באַאיינפלוסן מאַרקס'ן, אַז ער זאָל ענדלעך אָנהויבן סיסטעמאַטיש פירן זיין בילדונגס־אַרבעט און

זיין גאנצן לעבנס־שטייגער. קעפּען, וועלכער איז פון דער וויסנשאַפט אַריבער צו דער פּאָליטיק, האָט דעמאָלט געשריבן אַ בוך וועגן דעם פּרייסישן מלך פרידריך דעם גרויסן און האָט דעם דאָזיקן דעספּאָט אידעאַליזירט אַלס אַ קעמפער פאַר פרייהייט און קעגנער פון דער קריסטלעך־דייטשער רעאַקציע. דאָס איז געווען די פאָרם, אין וועלכער אַ פּרייסישער דעמאָקראַט האָט, צו יענער צייט, געקאָנט קעמפן קעגן דעם הערשנדיקן רעזשים. זיין בוך האָט קעפּען שפּעטער דעדיקירט „דעם פריינט קאַרל הײנריך מאַרקס'ן פון טריער". קעפּען איז אויך געווען דער, וועלכער האָט זיך באַמיט צו פאַראינטערעסירן מאַרקס'ן און צוצופירן אים צום פּאָליטישן לעבן.

די מיטגלידער פון „דאָקטוירים־קלוב" האָבן זיך אין אַלגעמיין געהאַלטן ווייט פון דער פּאָליטיק. אָבער די וואַקסנדיקע אין דייטשלאַנד רעאַקציע, פאַר וועלכער אפילו די העגעליאַנישע פילאָזאָפיע איז שוין געוואָרן צו ראַדיקאַל, האָט די יוגנט פון „קלוב" געשטויסן צו פּאָליטישע שריט און אפילו צו דעמאָנסטראַציעס. זייער אויפטו איז געווען די גרויסע סטודענטן־סערענאַדע לכבוד דעם געבורטס־טאָג פון באַליבטן פּראָפעסאָר עדוואַרד גאַנס, דעם קעמפער פאַר אַ ליבעראַלער ריכטונג אין דער וויסנשאַפט. די מיטגלידער פון „דאָקטוירים־קלוב" האָבן אויך גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער מאַניפעסטאַציע, וואָס איז פאָרגעקומען אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דעמיסיע פון אַ פאָר פאָרטשריטלעכע פּראָפעסאָרן. אין „קלוב" גופא איז געגאַנגען אַ יאָרן־לאַנגער ויכוח צווישן די, וואָס האָבן דעם „קלוב" געוואָלט אַריינפירן אין סאַמע ברען פון פּאָליטישן קאַמף, און די, וואָס זענען געבליבן ביים אַלטן פּראָגראַם פון שטודירן און דיסקוטירן. מיט די „פּאָליטיקער" האָבן אָנגעפירט קעפּען און דער דערמאָנטער זשורנאַליסט אַדאָלף רוטענבערג. דאַקעגן האָט ברונאָ בויער, דער פאָרשטייער פון דער מערהייט, צו וועלכער עס האָט אויך געהערט קאַרל מאַרקס, געהאַלטן אַז די אויפגאַבע פון „קלוב" איז צו צעשטערן מיט וויסנשאַפט־לעכע, פילאָזאָפישע פאָרשונגען די אַלטע און רעאַקציאָנערע יסודות פון דער געזעל־שאַפט. ווייל, לויט זייער מיינונג, וועט נישט די רעוואָלוציע אין דער גאַס נאָר די רעוואָלוציע אין דער וויסנשאַפט, ברענגען די באַפרייאונג פאַר דער מענטשהייט.

אויסער די דערמאָנטע פריינט ברונאָ בויער, אַדאָלף רוטענבערג, קאַרל פרי־דריך קעפּען, האָט קאַרל מאַרקס לעצטנס דערקענט און זיך נענטער באַפריינדעט מיט לודוויק פייערבאַך, דעם שפּעטער אַזוי באַרימט־געוואָרענעם פילאָזאָף.

פאַרשידנאַרטיק און אָפט אַנטקעגנגעזעצט זענען געווען די איינפלוסן, וועלכע די דערמאָנטע פריינט האָבן אויסגעאיבט אויף דעם יונגן, קוים 21־יעריקן קאַרל מאַרקס. זיין לעבן, אין יענער בערלינער סטודענטן־צייט, איז גאָר ווייט געווען פון אַן איינהייטלעכער, צילבאַוווסטער ריכטונג. איינמאָל גיט ער זיך איבער לגמרי און חדשים־לאַנג דעם „דאָקטוירים־קלוב" און זיצט דאָרט גאַנצע טעג און נעכט. דאָס אַנדערע מאָל ווידער, הערט ער די עצה פון קעפּען, ציט זיך צוריק פון „קלוב", שטודירט אינטענסיוו וויסנשאַפטלעכע, פילאָזאָפישע ווערק, און לערנט פלייסיק שפּראַכן, ענגליש און איטאַליעניש. דאָס דויערט אָבער נישט לאַנג, און ווידער איז דער טריערער סטודענט מיט דער פעסטער, ברייטער געשטאַלט און מיט די טונקע־לע „נעגערישע" געזיכטס־צוגן, פאַרטון אין דעם געדיכטסטן טומל פון „קלוב"־לעבן און זייערע נאַכט־הולאַנקעס.

עס וואָלט פולשטענדיק פאַלש געווען פאָרצושטעלן זיך די מיטגלידער פון בער־

לינער „דאָקטוירים־קלוב״, ווי אַ געזעלשאַפט פון הויך־געבילדעטע יונגע לייט, וואָס זיצן יומם ולילה פאַרטון בלויז אין ביכער און טעאָריעס. דאָס זענען מייסטנס געווען שטאַרקע, געזונטע און לוסטיקע יונגאַטשעס, וואָס האָבן ליב געהאַט אַלע זינדיקע, עולם־הזה׳דיקע פאַרגניגנס. אָפט, שפּעט־ביי־נאַכט, אַרויסגייענדיק פון „קלוב״ נאָך אַ לאַנגער, ערנסטער וויסנשאַפטלעכער דיסקוסיע, האָט זיך די חברה געלאָזט וווילגיין אין די וויין־שטובן און פאַרדעכטיקטע שענקן אויף די זייטיקע גאַסן פון בערלין. די יוגנט פון „דאָקטוירים־קלוב״ איז געווען איבערפולט מיט אַ שטורמישן, וויטאַלסטן לעבנס־כח און מיט אַן אומבאַשרענקטן, ליידנשאַפטלעכן טעמפּעראַמענט, און זי האָט געזוכט זיך צו פאַרווײַלן אויף דעם פרייעסטן און לייכטזיניקסטן אופן.

די דאָזיקע לעבנס־לוסטיקע יונגע לייט פון „קלוב״, דאָקטוירים און ערב־דאָקטוירים, האָבן זיך גאַנצע נעכט אַרומגעשלעפּט פון שענק צו שענק, האַלב־און־גאַנץ שכור׳ע, אָנגעטון אָדער אויסגעטון אין אַ פאַנטאַסטישן הילוך. זיי האָבן חוצפּה׳דיק פאַרטשעפּעט פאַרשפּעטיקטע דורכגייער, אַנשטענדיקע בעל־ביתישע בירגער, און האָבן זיך געשלאָגן מיט דער פּאָליציי. שטיינער זענען געפלויגן בעת די דאָזיקע גאַסן־שלאַכטן, ווי אַ געדיכטער קוילן־רעגן, און צענדליקער שויבן זענען צעבראָכן געוואָרן אין די אַרומיקע הייזער. די גאַנצע גאַס איז געווען אויפגעשטורעמט מיט דעם געשריי פון די אויפגעוועקטע בעלי־בתים, פון פּאָליצייאישן קאָמאַנדעווען און פון דעם לוסטיקן, שכור׳ן געזאַנג פון די „קלוב־העגעליאַנער״. נישט איין נאַכט האָט זיך פאַרענדיקט אין די קאַמערן פון פּאָליצייאישן לאָקאַל, ווו דער לוסטיקער געשריי און דער געזאַנג פון די „הערן סטודענטן״ האָט ווייטער געדויערט ביז צום טאָג־באַגין. פאַר די דאָזיקע לייכטזיניקע נאַכט־אַוואַנטורעס איז אפילו צוגעטראַכט געוואָרן אַ באַקוועמע אידעאָלאָגיע. עס האָט געהייסן, אַז אויף דעם אופן פּראָטעסטירט מען „קעגן די פיליסטער׳ס און זייערע נאַרישע און פאַרשימלטע לעבנס־פאָרמען״, ווי אויך „קעגן דער רעאַקציאָנערער און געמיינער פּאָליציי״.

אין זיינע מעמואַרן דערציילט דער באַרימטער דייטשער סאָציאַליסטן־פירער ווילהעלם ליבקנעכט, ווי אין יאָר 1860, אין לאָנדאָן, איז קאַרל מאַרקס צוזאַמען מיט אַ גרופּע פריינט געגאַנגען אין אָוונט זיך ווײַלן. לויט דעם אַמאָליקן בערלינער מנהג, האָט מען באַליינגט וויזיטן אין אַלע אַרומיקע שענקן, ביז מ׳איז געוואָרן טויט־שיכור, און שפּעטער האָט מען גענומען ברעכן שויבן אין די גאַסן־לאַטערנעס און אין די הייזער. ווען די פּאָליציי איז אָנגעקומען, האָט די לוסטיקע חברה אָנגעהויבן אַנטלויפן, און אַמשנעלסטן איז געלאָפן קאַרל מאַרקס בכבודו ובעצמו. ער איז דעמאָלט אַלט געווען 42 יאָר, האָט שוין פאַרפאַסט וועלט־באַקאַנטע וויסנשאַפטלעכע ווערק און איז געווען אַ פאָטער פון אַ צאָלרייכער פאַמיליע. אויב אַזוי, קאָן מען זיך לייכט פאָרשטעלן דאָס „נאַכט־לעבן״ פון קאַרל מאַרקס׳ן אין בערלין, ווען ער איז אַלט געווען סך הכל גאַנצע 20 אָדער 21 יאָר.

נאָך דעם טויט פון זיין פאָטער, האָט קאַרל מאַרקס געמוזט אויסקומען מיט קלענערע געלט־סומען. אָבער קיין גרויסער בעל־חשבון איז ער אויך איצט נישט געוואָרן. מיט רעכט שרייבט פראַנץ מעהרינג, דער בעסטער מאַרקס־ביאָגראַף: „מאַרקס, דער דאָזיקער קלאַסישער טעאָרעטיקער פון געלט־וועזן, האָט זיך קיינמאָל אין לעבן נישט געגעבן קיין עצה מיט געלט־חשבונות״. סיי די חשבונות פון געלט און סיי די חשבונות פון גייסט זענען ביים יונגן מאַרקס ווייט געווען פון יענער פּלאַנמעסיקייט,

וועלכע איז שפּעטער געוואָרן דער הויפּט־יסוד פון זיין קאָלעקטיוויסטישער וועלט־אַנשויאונג.

## זעקסאונדרייסיקסטער קאַפּיטל.

## פון דער פּאַטעטיק צו אַ קאָלוזשע בלאָטע.

די זומער־וואַקאַנסן אין יאָר 1839 האָט קאַרל מאַרקס ווידער פאַרבראַכט אין זיין געבורטס־שטאָט טריער. ס'איז שוין באמת געווען די העכסטע צייט, אַז ער זאָל זיך אַ ביסל אויסרוען. דאָס שטורמישע לעבן אין דער פּרייסישער הויפּט־שטאָט האָט אים שטאַרק פאַרמאַטערט, ער האָט זיך געפילט זייער שוואַך, און זיין פּנים איז געווען אָפּגעמאָגערט און בלאַס. לעצטנס איז גאָר קאַרל אינטענסיוו באַשעפטיקט געווען מיט אַ פּאָר וויכטיקע ענינים, וואָס האָבן פאַרלאַנגט אַ סך צייט און אָנשטרענגונגען. מאַרקס האָט געהאַלטן אַן אויספירלעכן, גוט־צוגעגרייטן רעפעראַט, פאַר די מיטגלידער פון „דאָקטוירים־קלוב" און איינגעפירטע געסט, צווישן וועלכע ס'איז אויך געווען בעטינאַ פאָן אַרנים. זי איז געקומען אין באַגלייטונג פון יונגן געלערנטן און פילאָזאָף מאַקס שטירנער, וועמענס באַרימטקייטס־שטערן האָט דעמאָלט געהאַלטן ביים אויפשטייגן.

מאַרקס'ן האָט זיך זיין רעפעראַט גוט איינגעגעבן. ער האָט די טעמאַטיק, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דעם דערמאָנטן בוך פון שטרויס'ן וועגן דעם לעבן פון ישו, אַנאַליטיש באַהאַנדלט, און האָט לסוף געהאַט אַן אַלגעמיינע הסכמה און בייפאַל ביים צאָלרייך־פאַרזאַמלטן פּובליקום. בעטינאַ האָט מאַרקס'ן האַרציק גראַטולירט. קאַרל איז געווען איר דאַנקבאַר פאַר די פּאָר דערמוטיקונגס־ווערטער, אָבער ער האָט זיך שנעל מיט איר געזעגנט און איז אוועק אין באַגלייטונג פון ברונאָ בויער און אַנדערע קאָלעגן. ס'איז פאַר אים קלאָר געוואָרן: מיט בעטינאַ איז עס געענדיקט, איינמאָל־פאַר־אַלע־מאָל.

מאַרקס איז ביז שפּעט אין דער נאַכט אָפּגעזעסן מיט די פירנדיקע מיטגלידער פון „דאָקטוירים־קלוב" און האָט גערעדט מיט זיי אויספירלעך וועגן אַ זשורנאַל פאַר ליטעראַרישער קריטיק און פילאָזאָפישער וויסנשאַפט, וועלכן ער האָט געפּלאַנט אַרויסצוגעבן. צומאָרגנס איז מאַרקס געווען באַשעפטיקט ביז שפּעט אין אָוונט, ביים שרייבן אַן אַרטיקל, וועלכן עס האָט ביי אים באַשטעלט דער רעדאַקטאָר פון די „האַלישע יאַרביכער" אַרנאָלד רוגע.

ס'איז שוין געווען סוף יולי 1839, ווען קאַרל מאַרקס איז אָנגעקומען קיין טריער. קיין סך האָט זיך במשך דעם יאָר נישט געענדערט אין זיין שטעטל. די מוטער איז ווי תמיד, געווען גוטמוטיק און פאַרטרויערט, די עלטערע שוועסטער זאָפיע האָט זיך פאַרלאָבט מיט אַ האָלענדישן אַדוואָקאַט, און די צוויי יינגערע שוועסטער האָבן שוין אויך געטראַכט וועגן אַ שידוך. דער אַלטער געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן איז געלעגן ערנסט קראַנק, אָבער נישט געקוקט דערויף, האָט זיך דער זיבעציקיעריקער זקן באמת צו זיין אָפּטימיסטיש און לעבעדיק. ער איז זייער פריינטלעך

געווען צו קאַרלען און האָט געוואָלט אַלץ און גענוי וויסן וועגן דעם, וואָס קומט פאָר אין דער פּרייסישער הויפּט־שטאָט. זשעני איז געווען איבערגליקלעך און בשלמות־פאַרליבט אין איר קאַרלען. מאַרקס האָט מיט אַ גרויסער פרייד ווידער פעסט־געשטעלט, אַז טראָץ דער געאָגראַפישער ווייטקייט און נישט־געקוקט אויפן פיינט־לעכן איינפלוס פון דער אַריסטאָקראַטישער משפחה, איז זשעני'ס ליבע צו אים פאַר־בליבן אַזוי טריי און איבערגעגעבן, ווי אין דער ערשטער יוגנט־צייט.

די היימישע קעסט, די רו, און די פרישע, האַלב־דאָרפישע לופט האָבן זייערס געטון. נאָך אַ פּאָר וואָכן איז קאַרל ווידער געוואָרן געזונט און שטאַרק. זיין קרעפ־טיקע, ברייטע געשטאַלט מיט די לאַנגע האָר־לאָקן און מיט דער ערנסטער, געפלעג־טער באָרד, האָט אים צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט און סימפּאַטיע פון אַ סך אַל־טע און יונגע טריערער באַקאַנטע. קאַרל האָט אויסגעזען ווי אַ קעמפער, וואָס איז אַנטשלאָסן צו ראַנגלען זיך פאַר אַ נייער און בעסערער וועלט. אַ שטאַרקער, מענלע־כער פּלואידום האָט אויסגעשטראַלט פון זיין גאַנצער פּערזענלעכקייט. דאָס האָט מען געקאָנט לייכט פעסטשטעלן, ווען קאַרל איז זיך צונויפגעקומען מיט יונגע פרויען.

שנעל זענען פאַרגאַנגען די פּרעכטיקע זומער־וואַקאַנסן פון יאָר 1839. ס'איז געקומען די צייט צו געזעגענען זיך און צוריקצופאָרן קיין בערלין. קאַרל האָט גע־געבן זיין טרויעריקער און פאַרוויינטער מוטער די פייערלעכע הבטחה, אַז דאָס מאָל וועט עס שוין זיין, מיט דער פולער באַשטימטקייט, דאָס לעצטע שול־יאָר אויפן אוני־ווערסיטעט. די זעלבע פאַרזיכערונג האָט קאַרל איבערגעחזר'ט אויך פאַר זשעני, ווען זי האָט אים באַגלייט צו דער באַן־סטאַנציע. מיט פאַרליבטע בליקן און מיט האַרציקע קושן האָט זשעני געזעגנט איר קאַרלען. זי האָט געגלויבט מיטן גאַנצן האַרצן אין זיין ליבע און אין דער ערלעכקייט פון זיינע כוונות. איר האַלטונג האָט עפנט־לעך געזאָגט עדות פאַר אַלע אָנווענזנדיקע אויפן באַנהויף, אַז אייביק און אומדער־שיטערלעך איז איר ליבע צו דעם דאָזיקן אייניקל פון די טריערער רבנים.

באַלד נאָך זיין צוריקקומען קיין בערלין, איז קאַרל מאַרקס געגאַנגען צום „דאָק־טוירים־קלוב". ס'איז געווען פאַרמיטאָג און דאָס קאַפע־הויז אויף דער פראַנצויזן־גאַס איז געווען כמעט ליידיק. אַ סך מיטגלידער זענען נאָך נישט צוריקגעקומען פון די וואַקאַנסן. ביי אַ זייטיק טישל איז געזעסן אַדאָלף רוטענבערג, פאַרטון אין גע־דאַנקען און אין זיין משקה. מאַרקס האָט זיך האַרציק באַגריסט מיט זיין פריינט און צוגעזעצט זיך צו זיין טישל. פון פּריוואַטע ענינים, איז דאָס געשפּרעך אַריבער צו געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע נייעסן. מאַרקס האָט זיך דערוווּסט, אַז לעצטנס איז נאָך מער פאַרשאַרפט געוואָרן דער רעאַקציאָנערער קורס אויף דעם בערלינער אוניווערסיטעט. די קאַטעדרע נאָך דעם פריש־פאַרשטאָרבענעם עדואַרד גאַנס, האָט די רעגירונג באַזעצט מיט דעם רעאַקציאָנערן אידעאָלאָג, דעם געשמד'טן ייד יוליוס שטאַהל. רוטענבערג האָט דערביי דערמאָנט וועגן דעם, אַז די אַנטיסעמיטן וויצלען זיך בזה האופן: „האָט מען גענדאַרפט האָבן אַ ליבעראַל, איז געווען ביי דער האַנט דער ייד עדואַרד גאַנס. איצט, ווען מען דאַרף האָבן אַ דייטש־קריסטלעכן רעאַקציאָ־נער, איז ווידער דאָ אַ ייד, יוליוס שטאַהל. ליבעראַל אַהין, רעאַקציאָנער אַהער, דער ייד בלייבט תמיד אויבן־אָן!".

רוטענבערג האָט טרויעריק געשמייכלט. מאַרקס האָט זיך דערמאָנט, אַז ער איז געווען אַמאָל אַן עדות, ווי מ'האָט זיך דערציילט וועגן דעם יידישן אָפּשטאַם פון

אדאָלף רוטענבערג'ן. דוכט זיך, אַז ברונאָ בויער האָט דעמאָלט געמאַכט אַ זייער נישט־פּאַסנדיקע באַמערקונג וועגן רוטענבערג'ן. קאַרל האָט זיך אַריינגעקוקט אין די עצבות'דיקע אויגן פון זיין טיש־שכן. וואָס טרויערט ער אַזוי? ער טרינקט לעצטנס צופיל און גייט אַרום אַ צעטראָגענער. ווי עס דוכט זיך, איז זיין פאַמיליע־לעבן נישט אַזוי גליקלעך! אָדער אפשר, האָט ער אויך אַוועקצויאָגן פון זיך מורא'דיקע שאָטנס, וואָס פאַרפאָלגן אים? ווער ווייס, וועלכע יידיש־רבנישע ירושה טראָגט אויף זיינע דאַרע ביינער דער דאָזיקער, צוליב שכרות און פּאָליטיק, אָפּגעזאָגטער גימנאַזיע־לערער?

פון די געדאַנקען האָט מאַרקס'ן אַרויסגעריסן רוטערבערג'ס הייזעריקער קול:

„יאָ, דאָס וויכטיקסטע, קאַרל, האָב איך דיר פאַרגעסן צו זאָגן. מיר פאַרלירן אונזער פּרעזידענט. דער בילדונגס־מיניסטער האָט פאַר ברונאָ בויער'ן באַשטימט אַ קאַטעדרע אויף דעם טעאָלאָגישן פאַקולטעט אין באָן. דאָס איז פאַר אים אַן אַוואַנס, ער ווערט אַ פּראָפעסאָר. אָבער דער מיניסטער האָט נישט געהאַט די כוונה אים צו טון אַ טובה, ער ווייל אים אַרויסקריגן פון בערלין. מנ'סתם וועט מען זיך איצט נע־מען צו אונזער „קלוב". אפילו די העגעלישע פילאָזאָפיע איז שוין פאַר זיי טריפה! זיי האַלטן, אַז העגעל טויג נישט מער, ווייל ער האָט נישט פּראָפּאַגירט אונטערטע־ניקייט צו דער קריסטלעכער קירך. ס'איז זיי נישט גענוג, אַז מ'שאַנעוועט די רע־אַקציאָנערע מלוכה! דער פּרייסישער רעזשים קאָן נישט עקזיסטירן אָן דער קירך. דאָס פאָלק דאַרף דאָך האָבן אַ רעליגיע! אָן דעם וועט עס פאַרלירן דעם נויטיקן רעספּעקט פאַר די דעספּאָטישע מושלים! ווילן זיי איצט ליקווידירן אויך העגעל'ן. זיין גליק, וואָס ער לעבט שוין נישט מער. זיי וואָלטן אים געמאַכט אויס פּראָפעסאָר און אויף זיין אָרט אַוועקגעזעצט שטאַהל'ן, דעם דאָזיקן פאַסקודנעם משומד און געמיינעם קאַריעריסט. שטאַהל וועט זיי שוין, מיט דער הילף פון זיין יידישן קעפּע־לע, אויפפרישן די פאַרשימלטע ראָמאַנטישע פילאָזאָפיע. דער דאָזיקער שטאַהל זאָל איצט דערציען די דייטשע יוגנט צו טריישאַפט און ליבע פאַרן פּרייסישן שטאַט און פאַר דער קריסטלעכער אמונה. ווי געפעלט דיר, קאַרל, די דאָזיקע מאַסקאַראַדע מיט דעם דייטש־גערמאַנישן „יודע" יוליוס שטאַהל? בנאמנות, ס'איז צו פּלאַצן פאַר געלעכטער, האַ, האַ, האַ! קעלנער! גיב אַהער נאָך אַ קריגל ביר!!!"

רוטענבערג האָט ספּאַזמאַטיש געלאַכט מיט זיין הייזעריקער שטימע און מיט זיינע טיפע, אומעטיקע אויגן. „ער האָט יידישע אויגן" האָט ביי זיך געטראַכט מאַרקס, בעת דער קעלנער איז צוגעקומען צום טיש מיט אַ פרישן ביר־קריגל. רו־טענבערג האָט האַסטיק געטרונקען, אָפּגעווישט זיך שנעל דאָס מויל פון ביר־שוים, און גענומען ווייטער רעדן:

„קוק זיך צו, קאַרל, צום משונה'דיקן, חסר־דעה'דיקן פּרייסישן מלוכה־סדר: דער ייד שטאַהל דאַרף ראַטעווען דעם פאַרפוילטן פּרייסישן דעספּאָטיזם און די באַנקראָטירטע קריסטלעך־דייטשע קירך. אַז מ'דאַרף האָבן אַ משרת און ס'איז נישטאָ אונטער דער האַנט קיין אַנדערער, איז אַ ייד אויך גוט! און דעם דאָזיקן אַפּי־קורס ברונאָ בויער, וואָס גלויבט אפילו נישט אין גאָט שיקן זיי איצט קיין באָן צו דערציען דאָרט די גלחים. צי זענען זיי נישט משוגע געוואָרן, זאָג אַליין!? האַ, האַ!".

ווידער האָט זיך דערהערט זיין הייזעריק, אומעטיק לאַכן. רוטענבערג האָט וויי־טער גערעדט מיט פּאַטאָס און בקול רם וועגן זיינע זשורנאַליסטישע און פּאָליטישע

פלענער להבא: „איך וועל קעמפן ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט קעגן דער נייער רע־
אַקציע. פון פּאַריז וועט קומען די גאולה. די רעוואָלוציאָנערן־בלאַנקיסטן האָבן אפילו,
ערשט מיט אַ פּאָר חדשים צוריק, געליטן דאָרט אַ מפּלה, אָבער די אמת'ע רעוואָלו־
ציע וועט באַלד קומען און מיט איר די באַפרייאונג פון גאַנץ אייראָפּע!".

„קעלנער, שנעל, נאָך אַ ביר!" האָט ווייטער געשריען רוטענבערג, אַ פולשטענ־
דיק הייזעריקער און שכור'ער.

מאַרקס האָט שוין געהאַט גענוג. ער איז אויפגעשטאַנען און האָט זיך שנעל
געזעגנט.

אַ פּאָר שעה שפּעטער, ווען קאַרל מאַרקס איז אַהיימגעגאַנגען, האָט ער אויף אַ
געסל בשכנות פון „דאָקטוירים־קלוב", דערזען אַ אָנגעלויף. אַ מענטש איז גע־
לעגן אין אַ קאַלוזשע בלאָטע (עס האָט אין דער פרי גערעגנט) און שיכור'ערהייט האָט
ער געזונגען און געמאַכט ווילדע העוויות. מאַרקס'ן איז דער קול פון שיכור'ן פאַר־
געקומען באַקאַנט. ער איז צוגעגאַנגען און האָט דערזען אין דער גאַסן־בלאָטע דעם
פילאָזאָפיע־דאָקטאָר אַדאָלף רוטענבערג, דעם געוועזענעם גימנאַזיע־לערער און איצ־
טיקן פּאָפּולערן בערלינער זשורנאַליסט.

קוים מיט צרות איז מאַרקס'ן געלונגען אַהיימצוברענגען אין אַ דראָשקע דעם
שכור'ן פריינט. אין דער וווינונג האָט אים אויפגענומען מיט פאַרוויינטע אויגן און
מיט פאַרבראָכענע הענט אַ דאַרע, בייזערלעכע פרוי. נעבן איר איז געשטאַנען אַ
היפּשע צאָל קינדער מיט פאַרטרויערטע פּנים'ער.

אַהיימגייענדיק פון רוטענבערג'ן, האָט מאַרקס ביי זיך געטראַכט: „סך־הכל זע־
נען פאַרגאַנגען אַ פּאָר שעה, און רוטענבערג'ס פּאַטעטישע מליצות האָבן זיך פאַר־
ענדיקט אין אַ קאַלוזשע בלאָטע. ס'איז באמת ריכטיק דאָס וואָס מ'זאָגט, אַז פון
העכסטן צום נידעריקסטן איז בלויז איין טריט!".

## זיבנאונדרייסיקסטער קאַפּיטל.

## דאָס מוזיקאַלישע אָראַטאָריום „משה"

## פון אַדאָלף בערנאַרד מאַרקס.

דער נייער פּרייסישער מלך פרידריך ווילהעלם דער 4־טער, וועלכער האָט אין
יאָר 1840 איבערגענומען דעם האָהענצאָלערנישן טראָן, איז אין דער יוגנט, אַלס
קרוינפּרינץ, געווען אַ פערזענלעכער פריינט פון אַ פּאָר העגעליאַנער און ליבעראַלן.
ער האָט אויך, ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, אַרויסגעזאָגט עטלעכע פראַזן וועגן
פרייהייט און נאַציאָנאַלער איינִיקייט. דאָס האָט אַרויסגערופן גרויסע האָפענונגען
אין געוויסע פּאָרטשריטלעכע קרייזן, וועלכע האָבן אומגעדולדיק געוואַרט אויף דעם
טאָג, ווען דער נייער מלך וועט אָנהויבן רעגירן. אָבער פרידריך ווילהעלם דער 4־טער
האָט באַלד און פולשטענדיק אַנטוישט די דאָזיקע גלענצנדיקע האָפענונגען. זיין

רעאַקציאָנערע רעזשים האָט מיט די נייע צענזור־גזרות און אַנטי־דעמאָקראַטישע רעפּרעסיעס איבערגעשטיגן די פאָרגייער. זיין ליבלינג איז געוואָרן דער מיניסטער פערדינאַנד פאָן וועסטפאַלן, דער עלטערער ברודער פון זשעני, וועלכער האָט אין דער רעגירונג רעפּרעזענטירט די אָפּגעשטאַנענסטע, לגמרי קאָנסערוואַטיווע ריכטונג פון די פּרייסישע יונקערס.

מיט אַן איראָנישן שמייכל האָט קאַרל מאַרקס אויפגענומען די ווערטער, מיט וועלכע זיין פריינט קאַרל פרידריך קעפּפען האָט אים גראַטולירט צו דער קאַריערע פון זיין צוקונפטיקן שוואָגער.

„איך האָב זשעני ליב, נישט ווייל זי איז די שוועסטער פון אַ פּרייסישן מי־ניסטער, נאָר להיפּך, איך האָב זי ליב טראָצדעם וואָס זי איז די שוועסטער פון דעם דאָזיקן מעכטיקן יונקערישן פריץ!" האָט דערויף געענטפערט מאַרקס. און דאַן האָט ער צוגעגעבן מיט אַ גאַנץ שאַרפן טאָן: „איך פיל נישט קיין שום סימפּאַטיע פאַר די פּרייסישע מלכים און זייערע מיניסטאָרן. אפילו נישט פאַר דעם פרידריך דעם גרויסן, וועלכן דו, קעפּפען, גלאָריפיצירסט אַזוי באַגייסטערט און שטעלסט אים הע־כער פון קאַנט'ן און העגעל'ן!".

דאָס געשפּרעך האָט זיך געפירט אין דער באַקוועמער דירה פון קעפּפען'ען אויף דעם קורפירסטענדאַם. מאַרקס איז צוגעגאַנגען צום ביכער־שאַנק און האָט אין דער האַנט גענומען דאָס ניי־דערשינענע בוך פון קעפּפען, וואָס איז געלעגן אויבן־אָן.

„איך בין דיר, קעפּפען, דאַנקבאַר, וואָס דו האָסט דאָס דאָזיקע בוך „פרידריך דער גרויסער און זיינע קעגנער" מיר און אונזער פריינטשאַפט געווידמעט", האָט דערקלערט מאַרקס, צוגעבנדיק גלייך: „אָבער אויפריכטיק וויל איך דיר זאָגן, אַז דיין ווערק וועגן בודדאַ און דיינע היסטאָרישע סטודיעס וועגן דעם טעראָר בעת דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, געפעלן מיר בעסער. איך פאַרשטיי דיך בכלל נישט, דו ביסט אַ ראַדיקאַלער יונג־העגעליאַנער, אַ פרייגייסט און דעמאָקראַט, און דו שרייבסט אין דיין בוך ווערטער, וואָס פּאַסן זיך פאַר דער מענטאַליטעט פון אַ האָ־ענצאָלערנישן הויף־דיכטער. אַנטשולדיק מיר מיין קריטיק, דו ביסט מיט 10 יאָר עלטער פאַר מיר און האָסט שוין אַ נאָמען אַלס אַ געלערנטער. און איך, ווער בין איך? אַן אומבאַקאַנטער, 22־יעריקער סטודענט!, און דאָך........"

מאַרקס האָט גענומען בלעטערן אין קעפּפען'ס בוך, און האָט פון אים פאָרגע־לייענט פאָלגנדיקע זאַצן: „פרידריך דער גרויסער האָט געוואָלט באַנייען דעם גייסט, און מיט אים, ווי מיט אַ פייערדיקן שווערט אַוועקיאָגן אַלע שעדיקער, וואָס שטערן אונז צו דערגרייכן דאָס גליקלעכע לאַנד!" און ווייטער: „מיר שווערן פאַר דעם דאָזיקן גייסט צו לעבן און צו שטאַרבן!".

מיט אַ פריינטלעכן שמייכל האָט זיך מאַרקס געוואַנדן צום בעל־הבית: „נו, קעפּפען, צי בין איך נישט גערעכט, אַז דאָס זענען מליצה'דיקע ווערטער פון אַ האָ־ענצאָלערנישן הויף־דיכטער?".

קעפּפען איז געזעסן אַ שווייגנדיקער. באַלד האָט ער אָנגעהויבן ענטפערן געלאַסן, ווי ער וואָלט זיינע ווערטער געציילט:

„היץ דיך נישט, קאַרל! מיר האָבן דאָך געלערנט ביי העגעל'ן זיין דיאַלעקטישן מעטאָד פון אַנאַליזירן און פאַרשטיין. צי זעסט דו נישט, וואָס עס טוט זיך אַרום אונז? די נייע רעאַקציע באַקעמפט שאַרף די געשטאַלט פון דעם קעניג פרידריך

דעם גרויסן, און ביי דער דאזיקער ארבעט העלפן איר צו פירנדיקע העגעליאנער פון דער אלטער שול. ס'איז אלזא פאר אונז, די יונג־העגעליאנער און דעמאקראטן, קלאר די אויסוואל. מיר מוזן גלאריפיצירן פרידריך דעם גרויסן אלס דעם פארשטייער פון פרייהייט און בילדונג, פון פראגרעס און אויפקלערונג אינם קאמף קעגן די פינצטערע, אפגעשטאנענע געזעלשאפטלעכע כוחות. אפשר איז דאס נישט לגמרי לויט דעם גאנצן היסטארישן אמת, אפשר איז פרידריך דער גרויסער גאר נישט געווען אזא העלד, ווי איך באשרייב אים. אבער פארשטיי דאך, קארל, עס גייט נישט וועגן דעם דאזיקן האהענצאלערנישן קעניג, עס גייט וועגן דעם קאמף קעגן דער פאליטישער און גייסטיקער רעאקציע אין דייטשלאנד. דאס איז מיין דיאלעקטישער צוגאנג!".

אין א געוויסער מאס איז טאקע קעפען געווען גערעכט. מארקס האט באמת אונטערגעשאצט די געזעלשאפטלעכע ווירקונג פון קעפענס בוך, וואס האט ארויסגערופן א שטורעם אין דער דייטשער ליטעראַרישער און וויסנשאפטלעכער וועלט. דער מחבר איז בשום אופן נישט געווען צוריקגעהאלטן אין דער שארפקייט פון זיינע אויסדרוקן. ער האט אטאקירט און אויסגעלאכט די אלט־העגעליאנער, וועגן וועלכע ער האט געשריבן: „די אלט־העגעליאנער זענען ענלעך צו יענע זקנים, די בראמאנישע כהנים פון לאגיק, וואס זיצן מיט אונטערגעלייגטע פיס, און איבער־חזר'ן אין א פארגליווערטער פארם, מאנאטאן, מורמלענדיק כסדר און אן א סוף, די פסוקים פון די הייליקע וועד־ביכער. נאר פון צייט־צו־צייטווארפן זיי א זינדיקן בליק צו דער וועלט פון די טאנצנדיקע באיאדערן!".

און אויף אן אנדערער זייט פון זיין בוך האט קעפען ווידער געשריבן וועגן די אלט־העגעליאנער, אז זיי זענען „ווי די זשאבעס אין א בלאטע, נידעריקע באשעפענישן אן א רעליגיע, אן א פאטערלאנד, אן איבערצייגונג, אן א געוויסן, אן א הארץ, אן הייסע צי קאלטע געפילן, אן פרייד און אן טרויער, אן ליבע און אן שנאה. זיי גלויבן נישט אין גאט און נישט אין טייוול. דאס זענען נידעריקע קרעאטורן, וואס וועלן תמיד בלאנדזשען פאר די טויערן פון גיהנום, ווייל זיי זענען נישט ווערט ארייננעלאזט צו ווערן אפילו אין גיהנום אריין!".

דער דאזיקער לשון פון א וויסנשאפטלער און פילאזאף, וואס האט מער געפאסט פאר די מארק־ווייבער פון די בערלינער האלעס, האט ארויסגערופן א שרעקלעכן צארן ביי די אלט־העגעליאנער, און איינער פון זיי, דער דערמאנטער ווארנהאגען, דער מאן פון דער פארשטארבענער רחל לעווין, האט אין דער צייטשריפט פון די אלט־העגעליאנער גערידלט קעפענ'ס בוך אלס א „געמיינעם, מיאוס'ן פאמפלעט".

אין א פאר טעג שפעטער, האט קארל מארקס ווידער באזוכט קעפענ'ען אין זיין וווינונג. ביידע פריינט זענען אפגעזעסן, אויך דאסמאל, א פאר שעה ביי אן אינטערעסאנטן, טיילמאל ליידנשאפטלעכן שמועס. ס'איז שוין געווען אוונט, ווען מארקס איז צוזאמען מיט קעפענ'ען ארויס פון זיין דירה אויף דעם קורפירסטענדאם. זיי זענען געגאנגען אין דער ריכטונג פון זייער קאפע־הויז אויף דער פראנצויזן־גאס.

אין „דאקטוירים־קלוב" האט זיי פארטשעפעט דער זשורנאליסט אדאלף רוטענ־

בערג. ער האָט געהאַט אַ פּאָר פרייע בילעטן צו אַ קאָנצערט און האָט פריינטלעך איינגעלאַדן מאַרקס׳ן און קעפּענ׳ען מיטצוגיין.

„קאַרל, ס׳איז אַ קאָנצערט פונם באַרימטן קאָמפּאָזיטאָר און מוזיק־דירעקטאָר פון בערלינער אוניווערסיטעט אַדאָלף בערנאַרד מאַרקס. מנ׳סתּם, איז דאָס דיינער אַ שטיקל קרובֿ?" האָט געפרעגט רויטענבערג.

מאַרקס האָט אים שאַרף געענטפערט: „איך גלויב נישט, אַז ס׳איז מיין קרובֿ. עס פעלן נישט אין דייטשלאַנד מאַרקס׳נס מכּל המינים!".

די דריי פריינט האָבן צוזאַמען געגעסן נאַכטמאָל און דאַן זענען זיי געגאַנגען צום קאָנצערט. אויפן וועג האָט רויטענבערג ווידער געפרעגט קאַרלען, צי דער יידישער געלערנטער אַלעקסאַנדער מאַרקס, מיט וועלכן ער האָט זיך לעצטנס באַקענט, איז אפשר דאָך זיין קרובֿ.

„איך וועל דיר זאָגן דעם אמת" האָט אים געענטפערט קאַרל. „אונזער משפּחה האָט זיכער אַ סך קרובֿים אין די פאַרשידענע קאַנטן פון דייטשלאַנד. נאָר איך האָב מיט זיי קיין שום מגע ומשא נישט. סוף־כּל־סוף אינטערעסירן זיי מיך גאָר ווייניק!".

דער קאָנצערט־זאַל איז געווען איבערפולט. מאַרקס׳ן האָט עס שטאַרק געוווּנדערט, וואָס אַ גרויסער טייל פון פּובליקום איז באַשטאַנען פון יידישע מענער און פרויען. ער האָט די סיבה דערפון באַלד פאַרשטאַנען, ווען ער איז געוווּיר געוואָרן פון פּראָגראַם־צעטל, אַז מ׳וועט היינט שפּילן דאָס מוזיקאַלישע אָראַטאָריום „משה", דאָס וויכטיקסטע ווערק פון פּראָפעסאָר אַדאָלף בערנאַרד מאַרקס. קאַרל האָט אַליין נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס ער האָט ביז איצט נישט געפרעגט רויטענבערג׳ן וועגן דעם אינהאַלט פון היינטיקן קאָנצערט. ער האָט ביי זיך געטראַכט: „באַשערט מיר געווען מיטצומאַכן אַ יידישע שמחה. מיין גאָטזעליקער זיידע, אָדער מיין פעטער, וואָלטן מנ׳סתּם דערפון הנאה געהאַט!".

קאַרל׳ס בליקן האָבן פאַרשנדיק אָנגעקוקט קעפּענ׳ען, ווי זיי וואָלטן געזאָגט: „מילא, מיר מיט רויטענבערג׳ן, אונז קומט עס בירושה, אָבער דער דאָזיקער גוי וואָס זוכט ער, נעבעך, ביי משה רבנו!?".

דער קאָנצערט איז געווען אַ געלונגענער. דער אָרקעסטער האָט גוט געשפּילט און דער כאָר איז געווען אַן אויסגעשולטער. די שטאַרקע, אַרכאַאישע, ביבלישע מאָטיוון פון אָראַטאָריום האָבן קאַרלען אַריבערגעטראָגן אין אַ ווייטער, כּמעט שוין פאַרגעסענער צייט פון דער יוגנט. ער האָט זיך דערמאָנט אין די מאָדנע, פרעמדע ניגונים, וועלכע די מאַמע פלעגט אים אַמאָל פאַרזינגען.

ספּאָנטאַן און זיכער קעגן דעם אייגענעם ווילן, האָט קאַרל מאַרקס אָנגעהויבן טראַכטן וועגן זיינע רבנישע אבֿות אין דער טריערער קהילה. ער האָט זיך באַמיט אוועקצוטרייבן פון זיך די דאָזיקע לעסטיקע געדאַנקען, ווי מ׳טרייבט אַוועק חוצפּה־דיקע פליגן אין אַ הייסן זומער־טאָג: „ניין, ניין! די יידישע פאַרגאַנגנהייט איז מיר פרעמד געוואָרן און איך וויל נישט מער פון איר וויסן! ס׳איז נאַריש צוצולאָזן צו זיך אַבסורדאַלע, אַטאַוויסטישע סענטימענטן! אָבער, צו וואָס טויג איס, דעם דאָזיקן באַרימטן מוזיק־פּראָפעסאָר אַדאָלף בערנאַרד מאַרקס אַ סימפאָניע וועגן „משה"? וועד דאַרף עס האָבן אין בערלין היינט אין יאָר 1840? צי וואָלט ער נישט בעסער געטון, ווען ער וואָלט קאָמפּאָנירט אַן אָראַטאָריום וועגן די גריכישע פרייהייטס־

העלדן, למשל וועגן לעאָנידאַס, דעם באַרימטן ספּאַרטאַנישן קעניג און קעמפּער קעגן דער פּערסישער קנעכטשאַפט?".

דער זאַל האָט אויפגעשטורעמט מיט מעכטיקע אַפּלאָדיסמענטן. דאָס אָראַטאָריום איז געווען פאַרענדיקט. מאַרקס האָט זיך אומגעקוקט. זיינע שכנים, און צווישן זיי קאַרל פרידריך קעפּען, האָבן באַגייסטערט, מינוטנלאַנג אַפּלאָדירט. קאַרל האָט ביי זיך געטראַכט: „זעט אויס, אַז ס'פעלן נישט אין היינטיקן בערלין בעלנים אויף אַ ביבליש אָראַטאָריום. גיי פאַרשטיי די דאָזיקע מענטשן!".

נאָך דעם קאָנצערט, זענען אַלע דריי פריינט ווידער צוריקגעגאַנגען צום „דאָקטוירים־קלוב". טראָץ דער שפּעטער שעה, איז דאָס קאַפע־הויז אויף דער פראַנצויזן־גאַס געווען נאָך פול־באַזעצט. קאַרל מאַרקס האָט געוואָלט ווי־אַמלענגסטן דאָ בלייבן. ער האָט געציטערט פאַר די מורא'דיקע שאָטנס, וואָס וועלן אים זיכער היינט, אין זיין פּוסטן צימער, קיין מנוחה נישט פאַרגינען.

## אַכטאונדרייסיקסטער קאַפּיטל.

## די דמשק־אַפערע אין יאָר 1840.

אין אָנהויב פון יאָר 1840, איז די גאַנצע וועלט־עפנטלעכקייט אויפגעטרייסלט געוואָרן מיט געשעענישן, וואָס האָבן זיך גערופן „די דמשק־אַפערע". איר פאַרלויף איז געווען אַ פאָלגנדיקער: אין דער סירישער שטאָט דמשק (דאַמאַסקוס) איז אין אַ העלן פעברואַר־טאָג פאַרשוווּנדן דער קאַטוילישער גלח טאָמאַס, דער לייטער פון פראַנציסקאַנער־קלויסטער. מ'האָט אין דער גאַנצער שטאָט וואָכנלאַנג אַרומגעזוכט און נישט געפונען קיין שום שפור פון דעם, אויף אַ מיסטעריעזן אופן, פאַרפאַלענעם גלח. באַלד זענען פאַרשפּרייט געוואָרן בלבולים, אַז דאָס איז געווען אַ יידישער ריטואַל־מאָרד. די טערקישע שטאָט־באַאַמטע האָבן זיך געלאָזט באַאיינפלוסן דורך געוויסע קריסטלעכע קרייזן און זענען גלייך צוגעטרעטן צו זוכן און רעווידירן אין יידישן וווין־קוואַרטל. אַ יידישער פריזירער, וואָס איז אַרעסטירט און מורא'דיק געפייניקט געוואָרן, האָט זיך „מודה" געווען, אַז די קהילה האָט דערהרג'ט דעם גלח, בכדי צו באַנוצן זיך מיט זיין בלוט צו ריטואַל־צוועקן. זיבן באַוווּסטע פאָרשטייער פון דער יידישער קהילה אין דמשק זענען צוליב דעם אַרעסטירט געוואָרן. בעת די מאַרטורן איז איינער פון זיי געשטאָרבן און דער צווייטער האָט אַ גוסס'דיקער, זיך „מודה" געווען. די פינף לעבן־געבליבענע יידישע פאָרשטייער זענען דורך דעם שטאָט־גוווערנער פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט. כמעט אַלע יידן אין דמשק און איר סביבה זענען אַרעסטירט געוואָרן, מ'האָט נישט געשאָנעוועט קיין פרויען און קיין קינדער. די אַרעסטירטע האָט מען גאַנצע טעג געלאָזט אָן עסן ביי שרעקלעכע סאַניטאַרע באַדינגונגען, מ'האָט זיי געשלאָגן און געפייניקט. די רעגירונגס־אָרגאַנען האָבן צוגעגרייט אַ מאָנסטרועזן ריטואַל־מאָרד־פּראָצעס קעגן די דמשק'ער יידן. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם האָט אין גאַנצן אָריענט געהערשט אַ פּאָגראָם־שטימונג קעגן דער יידישער באַפעלקערונג.

די עפנטלעכע מיינונג אין גאַנץ אייראָפּע און אַמעריקע איז געווען טיף דער־שיטערט צוליב דער טראַגישער לאַגע פון אָריענטאַלישן יידנטום, וואָס איז געווען רעכט־לאָז און כסדר געפערלעך באַדראָט אין זיין פיזישן קיום. אין לאָנדאָן איז צונויפגערופן געוואָרן אַ ריזיקער פּראָטעסט־מיטינג, אין וועלכן עס האָבן זיך באַ־טייליקט טויזנטער יידן און קריסטן. ענלעכע פאַרזאַמלונגען זענען פאָרגעקומען אויך אין אַנדערע יידישע צענטרען. אונטער דעם דרוק פון דער עפנטלעכער מיינונג האָט די ענגלישע און פראַנצויזישע רעגירונג, לויט אַ הסכם מיטן טערקישן סולטאַן, אױ־בערגעגעבן אַ יידישער דעלעגאַציע, וועלכע איז ספּעציעל אָוועקגעפאָרן קיין אָריענט, אַלע דיפּלאָמאַטישע און טעכנישע הילפסמיטלען, בכדי אויסצופאָרשן דעם גאַנצן אמת. בראש פון דער דעלעגאַציע, וואָס איז אייגנטלעך געווען אַ יידישע אונטער־זוכונגס־קאָמיסיע, האָבן זיך געשטעלט די צוויי פּראָמינענטסטע אייראָפּעאישע יידן: משה מאָנטעפיאָרע, דער פּאָפּולערער יידיש־ענגלישער פילאַנטראָפּ און פּאָליטיקער, און אַדאָלף קרעמיע, דער באַרימטער יידיש־פראַנצויזישער מלוכה־מאַן און שפּעטער־דיקער מיניסטער. צו דער דעלעגאַציע האָט אויך אָנגעהערט דער גרויסער געלערנ־טער און אָריענטאַליסט שלמה מונק.

די יידישע דעלעגאַציע איז סוף זומער 1840 אָנגעקומען קיין אַלעקסאַנדריע. זי האָט גלייך אינטערווענירט און געפּועל׳ט ביים מצרישן גוווערנער מאַחמאַד אַלי, צו וועמענס פאַרוואַלטונגס־קרייז האָט אָנגעהערט דער סירישער רעגירונגס־באַצירק, אַז מ׳זאָל אַלע דמשק׳ער יידן באַפרייען פון דער תפיסה און פאַרזיכערן דעם שוץ פון זייער לעבן און באַזיץ. פון דאַנען איז די יידישע דעלעגאַציע אָוועקגעפאָרן קיין קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל, ווו זי איז אויפגענומען געוואָרן אויף אַ פייערלעכער אוידיענץ דורך דעם סולטאַן. דער טערקישער מושל האָט אָפיציעל באַשטעטיקט די באַפרייאונג פון די אַרעסטירטע יידן, און גלייכצייטיק האָט ער אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן רעגירונגס־דעקרעט, אַזוי־גערופענעם „פירמאַן", אין וועלכן דער ריטואַל־מאָרד איז פאַראור־טיילט געוואָרן אַלס אַ שענדלעכער בלבול. די מלוכה־אָרגאַנען אין דער גאַנצער אָטאָ־מאַנישער אימפּעריע זענען אויפגעפאָדערט געוואָרן צו זאָרגן מיט אַלע מיטלען פאַר דער זיכערקייט פון לעבן און באַזיץ פון די אָריענטאַלישע יידן.

די נסיעה פון דער יידישער דעלעגאַציע האָט זיך אַלזאָ פאַרענדיקט מיט אַ גרויסן דיפּלאָמאַטישן און מאָראַלישן נצחון. אין זייער ביז־איצטיקער דורות־לאַנ־גער גלות־געשיכטע האָבן יידן קיינמאָל נישט דערגרייכט לטובת זייערע אונטער־דריקטע ברידער אַזאַ גלענצענדיקן דערפאָלג, ווי אין יאָר 1840, אַ דאַנק דער פירונג פון משה מאָנטעפיאָרע און אַדאָלף קרעמיע. ביים צוריקקומען קיין אייראָפּע, איז לכן די יידישע דעלעגאַציע באַגייסטערט אויפגענומען געוואָרן דורך די מאַסן, יידן און קריסטן, און זייער רייזע האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ הערלעכן טריומף־צוג. דאָס איז געווען דער זיג פון אמת איבערן שקר, פון גערעכטיקייט איבער אונטער־דריקונג, פון יושר איבער באַרבאַריי, פון פאָרטשריט איבער פינצטערקייט. אַזוי האָבן דאָס פאַרשטאַנען די אומצאָליקע קריסטלעכע פאָרשטייער פון דער אייראָפּע־אישער ליטעראַטור און קולטור, פון וויסנשאַפט און קונסט, וועלכע זענען עפנט־לעך, אין וואָרט און שריפט, אויפגעטרעטן צום שוץ פון דער באַדראָטער יידישער באַפעלקערונג אין אָריענט. מאָנטעפיאָרע און קרעמיע זענען אויסגעוואַקסן צום סימ־באָל פון ליידנדיקן און קעמפנדיקן יידנטום.

די געשעענישן אין יאר 1840 האבן ארויסגערופן א געוואלדיקן איינדרוק אין אלע יידישע ישובים. אומעטום זענען יידן פון אלע שטאנדן און וועלט־אנשויאונגען, אויפגעטרעטן סאלידאריש און מוטיק לטובת זייערע פארפאלגטע אריענטאלישע ברידער. די כוואליע פון יידישער התלהבות און שטאלצער האלטונג האט מיטגעריסן אפילו אסימילירטע און פון יידנטום שוין אפגעפאלענע קרייזן. באזונדערס ענטוזיאסטיש האט זיך אפגערופן די יוגנט. אלס א סימפטאמאטישער אויסדרוק פון די שטימונגען צו יענער צייט, זאלן דא ציטירט ווערן די ווערטער, וועלכע עס האט אין יאר 1840 געשריבן דער 15־יעריקער פערדינאנד לאסאל, דער צוקונפטיקער בארימטער טריבון פון דייטשן סאציאליזם: „איך האלט זיך פאר איינעם פון די בעסטע יידן, וועלכע זענען היינט פאראן, הגם איך היט נישט אפ דעם רעליגיעזן ריטואל. איך בין גרייט צו ריזיקירן מיט מיין לעבן, בכדי אויסצולייזן די יידן פון זייער איצטיקן שפל׳דיקן מצב. איך וואלט אפילו נישט מורא געהאט צו גיין אויפן עשאפאט, אויב איך וואלט מיט דעם געקאנט ווידער מאכן די יידן צו א געאכטעטן פאלק. ווען איך דערמאן זיך אין מיינע קינדערישע טרוימען, איז שטענדיק געווען מיין ליבלינגס־אידיי: צו שטעלן זיך בראש פון דעם יידישן פאלק, און מיט וואפן אין דער האנט, אים ווידער זעלבסטשטענדיק מאכן!”.

די יידישע פארפאלן אין צוזאמענהאנג מיט דער דמשק־אפערע, זענען זיך צונויפגעפאלן מיט די אלגעמיינע שטורמישע געשעענישן, וואס האבן די אריענט־פראגע אוועקגעשטעלט אין מיטל־פונקט פון דער וועלט־פאליטיק און געזעלשאפטלעכער מיינונג. באזונדערס איז דאס געקומען צום אויסדרוק אין פראנקרייך, וואס איז טראדיציאנעל פארבונדן געווען מיט דעם נאענטן מזרח. דער דערמאנטער מאחמאד אלי, דער פאשא פון מצרים, האט אין יאר 1840 מורד געווען אין זיין מושל, דעם טערקישן סולטאן, און די נצחונות פון זיין אויפשטענדלעכער ארמיי האבן ערנסט באדראט די גאנצקייט פון דער אטאמאנישער אימפעריע. דער זיגרייכער קאמף פון מאחמאד אלי איז אויפגענומען געווארן מיט באגייסטערונג דורך דעם פראנצויזישן פאלק, וואס האט נאך געלעבט מיט די גלענצענדיקע זכרונות פון דער נאפאלעאנישער עפאפיי, און האט דערוואַרט פון איר „רעוואלוציאנערן מלך” לואי פיליפ, אז ער זאל פאר פראנקרייך ווידער באנייען טריומפן אין א וועלט־מאסשטאב. בעת די אייראפעאישע רעאקציע מיט איר שעף מעטערניך האט דערקלערט דעם אויפשטענדישן מצרישן פאשא פאר א מורד במלכות און האט פון אים פארלאנגט, אז ער זאל זיך אונטערגעבן דעם לעגיטימען מושל, דעם טערקישן סולטאן, זענען די ליבעראלע קרייזן אומעטום אין אייראפע געווען אויף דער זייט פון „מצרישן רעוואלוציאנער”.

דער פארשטייער פון דער ליבעראלער פארטיי אין פראנקרייך טיער, וועלכער איז דעמאלט געווען פרעמיער־מיניסטער, האט געוואלט איבערייסן מיט דער געמעסיקטער און פאציפיסטישער פאליטיק פון לואי פיליפ. ער איז גרייט געווען צו שיקן א פראנצויזישע ארמיי בכדי מיליטעריש צו אינטערווענירן לטובת מאחמאד אלי. אבער די פראנצויזישע אינטערווענץ האט געקאנט לייכט ברענגען צו א מלחמה מיט די אייראפעאישע רעאקציאנערע מלוכות. פאר דעם האט טאקע שטארק מורא געהאט דער פראנצויזישער מלך לואי פיליפ. די רעגירונג פון טיער איז געווען געצוווּנגען צו דעמיסיאנירן און אויף איר ארט איז געקומען א נייע רעגירונג פון גיזא, דעם פאר־

שטייער פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי, וועלכער האָט אין פראַנקרייך רעגירט ביז צו דער רעוואָלוציע אין יאָר 1848.

די פראַנצויזישע נאַציע איז געווען ביטער אַנטוישט. איר האָפענונג וועגן אַ נייער נאַפּאָלעאָנישער עפּאָפּיי איז שנעל צערונען. די שטימונג אין לאַנד איז געוואָרן אַ דעפּרימירטע. דער באַרימטער פראַנצויזישער דיכטער און פּאָליטיקער לאַמאַרטין האָט זי כאַראַקטעריזירט מיט די ווערטער: „פראַנקרייך לאַנגווייליקט זיך". גיזאָ האָט באַגרענעצט די פרייהייט פון פּאָלק כלפּי פּנים און נישט געגעבן אים קיין גלענצענדיקע, פאַרשכורנדיקע, נאַציאָנאַלע נצחונות כלפּי חוץ. דאָס איז געוואָרן דער אָנהויב פון סוף פון לואי פיליפּ'ס ממשלה, וועלכער איז געקומען צו דער מאַכט דורך דער יולי־רעוואָלוציע (1830) און איז אַראָפּגעזעצט געוואָרן דורך דער פעברואַר־רעוואָלוציע (1848).

די שטורמישע געשעענישן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער „דמשק־אַפּערע" און דעם אויפשטאַנד פון מאַחמאַד אַלי, האָבן אַרויסגערופן אַ געוואַלדיקע פּאַראַינטע־רעסירונג אין דעם בערלינער „דאָקטוירים־קלוב" און אין אַלע אינטעלעקטועלע קרייזן פון דייטשלאַנד. אַדאָלף רוטענבערג, דער אָפּט שוין דערמאָנטער זשורנאַ־ליסט און פּאָליטיקער, האָט געפּרוווט נענטער פאַראינטערעסירן קאַרל מאַרקס'ן און אַנדערע זיינע חברים, מיט די ליידן פון די אָריענטאַלישע יידן. מ'האָט געפּלאַנט אַפילו אַרויסצוגעבן אַ מאַניפעסט לטובת די פאַרפאָלגטע. מאַרקס אַליין האָט זיך מיט סימפּאַטיע אָפּגערופן וועגן די אָריענטאַלישע יידן און זייער טראַגישער סיטו־אַציע. זיכער האָט ער דאָס נישט געטון צוליב יידישע סענטימענטן, אין וועלכע ער האָט זיך קיינמאָל נישט מודה געווען און פאַר וועלכע ער איז תמיד, מיט אַ פּאַנישן שרעק, אַנטלאָפן. מאַרקס איז אינם קאַמף לטובת די רעכט פון גערודפ'טן אָריענ־טאַלישן יידנטום מיטגעריסן געוואָרן מיט דער אַלגעמיינער ענטוזיאַסטישער כוואַ־ליע, וואָס האָט באַהערשט די ברייטסטע קרייזן פון די קריסטלעך־אייראָפּעאישע אינטעלעקטואַליסטן.

פון די אַלע סימפּאַטיע־דערקלערונגען און גוטע כוונות לגבי די אָריענטאַלישע יידן איז אָבער, ליידער, קיין וויכטיקע, ממשות'דיקע זאַך נישט געוואָרן. ס'איז גע־בליבן בלויז ביי הומאַניטאַרע ווערטער. באַלד זענען געקומען נייע געשעענישן צו־ליב מאַחמאַד אַלי'ס אויפשטאַנד און צוליב דער קאָמפּליצירטער לאַגע אין דער אייראָפּעאישער פּאָליטיק. דער אויפברויז פון דער „דמשק־אַפּערע" איז שנעל פאַר־געסן געוואָרן.

## ניינאונדרייסיקסטער קאַפּיטל.

## דער 23־יעריקער פילאָזאָפיע־דאָקטאָר קאַרל מאַרקס

## און זיין דיסערטאַציע.

נאָכן אוועקפאָרן פון ברונאָ בויער'ן קיין באָן, האָט זיך קאַרל מאַרקס געפילט אין בערלין איינזאַם און פאַרלאָזט. די הויפּט־שטאָט פון פּרייסן איז געווען די רע־

זידענץ פון קעניגלעכן הויף, די פעסטונג פון א גרויסן ארמיי־גארניזאָן און א צענ־טער פונם קליינבירגערטום. די געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספּערע אין בערלין האָט גע־אָטעמט מיט אַ שטיקנדיקער פּראָווינציאָנעלער סביבה. מ׳האָט זיך אויסגעלעבט אין אַן ענגן קרייז, מיט בייזוויליקע רכילות און פאַלשע חניפות. די ליטעראַרישע סאַלאָ־נען, וועלכע האָבן אַמאָל געשפּילט אַ געוויסע געזעלשאַפטלעך־גייסטיקע ראָל, זענען לעצטנס אינגאַנצן אַראָפּגעפאַלן סיי אין זייער איכות און סיי אין כמות. דער סאַ־לאָן פון רחל לעווין, וועלכן איר מאַן וואַרנהאַגען האָט אויך נאָך איר טויט, גע־לאָזט ווייטער עקזיסטירן, איז געווען בלויז אַ שאָטן פון זיין אַמאָליקן גלענצענדיקן עבר. מ׳האָט זיך דאָ אונטערהאַלטן מיט דערציילן אַנעקדאָטן און וויצן, וואָס זע־נען געווען אַ מין קריטיק לגבי דעם קעניגלעכן הויף און זיין רעגירונג, און מיט דעם האָט מען שטאַלצירט ווי מיט העלדישע, אָפּאָזיציאָנעלע, כמעט־„רעוואָלוציאָ־נערע״ מעשים.

מאַרקס איז געשטאַנען מיט ברונאָ בויער׳ן אין אַ כסדרדיקן בריוו־אויסטויש, פון וועלכן ס׳איז לעצטנס בולט געוואָרן, אַז דער דאָזיקער פּראָפעסאָר פון טעאָלאָ־גישן פאַקולטעט אין באָן אַנטוויקלט זיך אַלץ מער אין דער ריכטונג פון אַ קעמפּע־רישן אַטעאיזם. בויער האָט כסדר געמאָנט מאַרקס׳ן, אַז ער זאָל אַ סוף מאַכן מיט די עקזאַמענס, באַקומען ענדלעך דעם דאָקטאָראַט און אַריבערטראָגן זיך קיין באָן, ווו עס וואַרט אויף אים אַן אינטענסיווע טעטיקייט ביים אַרויסגעבן אַ זשורנאַל און אַז. וו.

קאַרל מאַרקס איז אָבער געווען און געבליבן דאָס גאַנצע לעבן אַ פּעדאַנט, ער האָט יעדע זאַך געוואָלט דערקענען און דורכשטודירן ביז צום גרונט. ער האָט זיין דאָקטאָראַט־אַרבעט צוגעגרייט לאַנג און אויספירלעך. בויער האָט פון אים גע־לאַכט: „וואָס דאַרף מען שוין האָבן צו אַ פילאָזאָפיע־דאָקטאָראַט? אַ ביסל שפּינאָ־זאַ און אַ לעק פון לייבניץ, און דאָס איז אַלץ!״. בויער איז געווען דערשטוינט, הערנדיק, אַז מאַרקס מאַכט פון זיין דאָקטאָראַט אַזאַ גרויס וועזן, בעת ס׳איז דאָך פאַר אים, ביי זיין פילאָזאָפישער בילדונג, ממש אַ קינדער־שפּיל. בויער האָט אים געשריבן: „קום קיין באָן, דו וועסט דאָ מאַכן צו אַש און בלאָטע די הערן פּראָפע־סאָרן!״

מתחילה, האָט מאַרקס געהאַט בדעה צו באַקומען זיין דאָקטאָראַט אויף דעם אוניווערסיטעט אין בערלין. אָבער דאָ איז ער געווען געצוווּנגען צו ווענדן זיך מיט זיין דאָקטאָרישער דיסערטאַציע צום דערמאָנטן פּראָפעסאָר יוליוס שטאַהל, וועלכן ער האָט, ווי אַלע ראַדיקאַלע יונג־העגעליאַנער פיינט געהאַט בתכלית השנאה. אין זיין ענטפער צו בויער׳ן ציטירט מאַרקס די ווערטער פון פאַרשטאָרבענעם העגעל: „מיט אַזאַ האָלאָטע מוז איך זיך דאָ אַרומשלאָגן!״.

לסוף האָט מאַרקס אָנהויב אַפּריל 1841 געשיקט זיין דיסערטאַציע צו דעם אוניווערסיטעט אין יענאַ. דעם 15 אַפּריל 1841 איז קאַרל מאַרקס אויף דעם או־ניווערסיטעט אין יענאַ פּראָמאָווירט געוואָרן, אין זיין אָפּוועזנקייט, צום דאָקטאָר פון פילאָזאָפיע.

דריי וואָכן שפּעטער האָט ד״ר קאַרל מאַרקס געפייערט זיין 23־יעריקן גע־בורטס־טאָג.

דער טיטל פון מאַרקס׳נס דאָקטאָרישער אַרבעט (דיסערטאַציע) איז געווען אַ

פאָלגנדיקער: „דער אונטערשיד צווישן דעם פילאָזאָפישן סיסטעם פון דעמאָקריט און דעם סיסטעם פון עפּיקור".

דעמאָקריט איז געווען איינער פון די עלטסטע גריכישע פילאָזאָפן. ער האָט געלעבט אין פינפטן יאָרהונדערט פאַר דער קריסטלעכער ערע. דעמאָקריט איז געווען דער אייגנטלעכער פאָטער פון דער מאַטעריאַליסטישער פילאָזאָפיע, ווייל ער האָט זיין שיטה געשטיצט אויף דער הנחה, אז „פון גאָרנישט קאָן גאָרנישט באַשאַפן ווערן". לויט זיין מיינונג, איז די וועלט געבוירן געוואָרן פון אטאָמען. דורך זייערע אייביקע באַוועגונגען, אַנטשטייען און ווערן חרוב אַלע וועלטן.

עפּיקור איז געווען דער תלמיד פון דעמאָקריט. ער האָט געלעבט אין פערטן יאָרהונדערט. אויך עפּיקור האָט געהאַלטן, אַז די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן פון אטאָמען און זייערע באַוועגונגען. ער האָט אָבער געוואָלט אויסבעסערן די אטאָמען־טעאָריע פון זיין לערער דעמאָקריט און דאָס איז אים לגמרי נישט געלונגען. זיינע באַהויפּטונגען וועגן אַ ספּעציפישער אטאָמען־באַוועגונג האָבן זיך, פון שטאַנדפּונקט פון דער פיזיק און אירע מאַטעמאַטישע געזעצן, אַרויסגעוויזן אַלס פולשטענדיק־פאַלשע. צוליב דעם האָבן עפּיקור׳ן שטאַרק קריטיקירט און אויסגעלאַכט די וויסנ־שאַפטס־לייט, אָנהויבנדיק פון די עלטסטע (ציצעראָ, פּלוטאַרך) ביז צו די נייצייטיקע (לייבניץ, קאַנט).

קאַרל מאַרקס האָט אין זיין דיסערטאַציע פאַרהערלעכט עפּיקור׳ן, הגם ער מוז צוגעבן, אַז „עפּיקור איז אין די ענינים פון פיזיק שרעקלעך נאַכלעסיק". מאַרקס׳ן געפעלט עפּיקור אויסערגעוויינלעך, ווייל „ער איז דער גרעסטער גריכישער פריידענ־קער אינם קאַמף קעגן דער רעליגיע". די אַטעאיסטישע השפּעה פון בראונאָ בויער׳ן און זיין יונג־העגעליאַנישן „קלוב" טריאומפירט בשלמות אין מאַרקס׳נס דאָקטאָ־רישער אַרבעט.

אין אַלגעמיין איז קאַרל מאַרקס׳נס דיסערטאַציע געשריבן אין גייסט פון העגעל׳ס פילאָזאָפישער שיטה. מאַרקס איז דעמאָלט נאָך ווייט געווען פון דער מאַ־טעריאַליסטישער געשיכטע־אויפפאַסונג, און צוליב דעם אַקצעפּטירט ער סיי העגעל׳ס דיאַלעקטיק און סיי זיין אידעאַליסטישע וועלט־אַנשויאונג. מאַרקס איז אין זיין דאָק־טאָרישער אַרבעט קעגנעריש געשטימט צו דעמאָקריטן, וועלכן ער וואַרפט פאָר, אַז ער פריידיקט אַ פּאַסיוון אונטערגעבן זיך דעם גורל און דעם משפּט פון די געטער. עפּיקור דאַקעגן וואַקסט אויס ביי מאַרקס׳ן צום אידעאַלאָג פון אַקטיוון ווידערשטאַנד און קאַמף. די באַרימטע לאָזונג פון עפּיקור׳ן: „לעבן הייסט אַרבעטן און אַרבעטן הייסט קעמפן" ווערט דער אני מאמין און גייסטיקער אינהאַלט פון קאַרל מאַרקס׳ן. עפּיקור האָט מאַרקס׳ן אימפּאָנירט מיט זיין מוט אינם קאַמף קעגן די שווערע קייטן פון דער רעליגיע. ווייל, ווי ער שרייבט: „עפּיקור האָט נישט קיין מורא פאַר דעם דונער און נישט פאַר אַנדערע דראָאונגען מצד די געטער, און ער ציטערט נישט פאַר דעם צאָרן, וואָס זאַמלט זיך אין די הימלען מיט אַ געדיכטן אויפרייס!".

מיט דעם דאָזיקן עפּיקורישן קאַמף־גייסט איז באַהערשט די גאַנצע דיסערטאַ־ציע פון מאַרקס׳ן, בפרט די הקדמה, וווּ ער שרייבט: „ווי לאַנג עס וועט זיך נאָך באַוועגן אפילו איין טראָפּן בלוט אין דעם וועלט־שטורמענדיקן און ריקזיכטסלאָז פרייען האַרצן פון דער פילאָזאָפיע, אַזוי לאַנג וועט זי צוזאַמען מיט עפּיקור׳ן רופן

צו אַלע אירע שונאים: „אַ גאָטלאָזער איז נישט דער, וועלכער פאַראַכטעט די געטער פון דעם המון, נאָר דער, וועלכער גלויבט אין די געטער פון המון!"".

מאַרקס האַלט, אַז די פילאָזאָפיע דאַרף „פּראָפּאַגירן די שטאָלצע, קעמפערישע ווערטער פון פּראָמעטיי: „איך פיל אַ האַס צו אַלע געטער!"".

זיכער איז די לאַגע פון אַ רעוואָלוציאָנערן פילאָזאָף אַ שווערע אין דער היינ־טיקער געזעלשאַפט. אָבער מאַרקס פאַרלאַנגט, אַז יעדער אמת'ער און ערלעכער פי־לאָזאָף זאָל איבערחזר'ן דעם ענטפער, וועלכן פּראָמעטיי האָט געגעבן הערמעס'ן, דעם געהאָרכזאַמען משרת פון די געטער:

„ס'איז מיין אומגליקלעכער גורל! אָבער פאַר קיין שום פּרייז
וויל איך אים נישט טוישן אויף דיינע קנעכטישע גליקן!"

מאַרקס'נס הקדמה צו זיין דיסערטאַציע ענדיקט זיך מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „פּראָמעטיי איז דער גרעסטער הייליקער און מאַרטירער פון פילאָזאָפישן קאַלענדאַר!"".

דער בונטאַרישער מהות פון קאַרל מאַרקס'נס אויספירונגען אין זיין דיסער־טאַציע האָט מיט זיין מוטיקן און ראַדיקאַלן טאָן איבעראַשט אפילו די מיטגלידער פון בערלינער „דאָקטוירים־קלוב". ברונאָ בויער האָט נישט געגלויבט, אַז וועלכער ס'איז אוניווערסיטעט אין דייטשלאַנד זאָל וועלן אָננעמען אַזאַ מין אפּיקורסישע דיסערטאַציע. זיכער וואָלט פּראָפעסאָר שטאַהל, דער משומד און דייטש־קריסטלע־בער אידעאָלאָג, אַרויסגעוואָרפן מאַרקס'ן צוזאַמען מיט זיין דיסערטאַציע, ווען ער וואָלט געקומען צו אים דאָקטאָריזירן זיך מיט דער דאָזיקער אַרבעט.

אָבער אויף דעם אוניווערסיטעט אין יענאַ האָבן געהערשט גאָר אַנדערע, ספּע־ציפישע און באמת־פרייהייטלעכע טראַדיציעס, ווייטע פון פּרייסישער קנעכטשאַפט און גייסטיקער שקלאַפעריי, און דאָס האָט דערמעגלעכט קאַרל מאַרקס'ן צו באַקו־מען דאָרט זיין דאָקטאָראַט מיט אַזאַ „וועלט־שטורמענדיקער און גאָטלאָזער" דיסער־טאַציע.

## דריטער טייל

# ווען פון מורא ווערט געבוירן שנאה

„וואָס איז דער וועלטלעכער קולט פון יידנטום? דער שאַכער!"
„די באַפרייאונג פון דער הערשאַפט פון שאַכער און געלט, דאָס הייסט פון רעאַלן,
ממשותדיקן יידנטום, וועט ברענגען די זעלבסט־עמאַנציפּאַציע פון אונזער תקופה!"

(קאַרל מאַרקס: „צו דער יידן־פראַגע". 1844).

## פערציקסטער קאַפּיטל.

## צווישן אַטעאיזם און אַטאַוויזם.

אינם קאַפעהויז אויף דער פראַנצויזן־גאַס אין בערלין, איז געווען לעבעדיק און לוסטיק. דער באַרימטער „דאָקטוירים־קלוב" האָט זיך, מיט זיין פולן קאָמפּלעט פון מיטגלידער און געסט־סימפּאַטיקער, צונויפגעזאַמלט אין זיין סטאַבילער „קניי־פּע", צו אַ פייערלעכן אונטערהאַלטונגס־אָוונט לכבוד דעם פריש־באַקומענעם דאָק־טאָראַט פון פּראָמינענטן מיטגליד און קאָלעגע קאַרל מאַרקס. און הגם ס'איז געווען אַ פּראָסטער מיטוואָך, איז דער לאָקאַל פון קאַפעהויז געווען איבערפולט מיט אַ פאַרשידנאַרטיקן עולם פון סטודענטן, שריפטשטעלער און קינסטלער. ס'האָט קוים געסטאַיעט פּלאַץ פאַר די בירגערלעכע שטאַם־געסט, וואָס האָבן זיך, פרייוויליק אָדער געצוווּנגען, אָפּגעטראָגן פון אינערלעכן לאָקאַל צו דער קאַפעהויז־וועראַנדע, אין דרויסן ביים טראָטואַר.

ס'איז געווען ענדע אַפּריל פון יאָר 1841, און דער אויסערגעוויינלעך־הייסער זומער האָט שוין איצט געגעבן אַ פאָרשפּיל פון די היצן, וועלכע ער האָט צוגעגרייט פאַר די נאָענסטע חדשים. די מיושב'דיקע בירגערלעכע קאַפעהויז־געסט, רייכע קאָ־מערסאַנטן און גוט־סיטואירטע בעלי־מלאכות זענען געזעסן אויף דער וועראַנדע ביי טישן פולע מיט ביר־און־וויין־גלעזער, האָבן בנעימות געשעפּט די פרישע אָוונט־לופט, און מיט אַ נייגיריקייט זיך צוגעהערט צו דעם טומל, וואָס די „הערן סטו־דענטן" מאַכן אין לאָקאַל מיט זייערע לידער און רעדעס. נישט אַלע האָבן זיי פאַר־שטאַנען פון דעם, וואָס איז דערגאַנגען צו זייערע אויערן, אָבער אויך דאָס איז גע־ווען איבערגענוג, בכדי אַרויסצורופן אַ דערשטוינונג און אפילו אַ צאָרן ביי דעם בירגערלעכן פּובליקום אויף דער וועראַנדע. עטלעכע פון זיי האָבן זיך שטאַרק גע־וווּנדערט און געפרעגט בקול רם: „ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך, אַז די פּאָליציי דער־לויבט די סטודענטן אַזוי פרעך צו רעדן קעגן דער רעגירונג און דעם הער גאָט אַליין?!". אַ פּאָר פּחדנישע געסט האָבן גלייך גערופן דעם קעלנער און שנעל זיך אָפּגעטראָגן פון דעם מקום הפורעניות.

דער פייערלעכער אָוונט פון דעם „דאָקטוירים־קלוב" לכבוד דעם דאָקטאָראַט פון קאַרל מאַרקס'ן האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שטורמישע פּאָליטישע מאַניפעס־טאַציע, וועגן וועלכער מ'האָט לאַנג שפּעטער גערעדט אין די ראַדיקאַלע אינטע־לעקטואַליסטן־קרייזן פון בערלין. דער באַוווּסטער פילאָזאָפיע־ דאָקטאָר און זשור־נאַליסט אַדאָלף רוטענבערג האָט געעפנט דעם אָוונט מיט שטאַרקע און שאַרפע ווער־טער קעגן דער רעאַקציאָנערער שוואַרצער כמאַרע, וועלכע באַדעקט מיט איר פינצ־טערקייט דעם אייראָפּעאישן האָריזאָנט. רוטענבערג האָט באַגריסט זיין אינ־טימען פריינט, דעם דאָקטאָר קאַרל מאַרקס, וועלכער וועט איצט, נאָך פאַרענדיקן פון זיין סטודיום, אָן צוויפל און אָן פחד, זיך שטעלן אין די ערשטע רייען פון די

קעמפֿער פֿאַר אַ „יונג־דייטשלאַנד" און אַ „יונג־אייראָפּע". נאָך רוטענבערג'ס רעדע, וואָס איז פֿאַרענדיקט געוואָרן מיט אַ טאָאַסט לכּבֿוד מאַרקס'ן און זיין קעמפֿערישער פֿילאָזאָפֿישער דאָקטאָר־דיסערטאַציע, האָט מען געזונגען אַ פּאָר פֿריילעכע סטודענטן־לידער, און געטרונקען בשפֿע פֿון די ביר־קרוגן. די שטימונג איז געוואָרן אַ וואַרעמע און אַפֿילו אַ ליידנשאַפֿטלעכע.

דער טומל האָט אויפֿגעהערט, ווען עס האָט גענומען דאָס וואָרט דער צווייטער רעדנער, דער געלערנטער פֿילאָזאָפֿיע־דאָקטאָר, היסטאָריקער און שריפֿטשטעלער קאַרל־פֿרידריך קעפּען. ווי תּמיד, האָט ער אויך דאָסמאָל געשטיצט זיך אין זיינע רייד אויף דעם „אַלטן פֿריץ", דעם פּרייסישן מלך און פֿילאָזאָפֿן־פּרינץ פֿרידריך דעם גרויסן, וועלכן ער האָט פֿאַרהערלעכט אַלס דעם מוסטער פֿון אַ הערשער, אַלס דעם טרייען אָנהענגער פֿון גייסטיקער פֿרייהייט און מענטשלעכן פּראָגרעס.

קעפּען'ס פּרייסיש־פּאַטריאָטישע רעדע איז נישט אַלע אין זאַל געפֿעלן געוואָרן. מ'האָט אָנגעהויבן הוסטן און הויך צווישן זיך רעדן. פּלוצלינג איז ביים אַריינגאַנג געוואָרן אַ גערודער. מ'האָט דאָ הערציק באַגריסט דעם לאַנג־יאָריקן גרינדער און אָנפֿירער פֿון „דאָקטוירים־קלוב" ברונאָ בויער, וועלכער איז גראָד אָנגעקומען, נאָך אַ שווערער רייזע, פֿון באָן. בויער האָט מיטגעבראַכט די ערשטע עקזעמפּלאַרן פֿון זיין נייעם בוך „די קריטיק פֿון דער עוואַנגעליע", וואָס וועט באַלד צוליב זיין שאַרפֿער אַנטי־רעליגיעזער טענדענץ אַרויסרופֿן אַ שטורעם אין דער דייטשער עפֿנטלעכער מיינונג. דער רואיקער, געמעסיקטער, געלערנטער פּאַסטאָר און פּראָפֿעסאָר פֿון טעאָלאָגיש־עוואַנגעלישן פֿאַקולטעט אויף דעם באָנער אוניווערסיטעט, איז איצט געוואָרן אַ ליידנשאַפֿטלעכער קעמפֿער און אָנהענגער פֿון אַן אַטעאיסטישער וועלט־אַנשויאונג. דאָס האָט אים פֿאַרשאַפֿט פֿיינטלעכע קעגנערשאַפֿטן און ביטערע צרות אויפֿן באָנער אוניווערסיטעט. זיין ראַדיקאַלע קאַמף־שטימונג איז בולט געקומען צום אויסדרוק אין דער רעדע, וועלכע ער האָט געהאַלטן נאָך קעפּען'ען. בויער איז געווען באַגייסטערט פֿון מאַרקס'נס דאָקטאָרישער דיסערטאַציע און איר גאָט־לאָזער, עפּיקורישער אידעאָלאָגיע. ער האָט נישט דערמאָנט די אַקטועלע פּאָליטיק און די נייע געזעלשאַפֿטלעך־סאָציאַלע שטרעבונגען. דער אַטעאיזם, די גאָט־לאָזיקייט איז געוואָרן בויער'ס שלאַכט־רוף, זיין איינציקער וועג צו דער דערלייזונג פֿון דער מענטשהייט.

די זעלבע מיינונג האָט אויסגעדריקט אויך קאַרל מאַרקס, „דער העלד פֿון באַנקעט", ווי בויער האָט אים אָנגערופֿן, בעת מאַרקס איז אויפֿגעטרעטן צום שלוס פֿון פֿייערלעכן אָוונט מיט אַ קעמפֿערישער, געדאַנקען־רייכער רעדע. מאַרקס האָט, ווי בויער, געלאָזט אין דער זייט די פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכע פֿראַגן און גענומען גלייך קריטיקירן און „דעטראָניזירן" דעם בורא העולם אַליין און געטון האָט ער עס, שטיצנדיק זיך אויף דער העגעלישער פֿילאָזאָפֿיע. מאַרקס האָט זיך דורכאויס באַמיט צו באַווייזן, אַז העגעל, דער גייסטיקער געהילף פֿון דער פּרייסיש־דעספּאָטישער מלוכה און איר קאָנסערוואַטיווער אידעאָלאָגיע איז געווען אַן אַטעאיסט. ס'איז מאַרקס'ן נישט שווער געווען דאָס צו באַווייזן פֿאַר דעם פּובליקום פֿון „דאָקטוירים־קלוב", וואָס איז געווען לגמרי באַהערשט פֿון דער נייעסטער מאָדע, דעם אַטעאיזם, און האָט מיט פֿרייד אויפֿגענומען אַלץ וואָס איז געווען פּאָפּולער און אַלגעמיין פֿאַרשטענדלעך אין די ראַדיקאַלע קרייזן, צו יענער צייט.

ס'איז געווען שפּעט אין דער נאַכט, ווען די פאַרזאַמלונג פון „דאָקטוירים־קלוב" האָט זיך געענדיקט. מ'האָט מאַרקס'ן אויסגעדריקט אַנערקענונג און האַר־ציק מיט אים זיך געזעגנט. צווישן די, וואָס זענען צוגעקומען צו מאַרקס'ן און האָבן אים געווונטשן, איז געווען אויך בעטינאַ פאָן אַרנים. זי האָט אים פאָרגעשטעלט איר באַגלייטער, אַ הויכן און שטאַרקן מאַנספּאַרשוין, און אָנגערופן זיין נאָמען: פירשט מיכאַל באַקונין.

מאַרקס'ן האָבן אַהיים באַגלייט אַ פּאָר נאָענטע פריינט. מ'איז געווען שטאַרק באַאיינפלוסט פון פייערלעכן אָוונט און מ'האָט גערעדט מיט פּאַטעטישע ווערטער וועגן דער גרויסער, הערלעכער צוקונפט, וואָס דערוואַרט דעם נייעם פילאָזאָפיע־דאָקטאָר. דער 23־יעריקער קאַרל מאַרקס איז געווען אין דער בעסטער, גליקלעכ־סטער שטימונג: ער איז יונג און שטאַרק, אַרומגערינגלט מיט גוטע טרייע חברים, פריי ליגט דאָס לעבן פאַר אים און אָפן צו דעראָבערן איז די גאַנצע וועלט! קאַרל האָט מיט אַ פולער זיכערקייט געהאָפט, אַז ס'וועט אים נישט אויספעלן כח און טאַלאַנט בכדי באַלד אויסצוקעמפן די אַנערקענונג פון דער וועלט פאַר זיין שטור־מישן, פראָמעטייאישן גייסט.

די נאַכט איז געווען אַ הערלעכע. געדיכט האָט זיך באַדעקט דער הימל מיט שטערן און די לבנה האָט ברייט־פּנים'דיק געשמייכלט. אַ לייכטער קילער ווינט האָט דערפרישט די צעהיצטע קעפּ, וואָס זענען שווער געווען פון די צאָל־לאָזע ביר־קרוגן און פון די גלענצנדיקע אילוזיעס. שנעל איז פאַרגאַנגען די פּרעכטיקע פרילינגס־נאַכט.

ביים געזעגענען זיך, פאַרן טויער פון מאַרקס'נס הויז, האָט רוטענבערג, זייענ־דיק אַ רגע ביחידות מיט מאַרקס'ן, געפונען די געלעגנהייט, בכדי צו באַמערקן מיט אַן איראָניש־שמייכלנדיקער העויה: „דו האָסט, קאַרל, שיין גערדרש'נט, אָבער דיינע אבות, די טריערער רבנים וואָלטן זיכער דיך דורס געווען, ווען זיי הערן דיינע גאָט־לאָזע רייד!".

מאַרקס'נס פּנים איז אויפאיינמאָל געוואָרן טויט־ערנסט און אין זיינע טונקע־לע אויגן האָבן זיך באַוויזן סימנים פון עפּעס אַ מאָדנעם, אומהיימלעכן געמיש פון פּחד און צאָרן. קאַרל האָט זיך שנעל געזעגנט און איז אַריין צו זיך אין דער איינ־זאַמער שטוב. גלייך האָט ער זיך אויסגעטון און געוואָלט שלאָפן. אָבער דער שלאָף איז נישט געקומען און דאָס פּוסטע צימער איז פול געוואָרן מיט געשטאַלטן אין וועלכע מאַרקס האָט געוואָלט דורכאויס פאַרגעסן. אָבער זיי זענען כסדר צוריקגע־קומען און האָבן געפּייניקט די מידע נשמה. קאַרל'ס פרייִלעכע, קעמפערישע און זעלבסט־זיכערע שטימונג פון אָוונט איז פולשטענדיק פאַרשוווּנדן. אַלץ האָט איצט אין אים און אַרום אים טיף געווייטיקט. קאַרל מאַרקס האָט זיך דערמאָנט אין די ווערטער פון זיין גאָטזעליגען פאָטער, וועלכער האָט אים אָפט געזאָגט און געשריבן מיט אַ טיפער זאָרג: „צי וועט דיין נשמה, קאַרל, זיין אַ הימלישע אָדער אַ פאַאוס־טישע?!".

מאַרקס האָט זיך אויפגעכאַפּט פון בעט און גענומען רעדן שטילערהייט צו זיך אַליין: „איך האָב געזאָגט „גאָטזעליגער פאָטער"! אָבער צו וואָס טויג מיר דאָ דער גאָט? ווי שטאַרק איז דאָך דער כח פון אַ געווינהייט, די מאַכט פון אַן אַטאַ־וויזם! צי איז מיין אַטעאיזם, מיין גאָטלאָזע וועלט־אַנשויאונג ווירקלעך ביכולת

אויסצוואַרצלען פון מיין נשמה און פון מוח די פיזישע און גייסטיקע ירושה פון הונדערטער יאָרן, פון לאַנגע דורות?".

מאַרקס'ן האָט זיך געדוכט, אַז זיין צימער איז ווידער פול געוואָרן מיט אומ־היימלעכע גייסטער פון דער פאַרגאַנגנהייט, און אַז אין דער שטילער פינצטערקייט גייט איצט אַ פאַרביסענער ויכוח צווישן זיין פאָטער, דעם קאַנטיסט און פרייסיש־קעניגלעכן יוסטיץ־ראַט היינריך מאַרקס און די מאַרקסישע אבות, די רבנים און גאונים פון טריער. ווער וועט מנצח זיין אין דעם דאָזיקן קאַמף, דער הוה צי דער עבר, דער כח פון פרייען, אייגענעם ווילן צי דאָס געזעץ פון ירושה, פון דעטער־מינאַציע?

ס'איז שוין געווען העלער טאָג און די וואַרעמע זון האָט גענומען אַריינשיי־נען, ווען מאַרקס איז סוף־כל־סוף אַ מידער איינגעשלאָפן. זיין שלאָף איז געווען אַ שווערער, ווי ס'וואָלטן אים ווייטער געפייניקט די ביטערע ספקות: „וואָס וועט אין מיר, סוף־כל־סוף זיגן, דער אַטעאיזם צי דער אַטאַוויזם?".

## איינאונפערציקסטער קאַפּיטל.

## מיט ברוך שפּינאָזאַ קעגן דעם „רבנישן שאָטן".

ברונאָ בויער האָט זיך געאיילט צוריקצופאָרן קיין באָן, ווו עס האָבן אויף אים געוואַרט זיינע פּליכטן אַלס אוניווערסיטעטס־פּראָפעסאָר. ער האָט נאָך געפונען אַ ביסל צייט, בכדי זיך דורכצושמועסן מיט קאַרל מאַרקס'ן. בויער איז געווען איבער־צייגט, אַז מאַרקס וועט בקרוב אַ דאַנק זיין טאַלאַנט און בילדונג מאַכן אַ שנעלע קאַריערע. ער האָט געוואָלט, אַז מאַרקס זאָל באַלד קומען קיין באָן און העלפן אים ביים אַרויסגעבן אַ זשורנאַל מיטן נאָמען „אַרכיוו פון אַטעאיזם". מאַרקס האָט אָבער געטראַכט וועגן איבערנעמען אַ קאַטעדרע אויף אַ דייטשן אוניווערסיטעט. ער איז געווען גרייט צו לייענען לעקציעס וועגן דער פילאָזאָפיע, וועלכע איז געוואָרן זיין וויסנשאַפטלעכע פאַך־אויסבילדונג.

דערוויייל זענען אָבער פאַרגאַנגען וואָכן און מאַרקס האָט גאָרנישט אויפגע־טון. פון טריער זענען ווידער אָנגעקומען שלעכטע בריוו. די מאַמע און די שוועס־טער האָבן זיך ביטער באַקלאָגט אויף דער קריטישער מאַטעריעלער לאַגע און אויף די איבערגעריסענע באַציאונגען מיט דער פאַמיליע פאָן וועסטפאַלן. זשעני האָט זעלטן געשריבן, אָבער אירע בריוו זענען געווען טרויעריקע. זיי האָבן מודיע געווען וועגן דער קראַנקהייט פון געהיימראַט און וועגן די אינערלעכע פאַמיליע־סכסוכים, וואָס האָבן איר אייגנטלעכע סיבה געהאַט אין דער שאַרפער קעגנערשאַפט פון זשעני'ס נאָענטע קרובים לגבי דעם הייראַטס־פּלאַן מיט דעם „אָרעמען אָבער צעבאַלעוועטן יידיש־אַדוואָקאַטישן זונדל". ווי מיט פינף יאָר צוריק, ביים אָנהויב פון זיין אויפנהאַלט אין בערלין, האָבן אויך איצט, ביים סוף פון דער בערלינער תקופה, באַהערשט מאַרקס'ן מעלאַנכאָלישע, שווערמוטיקע שטימונגען, וואָס זענען אָפּט דערגאַנגען ביז צו אַ פולשטענדיקער אַפּאַטיע. „דריי־און־צוואַנציק יאָר בין

איך אַלט און האָב נאָך גאָרנישט אויפגעטון פאַר מיין אומשטערבלעכקייט" זאָגט דער העלד פון פרידריך שילער אין איינעם פון זיינע דראַמען. אין די דאָזיקע ווערטער האָט זיך דערמאָנט דער 23־יעריקער פילאָזאָפיע־דאָקטאָר קאַרל מאַרקס, בעת ער האָט געטראַכט וועגן דעם, אַז אין זיינע יאָרן איז ווילהעלם פיט שוין געווען בריטישער פרעמיער, און געטהע און שילער האָבן פאַרפאַסט זייערע באַרימטע ווערק.

קאַרל מאַרקס האָט באַשלאָסן ווי־אַמשנעלסטן אַריבערצופאָרן קיין טריער. ער מוז זיך דורכשמועסן מיט דער מוטער און מיט די שוועסטער וועגן פאַרשידענע ענינים, וואָס זענען נאָך דעם טויט פון פאָטער געבליבן נישט־רעגולירט. אויך די זאַך מיט זשעני מוז איצט ענדלעך נעמען אַ סוף. ס'איז די זעכסטע צייט צו הייראַטן, כל זמן דער אַלטער געהיימראַט לעבט נאָך.

אָבער נאָך אַלעמען איז מאַרקס'ן שווער געווען זיך אַזוי־פּלוצלינג צו שיידן מיט בערלין, מיט דעם „דאָקטוירים־קלוב", מיט אַלע פריינט און קאָלעגן, און מיט דעם גאַנצן לעבנס־אופן, צו וועלכן ער האָט זיך שוין אַזוי צוגעוווינט במשך זיין פינף־יעריקן שטודירן אין בערלין. דער חודש מאַי איז געווען אַ פּרעכטיקער, אַ וואַרעמער און אַלץ האָט געבליט און געשטראַלט, אָבער מאַרקס'נס געמיט איז געוואָרן אַ געדריקטע, זיין נשמה האָבן געפּייניקט ספקות, און עפּעס אַן עלעגישע טרויעריקייט האָט באַגלייט אים אויף אַלע זיינע וועגן.

פון משה העס'ן איז אָנגעקומען אַ קורץ בריוול און אַ ניי־פאַרפאַסט בוך, וואָס האָט זיך גערופן „די אייראָפּעאישע טריאַרכיע". אין דעם בערלינער טומל האָט מאַרקס כמעט שוין אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן דער באַקאַנטשאַפט מיט דעם דאָזיקן מאָדנעם פילאָזאָף־טרוימער העס. דאָס נייע ווערק פון משה העס'ן האָט פּראָפּאַגירט די אידיי פון אַ פאַראייניקטער דעמאָקראַטישער מלוכה, וואָס זאָל אַרומנעמען גאַנץ אייראָפּע און אָפּשאַפן אַלע גרענעצן און באַשרענקונגען. „די אייראָפּעאישע טריאַרכיע" איז באַלד פּאָפּולער געוואָרן אין די ראַדיקאַלע קרייזן און האָט אַרויסגערופן דעם צאָרן פון די רעאַקציאָנערע מושלים. מאַרקס האָט זיך גענומען לייענען דאָס צוגעשיקטע ווערק פון משה העס. אַ סך זאַכן אין בוך זענען אים פאָרגעקומען גאָר אָריגינעל, משונה'דיק הגם גייסטרייך. ער איז קודם־כל נישט מסכים געווען מיט שפּינאָזאַ'ס איינפלוס אויף דעם מחבר.

צופעליק איז צו יענער צייט געקומען אין מאַרקס'נס האַנט אַ וויסנשאַפטלעך בוך, וואָס האָט קריטיש באַהאַנדלט די באַציאונגען פון דעם גרויסן יידיש־אייראָפּעאישן פילאָזאָף בענעדיקט שפּינאָזאַ צו זיין פאָלק, די יידן און יידנטום. מאַרקס איז געווען גענוי באַקאַנט מיט דער טראַגעדיע, וועלכע שפּינאָזאַ האָט איבערגעלעבט אין אַמסטערדאַמער געטאָ, מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק. ווי אַלע געבילדעטע, מאָדערנע מענטשן האָט מאַרקס שאַרף פאַראורטיילט די פאַנאַטישע רבנים, וואָס האָבן אַזוי גערודפ'ט און דערנידעריקט זייער גלויבנס־גענאָסן שפּינאָזאַ, וועמענס איינציקע שולד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט אין זיין סביבה און אין זיין צייט געוואָלט בלייבן אַ פרייער, שטאָלצער מענטש מיט אייגענע געדאַנקען און איבערצייגונגען. מאַרקס האָט בשום אופן נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס דער דאָזיקער טיפער דענקער און קריטישער גייסט איז נישט אַוועק פון יידנטום, פאַרוואָס האָט ער נישט אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן, בפרט, אַז ער האָט פיינט געהאַט דאָס יידנטום און איז געווען אַזוי באַגייסטערט פון דער קריסטלעכער אמונה, פון

איר עטישער וועלט־אַנשויאונג, פון דעם נייען טעסטאַמענט און אפילו פון דער קריסטלעך־קירכלעכער מאַכט. צוליב וואָס איז ער, שפּינאָזאַ, דער וועלט־שטורמער, געבליבן אין ענגן געטאָ־געסל און האָט זיך געלאָזט רודפ'ן דורך רבנישע חרמ'ס?

אָבער קאַרל מאַרקס האָט נישט געזוכט קיין ענטפער אויף די דאָזיקע פראַגן. ער האָט בלויז געדאַרפט האָבן אַ מאָראַלישע אונטערשטיצונג, וואָס זאָל אים העלפן אין זיין פערזענלעכן פאַרצווייפלטן קאַמף קעגן די רבנישע שאָטנס, וועלכע פאַר־פאָלגן אים אומברחמנות'דיק. ווי ווערט מען פּטור פון דער יידיש־רבנישער ירושה פון לאַנגע דורות, וואָס באַדראָען זיין ווייטערדיקן קיום און זיין צוקונפט מיט זייערע דעטערמינאַציע־געזעצן? מאַרקס האָט געזוכט און געפונען ביי ברוך שפּינאָזאַ'ן גע־דאַנקען און אויספירונגען, וואָס האָבן אין אים געשטאַרקט די קעגנערשאַפט צום יידנטום. די דאָזיקע קעגנערשאַפט וועט זיך באַלד פאַרוואַנדלען אין אַן אָפענער שנאה. אין יאָר 1843 האָט מאַרקס געשריבן: „די יידישע רעליגיע רופט אַרויס ביי מיר געפילן פון עקל!".

פאַר זיין אַנטי־יידישער שטעלונג אינם קאַמף קעגן דעם „רבנישן שאָטן" האָט קאַרל מאַרקס צו הילף גענומען ברוך שפּינאָזאַ און זיינע מיינונגען וועגן דעם יידנ־טום. מאַרקס האָט מיט אַ לאָגישער קאָנסעקווענץ אַרגומענטירט און זיך אַליין פעסט איבערצייגט מיט אַ פאָלגנדיקן געדאַנקען־גאַנג: אויב אַזאַ עכט־יידישער דענקער, ווי שפּינאָזאַ, וועלכער איז טריי געבליבן דעם יידישן כלל, טראָץ אַלע חרמ'ס און רדי־פות מצד די רבנים, האָט אַזוי קריטיש אַנאַליזירט און שאַרף באַקעמפט די געזעצן פון יהדות און דעם גייסט פון דער יידיש־רעליגיעזער טראַדיציע, איז דאָך דאָס דער בולט'סטער סימן, אַז דאָס יידנטום איז אין יסוד לגמרי שלעכט און פאַרדאָרבן, און אויסגעצייכנט האָט לכן געטון זיין פאָטער, דער יוסטיץ־ראַט, מיט דעם, וואָס ער האָט זיך און זיינע קינדער אָפּגעשמד'ט. מיט אַ געוויסער הנאה האָט קאַרל מאַרקס געלייענט די מיינונג פון דערמאָנטן מחבר, אַז שפּינאָזאַ, דער גרויסער עטי־קער און מענטשן־פריינט האָט געהאַסט דאָס יידנטום און די יידן.

קאַרל מאַרקס האָט זיך געפרייט אויפן געדאַנק, אַז ווען ער וועט זיך דאָס מאָל טרעפן מיט משה העס'ן, דעם דאָזיקן אין יידנטום פאַרליבטן פאַנטאַסט, דאַן וועט ער אים באַווייזן, ווי זיין גרויסער רבי, ברוך שפּינאָזאַ, האָט פאַראַכטעט דאָס יידנ־טום, מיט זיין געזעץ און מהות.

ווי געזאָגט, איז מאַרקס'נס באַציאונג צו יעדער רעליגיע, צו יעדן קאָנפעסיאָ־נעלן קולט געוואָרן, צו יענער צייט, אַן עקסטרעם־נעגאַטיווע, פיינטלעכע. זי האָט אויך נישט אַנדערש געקאָנט זיין לגבי דעם יידישן דת. אָבער מאַרקס האָט פאַר־שטאַנען, און אפשר נאָך מער אינסטינקטיוו אַרויסגעפילט, אַז דאָס יידנטום איז פאַר אים נישט בלויז אַ רעליגיעזער ענין. פון דעם האָט זיך גענומען זיין פאַרביטע־רונג און זיין ליידנשאַפט. דער „רבנישער שאָטן" האָט אים פאַרפאָלגט דאָס גאַנצע לעבן און נישט געגעבן קיין רו. מאַרקס איז נישט געווען ביכולת צו בלייבן לגבי דעם יידנטום גלייכגילטיק, אַזוי־צו־זאָגן נייטראַל. ער האָט עס געמוזט ליבן אָדער האַסן. מאַרקס האָט אויסגעוויילט דאָס צווייטע. און ווער וויים, וויפל עס האָט דער־צו מיטגעהאָלפן די קריטישע שטעלונג פון שפּינאָזאַ'ן לגבי דעם יידנטום.

# צווייאונפערציקסטער קאַפּיטל.

## דער רוסישער פירשט באַקונין און דער בערלינער „ניהיליזם“.

„גוט מאָרגן — אייער גאָטלאָזיקייט!“: מיט די דאָזיקע ווערטער האָט זיך באַגריסט קאַרל פרידריך קעפּען, טרעפנדיק מאַרקס'ן אויף אַ שפּאַציר „אונטער דען לינדען“. ביידע קאָלעגן האָבן האַרציק געלאַכט. זייט אַ געוויסער צייט איז געוואָרן אַ מנהג ביי די מיטגלידער פון „דאָקטוירים־קלוב“ צו באַגריסן זיך מיט די דאָזיקע מאָדנע ווערטער, וואָס זענען געווען אַ סאַרקאַסטישע אימיטאַציע פון די אָנגענומענע טיטלען אין די פּרייסישע רעגירונגס־קרייזן (אייער מאַיעסטעט“, „אייער עקסעלענץ“ און אַז. וו.).

„אייער גאָטלאָזיקייט“ האָט געדאַרפט ווערן דער שטאָלצער טיטל און קאַמף־גרוס פון די „דאָקטוירים־קלוב“־אַטעאיסטן. די אידעאָלאָגיע פון דעם דאָזיקן קלוב האָט זיך אַלץ מער ראַדיקאַליזירט, אויך אין דער פּאָליטישער ריכטונג.

„קעפּען, ווי איז צו דיר! ס'איז אויס מיט דיין פרידריך און מיט די פּרייסיש־פּאַטריאָטישע מליצות! מיר הויבן אָן צו גיין אויפן וועג פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע!“ האָט מאַרקס דערקלערט זיין פּריינט, האַלב־ערנסט און האַלב־שפּאָטנדיק, בעת זיי האָבן ממשיך געווען זייער מאָרגן־שפּאַציר.

„איך ווייס נישט, וואָס דו פרייסט דיך אַזוי, מאַרקס. די קאָנסטיטוציאָנעלע, ליבעראַלע מאָנאַרכיע, פאַר וועלכער איך קעמף, איז די איינציקע רעאַלע מעגלעכקייט היינט־צו־טאָג אין פּרייסן. דיין רוטענבערג איז לגמרי משוגע, ווען ער שטופּט אייך צו אַ רעפּובליקאַנישער רעוואָלוציע. אין דייטשלאַנד וועט קיינמאָל נישט זיין קיין רעפּובליק. שלאָג דיר דאָס אַרויס פון קאָפּ! די דייטשן זענען געבוירענע מאָנאַרכיסטן, זיי דאַרפן האָבן אַ הערשער.....

מאַרקס האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער קעפּען איז געבליבן ביים וואָרט:

„וואַרט צו, מיין טייערער מאַרקס. דו קענסט דיך, אפשר, בעסער אויס אין דער פילאָזאָפיע, ווי אין דער געשיכטע. דאָס קומט דיר זיכער בירושה! ווייל ווי איך הער, שטאַמסט דו פון גרויסע רבנים און תלמודישע געלערנטע. אָבער, אַנטשולדיק, די דייטשן קען איך בעסער פון דיר! אויך אַ דעמאָקראַטישע מאָנאַרכיע איז נישט לייכט ביי אונז דורכצופירן!“.

„איך וווּנדער זיך, קעפּען, אויף דיינע באַהויפּטונגען! דו ביסט דאָך אַ היסטאָריקער און מ'האַלט דיך פאַר אַ גוטן היסטאָריקער. און פּלוצלינג קומסט דו מיט אַזעלכע מיסטישע טעאָריעס, וועלכע פּאַסן פאַר אַ געצן־דינער, אָבער נישט פאַר דיר, דעם פריידענקער, דעם קריטיקער. צי מיינסט דו באמת, אַז יעדעס פאָלק איז געבענטשט פון גאָט מיט אַ באַזונדערער רעגירונגס־פאָרם, וואָס פּאַסט זיך נישט פאַר קיין אַנדערן פאָלק. דאָס זענען נאַרישקייטן, קעפּען! אגב, ביי דער געלעגנהייט, האָב איך דיך געוואָלט פרעגן, צו וועלכן צוועק האָסט דו אייגנטלעך געשריבן דיינע אויסגעצייכנטע סטודיעס וועגן דער טעראָר־תקופה אין דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע?“.

קעפּען האָט אַ רגע געשוויגן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און גענומען אָבסער־

ווירן די ברייטע און לאַנגע אַלייען, ווי ער וואָלט זיי צום ערשטן מאָל געזען. און האָט געענטפערט רואיק און לאַנגזאַם:

„פאַרוואָס פאַרשטייסט דו דאָס נישט, קאַרל? מיין כוונה איז געווען צו ווייזן די דייטשן ווי אַזוי ס'איז פאָרגעקומען די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע. זאָלן אונזערע לאַנדסלייט לערנען פון די טראַגישע פעלערן, וועלכע די פראַנצויזן זענען באַגאַנגען. פון מיין בוך וועגן דעם טעראָר וועלן אָבער לערנען בלויז די, וואָס ווילן לערנען. צו זיי געהערט נישט אונזער היציקער פריינט רוטענבערג. אָט האָט ער איצט מיט זיינע חברים געגרינדעט אַ רעוואָלוציאָנערן קלוב, וואָס רופט זיך לויט דעם פראַנצויזישן מוסטער: « Les amis du peuple ». („די פריינט פון פאָלק"). און זיי מאַכן דאָרט די „רעוואָלוציע". ווי־אַזוי? זיי עפענען לייען־זאַלן פאַרן פאָלק און רעדן זיך איין, אַז דאָס זענען די פּאַריזער קאַפע־הייזער ערב דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. נאַראָנים וואָס זיי זענען! זיי קאָפּירן די דעקאָראַציעס פון דער פראַנ־צויזישער געשיכטע פון אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, און מיינען, אַז מיט דעם טראָגן זיי אַריבער די פראַנצויזישע, רעוואָלוציאָנערע ווירקלעכקייט צום פאַרשלאָ־פענעם, אָפּגעשטאַנענעם, קאָנסערוואַטיוון דייטשלאַנד. דו, מאַרקס, ביסט דאָך אַ קלוגער, קריטישער מענטש, צי פאַרשטייסט דו נישט, אַז זייער שפּיל טויג צום טייוועל?... און..."

קעפּען האָט איבערגעריסן און פריינטלעך געהויבן זיין הוט, באַגריסנדיק זיך מיט אַ דורכגייער. מאַרקס האָט געוואָרפן אַ בליק און דערזען פאַר זיך אַ הויכע און שטאַרקע געשטאַלט, וועלכע איז אים פאָרגעקומען באַקאַנט.

„ווער איז דאָס, קעפּען?" האָט ער געפרעגט.

„דערקענסט אים נישט, ער איז דאָך געווען אָנוועזנדיק אויף דעם אָוונט לכבוד דיין דאָקטאָראַט. געקומען איז ער אין געזעלשאַפט פון בעטטי פאָן ארנים. דאָס איז דער רוסישער פירשט און רעוואָלוציאָנער מיכאל באַקונין!".

„יאָ, ריכטיק, קעפּען, איך האָב אינגאַנצן אין אים פאַרגעסן!".

„זעט אויס, מאַרקס!" האָט זיך געוויצלט קעפּען „אַז דיינע באַציאונגען מיט בעטינאַ זענען לגמרי פאַרענדיקט. אַנדערש וואָלסט דו זיכער נישט פאַרגעסן דעם מאַן, וואָס באַגלייט איר. אגב, מאַרקס, וואָס איז מיט דיר, דיין זכרון איז שוואַך געוואָרן און דו זעעסט אויס אַזוי נידערגעשלאָגן, מיד און בלאַס. ביסטו קראַנק אָדער אפשר האָסט דו ווידער אַ רעצידיוו פון דיין „וועלט־שמערץ"?

ביידע פריינט האָבן זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק אין אַ נאָענטן שטאָטישן גאָרטן און האָבן פאַררויכט די ליולקעס. קעפּען איז געוואָרן צודרינגלעך:

„אַלזאָ, קאַרל, אַרויס מיטן לשון. וואָס איז דיר? דו שווייגסט עפּעס צו פיל, ס'איז נישט דיין טבע!!!".

„ס'איז מיר גאָרנישט! דו ווייסט דאָך, ליבער קעפּען, ווי ס'פירט זיך ביי אונ־זערם גלייכן. אָט חלומ'ט מען און שטרעבט מען נאָך אַ ציל, מיט אַלע כחות און מיט דעם גאַנצן פאַרלאַנג, און ווען מ'האָט עס ענדלעך דערגרייכט, בלייבט מען שטיין אַן אַנטוישטער און אומעטיקער: ס'איז נישט דאָס, וואָס מען האָט דערוואַרט. איך האָב דערגרייכט מיין דאָקטאָראַט, און איצט, וואָס ווייטער?"

קעפּען האָט פריינטלעך געשמייכלט:

„נעם דיך דערמיט נישט איבער! ס'איז דיין לעצטע יוגנט־קראַנקייט! איך בין

אַ סך עלטער פון דיר און ווייס עס פון מיין אייגענער דערפאַרונג. באַלד וועסט דו געפינען אַן אַנדערן ציל און ווידער חלומ'ען און שטרעבן נאָך אים מיט אַלע דיינע כחות. צי איז דאָס נישט אַזוי?"

„איך גלויב אויך אין דעם. אגב, קעפּען, קענסט דו דעם דאָזיקן באַקונין, ווער איז דאָס אייגנטלעך?

„אָ, קאַרל, דאָס איז זייער אַן אינטערעסאַנטע פּערזאָן. ס'וואָלט כדאי געווען, אַז דו זאָלסט זיך מיט אים באַקענען פּערזענלעך. ער איז געווען אַ רייכער גרונט־באַזיצער, אָפיצער אין דער צאַרישער אַרמיי און געהערט צום העכסטן רוסישן אַדעל. ער האָט זיך אָבער פון דעם אַלעם אָפּגעזאָגט, איז געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנער און האָט פאַרלאָזט רוסלאַנד. זייט אַ יאָר שטודירט ער אויפן בערלינער אוניווערסי־טעט פילאָזאָפיע: פיכטע, קאַנט און בעיקר אונזער העגעל. באַקונין האָט פּאַרציכ־טעט אויף אַלע זיינע גיטער און לעבט דאָ פון אייגענער אַרבעט!".

„אָבער, קעפּען, וואָס פאַרבינדט אים מיט בעטינאַ?".

קעפּען האָט הויך און האַרציק געלאַכט: „דער טייוועל ווייס עס. דאָס איז טאַ־קע דאָס קאָמישע. מ'דערציילט זיך, אַז באַקונין האָט נישט קיין שום באַציאונגען מיט פרויען, אַ חוץ מיט זיין שוועסטער טאַטיאַנאַ, אין וועלכער ער זאָל זיין פאַר־ליבט. איך ווייס נישט צי דאָס איז אמת, אָבער איך האָב געהערט, אַז באַקונין האָט געשריבן צו זיין אינטימען יוגנט־פריינט אין רוסלאַנד אַ בריוו, אין וועלכן ער איז אים מודיע וועגן זיין שטודירן אין בערלין, די פילאָזאָפיע פון העגעל, און אויך וועגן דעם, אַז ער קאָן בשום אופן נישט פאַרגעסן זיין ליבע צו דער... שוועסטער טאַטיאַ־נאַ. אויף דעם האָט אים געענטפערט דער פריינט: „איך קאָן דיר דאָ גאָרנישט העלפן, אפשר וועט דיר העלפן דיין העגעל!".

ביידע פריינט האָבן זיך הויך צעלאַכט, און קעפּען האָט צוגעגעבן:

„איך האָב, פאַרשטענדלעך דעם בריוו נישט געלייענט און בין נישט פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר די דאָזיקע רכילות!".

„זיכער, דאָס ווייס מען דאָך, דו ביסט, קעפּען, אַ היסטאָריקער און גלויבסט נאָר אין דאָקומענטן!".

„אָבער, מאַרקס, אַריבערגייענדיק פון קאָמישן צום ערנסטן, מוז איך דיר זאָגן, אַז איך בין נישט אַנטציקט מיט באַקונינ'ס השפּעה אויף די מיטגלידער פון אונזער „דאָקטוירים־קלוב". זיי לערנען שנעל פון אים די מנהגים פון די רוסישע ניהיליסטן. מיר וועלן נאָך האָבן גענוג צרות פון דער דאָזיקער פאַרשלעפּטער ניהיליסטישער קרענק. דו וועסט זיך, מאַרקס, דערמאָנען אין מיינע ווערטער!".

„דו האָסט אַליין געזאָגט, קעפּען, אַז דייטשלאַנד איז אָפּגעשטאַנען, פאַרשלאָפן און קאָנסערוואַטיוו. צי האַלטסט דו נישט, אַז יעדע אויפטרייסלונג, און זאָל זי אַפילו קומען פון די הפקר'דיקע רוסישע ניהיליסטן, קאָן זיין נוצלעך פאַר דער דע־מאָקראַטישער אַנטוויקלונג פון דייטשלאַנד?".

„די רוסן און דעמאָקראַטיע? האַ, האַ, דאָס איז צום לאַכן! זיי זענען דאָך, מיין ליבער מאַרקס, נאָך מער שקלאַפן, ווי מיר, די דייטשן. עס וועלן דורות פאַר־גיין, און רוסלאַנד וועט בלייבן דעספּאָטיש רעגירט...

„אָבער, קעפּען, דער צאַריזם איז דאָך פאַרפוילט ביז צו זיין גרונט. ווי לאַנג קאָן ער נאָך אויסהאַלטן?".

„ער וועט נאָך לאַנג אויסהאַלטן! און ווען ער וועט אפילו פאַלן, צי ביסטו, מאַרקס, זיכער, אַז זיין יורש וועט זיין די דעמאָקראַטיע? ס'קאָן קומען דאָרט אַ נייע פאָרם פון דעספּאָטיזם, אפשר נאָך אַן ערגערע, ווי דער צאַריזם!...".

קאַרל מאַרקס האָט זיך אויפגעהויבן:

„לאָז מיך צורו, קעפּען, מיט דיינע אַבסורדאַלע טעאָריעס און נביאות. איך ווייס נישט, ווי דו קאָנסט דאָס פּאַריינִיקן מיט דיין העגעלישער וועלט־אַנשויאונג? איך האָב שוין געגוג, מיין ליבער קעפּען. דיין היסטאָריאָזאָפיע טויג צום טייוועל, דו זוכסט פאַר יעדן פאַלק אַ באַזונדערע מיסטישע באַשטימונג. איך וואָלט דיך ארויסגעוואָרפן פון דער גימנאַזיע, ווו דו ביסט לערער פון געשיכטע. איך וויל נישט צוזאַמען מיט דיר מאַכן געשיכטע, אָבער עסן מיטאָג וועלן מיר גיין צוזאַמען!".

ס'איז שוין געווען לאַנג נאָך דער מיטאָגס־צייט, ווען ביידע חברים האָבן אָנגעהויבן עסן מיטאָג אין זייער געוויינלעכן רעסטאָראַן. די זופּ איז געווען קאַלט און האָט זיי נישט געשמעקט. מאַרקס האָט זיך געוויצלט:

„זעסט דו, קעפּען, פון דיין שלעכטער היסטאָריאָזאָפיע איז אפילו אונזער זופּ קאַליע געוואָרן!".

# דרייאונפערציקסטער קאַפּיטל.

## פינף פּובליקאַציעס און פינף אויטאָרען.

ס'איז שוין געווען דער חודש יוני און די היצן אין בערלין האָבן ממש געברענט. דער זומער 1841 איז געווען אויסערגעוויינלעך הייס. מאַרקס האָט זיך געפילט מיד און האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם טאָג, ווען ער וועט קאָנען ענדלעך אַוועקפאָרן אויף די וואַקאַנסן קיין טריער. אייגנטלעך האָט ער שוין, זייט דריי חדשים, גאָרנישט געהאַט צו טון אין בערלין. אָבער קאַרל מאַרקס איז געבליבן, וואַרטנדיק אויף אַ שנעלער און פּאָזיטיווער דערליידיקונג פון געוויסע וויכטיקע ענינים, וועלכע ברונאָ בויער האָט אים צוגעזאָגט צוצואיילן. עס האָט זיך קודם־כל געהאַנדלט וועגן אַ קאַטעדרע פאַר מאַרקס'ן אויפן באָנער אוניווערסיטעט. און אויסערדעם וועגן אַ צייטשריפט, וועלכע מאַרקס האָט געזאָלט רעדאַגירן צוזאַמען מיט בויער'ן. ס'איז מאַרקס'ן געווען גאָר פיינלעך צוריקצוקומען קיין טריער „מיט ליידיקע הענט", ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט. פון איין זייט האָבן געוואַרט די מוטער און די שוועסטער, און פון דער אַנדערער זייט זשעני און אירע עלטערן, האָפנדיק, אַז קאַרל וועט ענדלעך געפינען אַ באַרוף, וואָס זאָל אים און זיינע נאָענסטע פאַרזיכערן מיט פּרנסה. מאַרקס האָט גערעכנט, אַז קומענדיק אויף די וואַקאַנסן וועט ער זיך קאָנען רעפּרעזענטירן אַלס אַן אוניווערסיטעטס־דאָצענט אָדער מינדסטענס אַלס אַ רעדאַקטאָר. דער דאָקטאָראַט פון פילאָזאָפיע איז דאָך געווען, ווי מ'זאָגט אין דייטשלאַנד „אַ טיטל אָן מיטל". אָבער די דערליידיקונג פון די דערמאָנטע ענינים האָט זיך פאַרשלעפּט פון וואָך־צו־וואָך, און באין ברירה איז מאַרקס געבליבן

זיצן אין בערלין, מיינענדיק אַז סוף־כּל־סוף וועט עפּעס פון זיינע דערוואַרטונגען און בויער'ס הבטחות אַרויסקומען.

קאַרל מאַרקס האָט דערווייל פאַרבראַכט די טעג ביים לייענען, און די אָוונטן אין „דאָקטוירים־קלוב". עס איז אים לעצטנס די קאַפּעהויז־סביבה נישט געווען אַזוי נאָענט צום האַרצן, ווי אַמאָל. די „ניהיליסטישע משוגעת", ווי מ'האָט דאָס גע־רופן, איז געוואָרן אין „דאָקטוירים־קלוב" די הערשנדיקע מאָדע, וואָס האָט אַלץ מער פאַרטרעטן די אַמאָליקע גייסטיקע ויכוחים און אידעאָלאָגישע קאָנפערענצן. אַ סך נייע מיטגלידער, וואָס האָבן זיך גערופן מיט אַ פּרעטענסיאָנעלן נאָמען „די פרייע מענטשן" זענען בלויז איינס אויסן געווען: צו פּראָוואָצירן מיט זייער משונה'דיקער פירונג די בירגער פון בערלין. מ'האָט זיך גאַנצע נעכט אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסן, געמאַכט שכור'ע אַוואַנטורעס אין טעאַטערס, קאַפעהייזער און פאַרזאַמלונגס־לאָקאַלן, מ'האָט אַרויסגערופן סקאַנדאַלן אין די „לוסטיקע הייזלעך" און געשלאָגן זיך ביז־צום־בלוט מיט די אָרדענונגס־היטער. די „פרייע" חברה איז נישט מיד גע־וואָרן אויסצוטראַכטן יעדן אָוונט נייע ווילדע שטיק. מ'האָט געפירט איבער די גאַסן גראָטעסקע פּראָצעסיעס, וואָס האָבן טיף באַליידיקט די רעליגיעזע געפילן פון דער באַפעלקערונג. אַ סך ערנסטע מיטגלידער פון „דאָקטוירים־קלוב" זענען איצט גע־וואָרן זעלטענע איינגייער אינם קאַפעהויז אויף דער פראַנצויזן־גאַס, און עטלעכע, מיט ד"ר קעפּען בראש, האָבן אפילו אינגאַנצן פאַרלאָזט דעם „קלוב".

קאַרל מאַרקס האָט אויסגענוצט די פרייע צייט, בכדי ווידער אַ סך צו לייענען. קודם־כּל איז ער שטאַרק פאַראינטערעסירט געוואָרן פון דעם נייען בוך „דאָס וועזן פון קריסטנטום", וואָס האָט אויפגערודערט די גאַנצע אינטעלעקטועלע וועלט אין דייטשלאַנד. דער מחבר, לודוויק פייערבאַך איז גלייך באַרימט געוואָרן אַלס איינער פון די טיפסטע און אָריגינעלסטע דענקער. אין זיין ווערק האָט פייערבאַך געוואָלט וויסנשאַפטלעך באַווייזן דאָס, וואָס מאַרקס און זיינע חברים האָבן פּראָפּאַגירט, דערקלערנדיק, אַז נישט דער מענטש ווערט באַשאַפן דורך דער רעליגיע, נאָר להיפּך, די רעליגיע ווערט באַשאַפן דורך דעם מענטש. די השפּעה פון פייערבאַכ'ן אויף מאַרקס'ן איז געווען אַ געוואַלדיקע, און מאַרקס האָט מיט התפּעלות געשריבן: „פייע־רבאַך האָט דעם מענטשן אַוועקגעזעצט אויבן־אָן אויף דעם טראָן, וועלכער איז ביז־איצט פאַרנומען געווען דורך אַן אַלטן תוהו־ובוהו און דורך אַ גרענעצלאָזער השערה".

נאָך דעם פילאָזאָפישן ווערק פון פייערבאַך, האָט זיך מאַרקס גענומען לייענען די לידער פון די צוויי נייע דייטשע פּאָעטן פערדינאַנד פרייליגראַט און געאָרג הער־וועג, וועלכע זענען דורך די אָנהענגער פון „יונג־דייטשלאַנד" פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס די צוקונפטיקע ווירדיקע יורשים פון היינע'ס מוזע. די דאָזיקע צוויי פּאָעטן זענען סיי פּערזענלעך און סיי אידייאיש געוואָרן שאַרפע קעגנער, הגם ביידע זענען צוזאַמען אויפגענומען געוואָרן מיט אַן אויסערגעוויינלעכן ענטוזיאַזם דורך דער דייטשער יוגנט. פרייליגראַט האָט פּראָפּאַגירט דעם אידעאַל פון „קונסט לשם קונסט". זיינע לידער, מייסטערהאַפטע אין פאָרם און ברענענדיקע מיט זייער ליידנשאַפט האָבן מיטגעריסן און געוועקט התלהבות. אָבער פרייליגראַט איז געווען ביי דער מיי־נונג, אַז „פּאָעזיע טאָר נישט דערנידעריקט ווערן צו אַ ווערקצייג פון פּאָליטיק". אין

זיין אָפענעם בריוו צו הערוועג'ן, האָט ער אים שאַרף אַטאַקירט צוליב דעם, וואָס ער שרייבט פּאָליטישע לידער.

געאָרג הערוועג איז געווען דער דיכטער פון דער רעוואָלוציע. זיינע לידער, אָפט סענטימענטאַלע און אין דער פאָרם אייגנאַרטיקע, האָבן אויסגעדריקט האָפע־נונגען און פאַרלאַנגען צו פרייהייט, צו אַ נייער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט און מלוכה־אָרדענונג, צו אַ סאָציאַלער גערעכטיקייט און מענטשלעכער דערלייזונג. קאַרל מאַרקס האָט מתחילה געהאַט אַ נעגאַטיווע באַציאונג צו פרייליגראַט'ן, וועלכן ער האָט אָנגערופן דעם „שונא פון הערוועג'ן און פון דער פרייהייט!". אין אַ פּאָר יאָר שפּעטער, ערב דער רעוואָלוציע פון יאָר 1848, איז אויך פרייליגראַט אַריבער צום לאַגער פון קעמפנדיקן ראַדיקאַליזם, אוןביידע דיכטער, הערוועג און פרייליגראַט האָבן לסוף געמוזט אַנטלויפן פון דייטשלאַנד, זייענדיק פערזענלעך באַדראָט דורך די תפיסות פון פרייסישן דעספּאָטיזם. מאַרקס'ן, דעם נישט־דערגאַנגענעם פּאָעט, האָט נאָך תמיד צוגעצויגן און באַגייסטערט אַ גוטע, אמת'ע פּאָעזיע. ער האָט באַ־וווּנדערט ביידע דיכטער, וואָס זענען געוואָרן די טרובאַדאָרן פון נייעם „יונג־דייטש־לאַנד".

שוין קורץ פאַר זיין אוועקפאָרן פון בערלין, האָט מאַרקס געלייענט די פּובלי־קאַציע פון היינריך היינע א. נ. „איבער לודוויק בערנע", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1840. מאַרקס איז געווען שטאַרק אומצופרידן און אַנטוישט פון זיין באַליבטן, גרויסן דיכטער היינע, און האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי דער דאָזיקער געניאַ־לער און פיינפילנדיקער קינסטלער איז געווען אַזוי אומבארחמנות'דיק פיינטלעך גע־שטימט לגבי זיין פאַרשטאָרבענעם קעגנער לודוויק בערנע. מיט אַ געוויסער סאַטיס־פאַקציע האָט מאַרקס לכן אויפגענומען דאָס בוך פון באַוווּסטן דייטשן שריפטשטע־לער און דראַמאַטורג קאַרל גוצקאָוו א. נ. „דאָס לעבן פון בערנע", אין וועלכן דער דייטש־קריסטלעכער מחבר האָט זיך לייזנשאַפטלעך אָנגענומען פאַרן כבוד פון ייד בערנע, וועמען עס האָט אַזוי שטאַרק באַליידיקט דער צווייטער ייד, היינע.

דערווייל זענען פון באָן אָנגעקומען פאַר מאַרקס'ן שלעכטע ידיעות. ברונאָ בויער האָט זיך צוליב זיין אַטעאיסטישער אפיקורסישקייט פאַרפּלאָנטערט אין אַ קנויל פון סכסוכים און אינטריגעס. עס איז געקומען צווישן אים און די אַנדערע פּראָפעסאָרן פון טעאָלאָגישן פאַקולטעט צו שאַרפע קריגערייען. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, זענען אויפן אוניווערסיטעט אויסגעבראָכן דעמאָנסטראַציעס און געשלעגן. עס האָט געהאַלטן דערביי, אַז בויער זאָל פאַרלירן זיין קאַטעדרע. ביי דער דאָזיקער לאַגע איז בויער נישט געווען די פּערזאָן, וואָס וואָלט געקאָנט מאַרקס'ן העלפן ביים באַקומען אַ דאָצענטור אין באָן. גראָד להיפך, זיין פּראָטעקציע האָט אַ סוף געמאַכט צו אַלע באַמיאונגען פון מאַרקס'ן. אויך דער פּלאַן וועגן אַרויסגעבן אַ זשורנאַל איז געוואָרן נישט־רעאַל, עס האָבן דערצו אויסגעפעלט די נויטיקע געלט־מיטלען און אויך אַנדערע מעגלעכקייטן. אַלע גלענצנדיקע האָפענונגען פון מאַרקס'ן זענען אויף־איינמאָל צונישט געוואָרן און דאָס ווייטערדיקע זיצן אין בערלין האָט פאַרלוירן יעדן זין און צוועק. אויסערדעם זענען פון טריער כסדר אָנגעקומען אַלאַרמירנדיקע בריוו.

מיט אַ שווערן געמיט איז מאַרקס צוריקגעפאָרן פון בערלין קיין טריער. אָט קומט ער איצט אַהיים מיט ליידיקע הענט, ווי וועלן אים אויפנעמען זיין מוטער, די שוועסטער, זשעני און אירע עלטערן? עס דערוואַרט אים דאָרט אַ שווערע, מי־

פולער קאַמף! טרויעריקע געדאַנקען האָבן מאַרקס'ן באַגלייט אויף זיין לאַנגן וועג פון דער פּרייסישער הויפּט־שטאָט צו זיין קלײנער, אַזוי געליבטער היים־און־געבורט־שטאָט.

אַרויסגייענדיק פון צוג אין טריער, האָט זיך מאַרקס לגמרי באַהערשט און געפילט שטאַרק און זיכער ביי זיך. מאַרקס איז די גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן און ער האָט שווער מיט זיך אַליין געקעמפט. עס זענען אים אין זכרון געקומען די ווערטער פון באַרימטן ענגלישן דענקער קאַרלייל: „דער סקעפּטיציזם איז אַ שוואַרצע מגפה פון דער מענטשהייט". מאַרקס איז איצט געווען פעסט אַנטשלאָסן צו קעמפן מוטיק פאַר זיין צוקונפט.

## פירצנפערציקסטער קאַפּיטל.

## די מאַמע און דער זון.

די מאַמע און די שוועסטער האָבן אויפגענומען קאַרלען פריינטלעך אָבער מיט אַ געוויסער צוריקגעהאַלטנקייט. קאַרל האָט עס גלייך אַרויסגעפילט. ס'איז נישט מער געווען די האַרציקייט, מיט וועלכער מ'פלעגט אים אַמאָל אויפנעמען אין זיין עלטערן־הויז. מיט וואָס פאַרא בענקשאַפט איז ער אַהיימגעפאָרן פון ווייטן בערלין און ווי נויטיק איז אים איצט געווען אַן אמת'ע, מוטערלעכע ליבע! וואָס איז געשען מיט דער מאַמע?

מאַדאַם הענריעטע מאַרקס איז אין די דריי יאָרן, זייט דעם טויט פון איר מאַן, געוואָרן אַלט און מיד. זי איז שוין געווען איבער די זעכציק און איר ערנסט, טרויעריק פּנים האָט זיך באַדעקט מיט אַ סך קנייטשן, וועלכע קאַרל האָט פריער ביי איר קיינמאָל נישט באַמערקט. זי האָט זיך געפילט איינזאַם און פאַרלאָזט, פאַראַטן אין אירע בעסטע האָפענונגען און גלויבנס. די יידישע באַפעלקערונג אין טריער איז לגבי איר און אירע קינדער געווען פרעמד, אפילו פיינטלעך געשטימט. און מיט די קריסטן האָט מען איצט ווייניק געהאַט אַ מגע ומשא. נאָך דעם טויט פון יוסטיץ־ראַט, האָט די פאַמיליע מאַרקס געשפּילט אַ גאָר קליינע ראָלע אין געזעלשאַפט־לעבן לעבן, מ'האָט זיך מיט איר נישט גערעכנט, און די פּאָר קריסטלעכע פאַמיליעס, מיט וועלכע מ'האָט זיך אַמאָל געחבר'ט, זענען איצט געוואָרן ווייט און קאַלט לגבי דער אַלמנה און אירע דערוואַקסענע טעכטער. אַמייסטן האָט הענריעטע ווײ געטון די מאָדנע באַציאונג פון דער פאַמיליע וועסטפאַלן, וואָס איז אַמאָל, ביים לעבן פון הערשלען, געווען אַזוי נאָענט און מכלומרשט אַזוי האַרציק צו זיי. און מיט דער דאָזיקער פאַמיליע וויל זיך קאַרל איצט משדך זיין!

מאַדאַם הענריעטע האָט אָפּט געוויינט און נאָך עפּטער טיף געזיפצט. גאַנצע נעכט איז זי נישט געשלאָפן, האָט געטראַכט און געזאָרגט, און כסדר האָבן אירע ליפּן געשעפּטשעט מיט אַ רעזיגנירטער טרויער: „ס'איז גאָט'ס שטראָף!". דער גאָט־זעליגער מאַן האָט איבערגעלאָזט אַ קליינעם קאַפּיטאַל, ס'איז שווער געווען צו לעבן פון די פּראָצענטער, בפרט, אַז קאַרלען האָט מען נאָך ווייטער געמוזט שיקן קיין בער־

לין רעגלמעסיקע געלט־סומען, וואָס זענען געווען איבער אַלע כחות און מעגלעכ־קייטן. זיין שטודירן נעמט נישט קיין סוף, און וואָס איז דער תכלית פון זיין לאַנגן און קאָסטבאַרן לערנען זיך? מ׳האָט געמוזט ליקווידירן די אַדוואָקאַטישע קאַנצעלאַריע, וועלכע וואָלט געקאָנט ווערן אַ מקור פון אַ גוטער פּרנסה, פון כבוד און נחת, ווען קאַרל וואָלט געווען אַ טרייער, איבערגעגעבענער זון. אַנשטאָט אַ יוריסט איז ער אָבער געוואָרן אַ דאָקטאָר פון פילאָזאָפיע. זי, די מאַמע ווייסט אפילו נישט גענוי, וואָס דאָס איז אייגנטלעך און צו וואָס דאַרף מען עס האָבן? איינס ווייסט זי אָבער גענוי, אַז קיין פּרנסה און קיין תכלית וועט קאַרל נישט האָבן פון זיין זיצן איבער די ביכער.

גלייך דעם ערשטן טאָג, נאָך קאַרל׳ס קומען קיין טריער, האָט די מאַמע גענו־מען מיט אים אייַנטענה׳ן: „וואָס וועט זיין דער תכלית? איך ווער מיט יעדן יאָר עלטער און שוואַכער און קאָן מער נישט טראָגן אויף מיינע פּלייצעס די גאַנצע לאַסט. די שוועסטער זענען דערוואַקסענע מיידלעך, מ׳מוז זיי חתונה מאַכן, מ׳דאַרף דערצו האָבן פאַר יעדער אַ נדן. די פּראָצענטער פון פאָטערלעכן קאַפּיטאַל זענען ווינציק, מ׳קאָן קוים באַשיידן פון זיי לעבן. וואָס וועט זיין דער סוף? אדרבא, קאַרל, זאָג אַליין!".

נישט־וואַרטנדיק אויף קיין תשובה, האָט די מאַמע אָנגעהויבן וויינען: „וואָס האָב איך, משטיינסגעזאָגט דערלעבט? אַנדערע האָבן נחת פון קינדער, און איך? פון די ניין קינדער, וועלכע איך האָב געבוירן, זענען פינף געשטאָרבן, קורץ נאָכ׳ן טאַטנס טויט איז געשטאָרבן הערמאַן. פון אַלע זין ביסט דו אַליין, קאַרל, מיר גע־בליבן. דו ביסט געווען מיין האָפענונג אויף די אַלטע יאָרן, איך האָב אויף דיר אַזוי שטאַרק גערעכנט. און לסוף, אַ דערוואַקסענער, געזונטער, טאַלענטירטער זון זאָל ליגן אויף די ביינער פון אַן אַלטער, שוואַכער מאַמע?! צי איז דאָס געהערט געוואָרן?".

קאַרל מאַרקס איז געזעסן קעגנאיבער זיין מוטער, ער האָט שווייגנדיק אַלץ אויסגעהערט, נאָר זיינע ציטערדיקע הענט, וואָס זענען געלעגן צונויפגעפּרעסט אויף דעם טיש, האָבן פאַראַטן די אינערלעכע אויפרעגונג. קאַרל האָט באַקומען רחמנות אויף זיין מאַמען און נישט געוווסט וואָס איר צו ענטפערן.

די מוטער האָט ווידער אָנגעהויבן, ווי ס׳איז געווען איר טבע, ביטער צו זיפצן:

„דו שווייגסט, קאַרל, ווילסט מיר נישט ענטפערן... ס׳איז גאָט׳ס שטראָף, גאָט׳ס שטראָף!".

קאַרל האָט נישט אויסגעהאַלטן, ער איז אויפגעשפּרונגען און האָט געזאָגט מיט אַ שאַרפער, הייזעריקער שטימע: „לאָז צו רו דיין אויסגעטראַכטן גאָט, ער קאָן דיר סיי־ווי־סיי מיט גאָרנישט העלפן!".

אין שטוב איז דאַן פאָרגעקומען אַ פיינלעכע סצענע, וועלכע מאַרקס האָט בשום אופן נישט פאַרגעסן, און וועלכע איז אים לאַנג געבליבן אין זכרון. די שוואַ־כע, דאַרע, פאַרוויינטע געשטאַלט פון דער אַלטער מאַמע האָט זיך אין איין רגע פּולשטענדיק פאַרענדערט. פאַר אים איז געשטאַנען עפּעס אַ גאָר אַנדערע פרוי, אַ שטאַרקע און פאַנאַטישע, וואָס האָט געהויבן צו אים די פויסטן און גענומען שרייען מיט אַ פעסטער, ליידנשאַפטלעכער שטימע:

„שווייג, דו ביסט נישט ווערט צו דערמאָנען זיין הייליקן נאָמען! ווער ביסטו,

אַז דו זאָלסט האָבן העזה צו רעדן אַזוי קעגן רבונו של עולם! געגנוג פון דיר געליטן! אַלדאָס בייז איז אויף אונז געקומען, ווייל איר האָט פאַראַטן אונזער גאָט! גענוג געלעבט אויף מיין חשבון, ס׳וועט איצט נעמען אַ סוף!״.

אין שטוב איז אַריינגעלאָפן די שוועסטער זאָפיע, וועלכע איז זייט די יינגסטע יאָרן געווען טיף צוגעבונדן צו איר געליבטן ברודער קאַרל. זי האָט באַרואיקט די שרעקלעך־דענערוווירטע מאַמע, און געזאָגט צום ברודער:

„קאַרל, די מוטער איז געדעכט, עס קאָן ווייטער אַזוי נישט גיין! דו מוזט אָנ־הויבן פאַרדינען און פאַר דיר אַליין זאָרגן. ס׳איז די העכסטע צייט, קאַרל״.

מאַרקס איז אַן אויפגערעגטער אַוועק פון שטוב. אַ פּאָר שעה האָט ער אַרומ־שפּאַצירט, איינזאַם און פאַרטון אין אייגענע מחשבות, אויף די ברעגעס פון טייך מאָזעל. מאַרקס האָט באַשלאָסן דעם קומענדיקן טאָג צו פאַרלאָזן טריער. דערווייל איז ער צו מיטאָג נישט אַהיימגעגאַנגען. אין אָוונט האָט ער באַזוכט דעם געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן און איז אָפּגעזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט אין דער געזעלשאַפט פון דעם בעל־הבית און זשעני. ווען קאַרל איז אַהיימגעקומען, איז שוין געווען נאָך האַל־בע־נאַכט, די מוטער און די שוועסטער זענען נישט געשלאָפן און האָבן אויף אים גע־וואַרט, שטאַרק־באַאומרואיקט צוליב זיין אַוועקגיין אויפן גאַנצן טאָג.

די מאַמע האָט צוגעגרייט אַ פיינעם אָוונטעסן מיט די בעסטע מאכלים, וועל־כע איר בן יחיד האָט ליב געהאַט. מאַדאַם הענריעטע איז ווידער געווען די שוואַ־כע, איינגעדאַרטע, פאַרוויינטע און נישט־דרייסטע פרוי, ווי זי האָט תמיד אויסגע־זען אין די לעצטע יאָרן. ווען קאַרל האָט דערקלערט, אַז ער פאָרט אַוועק, האָט די מוטער געוויינט, געגלעט און געקושט איר זון. זי איז געווען, ווי אַמאָל אין דער גליקלעכער קינדער־צייט „דאָס גוטע, טייערע מאַמעלע״. אויך די שוועסטער זענען צוגעשטאַנען צו קאַרלען, אַז ער זאָל בלייבן איבער די וואַקאַנסן.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט הענריעטע ווידער געפונען די געלעגנהייט צו רעדן מיט איר זון ביחידות. אירע ווערטער זענען דאַסמאָל געווען שטילע און בתחנונים אַרויסגעזאָגט, ווי זי וואָלט נישט געהאַט די דרייסטקייט צו באַלעסטיקן איר גע־ליבטן בן־יחיד:

„קאַרל, דו גייסט יעדן טאָג צו די וועסטפאַלנ׳ס און זיצסט דאָרט אָפּ שעה׳נ־לאַנג. איך האָב דיך געוואָלט בעטן, אַז דו זאָלסט עס נישט מער מאַכן. עס האָט באמת נישט קיין זין. זשעני איז נישט קיין זיווּג פאַר דיר...״

מאַרקס האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער די אַלטע מאַמע איז צו אים צוגע־גאַנגען, האָט אים האַרציק געגלעט און געזאָגט:

„יאָ, מיין ליבער זון, איך ווייס, דו ביסט פאַרליבט אין זשעני. איך בין מסכים מיט דיר, אַז זי איז באמת שיין און פיין, מיט אַלע מעלות. אָבער, קאַרל, פאַרגעס נישט, דו שטאַמסט פון יידן און זי איז די טאָכטער פון גויאישע מיוחסים. דו ביסט אָרעם, אָן אַ באַרוף און אויך זי האָט נישט קיין גרויס פאַרמעגן. איר משפחה וויל אונז נישט קענען! זיי פאַראַכטן אונז און האַלטן אונז פאַר מענטשן פון אַ נידערי־קער מדרגה...״

מאַרקס האָט איבערגעריסן דער מוטער:

„אָבער וואָס גייט מיך אָן איר משפחה? איך האָב חתונה נישט מיט דעם מי־ניסטער פערדינאַנד פאָן וועסטפאַלן, נאָר מיט זשעני. מיין צוקונפטיקע פרוי גע־

הערט און וועט געהערן נישט צו דעם אלטן, פינצטערן דייטשלאנד נאר צו דעם נייען, יונגן, פארטשריטלעכן דייטשלאנד!".

מאדאם הענריעטע האט אנגעקוקט איר זון מיט אירע שווארצע, טרויעריקע אויגן און האט אים געענטפערט:

„אוי, קארל, דו קענסט נישט די דייטשן. איך האב זיי גענוי דערקענט, זיי זענען שלעכט און פאלש, זיי האסן אונז, די יידן, בתכלית השנאה. זיי מאכן נישט קיין אונטערשיד צווישן יידן און געוועזענע יידן. זיי וואלטן אונז אלע פארטיליגט..."

„מאמע, איך קאן דאס נישט הערן. ס'איז א שאנד אזוי צו רעדן!".

„מיין ליב קינד, דו ביסט א דאקטאר און א דערוואקסענער מענטש, דו ביסט א שטודירטער און א געלערנטער. און איך, ווער בין איך? א פשוטע, נישט־געביל־דעטע אלטע פרוי. אבער געדענק, קארל, וואס איך זאג דיר, דו קענסט נישט די דייטשן. דו נעמסט ערנסט זייערע פאלשע חניפה־ווערטער און זייערע ליטעראַרישע מליצות. דו נעמסט דיינע דייטשן פון דיינע ביכער און איך נעם זיי פון לעבן. דו קוקסט אריין אין זייערע געלערנטע מיילער און איך קוק אריין אין זייערע פארסמטע נשמות. דו ביסט, קארל, יונג און נאאיוו און איך בין אלט און דערפארן..."

„אבער, מאמע, וואס האט דאס צו טון מיט זשעני?".

„יא, קארל, דאס האט א סך צו טון. די קורצע, גליקלעכע צייט נאך דער חתונה פארגייט שנעל. עס קומען שפעטער די גרויע, שווערע יארן. דו וועסט בלייבן מיט א פרוי, וועלכע שטאמט פון א פאלק, וואס האסט אונז. זשעני איז געוווינט צו א לוקסוס־לעבן. איר וועט זיין אומגליקלעך. לאז אפ, קארל, ס'איז נישט פאר דיר און נישט פאר איר, געדענק!".

אין שטוב איז פלוצלינג אריינגעקומען א קריסטלעכע שכנ'טע, בכדי עפּעס צו בארגן. דאס געשפרעך צווישן דער מאמע און דעם זון איז אינדערמיטן איבערגע־ריסן געווארן.

## פינפאונפערציקסטער קאפיטל.

## צום לעצטן מאל מיטן געהיימראט פאן וועסטפאלן.

קארל מארקס האט מיטגעבראכט דעם געהיימראט פאן וועסטפאלן דעם מאנוס־קריפּט פון זיין דאקטארישער דיסערטאציע, וועלכע איז צוגעגרייט געווארן צום דרוק, און האט דעם ערווירדיקן, אלטן פריינט, דעם צוקונפטיקן שווער זיינעם, גע־ווידמעט פאלגנדיקע דעדיקאציע: „איך בין גליקלעך צו באוווּנדערן דעם יוגנטלעכן זקן, וועלכער באגריסט יעדן פארטשריט פון אונזער תקופה מיט אזא ענטוזיאזם און מיט אן ערלעכער פארשטענדעניש, מיט אזא איבערצייגטן און ליכטיקן אידעאליזם, וואס קאן איינציק־און־אליין וועקן אלע גייסטער פון דער וועלט, און וועלכער ציט זיך קיינמאל נישט צוריק פאר דעם שאטן פון רעאקציאנערע פאנטאמען, פאר דעם מיט וואלקנס אפּט־באדעקטן האריזאנט, נאר ער זעט מיט א ווונדערבארער ענער־גיע און מיט א מענערישן און זיכערן בליק דעם הימל, וואס שיינט אינם הארצן

פון דער וועלט. איר, מיין פּאַטערלעכער פריינט, זייט תמיד געווען פאַר מיר אַן איבערצייגנדיקער באַווייז, אַז דער אידעאַליזם איז נישט קיין איינרעדעניש נאָר איז אַ רעאַליטעט!".

דער געהיימראַט האָט קאַרלען האַרציק געדאַנקט פאַר זיין באמת־שיינער מתנה. דער 71־יעריקער זקן איז געווען ערנסט קראַנק און שרעקלעך בלאַס. אין זיין מידקייט האָט זיך געפילט דער נאָענטער טריט פון אומברחמנות'דיקן טויט, וואָס האָט אים שוין געפּערלעך באַדראָט און אין אַ פּאָר חדשים שפּעטער באַזיגט. אָבער טראָצדעם איז זיין גייסט געווען נאָך פריש און מונטער און אויף זיין פּנים האָט געשמייכלט דער קלוגער, הומאַניסטישער סקעפּטיציזם פון אַן איידעלן פילאָזאָף. נישט געקוקט אויף זיין קראַנקהייט און שוואַכקייט, איז דער געהיימראַט געגאַנגען מיט קאַרלען שפּאַצירן אין דעם אייגענעם גרויסן גאָרטן און אפילו אין די ווייטע און לאַנגע אַלייען ביי דעם טייך מאָזעל. ווי אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, האָט דער אַלטער הומאַניסט געהאַט אַ גייסטיקן געּנוס פון רעדן און פון דיסקוטירן מיטן „נעגערל". זיי זענען מיט זיך געבליבן אַזוי היימיש און אינטים־נאָענט, ווי אין יענע צייטן, ווען קאַרל איז נאָך געווען אַ ייִנגל, אַ גימנאַזיסט. זיי האָבן ביידע גוט־ברודעריש אָנגעהויבן לאַכן, ווען דער געהיימראַט האָט אַמאָל, בעת אַזאַ שפּאַציר, טיטולירט דעם „נעגערל" מיט די ווערטער „הער דאָקטאָר". פאַן וועסטפאַלן איז געווען נייגעריק צו הערן דאָס נייעסטע פון בערלין. עס האָבן אים אינטערעסירט אַלע געשעענישן אין דער פּאָליטיק און וויסנשאַפט, אין דער קונסט און ליטעראַטור. ער, דער געשווירענער אָנהענגער פון עמנואל קאַנט'ן און פון זיין „קאַטעגאָרישן אימפּעראַטיוו", האָט פּאָלעמיזירט מיט דער נייער שיטה פון די „יונג־העגעליאַנער" און זייערע פילאָזאָפישע וועלט־אַנשויאונגען. מאַרקס האָט לייַדנשאַפטלעך פאַרטיידיקט זיין גרויסן רבי העגעל און געוואָלט איבערצייגן דעם געהיימראַט, ווי ריכטיק ס'איז די העגעלישע דיאַלעקטיק.

איינמאָל ווען קאַרל איז פון אַזאַ שפּאַציר מיטן געהיימראַט אַהיימגעקומען, האָט ער אין שטוב געטראָפן אַ פרעמדן, עלטערן און פאָרנעם־געקליידעטן הערן. די מוטער האָט דעם גאַסט פאָרגעשטעלט פאַר איר זון:

„דאָס איז דער הער פרעסבורגער, מיין ברודער. ער קומט פון פראַנקפורט און בלייבט דאָ בלויז איין טאָג!".

קאַרל איז געווען דערשטוינט. ער האָט גאָרנישט געוווּסט, אַז זיין מאַמע האָט אַ ברודער אין פראַנקפורט. שפּעטער איז אים די סיבה דערפון קלאָר געוואָרן. זיין פראַנקפורטער פעטער איז געווען אַ פרומער, אָרטאָדאָקסישער ייִד, וועלכער האָט נאָך דעם יוסטיץ־ראַט'ס שמד'ן זיך איבערגעריסן אַלע באַציאונגען מיט דער משפחה פון זיין אָפּטריניקן שוואָגער. איצט איז ער געקומען צו פאָרן ספּעציעל קיין טריער, ווייל די שוועסטער האָט אים גערופן. ס'איז באַלד קאַרלען קלאָר געוואָרן, צוליב וואָס זיין מוטער האָט פאַרבעטן דעם ברודער צו זיך.

אויף צומאָרגנס האָבן זיך העגריעטע און איר ברודער אָוועקגעזעצט מיט קאַרלען און גענומען מיט אים ערנסט איינטענה'ן. אייגנטלעך האָט גערעדט דער פראַנקפורטער גאַסט, די מוטער האָט געשוויגן און נאָר פון צייט־צו־צייט אַ זיפץ געטון. דער פעטער, וועלכער איז געווען אַ רייכער סוחר, און ווי עס שיינט, אַ פיי־

נער, קולטורעלער מענטש, האָט זיך אַנטשולדיקט פֿאַר קאַרלען, וואָס ער דערלויבט זיך אַריינצומישן אין זיינע פּריוואַטע ענינים.

„אָבער, שליסלעך" האָט ער צוגעגעבן, „איז דאָס מיין איינציקע שוועסטער און ס'איז מיין חוב איר צו העלפֿן, קודם כּל מאָראַליש, אין איר נויט. איר זייט, הער דאָקטאָר, געבילדעטער פֿון מיר, אָבער איך בין אַ סך עלטער פֿון אייך, איך וואָלט זיכער געקאָנט זיין אייער פֿאָטער. דערלויבט מיר אַלזאָ צו זאָגן אייך אַ פּאָר ווערטער און צו געבן אייך אַן עצה. איר ווייסט ווען וואָס עס האַנדלט זיך? איך מיין אייער פּלאַן צו הייראַטן מיט דעם פֿרייליין זשעני פֿאָן וועסטפֿאַלן..."

מאַרקס האָט געמאַכט אַן אומגעדולדיקע באַוועגונג, ווי ער וואָלט וועלן אַוועק־יאָגן פֿון זיך אַ לעסטיקע, מיאוסע פֿליג.

„אַנטשולדיקט, הער דאָקטאָר, איך וועל אייך נישט לאַנג אויפֿהאַלטן. איך בין געקומען צו אייך מיט אַ פּאַרטיקן פֿאָרשלאָג. איר קאָנט אין פֿראַנקפֿורט הייראַטן מיט אַ יונגער, שיינער און געבילדעטער טאָכטער פֿון אַ רייכן באַנקיר. איר וועט זיין דאָס גאַנצע לעבן פֿאַרזיכערט מיט אַ גוטער און בכּבֿודיקער שטעלונג אין געשעפֿט פֿון אייער שווער. דאָס מיידל וועט אייך זיכער געפֿעלן. איין תּנאַי אָבער: איר וועט, הער דאָקטאָר, אָפֿיציעל אָננעמען דעם מאָזאַאישן גלויבן. וואָס איז אייך פֿאַר אַן אונטערשיד, צי איר פֿיגורירט אין די דאָקומענטן אַלס אַן אָנגעהעריקער פֿון פּראָ־טעסטאַנטישן גלויבן אָדער פֿון מאָזאַאישן, אַז ס־ווי־סיי גלויבט איר נישט אין דער קריסטלעכער קירך און נישט אין דער יידישער סינאַגאָגע. ס'איז אַ פּשוטע פֿאָרמאַ־ליטעט, וועלכע דער יידישער באַנקיר אין פֿראַנקפֿורט פֿאַרלאַנגט דורכאויס! פֿאַרוואָס לאַכט איר, הער דאָקטאָר?!".

מאַרקס האָט גאָרנישט געענטפֿערט, נאָר זיין פּנים האָט ווייטער געלאַכט האַר־ציק און ברייט, ווי ביי דעם לוסטיקסטן קאָמעדיע־שפּיל.

הענריעטע איז געוואָרן בייז און באַליידיקט. זי האָט געפֿרעגט איר זון:

„וואָס לאַכסטו, קאַרל? מיין ברודער האָט געמאַכט אַ ווייטע רייזע, האָט פֿאַרלוירן צייט און געלט, ער וואַרט דאָך אויף אַן ענטפֿער!".

מאַרקס איז אויפֿגעשטאַנען, פֿון זיין פּנים איז לגמרי פֿאַרשווונדן דער לוסטי־קער גרימאַס, ער איז געוואָרן בלאַס און צאָרניק. מיט אַ הייזעריקן קול האָט ער אויסגערופֿן:

„זאָל ער גיין, דיין ברודער, צו אַלדע רוחות מיט זיינע רייכע יידישע כּלות!".

קאַרל האָט געגעבן אַ שטאַרקן זעץ מיט דער טיר און איז אַרויסגעלאָפֿן פֿון שטוב. ער איז תּיכּף צוגעגאַנגען אויף דער רוימער־גאַס צו דער וווינונג פֿון געהיימ־ראַט און איז מיט זשעני אַוועק שפּאַצירן אין זייער רחבֿות'דיקן גאָרטן. זשעני האָט אים געפֿרעגט, פֿאַרוואָס ער איז אַזוי אויפֿגערעגט און קאַרל האָט איר דערציילט אַלץ, וואָס איז פֿאָרגעקומען מיטן פֿראַנקפֿורטער פֿעטער. זשעני האָט געשמייכלט און באַרואיקט קאַרלען. זי האָט אים איבערגעגעבן וועגן די צרות, וועלכע אויך זי האָט אויסצושטיין מצד אירע קרובים און אַפֿילו פֿון דער אייגענער מוטער. זשעני האָט לסוף געזאָגט:

„דו, קאַרל, ביסט אַ מאַן און אַ זעלבסטשטענדיקער מענטש. דו פֿאָרסט באַלד אַוועק און לאַכסט דיך אויס פֿון די דאָזיקע פּראָפּאָזיציעס און דראָאונגען. איך בלייב אָבער אין דער היים און האָב נישט ווו צו אַנטלויפֿן. דו ווייסט, אַז מיין פֿאָ־

טער איז דיר גוט געשטימט, ער האָט דיך ליב און אונטערשטיצט דיך. ער איז אָבער שווער קראַנק און קאָן זיך נישט קיין עצה געבן מיט אַלע דיינע שונאים. איך לייד שטאַרק דערפון. מיר מוזן קאַרל, באַלד הייראַטן!".

„יאָ, זשעני, דאָס איז דער איינציקער אויסוועג, בכדי פּטור צו ווערן פון דיי־נע און מיינע צרות. אָבער איך מוז מיר פריער פאַרשאַפן אַ שטעלונג, אַ פּרנסה־קוואַל. מיר קאָנען נישט רעכענען אויף דער הילף פון דיין אָדער מיין משפחה. מיר מוזן גיין אין אַ קאַמף, און מיט אייגענע כוחות. וואָס עס זאָל נישט קומען, וועל איך דיר, טייערע זשעני, טריי בלייבן!".

ווידעראַמאָל האָבן זיך די צוויי יונגע מענטשן געשוווירן אין אייביקע, הייליקע ליבע, וועלכע קיין שום כח אין דער וועלט, קיין שום אונטערשיד פון נאַציע, ראַסע צי רעליגיע איז נישט ביכולת צו צעשטערן.

דער געהיימראַט איז גראָד אויפגעשטאַנען פון זיין קורצן נאָכמיטאָג־שלאָף. ער האָט גענומען קאַרלען אונטערן אָרעם און איז מיט אים געגאַנגען שפּאַצירן. „הער דאָקטאָר קאַרל מאַרקס" האָט ער געשמייכלט „דערציייל מיר עפּעס וועגן דיין העגעל!".

קאַרל איז געווען אין דער שטימונג אַ סך און כסדר צו רעדן. ער האָט געוואָלט פאַרגעסן אין דעם היינטיקן פּאָרפּאַל מיטן פראַנקפורטער פעטער. ער האָט גענומען רעדן מיט פּאַטאָס און עלאָקווענץ וועגן דעם, אַז העגעל'ס וועלט־אַנשויאונג איז די אידעאָלאָגיע פון אָפּטימיזם, פון פּראָגרעס, פון גלויבן אין דער מענטשהייט. דורך דער דיאַלעקטישער, כסדר'דיקער אַנטוויקלונג לויט דער שיטה פון טעזע, אַנטי־טעזע און סינטעזע דערהויבט מען זיך צו אַ כסדר העכערער מדרגה פון גייסטיקן, מאַ־טעריעלן און מאָראַלישן פּראָגרעס.

נישט מיט אַלע אויספירונגען פון זיין יונגן, געלערנטן פריינט איז מסכים גע־ווען דער אַלטער הומאַניסט און קאַנטיסט. אָבער ער האָט באַוואונדערט די עלאָקווענץ, די מוח־שאַרפקייט און די געלערנטקייט פון יונגן מאַרקס. דער געהיימראַט איז גע־ווען שטאָלץ מיט זיין צוקונפטיקן איידעם.

אויף צומאָרגנס האָט זיך קאַרל מאַרקס געזעגנט און איז אַוועקגעפאָרן קיין באָן. מער האָט ער זיך נישט געטראָפן מיטן געהיימראַט לודוויק פאָן וועסטפאַלן. צום לעצטן מאָל האָבן זיי זיך האַרציק געזעגנט און צעקושט.

דאָס געזעגענען זיך מיט דער מוטער און די שוועסטער איז געווען דאַקעגן זייער אַ קאַלטע. די מאַמע האָט נישט געוואָלט מער רעדן מיט קאַרלען. זי האָט אים נישט געקאָנט מוחל זיין דעם בזיון, וועלכן ער איז באַגאַנגען לגבי איר עלטערן ברודער, דעם פראַנקפורטער גביר.

## זעקסאונפערציקסטער קאַפּיטל.

## ווידער אין באָן.

די נאָענסטע צוויי יאָר, פון סוף־זומער 1841 ביז צום זומער 1843, האָט קאַרל מאַרקס פאַרבראַכט אין באָן און אין קעלן, ווו ער איז אויסן געווען איינצואָרדענען

זיך אַ ניי און סטאַביל לעבן. צוערשט האָט ער דאָס געפּרווט צו דערגרייכן אין באָן, ביי דער נאָענטער מיטאַרבעט פון ברונאָ בויער׳ן. דער דאָזיקער אַטעאיסטי־שער פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגישן פאַקולטעט אויפן באָנער אוניווערסיטעט האָט גע־פּלאַנט אַרויסצוגעבן צוזאַמען מיט מאַרקס׳ן אַ פּאָר קעמפּעריש בראָשורן, וואָס האָבן געזאָלט פּראָפּאַגירן די אידעאָלאָגיע פון גאָטלאָזיקייט צווישן די אויפגעקלער־טע און געבילדעטע קרייזן אין דייטשלאַנד. אַ באַקאַנטער פאַרלעגער איז מסכים גע־ווען צו פינאַנסירן די דאָזיקע שריפטן. מאַרקס האָט געהאָפט, אַז דאָס וועט אים דערמעגלעכן אַ געוויסע הגם באַשיידענע עקזיסטענץ.

די ערשטע בראָשור איז דערשינען אַנאָנים אונטער דעם סענסאַציאָנעלן טיטל: „דער שופר פון איבערשטן בית־דין קעגן דעם אַטעאיסט און אַנטי־קריסט העגעל". דער אַנאָנימער מחבר האָט אין נאָמען פון גאָט און רעליגיע, מיט אַ שטראָפּנדיקער, ביבלישער שפּראַך, אַטאַקירט דעם באַרימטן דייטשן פילאָזאָף און אידעאָלאָג העגעל אַלס אַ גאָטלאָזן אפּיקורס, און האָט די שאַרפע אָנקלאַגע געשטיצט אויף ציטאַטן פון העגעל׳ס שריפטן. פאַרשטענדלעך, אַז דאָס איז געווען אַ פאַרשטעלטער פּאַמ־פלעט, געשריבן דורך דעם אַטעאיסט בויער, וועמען עס האָט געהאָלפן ביי דעם דאָ־זיקן כיטרען אויפטו דער צווייטער אַטעאיסט קאַרל מאַרקס. העגעל איז געווען, כידוע, אַ גרויסער אויטאָריטעט אויף די דייטשע אוניווערסיטעטן און אין די רע־גירונגס־קרייזן אַלס דער אידעאָלאָג פון דעם קאָנסערוואַטיוון, מאָנאַרכיסטיש־פּריי־סישן רעזשים. אָבער די צענזור וואָלט קיינמאָל נישט דערלויבט צו דרוקן אַן אַפּי־קורסישע שריפט מיט לויב־געזאַנגען פאַר דעם אַטעאיזם פון העגעל׳ן. אַן אַנדערע זאַך איז געווען, ווען אַ פרומער מחבר האָט אין נאָמען פון דער קריסטלעכער קירך און רעליגיע פאַרגעוואָרפן העגעל׳ן אַטעאיסטישע חטאים און האָט דאָס באַוויזן מיט אַנטשפּרעכנדיקע ציטאַטן פון העגעל׳ס ווערק.

בויער און מאַרקס האָבן זייער צוועק דערגרייכט. דער פּאַמפלעט איז זיך שנעל צעגאַנגען צווישן דעם לייענער־פּובליקום און האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אין אַלע קרייזן. די פאַרשטעלטע פאָרם פון דער שריפט איז געווען אַזוי אויסגע־צייכנט געלונגען, אַז אפילו די מיטגלידער פון בערלינער „דאָקטוירים־קלוב" האָבן בשום אופן נישט געוואָלט גלייבן אין דער אויטאָרנשאַפט פון בויער׳ן און מאַרקס׳ן.

ברונאָ בויער איז שוין געווען אַן עלטערער מענטש, מיט אַ גרויס וויסן און מיט אַ פּראָפעסאָרישער שטעלונג. נישט געקוקט דערויף האָט ער זיך נוהג געווען ווי אַ יונגער, טעמפּעראַמענט־פולער און לייכטזיניקער סטודענט. זיינע לוסטיקע שטיק־לעך און איינפאַלן האָבן אים פאַרשאַפט אַ שם אין בערלין, ווען ער איז געווען פאָר־זיצער פון „דאָקטוירים־קלוב", און אויך שפּעטער אין באָן, ווו ער איז געוואָרן או־ניווערסיטעטס־פּראָפעסאָר. בויער האָט מאַרקס׳ן געמאַכט פאַר אַ שותף נישט נאָר צו זיינע גייסטיק־ליטעראַרישע פּלענער נאָר אויך צו זיינע משונה׳דיקע סקאַנדאַלן. איינמאָל, אין אַ זונטיק נאָכמיטאָג, ווען אויף דער הויפּט־גאַס פון באָן און פאָר־געקומען, ווי תמיד, דער שפּאַציר פון דעם פאָרנעמען בירגערטום, זיינען אויפאיינ־מאָל בויער און מאַרקס אַריינגעפאָרן אויפן טראָטואַר מיט אַ דראָזשקע, געצויגן דורך אַ פּאָר אייזלען. מ׳קאָן זיך לייכט פאָרשטעלן די פּאַניק און אויפרעגונג פון די נאָבעלע באָנער דאַמען און הערן, וואָס האָבן אין זייערע אויסגעפּוצטע, טייערע מלבושים געמאַכט די טראַדיציאָנעלע זונטיק־פּראָמענאַדע. אין אַ בריוו צו

זיין ברודער, האָט ברונאָ בויער געשריבן וועגן זיין אויפטו: „דו קאָנסט דיר פאַרשטעלן ווי די פיינע געזעלשאַפט איז געווען איבעראַשט, ווען זי האָט אונז דערזען. מיר האָבן דערביי געמאַכט לוסטיקע אויסרופן און די אייזלען זענען אויך נישט שטיל געשטאַנען. דער טומל איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער".

„צו פּראָוואָצירן, ביי יעדער געלעגנהייט די סנאָבן, אויפצורעגן די פּרומאַקעס, לאַכן ביז צו צעפּיקעניש בעת אַ פייערלעכער שטילקייט פון דער נאָבעלער געזעלשאַפט", דאָס איז געווען דער פּראָגראַם פון דער אַטעאיסטישער דירעקטער אַקציע, וועלכע ברונאָ בויער און זיינע קאַמעראַדן פון בערלינער „דאָקטוירים־קלוב" האָבן איצט ביי יעדער געלעגנהייט פּראָפּאַגירט און דורכגעפירט. דאָס איז געווען, ווי ד"ר קעפּען האָט עס דערנאָך אָנגערופן „אַ מיאוסע קאָפּיע פון רוסישן ניהיליזם". מאַרקס האָט ערשט שפּעטער לגמרי און גאַנץ שאַרף איבערגעריסן מיט די „בערלינער ניהיליסטן" און זייערע לוסטיקע סקאַנדאַלן. דערווייל, אין באָן, איז ער געווען אַ טרייער שותף נישט נאָר צו בויער'ס ליטעראַרישע און אידעאָלאָגישע שאַפונגען, נאָר אויך צו זיינע אַוואַנטורעס.

לאַנג האָט אָבער דער דאָזיקער באָנער שפּיל נישט געדויערט. „די משרתים פון גאָט'ס מאַיעסטעט", ווי בויער האָט אָנגערופן זיינע קעגנער אויפן טעאָלאָגישן פאַקולטעט, האָבן זייערס דערגרייכט. בויער איז געוואָרן סוספּענדירט, דערווייל פּראָוויזאָריש, אָבער ס'איז געווען קלאָר, אַז זיין אוניווערסיטעטס־קאַריערע איז פאַרענדיקט. מאַרקס האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון דערפון, אַז ביי דעם הערשנדיקן אין גאַנץ דייטשלאַנד רעאַקציאָנערן און פרום־קריסטלעכן רעזשים, וועט ער נישט באַקומען קיין קאַטעדרע אויף קיין שום דייטשן אוניווערסיטעט. מאַרקס האָט געקאָנט דערגרייכן אַן אוניווערסיטעטס־קאַטעדרע נאָר אין פאַל, ווען ער וואָלט מסכים געווען, לויט דעם מוסטער פון משומד שטאַהל און ענלעכע קאַריעריסטן, צוצופּאַסן זיין וויסנשאַפט פאַר דעם געברויך פון הערשנדיקן רעזשים. קיינער האָט אין דאַמאָלדיקן דייטשלאַנד נישט געמאַכט קיין שנעלערע און לייכטערע קאַריערע, ווי געוועזענע ראַדיקאַלן און אַטעאיסטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע „שטאַאַטס־געפערלעכע אידייען". אָבער דער דאָזיקער „פּראַקטישער" אויסוועג איז נישט געקומען אין באַטראַכט פאַר מאַרקס'ן.

אויך דער דערמאָנטער פּלאַן אַרויסצוגעבן בראָשורן איז באַלד דורכגעפאַלן. די ערשטע בראָשור „דער שופר" איז דורך דער רעגירונג לסוף קאָנפיסקירט געוואָרן און דער פאַרלעגער האָט זיך אָפּגעזאָגט ווייטער צו ריזיקירן מיט זיין געלט און פערזענלעכער פרייהייט. ברונאָ בויער איז געבליבן אָן אַ באַשעפטיקונג און האָט באַשלאָסן צוריקצופאָרן אויף סטאַביל קיין בערלין. זיינע נאָענטסטע און געציילטע באַנער פריינט האָבן אים איינגעאָרדנט אַ געזעגנונגס־אָוונט אין אַ קאַפע־הויז, ווו זיי פלעגן זיך אָפט צונויפקומען. מאַרקס האָט געפירט דעם פאָרזיץ און זיין רעדע איז געווען אַ לויב־געזאַנג פאַר דעם מוטיקן פריידענקער און קעמפער. בויער האָט זיך געפילט און געפירט אויפן אָוונט, נישט ווי אַ באַזיגטער נאָר ווי אַ זיגער. זיין שטימונג איז געווען אַ לוסטיקע, שטיפערישע, און זיינע ווערטער האָבן געקלונגען ווי אַן אָפּטימיסטישער קאַמף־רוף. ער האָט גערעדט מיט ליידנשאַפט, ווי אַ יונגער סטודענט און איז צום שלום געווען אַזוי באַגייסטערט פון זיינע אייגענע אויספירונגען, אַז ער האָט גלייך אָנגעהויבן זינגען אַ פּאָפּולער, רעוואָלוציאָנער סטודענטן־

ליד. די אַנוועזנדיקע זענען מיטגעריסן געוואָרן מיט בויער׳ס שטימונג. מ׳האָט אַ סך געזונגען, געטרונקען ביר און וויין, געלאַכט און געוויצלט זיך. בויער האָט דעקלאַמירט אַ ליד וועגן מאַרקס׳ן, וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן אין בערלינער „דאָקטוירים־קלוב״:

„ווער יאָגט זיך אַזוי שנעל, מיט אַ ווילדן אויפברויז?
ס׳איז דער שוואַרצער חברה־מאַן פון טריער, אַ שטאַרקער ריז,
ער גייט נישט, שפּרינגט נישט, נאָר טופּעט מיט די פיס,
שטורמעט פול מיט צאָרן, ווי ער וואָלט וועלן כאַפּן
דעם וייטן הימל און אים צו דער ערד אַראָפּציען.
ער שטרעקט אויס מעכטיק זיינע אָרעמס צו דער הויך,
מיט כעס ביילט ער דראָענדיק די פויסט, ווי עס וואָלטן אים
צען טויזנט טייוואָלאָנים געריסן ביים צעשויבערטן קאָפּ!״.

ס׳האָט שוין געטאָגט, ווען מאַרקס איז אַ מידער אַהיימגעקומען. ער איז געווען אַ ביסל בגילופין, אָבער איינשלאָפן האָט ער נישט געקאָנט. אַ פּאָר שעה איז ער אַזוי געלעגן אין בעט און האָט זיך קיין מנוחה נישט געפונען. לאַנגזאַם איז ער געוואָרן פולשטענדיק ניכטער און עס האָבן אים ווידעראַמאָל באַהערשט די אומרואיקע, פּינצטערע געפילן. קאַרל האָט זיך באַמיט אָוועקצויאָגן פון זיך די מוראדיקע שאָטנס, וואָס האָבן אים אויך איצט פאַרפאָלגט, הגם די זון האָט אַריינגעשיינט דורך די ענגע גאָטישע פענצטער פון זיין צימערל. מאַרקס איז געווען פאַרצווייפלט. וואָס וועט ער איצט אָנהויבן? בויער פאָרט צוריק קיין בערלין, מ׳קאָן מער אויף אים נישט רעכענען! וואָס זאָל ער איצט אָן בויער׳ן אָנהויבן, ווו אַהין גיין און צו וואָס זיך נעמען?

מאַרקס איז אַ גאַנצן טאָג געבליבן ליגן אין בעט. ער האָט זיך געפילט קראַנק און צעבראָכן. זיין געמיט איז געווען נידערגעשלאָגן און אָן האָפענונג. נישט אַזוי האָט ער זיך פאָרגעשטעלט דאָס צוריקקומען קיין באָן!

## זיבנאונפערציקסטער קאַפּיטל.

## משה העס: „מיין אָפּגאָט הייסט ד״ר קאַרל מאַרקס!״.

קאַרל מאַרקס איז געווען אַ פּאָר וואָכן קראַנק. ער האָט געשריבן צו דער מוטער און צו די שוועסטער און נישט באַקומען פון זיי קיין שום ענטפער. פון זשעני האָט מאַרקס ענדלעך דערהאַלטן אַ קורץ בריוול, אין וועלכן ס׳איז געווען אַ ידיעה וועגן דעם העכסט־געפערלעכן צושטאַנד פון געהיימראַט. ברונאָ בויער האָט קאַרלען, ווי עס שיינט, לגמרי פאַרגעסן. מאַרקס האָט זיך געפילט איינזאַם און פאַרלאָזן, זיין קראַנקייט איז געווען מער צוליב נשמה־ליידן ווי פון אַ פיזישער שוואַכקייט. אַ גרענעץ־און־האָפענונגס־לאָזע אַפּאַטיע האָט לגמרי באַהערשט דעם, וועגן וועלכן די בערלינער „דאָקטוירים״־קאַמעראַדן האָבן ערשט מיט אַ פּאָר חדשים

צוריק, געזונגען אין דעם ציטירטן לידל, אז ער איז „אַ שטאַרקער ריז" וואָס „שטור־מעוועט פֿול מיט צאָרן דעם הימל" און „ביילט מיט כעס די פויסט צו דער הויך".

בעת די טרויעריקע, כסדר־רעגנדיקע האַרבסט־אָוונטן פּלעגט זיך מאַרקס, אָן אַ ציל און אָן אַ צוועק, אַרומשלעפּן ביחידות, אין פאַרצווייפלטע געדאַנקען פאַר־זונקן, איבער די גאַסן און געסלעך פֿון באָן. איינמאָל, ווען ער איז אַזוי געגאַנגען, צעשטרייט און דעפּרימירט, האָט ער דערהערט זיין נאָמען. מאַרקס האָט זיך אומ־געקוקט, ווער עס רופט אים:

„איר דערקענט מיך נישט, הער דאָקטאָר, איך בין משה העס!".

מאַרקס האָט גלייך דערקענט די דאָזיקע הויכע, אַ ביסל איינגעבויגענע גע־שטאַלט, מיט דעם צעשויבערטן בערדל, מיט די איידעלע, גוט־שמייכלענדיקע געזיכטס־שטריכן, און מיט די נאַאיווע, ווי ביי אַ קינד טרוימערישע אויגן. מאַרקס האָט זיך זייער דערפרייט און גענומען זיך האַרציק באַגריסן מיט דעם אַלט־נייעם באַקאַנטן פריינט:

„ווי זאָל איך אייך נישט דערקענען, ליבער פריינט העס, איר האָט זיך דאָך במשך די פינף יאָרן גאָרנישט געענדערט. דער זעלבער הילוך און די זעלבע פאַר־חלומ'קייט!".

„אָבער איר, מאַרקס, האָט זיך דערפאַר שטאַרק געענדערט. איך האָב אייך קוים דערקענט. איר זייט יינגער פֿון מיר מיט אַ 6 יאָר, און דאָך זעט איר אויס אַזוי ערנסט... נו, ווי עס פּאַסט פאַר אַ דאָקטאָר־פילאָזאָפיע און פאַר דעם בעסטן קענער פֿון העגעל'ס שיטה..."

מאַרקס האָט זיך צעלאַכט:

„גייט שוין, גייט, איר שטייט אין מיטן דער גאַס און פּראָוועט מיר קאָמפּלי־מענטן...".

„איר זייט גערעכט, מאַרקס, קומט, מיר וועלן צוזאַמען עסן אַ נאַכטמאָל! און ברייט זיך אויסשמועסן פאַר אַלע צייטן. איך בלייב אין באָן אַ פּאָר טעג!".

קאַרל מאַרקס און משה העס זענען ביז שפּעט אין דער נאַכט אָפּגעזעסן אין אַ זייטיק צימער פֿון נאָבעלען רעסטאָראַן „ביים באָנער ראָטהויז". העס האָט מאַרקס'ן דערציילט וועגן אַ סך געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע ענינים און פּלע־נער און איז געוואָרן גאָר אינטים, רעדנדיק וועגן זיינע פּערזענלעכע זאָרגן און קאַמפּן. „מיין פאָטער" האָט ער צוגעגעבן „וויל דורכאויס, אַז איך זאָל ווערן אַ גרויסער קאָמערסאַנט, אַ גוטער סוחר. אָבער איך וועל זיין אַזאַ סוחר, ווי איר, מאַרקס, וועט זיין אַ גלח!!!".

ביידע פריינט האָבן זיך גוטברודעריש צעלאַכט. זייער שטימונג איז געוואָרן גאָר אַ לוסטיקע. ווען מאַרקס האָט אָנגעהויבן באַריכות און אין אַ קאָמישער פאָרם דערציילן, ווי מ'האָט אים גערעדט אַ פּיינעם, רייכן שידוך מיט אַ באַנקיר'ס טאָכ־טער, און ווי דער שדכן, דער פראַנקפורטער פעטער האָט זיך פּאָסמאַקעוועט ביים אויסרעכענען די מעלות פֿון יענער רייכער בתולה. העס האָט געקייכט פאַר געלעכ־טער, ער איז אָבער באַלד אַ ביסל ערנסט געוואָרן און האָט געזאָגט:

„איר ווייסט, מאַרקס, דער שידוך ווי דער שידוך, אָבער דער איינפאַל, אַז איר זאָלט זיך לאָזן פאַרשרייבן צום „מאָזאַאישן גלויבן" איז נישט אַזוי שלעכט. ווי מיינט איר, די שמערצלעכע אָפּעראַציע וואָס אַ גר דאַרף ביי יידן דורכמאַכן, האָט

איך אייער פעטער, דער טריערער רב, שוין איינגעשפּאַרט!". העם האָט האַלב־איראָ־ניש געשמייכלט.

מאַרקס איז געוואָרן אויפּאיינמאָל גאַנץ ערנסט:

„איך בין אייך מוחל די טובות. איך וואָלט די דאָזיקע טובה מוחל געווען אויך מיין פאַרשטאָרבענעם פעטער! אָבער דער וויץ מיט דער מילה איז אייך געלונגען, איך האָב באמת נישט געוווסט, אַז איר, העס, פאַרשטייט אַזעלכע וויצן צו מאַכן!".

מאַרקס האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט אין זיין אַמאָליקער כוונה צו זאָגן העס'ן וועגן דער יידנפיינטלעכער שטעלונג פון זיין באַליבטן פילאָזאָף ברוך שפּינאָזאַ.

„נאַ דיר, דיינע יידן". מאַרקס איז אויפּאיינמאָל אַריבער צו דער אינטימער „דו"־פאָרם, „צי ווייסט, דו, העס, וואָס דיין שפּינאָזאַ האָט געשריבן וועגן דיינע גלויבנס־גענאָסן?".

מאַרקס האָט אָנגעהויבן אויסנווייניק ציטירן אַלע קריטישע באַמערקונגען פון גרויסן אַמסטערדאַמער פילאָזאָף וועגן יידן און יידנטום.

„נו, וואָס זאָגסטו דערצו, העס, דו ביסט דאָך אַ הייסער שפּינאָזיסט?".

משה העס האָט אים דערויף געענטפערט מיט אַ זיכערער שטימע און אי־בערצייגונג:

„דיינע ציטאַטן, קאַרל, פון שפּינאָזאַ'ס ווערק, זענען טאַקע אמת'ע, אָבער דיינע מיינונגען וועגן שפּינאָזאַ'ס באַציאונג צום יידנטום זענען פאַלשע, נישט־ריכ־טיקע. ס'איז נישט שווער דאָס צו באַווייזן! איך וועל דיר גלייך געבן אַ ביישפּיל: שפּינאָזאַ האָט געלעבט מיט 200 יאָר צוריק. דיין גרויסער, ווי דו האַלטסט אים, העגעל, איז געשטאָרבן ערשט מיט 10 יאָר צוריק. נאָך פריש איז זיין לעבן און וויר־קונג פאַר אונז, און דאָך, וואָס מאַכט איר אַלץ פון העגעל'ן? אַן אַטעאיסט, אַ צע־שטערער פון הייליקטימער און אַזוי ווייטער. גלויב מיר, אַז העגעל וואָלט זיך אומ־געדרייט אין קבר פאַר אויפרעגונג, ווען ער וואָלט היינט געלייענט דאָס, וואָס דו און בויער שרייבט וועגן אים. איר רייסט פשוט אַרויס ציטאַטן און איינצעלנע גע־דאַנקען און איר זשאָנגלירט מיט דעם, ווי איר ווילט. אמת, העגעל'ס סטיל און שפּראַך זענען אָפט קאָמפּליצירטע און אומקלאָרע, און לאָזן צו אַ סך מעגלעכקייטן פאַר די אַנטקעגנגעזעצטע קאָמענטאַרן. צי מיינסט דו אָבער, אַז דאָס איז בלויז ביי העגעל'ן דער פאַל? פון שפּינאָזאַ טיילן אונז אָפּ צוויי הונדערט יאָר, צי פאַרשטייסט דו נישט, ווי לייכט ס'איז מיט פאַרשידענע צופעליקע ציטאַטן און געדאַנקען צו שאַפן אַ פאַלש בילד וועגן שפּינאָזאַ און זיין באַציאונג צום יידנטום?".

מאַרקס איז נישט מסכים געווען מיט די אויספירונגען פון משה העס. לויט זיין מיינונג, זענען ציטאַטן פון שפּינאָזאַ אָדער העגעל פעסט־געזעצטע און טיף־דורכגעטראַכטע באַהויפּטונגען, מיט וועלכע מ'קאָן נישט זשאָנגלירן, ווי מ'וויל. „אַ מיינונג בלייבט אַ מיינונג, און אַ ציטאַט איז אַ ציטאַט!". בפרט, אַז די לאַטיי־נישע שפּראַך פון שפּינאָזאַ'ס ווערק און די דייטשע שפּראַך פון העגעל'ן זענען צו־געפּאַסט צום עקזאַקטן, גענויען אויסדריקן זיך פון אַ וויסנשאַפטלעכן, פילאָזאָפישן געדאַנק.

ס'איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, ווען מ'האָט צוגעמאַכט דעם רעסטאָראַן. העס האָט מאַרקס'ן באַגלייט אַהיים און אויף דעם וועג האָבן זיי ממשיך געווען זייער יידנשאַפטלעכן ויכוח. געזעגענענדיק זיך, האָט העס צום סוף ציטירט

דעם באַרימטן זאַץ פון שפּינאָזאַ: „איך האָב מיין אַרבעט נישט געווידמעט צוליב דעם, אַז דער מענטשלעכער נסיון זאָל אויפגענומען ווערן מיט שפּאָט, קלאָגעניש אָדער קללה. איך האָב זיך באַמיט צו פאַרשטיין דעם מענטש!".

דעם נאָנטסטן טאָג האָבן זיך ביידע פריינט ווידער געטראָפן און פאַרבראַכט צו־זאַמען ביז שפּעט אין דער נאַכט. מ'האָט אַ סך גערעדט און פּאָלעמיזירט. העס האָט באַוווּנדערט די טיפע, גרינטלעכע געלערנטקייט פון זיין יונגן פריינט. ער איז גע־ווען ממש פאַרכשופ'ט מיט דער געוואַלדיקער ערודיציע, וועלכע עס האָט אַרויס־געוויזן דער דאָזיקער טריערער יונגערמאַן, וואָס איז נאָך נישט אַלט קיין גאַנצע 24 יאָר. אַהיימגייענדיק לאַנגזאַם, מיט אַ שפּאַצירנדיקן טריט, איז מאַרקס געוואָרן איינ־טים מיט העס'ן. ער האָט אים געשילדערט זיין שווערע מאַטעריעלע לאַגע און זיין אינערלעכן גייסטיקן געראַנגל.

„פאַרשטיי מיך גוט, העס, איך בין נאָך דעם דאָקטאָראַט, האָב אַ סך־אין די לעצטע יאָרן געלייענט און שטודירט, אָבער איצט, וואָס ווייטער, וווהין גייט מען און פאַר וועלכן ציל זאָל מען קעמפן? מ'לעבט אין דייטשלאַנד ווי אויף אַ בית־הקברות, ס'איז דאָ ענג און שטיקנדיק, אַלץ איז אַזוי קליינלעך און ווי אָפּגעשטאָרבן, אָן־ליבּ־און־אָן־לעבן!!! וואָס טוט מען, העס?".

משה העס איז אַ ווײַלע שטיין געבליבן. ער האָט זיך מיט זיינע גוטמוטיקע, קינדערישע אויגן אַריינגעקוקט אין מאַרקסנ'ס פּנים, ווי ער וואָלט אויף דעם אופן געוואָלט אַריינדרינגען אין די טיפענישן פון זיין נשמה. העס האָט גענומען רעדן, צוערשט שטיל און רואיק, אָבער אַלץ מער איז זיין קול געוואָרן שטאַרקער און ליידנשאַפטלעכער. פאַרשפּעטיקטע דורכגייער האָבן זיך אומרואיק אומגעקוקט, אָבער העס האָט נישט אויפגעהערט צו רעדן מיט אַן ערלעכן פּאַטאָס און מיט אַן איבערצייגנדיקער התלהבות. זיינע ווערטער האָבן געשילדערט דעם העראָאישן קאַמף פון פאַריזער פּראָלעטאַריאַט פאַר אַ נייער, גערעכטער און סאָציאַליסטישער אָרדע־נונג. דער דאָזיקער קאַמף וועט מוזן אַריבערגעטראָגן ווערן אויך קיין דייטשלאַנד. ס'איז אַ געזעץ פון דער געשיכטע און פון דער גורל'דיקער וועלט־באַשטימונג. דאָס וועט זיין אַ גיגאַנטיש ראַנגלען זיך צווישן דעם נייעם און אַלטן, צווישן דעם געזונטן און פאַרפוילטן, צווישן דעם מאָרגן און דעם נעכטן. ווי קאָן מען זיך אין אַזאַ היס־טאָרישער, שטורמישער תקופה פאַרשליסן אין אַן אייגענעם „וועלט־שמערץ"? ס'קומט בקרוב דער געשיכטלעכער מאָמענט, ווען מענטשן פון מאַרקס'נס בילדונג, קראַפט און כאַראַקטער, וועלן זיין באַרופן איבערצונעמען די הערשאַפט איבער דער וועלט.

במשך פון אַ גאַנצער וואָך, טאָג־נאָך־אַ־טאָג האָבן זיך קאַרל מאַרקס און משה העס געטראָפן און זענען אָפּגעזעסן לאַנגע שעה'ן ביי אומדערמידלעכע שמועסן און ויכוחים. ערשט איצט, אין באָן, האָט מאַרקס באמת דערקענט זיין נייעם פריינט משה העס, און האָט דערזען די גרויסקייט און נשמה־רייכקייט פון דעם דאָזיקן יידישן טרוימער, מיט וועלכן עס קאָנען זיך נישט פאַרגלייכן אַזעלכע ווי ברונאָ בויער און אַנדערע קאַמעראַדן פון בערלינער „דאָקטוירים־קלוב".

אויך דער איינדרוק פון מאַרקס'נס פּערזענלעכקייט אויף העס'ן איז געווען אַ געוואַלדיקער. צוריקפאָרנדיק קיין קעלן, האָט משה העס געשריבן אין זיין בריוו צום באַוווסטן יידיש־דייטשן שריפטשטעלער בערטאָלד אויערבאַך: „דו וועסט האָבן הנאה, ווען דו וועסט דערקענען איינעם פון אונזערע פריינט. ער לעבט דערווייל אין באָן.

ער האָט אויף מיר געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק. מיט איין וואָרט: גרייט דיך צו דער־קענען דעם גרעסטן און אפשר דעם איינציקן לעבעדיקן היינט פילאָזאָף. ווען מ׳וועט זיך פון אים דערוויסן, וועט ער צוציען די אויפמערקזאַמקייט פון גאַנץ דייטשלאַנד. מיין אָפּגאָט הייסט ד״ר קאַרל מאַרקס. ס׳איז נאָך אַ יונגער מענטש, קוים 24 יאָר אַלט. ער פאַרבינדט אין זיך דעם שאַרפסטן גייסט מיט דער גרעסטער פילאָזאָפי־שער טיפקייט. שטעל דיר פאָר רוסאָ, וואָלטער, האָלבאַך, לעסינג, היינע און העגעל פאַראייניקט אין איין פּערזאָן, איך זאָג פאַראייניקט און נישט אריינגעוואָרפן צוזאַמען אין איין זאַק! דאָס איז ד״ר קאַרל מאַרקס!״.

## אַכטאונפערציקסטער קאַפּיטל.

## צווישן באָן און קעלן.

במשך דעם ווינטער און דעם פרילינג פון יאָר 1842, האָט זיך מאַרקס אָפּט געטראָפן מיט משה העס. ער איז כסדר געפאָרן קיין קעלן, ווו העס האָט אָנהויב 1842 איבערגענומען די רעדאַקציע פון דער „רהיינישער צייטונג״. די לאַנגע שמו־עסן מיט העס׳ן האָבן אויף מאַרקס׳ן געהאַט אַן אויסגעצייכנטע ווירקונג. די סוגעסטיווע השפעה פון העס׳ן איז מאַרקס׳ן בייגעשטאַנען אין אַ צייט פון גרויסע ספקות און דעפּרעסיעס, און זי האָט אים געהאָלפן גובר צו זיין דעם געפערלעכן גייסטיקן קריזיס. דער אייביקער יידישער בטחון, וואָס האָט, באַוווּסט אָדער אומ־באַוווּסט, אויסגעשטראַלט פון דער אידעלער געשטאַלט פון העס׳ן, האָט צוגעצויגן און טיף באַווירקט די אָנגעווייטיקטע נשמה פון מאַרקס׳ן, וואָס איז געווען צעריסן פון סקעפּטיציזם און פאַרפאָלגט פון מורא׳דיקע שאָטנס. קאַרל מאַרקס איז ווידער געוואָרן אָפּטימיסטיש געשטימט און גרייט צו אַ נייער קעמפערישער אַקטיוויטעט.

פון דער היים זענען אָנגעקומען בריוו און געלט־זענדונגען. די סומען, וואָס מ׳האָט מאַרקס׳ן איצט געשיקט, זענען ווייט נישט געווען אַזוי גרויס, ווי אַמאָל בעת זיין בערלינער סטודענטן־צייט, אָבער זיי האָבן געסטאַיעט אויף אַ באַשיידע־נעם לעבן. מאַרקס האָט אויך אָנגעהויבן פאַרדינען אַלס מיטאַרבעטער פון די „האַלישע יאָרביכער״, וועלכע זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך זיין פריינט אַרנאָלד רוגע.

ד״ר אַרנאָלד רוגע איז געווען אַ זייער אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט. אַמאָל אין דער יוגנט האָט ער זיך באַטייליקט אין דער ראַדיקאַלער סטודענטן־באַוועגונג און איז צוליב דעם געזעסן זעקס יאָר אין די פּרייסישע תפיסות. ווען ער איז באַ־פרייט געוואָרן, האָט ער רייך געהייראַט און איבערגענומען אַ דאָצענטור אויפן האַלער אוניווערסיטעט. רוגע איז שוין געווען איבער די פערציק, אַ שטאַרק געבוי־טער און לעבנס־לוסטיקער מאַנספּאַרשוין. פון דער אַמאָליקער סטודענטישער רעוואָ־לוציאָנערישקייט איז ביי אים מער קיין זכר נישט געבליבן, ער איז געוואָרן פּראַק־טיש און געמעסיקט, הגם מיט שטאַרקע סימפּאַטיעס פאַר די נייע שטרעמונגען פון די יונג־העגעליאַנער און די ליבעראַלן. אין זיינע „האַלישע יאָרביכער״ האָט רוגע

געוואָלט פאַרייניקן אַלע נייע, אינטערעסאַנטע און טאַלאַנטירטע שריפטשטעלער און וויסנשאַפטלער. זיין אַמביציע איז געווען, אַז די „האַלישע יאָרביכער" זאָלן ווערן די טריבונע פון אינטעלעקטועלן „יונג־דייטשלאַנד". אַליין איז רוגע געווען אַ הויך־געבילדעטער שריפטשטעלער, אַ גוטער רעדאַקטאָר און אָרגאַניזאַטאָר. די הפקר׳דיקע אַטמאָספערע פון געוויסע יונג־העגעליאַנער אין־און־אַרום דעם בערלינער „דאָקטוירים־קלוב" האָט רוגע׳ן אַ ביסל דעמאָראַליזירט, ער האָט אָפט שטאָלצירט מיט זיין ציניזם און זיך געוויצלט, אַז ער איז געוואָרן אין דייטשלאַנד אַ „הורטאָוונער הענדלער פון גייסטיקע סחורות". צוליב פּאָפּולאַריטעט האָט רוגע אין זיינע „יאָרביכער" געדרוקט אפילו זייער שאַרפע, פּאָליטישע אַרטיקלען, וועלכע זענען נישט געווען צוגעפּאַסט צו זיין געמעסיקטער ליניע. אַזוי האָט, למשל, פירשט מיכאַל באַקונין פאַרעפנטלעכט אין רוגע׳ס צייטשריפט אַן אָפּהאַנדלונג, וועלכע האָט פאָרויסגעזאָגט די נאָענטע דעמאָקראַטישע און סאָציאַלע רעוואָלוציע אין גאַנץ אייראָפּע. לסוף האָט רוגע געמוזט צוליב די צענזור־רדיפות מצד דער פּרייסישער רעגירונג אַריבערטראָגן זיין זשורנאַל קיין דרעזדן, דער הויפּט־שטאָט פון סאַקסען, ווו די צענזור־באַדינגונגען זענען געווען אַ סך מילדערע. מאַרקס האָט יאָרנלאַנג מיטגעאַרבעט מיט רוגע׳ן, ער האָט אפילו צוזאַמען מיט אים רעדאַגירט שפּעטער אין פּאַריז „די פראַנצויזיש־דייטשע יאָרביכער". אָבער, לסוף, איז ער זיך מיט אים (ווי ס׳איז אָפט פאָרגעקומען ביי מאַרקס׳ן) צעגאַנגען, און זיי זענען זיך געוואָרן בלוט־שונאים. רוגע, ביי זיין גאַנצן ראַדיקאַלן עבר און ליבעראַלן הוה, איז געווען נישט קיין קליינער שונא ישראל. ער האָט לאַנג פאַרשטאַנען דיפּלאָמאַטיש דאָס צו מאַסקירן מיט שיינקלינגנדיקע פראַזן, אַזוי ווי עס האָט עס פאַרלאַנגט די דעמאָלדיקע טאָג־מאָדע.

מאַרקס איז געווען פאַרטון אין נייע אַרבעטן און פּלענער, ווען ס׳איז אָנגעקומען פון טריער די טרויער־מעלדונג וועגן דעם טויט פון געהיימראַט לודוויק פאָן וועסטפאַלן. מאַרקס איז געווען טיף דערשיטערט. ער האָט געוווסט, אַז אין דעם פאַרשטאָרבענעם האָט ער פאַרלוירן זיין בעסטן, טרייעסטן פריינט, וועלכער, הגם ער האָט געקאָנט, לויט זיין עלטער, זיין אים אַ זיידע, איז ער אים געווען איבערגעגעבן, מער און אויפריכטיקער, ווי אַ סך פון די יונגע חברים.

פון דער מוטער און די שוועסטער זענען ווידער אָנגעקומען בריוו מיט ביטערע טענות און מענות. זיי האָבן קאַרל׳ן מודיע געווען, אַז איצט נאָך דעם טויט פון געהיימראַט זענען די פרום־קריסטלעכע און אַריסטאָקראַטישע וועסטפאַלען׳ס לגמרי פיינטלעך געשטימט, זיי באַנעמען זיך חוצפּה׳דיק און דרייען אַוועק אַראָגאַנט דעם קאָפּ, ווען די מוטער אָדער די שוועסטער פון זשעני׳ס צוקונפטיקן מאַן באַגריסן זיי אויף דער גאַס. און נאָכאיינמאָל האָט קאַרל געהערט פון זיינע נאָענסטע, אַז די הייראַט מיט זשעני איז אַ „האָפענונגס־לאָזער, נאַרישער איינפאַל", צו וועלכן ער זאָל תיכף מאַכן אַ סוף.

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט מען קאַרל׳ן אינפאָרמירט, אַז די אלמנה פון געהיימראַט איז אַוועקגעפאָרן פון טריער מיט זשעני און מיט דער גאַנצער פאַמיליע. זייער הויז אויף דער רוימער־גאַס איז ליקווידירט געוואָרן און זיי קומען נישט מער צוריק קיין טריער. אין אַ שלעכטן דייטש, מיט ווערטער געמישטע מיט האָלענדישע, האָט קאַרלען די מוטער פונדאָסניי געמאַכט ביטערע פאָרווורפן, אַז ער איז געוואָרן „פרעמד און שלעכט און האָט פאַרציכטעט אויף אַלץ, וואָס איז אים געווען טייער

און הייליק". קאַרל האָט געענטפערט, אַז קיין שום כח אין דער וועלט וועט אים נישט צווינגען אָפּצוזאָגן זיך פון זשעני'ס ליבע און הייראַט. דאָס זעלבע האָט ער אויך געשריבן דער אַלמנה פאָן וועסטפאַלן.

אין זיינע דעמאָלדיקע בריוו צו רוגע'ן, מיט וועלכן ער איז געוואָרן אינטים, שרייבט מאַרקס וועגן זיינע פאַמיליע־צרות און וועגן די פאַרשאַרפטע באַציאונגען מיט דער מוטער און די שוועסטערן: „מיין פאַמיליע פאַרשטעלט מיין וועג מיט שוועריקייטן, וועלכע מאַכן מיר איצט די גרעסטע זאָרגן". און „ווי איך האָב שוין געשריבן, בין איך צעקריגט מיט מיין משפּחה, און ווי לאַנג מיין מוטער וועט לעבן, וועל איך מער נישט באַקומען קיין גראָשן פון אונזער פאַרמעגן!". אין אַן אַנדערן בריוו צו רוגע'ן באַקלאָגט זיך מאַרקס, אַז זיין „מוטער שפּילט זיך אין נביאות־זאָגן" און פאַרלאַנגט פון אים בלינדע געהאָרכזאַמקייט.

קאַרל מאַרקס האָט זיך איצט מייסטנס געפונען אין קעלן. די דאָזיקע גרויסע און לעבעדיקע שטאָט ביי די ברעגעס פון טייך רהיין איז געווען דער עקאָנאָמישער און קולטורעלער צענטער פון רהיין־לאַנד, דעם אַמייסטן־אַנטוויקלטן און פּראָגרעסירטן געביט אין גאַנץ דייטשלאַנד. פאַר אַ יונגן, ענערגישן און פעאיקן מענטשן האָט קעלן בנייט געעפנט אַלע מעגלעכקייטן צו אַ שנעלער און גוטער שטעלונג אין לעבן. די רייכע קעלנער בורזשואַזיע, די דערפאָלגרייכע פאַבריקאַנטן און גרויסע סוחרים האָבן קלאָר פאַרשטאַנען, אַז דאָס אַלטע דייטשלאַנד מיט אירע אָפּגעשטאַנענע, מיטלאַלטערלעכע און פעאָדאַלע אָרדענונגען שטערט און האַלט אויף די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון לאַנד. דאָס קעלנער בירגערטום איז געווען ראַדיקאַל געשטימט, עס האָט פאַרלאַנגט שנעלע און גרונטלעכע רעפאָרמען אין דעם ביז־איצטיקן פּאָליטישן,ווירטשאַפטלעכן און גייסטיקן צושטאַנד פון דייטשלאַנד. די קעלנער אינטעלעקטואַליסטן און די צאָלרייכע פאַרשטייער פון די פרייע באַרופן, אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים, זשורנאַליסטן, דירעקטאָרן, טעכניקער און אינזשינערן, זענען געווען הייסע אָנהענגער פון דעם ליבעראַליזם און פון דער באַוועגונג, וואָס האָט געפּריידיקט אַ פּראָגראַם פון דעמאָקראַטיזאַציע און פאַראייניקונג פון די 36 באַזונדערע דייטשע מלוכות אין איין גרויסן בשותּפות'דיקן שטאַאַט.

קעלן־אַם־רהיין האָט צוגעצויגן אַ סך יונגע און טאַלאַנטירטע מענטשן פון גאַנץ דייטשלאַנד. אויך קאַרל מאַרקס האָט געוואָלט זיין צוקונפט פאַרבינדן מיט דער דאָזיקער דינאַמישער און הויך־אַנטוויקלטער שטאָט.

## ניינאונפערציקסטער קאַפּיטל.

## „די רהיינישע צייטונג" און איר רעדאַקטאָר קאַרל מאַרקס.

דעם 1 יאַנואַר פון יאָר 1842 האָבן די איינוווינער פון דער שטאָט קעלן־אַם־רהיין געהאַט אַ שטיקל סענסאַציע. ס'איז דערשינען דער ערשטער נומער פון אַ נייעם טאָגבלאַט א. נ. „די רהיינישע צייטונג". ביז איצט איז דאָס לייענער־פּובליקום אין גאַנץ רהיינלאַנד צוגעוווינט געווען צו דער אַלטער, קאָנסערוואַטיוו־קאַטוילישער

„קעלנישער צייטונג". מ'האָט די עקזאַמפּלאַרן פון דער נייער צייטונג שנעל צעכאַפּט, אַלע האָבן געוואָלט וויסן וואָס „די רהיינישע צייטונג" וועט מחדש זיין. אין דער שטאָט האָט מען זיך דערציילט, אַז די נייע צייטונג ווערט פינאַנסירט דורך רייכע קעלנער אינדוסטריעלער און קאָמערסאַנטן, אַז זי ווערט אונטערשטיצט דורך דער פּרייסישער רעגירונג, און אַז אירע רעדאַקטאָרן און מיטאַרבעטער זענען עטלעכע פון בערלין צוגעשיקטע ראַדיקאַלן פון יונג־העגעליאַנישן „דאָקטוירים־קלוב". די דאָזיקע שותפות פון דער רייכער רהיינלענדישער בורזשואַזיע מיט די פּרייסיש־רעאַקציאָנערע מושלים און מיט די יונג־העגעלישע אַטעאיסטן און רעוואָלוציאָנערן האָט אויסגעזען ווי אַן אויסגעטראַכטע, אַבסורדאַלע סענסאַציע.

אין דער ווירקלעכקייט, איז אָבער די דאָזיקע ווערסיע געווען אַ פולשטענדיק־אמת'ע. אַרום „דער רהיינישער צייטונג" איז געגאַנגען אַ ראַפינירטער שפּיל פון פּאָליטישע קאָמבינאַציעס און אינטריגעס, און יעדער פון די דריי שותפים האָט גערעכנט אָפּצונאַרן זיינע פּאַרטנערן. די פאָרשטייער פון דעם רייכן ליבעראַלן רהיינלענדישן בירגערטום האָבן פינאַנסירט „די רהיינישע צייטונג" אַלס אַ פּרעסע־אָרגאַן, וואָס וועט שטיצן זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס און זייער קאַמף קעגן דעם פּרייסישן רעגירונגס־רעזשים לטובת אייגענע פּאָליטישע און ווירטשאַפטלעכע קאָנצעסיעס. די פּרייסישע רעאַקציאָנערע מאַכט האָט אין דער נייער צייטונג באַגריסט אַ צוקונפטיקן קאָנקורענט קעגן דער איינפלוסרייכער „קעלנישער צייטונג", וועלכע האָט רעפּרעזענטירט די סעפּאַראַטיסטישע, אַנטי־פּרייסישע ריכטונג פון דעם קאַטוליש־קלעריקאַלן לאַגער אין רהיינלאַנד. דער דריטער שותף צו דער „רהיינישער צייטונג" די ראַדיקאַלע, יונג־העגעלישע אינטעלעקטואַליסטן האָבן געהאָפט, אַז ס'וועט זיי געלינגען אויסצונוצן די שאַרפע קעגנזאַצן צווישן דעם צענטראַליסטישן, רעאַקציאָנערן פּרייסיש־פּראָטעסטאַנטישן רעזשים אין בערלין און דער סעפּאַראַטיסטיש־קאַטוילישער רעאַקציע אין רהיינלאַנד, בכדי אין דער נייער צייטונג צו שאַפן אַ טריבונע פאַר דער דעמאָקראַטישער, סאָציאַל־פּאָרטגעשריטענער און גייסטיק־ראַדיקאַליזירטער באַוועגונג אין דייטשלאַנד.

די רעדאַקציע פון דער „רהיינישער צייטונג" האָט איבערגענומען דער באַוווסטער, אָפט שוין דערמאָנטער בערלינער ראַדיקאַלער זשורנאַליסט ד"ר אַדאָלף רוטענבערג. ס'איז אָבער באַלד קלאָר געוואָרן, אַז רוטענבערג איז אַ שלעכטער רעדאַקטאָר, און אויסערדעם קאָן ער זיך, בשום אופן נישט געבן קיין עצה מיט דער קאָמפּליצירטער פּערזענלעכער און פּאָליטישער לאַגע, וועלכע האָט פאַרלאַנגט אַ געשיקטע און עלאַסטישע פירונג.

באַלד פון אָנהויב אָן איז קאַרל מאַרקס איינגעלאַדן געוואָרן צו דער מיטאַרבעט אין דער „רהיינישער צייטונג". אָבער צוליב פאַרשידענע סבות האָט זיך מאַרקס לפי שעה נישט באַטייליקט אין דער נייער צייטונג. ברונאָ בויער האָט אים פון בערלין געשריבן, אַז ער זאָל זיך דערווייל נישט אַנגאַזשירן אין דער „רהיינישער צייטונג" און גע'עצה'ט אים צו בלייבן בעסער אין באָן „ווייל נאָך מיין אַוועקפאָרן, וועט דאָרט קיינער נישט זיין, וואָס זאָל דענערווירן די צבוע'קעס!". מאַרקס איז אויסערדעם געווען שטאַרק באַשעפטיקט מיט דער מיטאַרבעט פאַר רוגע'ס זשורנאַל. אַ סך צייט האָט ער פאַרלוירן, שרייבנדיק אָנהויב 1842 אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג וועגן דער צענזור און וועגן דעם נייעם פּרייסישן צענזור־געזעץ. דער רעדאַקטאָר רוגע

איז געווען אַנטציקט מיט מאַרקס'נס אַרבעט און האָט וועגן דעם געשריבן: „וועגן דער פרייהייט פון דער פרעסע האָט נאָך קיינער נישט אַרויסגעזאָגט אַזעלכע טיפע געדאַנקען, ווי קאַרל מאַרקס. מ'קאָן שוין איצט גאָרנישט וויכטיקעס צוגעבן צו דער דאָזיקער טעמע! מיר דאַרפן זיך אַלע גראַטולירן, וואָס מיר האָבן אין אונזער פובליציסטיק באַקומען אַזאַ נייע קראַפט, וועלכע צייכנט זיך אויס מיט אַזויפיל וויסן, טאַלאַנט און גלענצנדיקער באַהאַוונקייט. דאָס איז באַזונדערס וויכטיק אין אונזער היינטיקער תקופה פון אַלגעמיינעם גייסטיקן תוהו ובוהו!".

ס'איז כדאי צוצוגעבן, אַז ביי זיין גאַנצער לײדנשאַפטלעכער פאַרטיידיקונג פון דער פרעסע־פרייהייט, האָט זיך אָבער מאַרקס פרינציפיעל נישט אַרויסגעזאָגט קעגן יעדער צענזור. ער האָט דאָס פאָרמולירט מיט די פאָלגנדיקע ווערטער: „צי איז דען אַ פרעסע, וואָס דערנידעריקט זיך צו דער מדרגה פון געלט־מאַכן, באמת פריי? ס'איז קלאָר, אַז דער שרייבער מוז פאַרדינען, בכדי צו קענען לעבן און שרייבן. אָבער נישט דערצו לעבט ער און שרייבט, בכדי צו פאַרדינען. די פרייהייט פון דער פרעסע באַשטייט קודם־כל אין דעם, אַז זי זאָל נישט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ פשוטע מלאכה. אַ שרייבער, וואָס נוצט אויס די פרעסע, בכדי צו מאַכן פון איר בלויז אַן הכנסה־קוואַל, דאַרף האָבן אַ צענזור אַלס אַן אויסערלעכע שטראָף פאַר דעם פעלן פון אַן אינערלעכער פרייהייט. אין דעם פאַל, איז שוין די עקזיסטענץ פון אַ צענזור אַלס אַזעלכע, אַ גענוגנדיקע שטראָף פאַר אַזאַ שרייבער!".

נישט־זייענדיק אַ מיטאַרבעטער פון דער „רהיינישער ציימונג", פלעגט אָבער מאַרקס אָפט זיך צונויפקומען מיט אַדאָלף רוטענבערג'ן, מיט משה העס'ן און מיט אַנדערע רעדאַקטאָרן פון דער דאָזיקער ציימונג. באַזונדערס פלעגט ער זיך טרעפן מיט רוטענבערג'ן און העס'ן אין די שפּעטע אָוונטן, ווען זיי זענען שוין פאַרטיק געוואָרן מיט דער צוגרייטונג פון ציימונגס־נומער, און האָבן אויסגערוט אין קאַפע־הויז ביי אַ גלאָז שטאַרקן, שוואַרצן קאַפע. מ'האָט דאָן געשמועסט וועגן פּאָליטיק, ליטעראַטור און וועגן סתם טאָג־נייאיקייטן. איינמאָל אין אַזאַ אָוונט האָט רוטענבערג דערציילט וועגן אַ נייעם בוך, וואָס איז גראָד דערשינען און איז דורך דעם מחבר צוגעשיקט געוואָרן אין די רעדאַקציע פון דער „רהיינישער ציימונג". רוטענבערג האָט דאָס בוך אַוועקגעלייגט אויף דעם מאַרמאָרנעם קאַפעהויז־טישל און מיט אַן אויפגערעגטן טאָן האָט ער געזאָגט צו זיינע חברים מאַרקס און העס:

„גיט אַ קוק אויף דעם געמיינעם בוך־טיטל: „די אומטעגלעכקייט צו עמאַנצי־פירן די יידן אין אַ קריסטלעכן שטאַט!".

העס האָט באַמערקט דעם נאָמען פון מחבר און אַ דערשטוינטער האָט ער אויס־געשריען: „פרענקעל הייסט ער, מנ'סתם אַ ייד!?".

רוטענבערג האָט אַ שלײדער געטון דאָס בוך אויף דער ערד: „און נאָך וואָס פאַר אַ ייד, אַ שמוציקער משומד!!!".

מאַרקס איז געוואָרן רויט אויפן גאַנצן פּנים און האָט געפרעגט מיט אַ נער־וועזן קול:

„וואָס פאַרא פאַרשוין איז דער דאָזיקער פרענקעל?".

רוטענבערג האָט האַסטיק אויסגעטרונקען זיין קאַפע און ער האָט געענט־פערט:

„דו קענסט אים נישט, דעם דאָזיקן אויסוואורף? ס'איז אַ געראָטענער תלמיד

פון דעם צווייטן משומד, דעם רעאַקציאָנערן מנוול פּראָפעסאָר שטאַהל. איך וואָלט זיי ביידע אויפגעהאַנגען צוזאַמען אין איין טאָג אויף איין סלופּ אין דער ערשטער, בעסטער, אָדער ערגסטער יידישער סינאַגאָגע. שטעלט אייך פאָר, קיין בעסערע באַשעפטיקונג האָט נישט דער דאָזיקער געמיינער לומפּ פרענקעל ווי אַרויסצוגעבן אין יאָר 1842 אַ שמוציקן פּאַמפלעט קעגן זיינע אַמאָליקע גלויבנס־גענאָסן. ער וויל באַווייזן, דער דאָזיקער פאַרקויפטער משומד, אַז יידן זענען נישט ראוי צו באַקומען בירגערלעכע רעכט. אומדערהערט, אַזאַ שווייניעריי!".

רוטענבערג האָט אויסגעזען און געפירט זיך ווי אַן אמת'ער קריסט. אָבער ביי־זע צינגער האָבן דערציילט, אַז ער שטאַמט פון יידן. אין דער ווירקלעכקייט האָט ער שטאַרק פיינט געהאַט די אַנטיסעמיטן מכל המינים און האָט אויך נישט פאַר־טראָגן קיין משומדים.

מאַרקס'ן איז דאָס גאַנצע געשפּרעך נישט געווען צום הארצן. ער איז געווען גליקלעך, וואָס שוין אַ לענגערע צייט איז ער פּטור געוואָרן פון די „מורא'דיקע שאָטנס, וואָס פאַרפאָלגן אים". רוטענבערג האָט באַמערקט מאַרקס'נס בולט'ע אומ־צופרידנקייט, און קלאַפּנדיק גוטברודעריש זיין יינגערן פריינט אויף די פעסטע, ברייטע פּלייצעס, האָט ער געזאָגט, לאַכנדיק הויך און סאַרקאַסטיש:

„גייי־שוין־גיי קאַרל, זיי נישט באַליידיקט. נישט דיך האָב איך געמיינט. איך ווייס אַליין נישט פאַרוואָס, אָבער איך האַלט דיך, מאַרקס, נישט פאַר אַ קריסט און אויך נישט פאַר אַ משומד, נאָר טאַקע פאַר אַ ייד... האַ, האַ...!".

רוטענבערג האָט מיט זיין הייזעריקן קול געלאַכט ספּאַזמאַטיש, ווי ער וואָלט געזאָגט דעם געלונגנסטן וויץ. העס האָט גוטמוטיק געשמייכלט. מאַרקס, נישט־ווילנ־דיק פאַראַטן זיין ברוגז, האָט באַין ברירה מיטגעלאַכט. מ'האָט אָבער אַרויסגעפילט זיין צאָרן, און די שטימונג איז פּלוצלינג געוואָרן אַ געשפּאַנטע.

געראַטעוועט האָט די לאַגע משה העס. ער האָט גענומען רעדן אין שבח פון געוויסע פיינע משומדים:

„צי געדענקט איר שוין נישט" האָט צוגעגעבן משה העס „דעם באַוווסטן פאַר־פאַל מיט צוויי יאָר צוריק, בעת דער דמשק־אַפּערע, ווען דער געשמד'טער 60־יע־ריקער ייד יאָהאַן עמנואל וויטה, אַ הויכער קאַטוילישער גייסטלעכער אין ווין האָט זיך אָוועקגעשטעלט אין זיין קירך און פאַר אַ גרויסן קריסטלעכן המון האָט ער, מיט דעם צלם אין דער האַנט, געשוווירן אַ הייליקע שבועה, אַז אַלע בלבולים קעגן יידן וועגן ריטועלע מאָרדן זענען שקר וכזב. איר זעט, מיינע טייערע, אַז נישט אַלע משומדים זענען גלייך!".

די דריי פריינט האָבן זיך באַלד געזעגנט און זענען אַוועק ביחידות, יעדער אין זיין ריכטונג. זיי האָבן זיך ווייטער, כמעט יעדן אָוונט, געטראָפן אין זייער סטאַ־בילן קאַפעהויז. אָבער זייט יענעם שמועס וועגן די משומדים, איז עפּעס אַ נייע, מאָדנע באַציאונג איינגעטרעטן צווישן העס'ן, דעם טרייען ייד, מאַרקס'ן, דעם זון פון אַ געשמד'טן ייד און רוטענבערג'ן, דעם מכלומרשטן ייד. קאַרל מאַרקס האָט נישט געקאָנט פאַרגעסן און נישט געוואָלט מוחל זיין רוטענבערג'ן זיין „חוצפּה'דיק אָפּשפּאָטן" פון געשמד'טע יידן. ער איז באמת געווען צופרידן, ווען אין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט רוטענבערג אויפגעהערט צו זיין רעדאַקטאָר פון דער „רהייני־שער צייטונג". רוטענבערג איז גלייך אַוועק צוריק קיין בערלין און זיין זשורנאַ־

ליסטישע קאריערע האָט זיך פאַרענדיקט. נאָך אים איז משה העס געוואָרן דער רע־דאַקטאָר פון דער „רהיינישער צייטונג". צו יענער צייט האָט קאַרל מאַרקס אָנגע־הויבן שרייבן רעגלמעסיק פאַר דער דאָזיקער צייטונג. ער האָט איצט געווינט סטאַ־ביל אין קעלן און זיין השפעה צווישן די אַרויסגעבער און מיטאַרבעטער פון דער „רהיינישער צייטונג" איז געוואַקסן פון טאָג־צו־טאָג.

אין אַ פּאָר חדשים שפּעטער, אין אָקטאָבער 1842, איז אויך משה העס אוועק פון דער רעדאַקציע. אַלס נייער רעדאַקטאָר איז באַשטימט געוואָרן קאַרל מאַרקס. די באַציאונגען צווישן מאַרקס'ן און העס'ן האָבן זיך צו יענער צייט שטאַרק פאַרענ־דערט. העס האָט אויפגעהערט צו באַטראַכטן מאַרקס'ן אַלס זיין אָפּגאָט און מאַרקס האָט אָנגעהויבן קוקן אויף העס'ן ווי אויף אַ קאָמישן פאַנטאַסט. די צייטן פון גע־מיינזאַמער טיפער אַכטונג און חברישער ליבע זענען שוין אויף תמיד פאַרשוווּנדן. במשך די נאָענסטע יאָרן זענען די באַציאונגען געוואָרן אַלץ מער קעלטער און לסוף זענען זיי דערגאַנגען ביז צו אַן אָפענער, שאַרפער קעגנערשאַפט.

בייזע צינגער האָבן פאַרשפּרייט פאַלשע קלאַנגען, אַז מאַרקס האָט אויסגענוצט זיין איינפלוס, בכדי צו ווערן, אויפן אָרט פון משה העס, רעדאַקטאָר פון דער „רהיי־נישער צייטונג". די דאָזיקע ווערסיעס האָבן זיכער נישט פאַרבעסערט די חבר'שאַפט צווישן העס'ן און מאַרקס'ן. מ'קאָן זיך אויך משער זיין, אַז די עכט־יידישע גע־שטאַלט און פּסיכיק פון משה העס'ן זענען לסוף געוואָרן לעסטיק און נמאס קאַרל מאַרקס'ן, וועלכער האָט פאַר יעדן פרייז געוואָלט אויסמיידן יידישע טעמעס און יידישע רעמיניסצענצן, וואָס קאָנען ביי אים אַרויסרופן די פיינלעכע שאָטנס פון נאָענטן עבר.

## פופציקסטער קאַפּיטל.

## דער ערשטער צונויפטרעף פון מאַרקס'ן מיט פרידריך ענגעלס.

אונטער דער אויסגעצייכנטער רעדאַקציע פון קאַרל מאַרקס'ן, האָט „די רהיי־נישע צייטונג" דורכגעמאַכט אַ שנעלע אַנטוויקלונג. די צאָל פון אַבאָנענטן איז גע־וואַקסן פון טאָג־צו־טאָג, און דער מאָראַלישער און גײַסטיקער פּרעסטיזש פון דער נייער צייטונג איז געוואָרן אַ גאָר גרויסער. די פּאָליטישע אַרטיקלען פון רעדאַקטאָר מאַרקס האָבן אַרויסגערופן אויפזען אין גאַנץ דייטשלאַנד און זענען אָפט איבערגעדרוקט געוואָרן אין אַנדערע זשורנאַלן. אַרום דער „רהיינישער צייטונג" האָט זיך געשאַפן אַ צאָלרייכער שטאַב פון סטאַבילע אָדער צופעליקע מיטאַרבעטער, סיי אין קעלן און סיי אין אַנדערע דייטשע שטעט. צווישן די נייע מיטאַרבעטער האָט זיך אויך געפונען דער צוויי־און־צוואַנציק־יעריקער פרידריך ענגעלס.

געשטאַמט האָט ענגעלס פון אַ זייער פרומער, קריסטלעך־פּראָטעסטאַנטישער, פאַרמעגלעכער פאַבריקאַנטן־משפחה אין באַרמען. זייענדיק אַלט סך־הכל 17 יאָר, האָט פרידריך אָנגעהויבן אַרבעטן אין ביורא פון זיין פאָטער, דעם טעקסטיל־פאַ־בריקאַנט, וועלכער איז געווען זיכער, אַז זיין זון וועט ממשיך זיין די דורות־לאַנגע

עכט־קריסטלעכע און גוט־סוחרישע טראַדיציעס פון די ענגעלס. אָבער דער אַלטער ענגעלס האָט איבערגעלעבט אַ ביטערע אַנטוישונג. פרידריך איז שוין אין דער יוגנט לגמרי באַהערשט געוואָרן פון ראַדיקאַלע און פרייִדענקערישע אידייען. נישט־האָבנ־דיק די מעגלעכקייט צו לערנען אויפן אוניווערסיטעט, האָט דער יונגער פרידריך ענגעלס אַ סך געלייענט און שטודירט. די לעקטור פון לודוויק בערנע׳ס שאַפונגען האָט אים געמאַכט צו אַן איבערצייגטן פּאָליטישן דעמאָקראַט און סאָציאַלן ראַדי־קאַל. דער יונגער, אינטעליגענטער פאַבריקאַנטן־זון איז נישט פאַרבלענדעט געוועזן פון דעם וווילשטאַנד אין זיין בירגערלעכער סביבה, ער האָט מיט קריטישע אויגן אָבסערווירט די שרעקלעכע נויט און רעכטלאָזיקייט פון די מחנות פּראָלעטאַריער, וואָס האָבן געאַרבעט און וועגעטירט אין די טעקסטיל־פאַבריקן פון דעם וופּער־טאָל. די פילאָזאָפישע פּובליקאַציעס פון די יונג־העגעליאַנער האָבן אויף ענגעלס׳ן שטאַרק משפּיע געווען. ער האָט פאַרלוירן דעם אַמאָליקן גלויבן אין דעם קריסטלעכן קולט, וועלכער איז אים אַזוי טיף איינגעוואָרצלט געוואָרן אין דער פּאָטערלעכער היים. עס האָבן אים אָנגעהויבן פּייניקן גרויסע ספקות וועגן גאָט און וועגן דער גערעכטי־קייט פון דעם היינטיקן וועלט־סדר. ענגעלס האָט כסדר פאַרטיפט זיין בילדונג, האָט געשליפן און אויסגעבעסערט זיין ליטעראַרישן סטיל, און גענומען טראַכטן וועגן אַ פּובליציסטישער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

ווען ענגעלס איז אַלט געוואָרן 20 יאָר, האָט מען אים גענומען צום מיליטער. געדינט האָט ער ביי אַ ספּעציעלן פּאָלק פון אַרטילעריע אין בערלין, וועלכער איז געווען באַשטימט פאַר די זונדלעך פון רייכע עלטערן. דאָ, אין בערלין, האָט זיך פרידריך ענגעלס באַקענט פערזענלעך מיט די יונג־העגעליאַנער און די ראַדיקאַלן פון „דאָקטוירים־קלוב". נאָך זיין באַפרייען פון מיליטער, איז פרידריך ענגעלס צו־ריקגעקומען קיין באַרמען, אָבער מער, ווי אין געשעפט פון זיין פאָטער, איז ער איצט אָפּגעזעסן ביי אַן אינטענסיווער ליטעראַרישער אַרבעט פאַר דער „רהיינישער צייטונג" און פאַר אַנדערע צייטשריפטן. דער אַלטער ענגעלס האָט באַלד פאַרשטאַ־נען, אַז קיין גרויס נחת וועט ער פון זיין זון אין דייטשלאַנד נישט האָבן. די שכנים און באַקאַנטע, רייכע אינדוסטריעלע און סוחרים האָבן שוין אָנגעהויבן קוקן קרום אויף דעם „גאָטלאָזן רעוואָלוציאָנער". אין האַרבסט 1842 איז פרידריך ענגעלס אַוועקגעשיקט געוואָרן דורך זיין פאָטער אויף אַ פּאָסטן צו די נאָענטע קרובים, פאַבריקאַנטן אין מאַנטשעסטער. דער אַלטער ענגעלס האָט גערעכנט, אַז דאָס קאָנ־סערוואַטיווע, שטאַרק־רעליגיעזע ענגלאַנד וועט זיין זון „אויסהיילן פון זיינע אַפּי־קורסישע איינפאַלן!".

פאָרנדיק קיין ענגלאַנד, איז ענגעלס געבליבן אַ פּאָר טעג אין קעלן, בכדי פער־זענלעך זיך צו באַקענען מיט די רעדאַקציע־מיטגלידער פון דער „רהיינישער צייַ־טונג". מאַרקס האָט נישט געהאַט קיין סך פרייע צייט, און ענגעלס איז די פּאָר טעג אין קעלן געבליבן אין דער כסדר׳דיקער געזעלשאַפט פון משה העס׳ן. זיי זע־נען צוזאַמען געגאַנגען אויף לאַנגע שפּאַצירן איבער די גאַסן פון קעלן, און זענען אָפּגעזעסן גאַנצע אָוונטן אין קאַפעהויז, פאַרטון אין אינטערעסאַנטע שמועסן און ויכוחים. צווישן דעם 30־יעריקן זון און אייניקל פון טראַדיציאָנעלע, למדנישע יידן, און דעם 22־יעריקן זון און אייניקל פון עכט־דייטשע, פרום־פּראָטעסטאַנטישע קריסטן, איז געווען שוין אויסערלעך אַ גרויסער קאָנטראַסט. משה העס, אַ הויכער, דאַרער,

טונקל־האַריקער, נאַכלעסיקער אין זיין הילוך און קליידונג, מיט די לענגלעכע, טרויע־ריק־ערנסטע געזיכטס־צוגן און מיט די קינדעריש־פאַרחלום׳טע און גוטמוטיקע אויגן, האָט אויסגעזען אַ ביסל מאָדנע אין דער געזעלשאַפט פון דעם דאָזיקן יונגן דייטשן שיינגייסט, מיט דער בלאָנדער טשופּרינע און בלאָנדע וואָנסעלעך, און מיט די בלויע, שעלמישע אויגן, וואָס האָבן זעלבסט־זיכער געקוקט אויף דער גאַנצער וועלט מיט אַ דעראָבערישער קראַפט און מיט אַן עולם־הזה׳דיקער הנאה. נישט־איינער פון די קעלנער דורכגייער אָדער קאַפעהויז־באַזוכער האָט געשטוינט: „וואָס פאַרא געשעפטן קאָן האָבן דער דאָזיקער עלעגאַנטער, פעדאַנטיש־געקליידעטער און פריזירטער יונ־גער קריסט מיט דעם עלטערן, פאַרנאַכלעסיקטן, מיט אַ שוואַרצן באָרד באַוואַקסע־נעם יידישן ראַבינער?״.

משה העס איז גראָד דעמאָלט צוריקגעקומען פון אַ קורצער רייזע אין פאַריז. ער האָט נאָך געאָטעמט מיט דער שטורמיש־ליידנשאַפטלעכער און רעוואָלוציאָנע־רער אַטמאָספערע פון פראַנקרייך. ער איז געווען מלא התפעלות, ווען ער האָט גע־רעדט וועגן לואי בלאַנק און וועגן די אַנדערע סאָציאַליסטישע טרוימער און קעמ־פער פון פראַנצויזישן פּראָלעטאַריאַט. העס איז שוין דעמאָלט געווען אַן איבערצייג־טער, ענטוזיאַסטישער קאָמוניסט. (פאַרשטענדלעך, נישט אין דער פאָרם און נישט אין זין פון דער היינטיקער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, וועלכע האָט נאָך דער רו־סישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין יאָר 1917, איבערגענומען און אָלס אייגגן דער־קלערט דעם נאָמען און די אידיי פון היסטאָרישן קאָמוניזם).

משה העס „אונזער ערשטער קאָמוניסט״, ווי ענגעלס האָט אים דעמאָלט גע־רופן, איז געווען אַ טיפער, עטישער גלויביקער אין דער מענטשהייט און אין אירע אייביקע מאָראַלישע, דערלייזערישע אידעאַלן. זיין קאָמוניזם איז געווען אַ געמיש פון פראַנצויזישע פּראָלעטאַריש־רעוואָלוציאָנערע אידייען מיט דעם אַלט־יידישן גע־זעץ פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, פון יושר׳דיקער באַציאונג צווישן מענטש און מענטש, פון נביאישן חלום וועגן באחרית הימים.

משה העס מיט זיין התלהבות׳דיקן חיתוך הדבור, מיט זיין ליידנשאַפטלעכן פּאַטאָס, מיט זיין טיפער, ערלעכער אמונה אין דעם וואָס ער פּריידיקט, מיט זיין איידעלער פאָרם און שפּראַך, און מיט זיין אמת׳ער מענטשן־ליבע, האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק אויף פרידריך ענגעלס׳ן, דעם יונגן, ענטוזיאַסטישן אידעאַליסט. העס האָט אַריינגעצויגן ענגעלס׳ן אין דעם פּאַרטרוילעכן קרייז פון די באַנער יונג־העגעליאַנער און ראַדיקאַל־פּאָליטישע טוער. לויט זיין איינלאַדונג האָט זיך פרידריך ענגעלס באַטייליקט אין אַ זיצונג פון דעם וויסנשאַפטלעכן סעמינאַר, וואָס איז גע־שאַפן געוואָרן צווישן די מיטאַרבעטער פון דער „רהיינישער צייטונג״, בכדי סיס־טעמאַטיש צו שטודירן די סאָציאַלע פּראָבלעמען. פּרעזידירט האָט דער רעדאַקטאָר מאַרקס און רעפערירט האָט משה העס. זיין רעפעראַט איז געווען אַן איבערבליק אי־בער די נייעסטע פּאָליטישע און סאָציאַלע געשעענישן אין פראַנקרייך און זיינע אָפּ־קלאַנגען אין דייטשלאַנד. נאָך דעם רעפעראַט איז פאָרגעקומען אַ דיסקוסיע. מאַרקס איז נישט מסכים געווען מיט די אויספירונגען פון העס׳ן און האָט קריטיקירט זיינע קאָמוניסטישע טעזן. בכלל, איז קאַרל מאַרקס צו יענער צייט נאָך געווען קריטיש גע־שטימט לגבי אַלע סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע אידייען. זיין וועלט־אַנשויאונג האָט באַזירט אויף אַ גייסטיקן ראַדיקאַליזם און עקסטרעמען פריידענקערטום. אַלס רע־

דאָקטאָר האָט ער אין זיין „רהיינישער ציימונג" אָפּט געדרוקט אינפאָרמאַטיווע און פּובליציסטישע אַרטיקלען וועגן דעם סאָציאַליזם און קאָמוניזם, אָבער דאָס האָבן געטון אויך אַנדערע דייטשע זשורנאַלן, אַפּילו געמעסיקטע און לגבי דעם הערשנ־דיקן מלוכה־רעזשים לאָיאַלע. אַזאַ קאָנסערוואַטיווער אָרגאַן, ווי למשל „די אויגסבור־גער ציימונג" האָט כסדר פאַרעפנטלעכט היינריך היינע'ס קאָרעספּאָנדענצן פון פּאַריז וועגן די נייע קאָמוניסטישע שטרעמונגען אין דער פראַנצויזישער געזעלשאַפט־לעכקייט.

ענגעלס איז געקומען קיין קעלן אַלס אַ ראַדיקאַלער יונג־העגעליאַנער, אָן אַ פּאָליטישן פּראָגראַם. פאַרלאָזט האָט ער קעלן אַלס אַן ענטוזיאַסטישער, איבערצייג־טער קאָמוניסט. דאָס איז געווען „די מיסיאָנערישע לייסטונג פון קאָמוניסטישן ראַ־בינער משה העס". אַזוי האָט מען זיך געוויצלט אין דער רעדאַקציע און אין קאַ־פעהויז. און אַזוי איז עס באמת געווען. העס האָט שפּעטער וועגן דעם געשריבן: „מיר האָבן אַרומגערעדט און דיסקוטירט די אַקטועלע פּראָבלעמען, און ענגעלס, וועמענס רעוואָלוציאָנערישקייט איז געווען אין אַ צושטאַנד פון אַן עמבריאָן, איז פון מיר אַוועק אַלס אַ פולשטענדיק־איבערצייגטער און ענטוזיאַסטישער קאָמוניסט".

קאַרל מאַרקס'נס באַציאונג צו ענגעלס'ן, ביי זייער ערשטן צונויפטרעף אין קעלן, איז געווען אַ זייער קילע און רעזערווירטע. אפשר איז עס געווען צוליב דעם וואָס ענגעלס האָט זיך צופיל געחבר'ט מיט העס'ן און מיט די בערלינער „ניהי־ליסטן", מיט וועלכע מאַרקס איז ברוגז געוואָרן. אפשר האָבן דערצו גורם געווען אויך אַנדערע סבות, צווישן זיי די שווערע רעדאַקטאָרישע אַרבעט, וואָס האָט מאַרקס'ן פאַרמאַטערט ביי טאָג און ביי נאַכט, און נישט דערלויבט אים אַוועקצוגעבן זיין צייט פאַר חברישע שמועסן, בפרט מיט יונגע, נאָך ווייניק־באַקאַנטע מענטשן.

נאָכדעם, ווי ענגעלס איז אַוועקגעפאָרן פון קעלן, האָט משה העס, אַלס אַן על־טערער רעדאַקציע־קאָלעגע, געמאַכט דעם רעדאַקטאָר מאַרקס פאָרווורפן, אַז ער פאַר־שטייט נישט ווי צו באַהאַנדלען יינגערע פון זיך מיטאַרבעטער, און מיט דעם פאַר־שאַפט ער זיך לייכט שונאים. סיי־ווי־סיי פעלן נישט מאַרקס'ן קיין קעגנער אין און מחוץ דער רעדאַקציע!

מאַרקס האָט זיך אַנטשולדיקט, אַז בנוגע ענגעלס'ן זענען די טענות אפשר גע־רעכטע, אָבער גלייך האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שאַרפן טאָן:

„מיינע קעגנער באַהאַנדל איך און וועל זיי תמיד באַהאַנדלען אַזוי, ווי עס קומט זיי. האָב נישט אויף זיי קיין ביליקן רחמנות!".

העס האָט אים געענטפערט דערויף געלאַסן און מיט אַ פעסטער שטימע:

„דו ביסט, קאַרל, אַ האַרטער מענטש! מ'וועט זאָגן אויף דיר, אַז דו האָסט עס בירושה פון דיינע רבנישע זיידעס. אַליין אַנטלויפסט דו פון יעדן זכר פון יידיש־קייט, און דאָך פירסט דו דיך לויט דעם יידישן געזעץ, דו ביסט אַ נוקם ונוטר!..."

מאַרקס האָט אים, אַן אומגעדולדיקער, איבערגעריסן:

„לאָז מיך צו רו מיט דיינע איינפאַלן! דאָסמאָל פאַרגלוסט זיך דיר צו זיין אַ פריידיקער פון קריסטלעכער מענטשן־ליבע. לויט דיין מיינונג, דאַרף איך פאַר מיינע קעגנער אויפשטעלן די צווייטע באַק! נישט אַזוי?".

אַנשטאָט צו ענטפערן, האָט העס ציטירט דעם באַקאַנטן זאַץ פון רוימישן קייר־

זער און פילאָזאָף מארק אוירעליוס: „די נקמה לגבי שלעכטע מענטשן באַשטייט אין דעם, אַז מ׳זאָל צו זיי נישט זיין ענלעך!”.

מאַרקס האָט גלייך פאַרענדיקט דאָס געשפרעך מיט אַ נערוועזער און קאַטעגאָרישער האַנט־באַוועגונג:

„לאָז מיך, העס, אַרבעטן! דו ביסט מיט 18 יאָרהונדערטער צו שפּעט געבוירן געוואָרן. דו האָסט געדאַרפט זיין אַ יידיש־קריסטלעכער נזיר ערגעץ־ווו אין די גליל׳ער בערג!”.

אַ געוויסע צייט שפּעטער האָט מאַרקס איבערגעגעבן העס׳ן אַ בריוו, וועלכן ענגעלס האָט אים צוגעשיקט אויפן אַדרעס פון דער רעדאַקציע, פון מאַנטשעסטער. אינם בריוו איז מאַרקס מיט קיין איינציקן וואָרט נישט דערמאָנט געוואָרן. נישט ענגעלס און נישט מאַרקס האָבן זיך צו יענער צייט אפילו נישט משער געווען, וואָס פאַראַ אינטימע און טרייע פריינטשאַפט וועט זיי בקרוב און אויף־אייביק פאַרבינדן.

## איינאונפופציקסטער קאַפּיטל.

## דער ברוגז מיט ברונאָ בויער און דער סוף פון מאַרקס׳נס רעדאַקטאָרישער קאַריערע.

עס זענען געקומען שווערע צייטן פאַר דער „רהיינישער ציימונג”. כידוע, איז די גאַנצע עקזיסטענץ פון דעם דאָזיקן פרעסע־אָרגאַן געווען פאַרבונדן מיט אַ קאָמפּליצירטן פּאָליטישן שפּיל, וואָס האָט פאַרלאַנגט אַ באַזונדערן טאַלאַנט פאַר אַ געשיקטן מאַנעווורירן און אַ כסדר׳דיקער פעאיקייט צוצופּאַסן זיך. אָבער מאַרקס איז נישט געווען דער מענטש פון קאָמפּראָמיסן און לייכטן נאָכגעבן. ער האָט איבערגענומען די רעדאַקציע, נישט בכדי „די רהיינישע” זאָל קאָנען סתם עקזיסטירן, נאָר בכדי זי זאָל פירן אַ פּאָליטישן און אידעאָלאָגישן קאַמף לויט זיין ליניע און אויפפאַסונג. מאַרקס האָט אַטאַקירט ריקזיכטסלאָז די פעלערן און חטאים פון דעם הערשנדיקן רעזשים. זיינע אַרטיקלען וועגן דעם רהיינישן לאַנדטאָג און זיין רעאַקציאָנערן, פּחדנישן כאַראַקטער האָבן אַרויסגערופן אַן אַלגעמיין אויפזען. ווען די פּרייסישע רעגירונג האָט בעת דעם פאַרשאַרפטן קאַמף מיט דער רהיינלענדישער קלעריקאַלער פּאַרטיי, אַרעסטירט דעם אַרצי־בישאָף, איז אין דער „רהיינישער ציי־טונג” וועגן דעם דאָזיקן פּאַרפאַל אַ סך געדרוקט געוואָרן. אין אַ פּריוואַטן בריוו, האָט מאַרקס געשריבן צו אַרנאָלד רוגע: „מיינט נישט, אַז מיר דאָ, ביי די ברעגעס פון רהיין לעבן אין אַ פּאָליטישן עלדאָראַדאָ. מ׳דאַרף באַזיצן דעם גרעסטן אויסדויער און קאָנסעקווענץ, בכדי צו פאַרזיכערן די עקזיסטענץ פון אַזאַ ציימונג, ווי ס׳איז די „רהיינישע”. מיין צווייטער אַרטיקל וועגן דעם קאָנפליקט פון דער רעגירונג מיט דער קאַטוילישער קירך איז דורך דער צענזור פאַרבאָטן געוואָרן. איך האָב אין דעם דאָזיקן אַרטיקל באַוויזן, אַז די פאָרשטייער פון דער מלוכה האָבן זיך

סוף־כל־סוף געשטעלט אויף דעם שטאַנדפּונקט פון דער קירכע, און די פאָרשטייער פון דער קירכע אויפן שטאַנדפּונקט פון דער מלוכה. איר האָט נישט קיין אַנונג, ווי געמיין עס זענען די רעגירונגס־מענטשן און ווי נאַריש זיי האָבן געהאַנדלט מיטן אַרעסט פון דעם דאָזיקן לאָיאַלן קירכלעכן „חכם". לסוף האָט די פּרייסישע מלוכה געמוזט קושן דעם פּאַנטאָפל פון פּויפּסט און אונזערע הערשער ווערן אפילו נישט רויט פאַר שאַנדע!".

ווען דער רהיינישער לאַנדטאָג האָט אָנגענומען אַ געזעץ קעגן גנבענען האָלץ אין די וועלדער, האָט מאַרקס אין דער „רהיינישער צייטונג" אָנגעוויזן אויף די אייגנ־טלעכע וואָרצלען פון דער דאָזיקער מאַסנהאַפטער דערשיינונג, וואָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער נויט אינם לאַנד. מאַרקס'נס אַרטיקלען זענען געווען קלאָר און שאַרף, און האָבן אויסגעדריקט, ווי ווייט די צענזור האָט עס דערלויבט, דעם פּראָ־טעסט פון גאַנצן פאָרטשריטלעכן לאַגער, קעגן דעם דעספּאָטישן רעזשים און זיין געהאָרכזאַמען רהיינלענדישן „פּאַרלאַמענט". מאַרקס האָט לסוף פעסטגעשטעלט, אַז „בכדי צו פאַרזיכערן זיך קעגן די וואַלד־גנבים, האָט אונזער לאַנדטאָג צעבראָכן דעם געזעץ הענט און פיס און נאָך דערצו דורכגעלעכערט זיין האַרץ!".

דער כסדר'דיקער קאַמף מיט דער צענזור האָט שטאַרק פאַרמאַטערט מאַרקס'ן. ער האָט געמוזט זיך באַנוצן מיט פאַרשידענע, אָפט אומגלויבלעכע איינפאַלן, בכדי אין אַ פאַרשטעלטער שפּראַך אָפּצונאַרן די צענזור און אַרויסצוזאָגן די מיינונגען, וועלכע עס האָבן פון אים פאַרלאַנגט זיין שכל און זיין געוויסן. מתחילה איז דער צענזאָר פון דער „רהיינישער צייטונג" געווען אַ געוויסער דאָלעזשאַל, וועלכער האָט זיך אַמאָל באַרימט געמאַכט אין גאַנץ דייטשלאַנד מיט דעם, וואָס ער האָט פאַרבאָטן צו דרוקן דאַנטעס „געטלעכע קאָמעדיע", ווייל, ווי ער האָט עס „גייסטרייך" מאָטי־ווירט: „מ'טאָר מיט גאָט נישט מאַכן קיין קאָמעדיע". מיט אַזאַ נאַרישן, האַלב־אַנאַלפאַבעטישן צענזאָר האָט מען זיך נאָך, ווי ס'איז, געקאָנט געבן אַן עצה. ער־גער איז געוואָרן די לאַגע, ווען עס זענען פון בערלין ספּעציעל אַראָפּגעשיקט גע־וואָרן צענזאָרן מיט בילדונג און פאַרשטאַנד, וואָס האָבן אַליין אין דער יוגנט אונ־טערגעזינדיקט מיט ראַדיקאַליזם און האָבן זיך אויסגעקענט אויף אַלע „רעדאַקטאָ־רישע קונצן".

צו די צענזור־זאָרגן איז באַלד פאַר מאַרקס'ן צוגעקומען אַ נייע צרה: דער אינערלעכער קאַמף מיט די בערלינער „ניהיליסטן". די „פרייע מענטשן" פון „דאָק־טוירים־קלוב" און זייערע פרישע אָנהענגער זענען אין דער פּסיידאָ־רעוואָלוציאָנע־רער דעמאַגאָגיע און אַנטי־פיליסטערישן שפּיל דערגאַנגען לסוף צו דער מדרגה פון גאַסן־יונגן. די אַמאָליקע גייסטיקע, וויסנשאַפטלעך־פילאָזאָפישע אַטמאָספערע איז אַלץ מער פאַרטראָטן געוואָרן דורך אַ ביליקער אַטעאיסטישער און קאָמוניסטישער פראַזעאָלאָגיע. דער בערלינער „דאָקטוירים־קלוב" און זיין אָנפירונג זענען לגמרי דע־גענערירט געוואָרן. מאַרקס האָט גערעכנט, אַז ברונאָ בויער וועט נאָך זיין צוריקקו־מען קיין בערלין, מאַכן אָרדענונג ביי די „ניהיליסטן". ס'איז אָבער געשען פונקט קאַפּויער. דער געבילדעטער, איבער 40־יאָר־אַלטער עקס־פּראָפעסאָר האָט זיך גאָר געשטעלט בראש פון די „אידעאָלאָגישע סקאַנדאַליסטן" און האָט מיט זיינע אוואַנ־טורעס אַליין געגעבן אַ ביישפּיל פון לייכטזיניקער הפקרות. בעת דער חתונה־צערע־מאָניע פון פילאָזאָף מאַקס שטירנער, האָט ברונאָ בויער אונטערגערוקט דעם גלח

בלעכענע רייפלעך אָנשטאָט די גאָלדענע רינגלעך, ווי ס׳פאַרלאַנגט דער מנהג. דער
גלח האָט דאָס צוערשט נישט באַמערקט. אָבער ביים אַרויפליייגן די „רינגלעך" אויף
די פינגער פון חתן־כלה, איז ער, דערזעענדיק דעם פיינלעכן טעות, געוואָרן פורפור־
רויט פאַר אויפרעגונג און בושה. דאָס איז טאַקע געווען די כוונה פון דער חברה
„ניהיליסטישע אַטעאיסטן", וואָס זענען געקומען צו דער חתונה פון זייער פריינט
און האָבן איצט געקייכט פאַר געלעכטער צוליב דעם „געלונגענעם שטיקל אַרבעט"
פון זייער אָנפירער ברונאָ בויער.

בעת רוטענבערג איז געווען רעדאַקטאָר פון דער „רהיינישער צייטונג", האָבן
די בערלינער „ניהיליסטן" אָפט געדרוקט זייערע אַרטיקלען און פובליקאַציעס אין
דעם דאָזיקן פּרעסע־אָרגאַן. די לאַגע האָט זיך לגמרי געענדערט, ווען מאַרקס איז
געוואָרן רעדאַקטאָר פון דער „רהיינישער". ער האָט שטאַרק געשניטן זייערע אַר־
טיקלען און אַ סך מאָל בכלל זיי נישט געדרוקט. אין אַ בריוו צו אַרנאָלד רוגע האָט
מאַרקס געשריבן: „איך האָב זיכער פאַרניכטעט אַזויפיל זייערע אַרטיקלען, ווי עס
האָט עס געטון דער מלוכה׳שער צענזאָר. זיי פלעגן מיר אַריינשיקן גאַנצע הויפנס
פון מכלומרשט וועלט־שטורמענדיקע שרייבעכצער, וואָס זענען צונויפגעשטעלט גע־
ווען נאַכלעסיק און געדאַנקען־לאָז, באַפּוצט בלויז מיט מליצות וועגן אַטעאיזם און
קאָמוניזם, וועלכע זיי האָבן אָבער קיינמאָל נישט שטודירט. אין רוטענבערג׳ס צייטן
האָבן זיי זיך צוגעוווינט צו באַטראַכטן „די רהיינישע צייטונג" ווי זייערס אַ הפקר׳־
דיקע טריבונע. אָבער איך האָב נישט בדעה צו דערלויבן, אַז זיי זאָלן ווייטער אויס־
לאָדן דאָס דאָזיקע שרייבערישע מיסט אין אונזער צייטונג!".

דער אַנטגילטיקער איבעררייס פון מאַרקס׳ן מיט דער בערלינער ראַדיקאַלער גרו־
פּע און מיט איר אָנפירער ברונאָ בויער, איז פאָרגעקומען צוליב דעם קאַמף, וואָס
איז געפירט געוואָרן וועגן דער פּערזאָן פון געאָרג הערוועג, דעם באַרימטן רעוואָ־
לוציאָנערן דייטשן דיכטער. הערוועג, וועלכער איז צוריקגעקומען פון זיין גלות, איז
אויפגענומען געוואָרן אויף אַן אוידיענץ ביים פּרייסישן מלך פרידריך ווילהעלם דעם
פערטן, וועלכער האָט ליב געהאַט צו ווייזן פון־צייט־צו־צייט געוויסע ליבעראַלע
זשעסטן. הערוועג איז שפּעטער אַרומגעפאָרן איבער גאַנץ דייטשלאַנד און אומעטום
האָט מען אים אויפגענומען מיט גרויס כבוד. ער איז אויך געקומען קיין קעלן און
זיין פריינטשאַפט מיט מאַרקס׳ן איז דאָ באַנייט און גאָר נאָענט געוואָרן. אַ קורצע
צייט שפּעטער האָט הערוועג רייך חתונה געהאַט. די אוידיענץ ביים קעניג און די
רייכע חתונה האָבן אויפגערעגט די בערלינער ראַדיקאַלן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז
דאָס פּאַסט נישט פאַר אַ רעוואָלוציאָנערן דיכטער, דעם טרובאַדור פון „יונג־דייטש־
לאַנד". ווען הערוועג איז שפּעטער געקומען קיין בערלין אין באַגלייטונג פון רוגע׳ן,
האָבן אים די בערלינער „פרייע מענטשן" אויפגענומען מיט אַ שאַרפער קריטיק און
קעגנערשאַפט. פון דער אַנדערער זייט, זענען אויך הערוועג און רוגע אויפגעטרעטן
גאַנץ קאַטעגאָריש קעגן די „ניהיליסטישע, פּסיידאָ־קאָמוניסטישע גאַסן־יונגען". ביידע
צדדים האָבן זיך באַוואָרפן מיט זלזולים און פיינטלעכע פּאַמפלעטן. די בערלינער ראַ־
דיקאַלן זענען זיכער געווען, אַז „די רהיינישע צייטונג" וועט זיך שטעלן אויף זייער
זייט. אָבער זיי האָבן איבערגעלעבט אַ ביטערן טעות. מאַרקס האָט פאַרטיידיקט הער־
וועג׳ן און רוגע׳ן, און האָט זיך אָפּגעזאָגט צו דרוקן אין דער „רהיינישער" די דער־
קלערונגען פון די „פרייע מענטשן". די בערלינער האָבן גענומען שאַרף אַטאַקירן

מאַרקס׳ן גופא. מאַרקס איז זיי נישט שולדיק געבליבן קיין ענטפער. דער ברוגז צווישן מאַרקס׳ן און דער בערלינער גרופּע, מיט זייער אָנפירער ברונאָ בויער בראש, איז גע־וואָרן אַ פולשטענדיקער. מ׳האָט וועגן זיך געזעדט און געשריבן מיט שנאה און מיט באַליידיקונגען. מאַרקס איז זיך אויף תמיד צעגאַנגען מיט זיין אַלטן יוגנט־פריינט ברונאָ בויער.

„די רהיינישע ציטונג" האָט זיך אויפאיינמאָל געפונען צווישן צוויי פייערן. פון איין זייט האָבן איר די בערלינער ראַדיקאַלן פאַרגעוואָרפן, אַז זי מאַכט קאָמ־פּראָמיסן מיט די רעאַקציאָנערע קרייזן, און פון דער אַנדערער זייט, מצד די רעגי־רונגס־פאָרשטייער און די קאָנסערוואַטיווע פרעסע־אָרגאַנען, האָט מען אַטאַקירט „די רהיינישע", אַז זי פּראָפּאַגירט אַטעאיזם און קאָמוניזם. מאַרקס האָט זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז סיי די פאָרווורפן פון לינקס און סיי די טענות פון רעכטס זענען נישט־ריכטיק. זיינע ענטפערס האָבן אָבער נישט צופרידנגעשטעלט קיינעם פון די צוויי צדדים.

ס׳איז באַלד געוואָרן קלאָר, אַז דער גורל פון דער „רהיינישער ציטונג" איז אַ געחתמעטער. די פּרייסישע רעגירונג איז דורכגעקומען מיט אירע קלעריקאַל־קאָטוי־לישע קעגנער און האָט זיך איבערצייגט, אַז „די רהיינישע ציטונג" וויל נישט דינען איר פּאָליטיק, נאָר קעמפט פאַר דער אייגענער דעמאָקראַטישער און פרייער מיי־נונג. אָנהויב 1843 איז אין דער „רהיינישער" געדרוקט געווען אַ שאַרפער אַרטיקל קעגן דעם רוסישן צאַר ניקאָליי דעם ערשטן און זיין ווילדן רעזשים. דער צאַרישער אַמבאַסאַדאָר האָט אינטערווענירט אין בערלין און פאַרלאַנגט אין נאָמען פון זיין הערשער אַ סאַטיספאַקציע. די פּרייסישע רעגירונג האָט אויסגענוצט די דאָזיקע גע־לעגנהייט און אויף אַ ספּעציעלער זיצונג, אין אָנוועזנטקייט פון קעניג, האָט זי באַ־שלאָסן צוצומאַכן „די רהיינישע ציטונג". דער פאַרבאָט איז מאָטיווירט געוואָרן מיט אַ פאָרמעלן אויסרייד, אַז די קאָנצעסיע פון דער ציטונג האָט זיך געענדיקט.

די אייגנטימער פון דער „רהיינישער" האָבן געפּרוווט צו ראַטעווען די עקזיס־טענץ פון זייער פרעסע־אָרגאַן, וועלכער איז געווען פּאָפּולער אין גאַנץ רהיינלאַנד און וועמענס אַבאָנענטן־צאָל איז בעת מאַרקס׳נס רעדאַקציע געשטיגן פון 1000 אויף 3000. זיי האָבן געשיקט דעפּוטאַציעס צו דער רעגירונג און מסכים געווען אויף אַ ספּעציעלער, נאָך מער פאַרשאַרפטער צענזור. זיי האָבן צוגעזאָגט אין בערלין, אַז מהיום והלאה וועט זיך „די רהיינישע" באַמיען צו זיין געמעסיקט און לאָיאַל לגבי דער פּרייסישער רעגירונג. דעם דאָזיקן נייעם הכנעה׳דיקן קורס האָט מאַרקס נישט געוואָלט מיטמאַכן. אָנהויב מערץ 1843 האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון זיין רעדאַקטאָר־פּאָסטן.

מיט מאַרקס׳נס דעמיסיע איז אָבער נישט געראַטעוועט געוואָרן די עקזיסטענץ פון דער „רהיינישער ציטונג". די פּרייסישע רעגירונג האָט פאַר יעדן פּרייז געוואָלט פּטור ווערן פון דער דאָזיקער עפנטלעכער טריבונע, וואָס האָט שוין אַרום זיך גע־שאַפן אַן אַטמאָספערע פון פרייער מיינונג און קריטיק. דעם 31 מערץ 1843 איז דערשינען דער לעצטער נומער פון דער „רהיינישער ציטונג".

# צווייאונפופציקסטער קאַפּיטל.

## די חתונה מיט זשעני און די האָניג־חדשים אין קרייצנאַך.

אין דעם לעצטן נומער פון דער „רהיינישער ציימונג" האָט זיך די רעדאַקציע געזעגנט מיט אירע לייענער, דרוקנדיק דאָס פאָלגנדיקע ליד:

„אויף אונזער שיף האָט דרייסט די פרייהייטס־פאָן געפלאַטערט,
געטריי האָט יעטוועדער פון אונז זיין חוב געטון.
און הגם אומזיסט האָבן מיר געהאָפט און זיך געמאַטערט:
ס'איז דאָך געווען כדאי, אונז האָט נישט באַנג צו טון!

נאָר אויב פאַרפאָלגט האָט אונז ביז איצט אַ בייזער גאָט
און אונזער מאַסט צעהאַקט, איז נאָך נישט אַלץ פאַרפעלט!
אויך קאָלומבוס'ן האָט מען צוערשט געמאַכט צו שפּאָט,
צום סוף האָט ער דאָך פאָרט דערזעען די נייע וועלט!

איר פריינט, וואָס פלעגט אונז שטאַרקן מיט אייערע ליוב־ווערטער,
איר קעגנער, וואָס פלעגט אונז באַקעמפן אין דעם פאַרמעסט,
מיר וועלן זיך אַמאָל נאָך זען ביי אַנדערע ערטער,
אויב אַלץ צעפאַלט, דער מוט בלייבט גאַנץ און פעלזנפעסט!".

דאָס איז געווען די מוטיקע קאַמף־שטימונג, מיט וועלכער די רעדאַקטאָרן און מיטאַרבעטער פון דער „רהיינישער ציימונג" האָבן פאַרלאָזט זייער פּאָזיציע, זייענדיק דערצו געצוווּנגען דורך דער רעאַקציאָנערער פּרייסישער רעגירונג, וועלכע האָט גראָד דעמאָלט פאַרשאַרפט אירע רעפּרעסיעס קעגן דער גאַנצער פרייער און אומאָפּ־העננגיקער פּרעסע. נישט נאָר „די רהיינישע" איז פאַרבאָטן געוואָרן, אויך אַ גאַנצע רייע אַנדערע ליבעראַלע און דעמאָקראַטישע פּרעסע־אָרגאַנען האָבן זיך געמוזט אָפּשטעלן. ס'איז געווען 5 יאָר ערב דעם רעוואָלוציאָנערן „פעלקער־פרילינג" אין אייראָפּע, און די פּרייסישע רעגירונג האָט פאַרצווייפלט געפּרוווט מיט אַ פאַרשאַרפטן שטראָף־רעזשים צו ראַטעווען איר שטאַרק־באַדראָטע סיטואַציע.

דערווייל האָט אין גאַנץ דייטשלאַנד געהערשט אַ שטילקייט פון אַ בית־הקברות. קליינע, שוואַכע גרופּן האָבן אפילו געוואָלט פּראָטעסטירן קעגן די פאַרפאָלגונגען פון דער דעמאָקראַטישער פּרעסע. אָבער זייער פּראָטעסט איז נישט אונטערגעשטיצט גע־וואָרן דורך די פאָלקסמאַסן און איז לייכט אונטערדריקט געוואָרן פון די פּרייסישע זשאַנדאַרמען. אַ טיפע דעפּרעסיע האָט באַהערשט דעם לאַגער פון די ראַדיקאַלע יונג־העגעליאַנער. אַ גרויסער טייל פון זיי, ווי למשל ברונאָ בויער און זיינע פריינט, האָבן פאַרלוירן דעם גלויבן אין דעם געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן קאַמף און זענען געוואָרן אָנהענגער פון אַן אַנאַרכיסטיש־אינדיווידואַליסטישער שיטה, וואָס איז געפּריידיקט געוואָרן דורך דעם באַקאַנטן פילאָזאָף מאַקס שטירנער. דאַקעגן האָבן געהאַלטן קאַרל

מאַרקס, משה העס, אַרנאָלד רוגע און זייערע חברים, אַז מ'מוז קודם־כּל באַקעמפן און באַזײַגן דעם מלוכה'שן אַפּאַראַט פון רעאַקציאָנערן רעזשים. מאַרקס האָט גע־וואָרפן די לאָזונג וועגן אַן אחדות צווישן פילאָזאָפיע און פּאָליטיק. צו יענער צייט איז זײַן וועלט־אַנשויאונג געוואָרן אַ סאָציאַליסטישע.

נאָך דעם פאַרבאָט פון דער „רהײַנישער צײַטונג", איז קאַרל מאַרקס געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז אין דײַטשלאַנד איז דערווײַל גאָרנישט מער מעגלעך אויפ־צוטון פאַר דעם פרײַהייטס־קאַמף, און מ'מוז אים אַריבערטראָגן קיין אויסלאַנד. אין אַ בריוו צו רוגע'ן שרײַבט ער דעמאָלט: „איך האַלט דאָס צומאַכן פון דער „רהײַני־שער צײַטונג" פאַר אַ באַווײַז, אַז די פּאָליטישע סיטואַציע איז איצט לגמרי קלאָר געוואָרן. צוליב דעם האָב איך דעמיסיאָנירט אַלס רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג. די אַטמאָספערע דאָרט איז פאַר מיר שוין געווען אַן אומגלעכע. ס'איז שווער צו זײַן אַ שקלאַף אפילו לטובת דער זאַך פון פרײַהייט, און מ'קאָן נישט קעמפן מיט אַ נאָדל ווען מ'דאַרף האָבן דערצו אַ ביקס. עס האָבן מיך פאַרמאַטערט פון איין זײַט, די צביעות, די נאַרישקייט און עם הארצות פון די רעגירונגס־פאָרשטייער, און פון דער אַנדערער זײַט, אונזער כּסדר'דיקע געצוווּנגענע עלאַסטישקייט, הכנעה, בעטן זיך און רעכענען זיך מיט יעדן אײַנצעלנעם וואָרט. איך האָב שוין נישט וואָס צו טון אין דײַטשלאַנד! דאָ נאַרט זיך בלויז דער מענטש אַליין אָפּ!".

פון קעלן, איז מאַרקס געפאָרן קיין טריער. ער האָט באַשלאָסן, אַז איצט אין זומער 1843, איז געקומען די צײַט חתונה צו האָבן מיט זשעני פאָן וועסטפאַלן. מ'האָט מאַרקס'ן אין טריער אויפגענומען מיט גרויס דרך ארץ. „די רהײַנישע צײַטונג" איז דאָ געווען פּאָפּולער און מ'האָט רעספּעקטירט איר שעף־רעדאַקטאָר. אָבער מאַדאַם הענריעטע מאַרקס איז נישט נתפּעל געוואָרן פון איר זון'ס באַרימטקייט. זי האָט גע־האַלטן, אַז זײַן געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט איז אַ ריזיקאַלע און ווייניק־נוצלעכע באַשעפטיקונג. לויט איר מיינונג, וואָלט עס אַ סך בעסער און קליגער געווען, ווען קאַרל וואָלט אויסגעוויילט אַ קאָמערציעלע אָדער אַדוואָקאַטישע פּראָפעסיע. הענריע־טע איז ווײַטער געווען קאַטעגאָריש קעגן דער הייראַט פון איר זון מיט זשעני פאָן וועסטפאַלן. זי האָט דאָס געהאַלטן פּשוט פאַר אַ משוגעת און פאַר אַ גרויס אומ־גליק. קאַרל האָט בשום אופן נישט געקאָנט ענדערן די מיינונג פון זײַן מוטער, וועל־כע איז מיט אים לסוף שטאַרק ברוגז געוואָרן און איז עס פאַרבליבן ביז צו ענדע פון איר לעבן אין יאָר 1863.

פון טריער איז קאַרל מאַרקס געפאָרן קיין קרייצנאַך, אַ קליינער פּראָווינץ־שטאָט, ווו עס האָבן, נאָכן טויט פון געהיימראַט, געוווינט די אלמנה און די משפּחה פאָן וועסטפאַלן. פאַר דער אַריסטאָקראַטישער, פרומער, קריסטלעך־דײַטשער פאַמיליע, איז בלויז דער געדאַנק, אַז זשעני וועט הייראַטן מיט עפּעס אײַנעם אַ ראַדיקאַלן זשור־נאַליסט, אַן אַטעאיסט און אַ געשמד'טן ייִד דערצו, געווען מורא'דיק. זײַן עקסע־לענץ דער מיניסטער פערדינאַנד, האָט געהאַלטן, אַז דאָס וועט אויף אייביק קאָמ־פּראָמיטירן די פאַמיליע פאָן וועסטפאַלן. אַלע זײַנע פעטערס און מומעס, אַלע קו־זינען און קוזינקעס האָבן פולשטענדיק מסכּים געווען מיט דער דאָזיקער מיינונג. דער אײַנציקער, וועלכער האָט פאַרטיידיקט מאַרקס'ן איז געווען עדגאַר, אָבער זײַן פּערזאָן איז בכלל נישט גענומען געוואָרן אין אַכט.

זשעני'ס מוטער האָט אונטער דעם דרוק פון איר אײַנפלוסרײַכער משפּחה,

באַמיט זיך מיט אַלע כוחות און מיטלען נישט צוצולאָזן צו דעם „חרפּה'דיקן שידוך". זי האָט זיך ביי איר טאָכטער געבעטן מיט אַ שטורמישן געוויין און אפילו איר געדראָט מיט געביילטע פויסטן, זי האָט ספּאַזמירט און איז אַ פּאָר מאָל געפאַלן אין חלשות. אָבער דאָס אַלץ איז געבליבן אָן ווירקונג. די 29־יעריקע זשעני איז לויט דעם געזעץ שוין געווען זעלבסטשטענדיק און זי האָט געקאָנט אַליין אַנטשיידן וועגן איר ווייטערדיקן גורל. זי האָט טאַקע אַזוי אַנטשידן, ווי עס האָט פון איר פאַרלאַנגט איר ליבע צו קאַרלען. צו באַוווּנדערן איז געווען דער מוט און דער מאָראַלישער כח פון דער דאָזיקער אויסערגעוויינלעכער פרוי, וועלכע האָט לסוף דורכגעזעצט איר ווילן קעגן אַ סביבה פון שטאַרקע קעגנער און שונאים.

דעם 13 יוני פון יאָר 1843 איז פאָרגעקומען אין קרייצנאַך די חתונה צווישן דעם „הערן דאָקטאָר פון פילאָזאָפיע, קאַרל מאַרקס, וווינהאַפט אין קעלן־אַם־רהיין, מיט דעם פרייליין יאָהאַננאַ, בערטע, יוליע, זשעני פאָן וועסטפאַלן, אָן אַ באַרוף, וווינהאַפט אין קרייצנאַך".

נאָך דער חתונה, האָבן די מיוחס'דיקע וועסטפאַלנ'ס באָיקאָטירט זייער נייעם „קרוב". זיי האָבן געמיין גערעדט וועגן דער יידישער חוצפּה, און האָבן עפנטלעך אויסגעלאַכט די קעלנער לייזדיקגייערס, וואָס שפּילן זיך אין קאָמוניזם, האָבן אָבער רייך חתונה און קלערן גאָרנישט צו פאַרטיילן זייער פאַרמעגן צווישן די חברים־פּראָלעטאַריער, די מויערער, וועלכע אַרבעטן ביים רעסטווירירן די גרויסע קירך אין קעלן, אָדער די טרעגערס, וועלכע לאָדן אויס אינגם קעלנער פּאָרט. די אַלמנה פון געהיימראַט, אַ קלוגע און קולטורעלע פרוי, האָט אָבער איצט געמאַכט, ווי מ'זאָגט עס אויף דייטש „אַ גוטע מינע צום בייזן שפּיל", זי האָט נישט מער געוויינט אָדער גערעדט, נאָר פיין און האַרציק אויפגענומען דאָס יונגע פאַרהייראַטע פּאָרל אין איר הויז אין קרייצנאַך ווו קאַרל און זשעני האָבן פאַרבראַכט פינף האָניק־חדשים. מאַרקס האָט זיך דאָ געפילט היימיש און איז געווען גאָר גליקלעך.

במשך די 5 חדשים אין קרייצנאַך, האָט מאַרקס געהאַט בלויז צוויי באַזוכן. דער ערשטער באַזוכער איז געווען איינער אַ יוריסט, אַ גוטער באַקאַנטער פון יוסטיץ־ראַט היינריך מאַרקס. קאַרל האָט אים אין דער יוגנט אַ פּאָר מאָל געזען אין דער געזעלשאַפט פון זיין פאָטער. דער גאַסט איז געווען צודרינגלעך און זייער אומסימפּאַטיש. ער האָט באַריכות און געהיימניספול גערעדט וועגן די שווערע צייטן, וועגן דעם עול פּרנסה, וואָס דערוואַרט קאַרלען איצט נאָך דער חתונה, און וועגן דער גרויסער סימפּאַטיע, וועלכע ער פילט פאַר קאַרלען אַלס דעם זון פון זיין גוטן, פאַרשטאָרבענעם פריינט. ווען קאַרל מאַרקס איז שוין געוואָרן אומגעדולדיק, האָט דער גאַסט אָנגעהויבן רעדן קלאָרע דיבורים:

„איך קום צו אייך, הער דאָקטאָר, מיט אַ האַלב־אָפיציעלן פאָרשלאָג. די פּרייסישע רעגירונג, וועלכע שאַצט אָפּ געהעריק אייער וויסן און טאַלאַנט, וועט אייך פאַרזיכערן אין איר דינסט אַ גאָר־בכבוד'יקן און זייער גוט־באַצאָלטן פּאָסטן. איר האָט איצט אָן אויסערגעוויינלעכע געלעגנהייט און זייט נישט...".

דער באַזוכער האָט זיין זאַץ שוין נישט פאַרענדיקט, ווייל מאַרקס האָט אים פשוט אָנגענומען ביים קאָלנער און אַרויסגעוואָרפן פון שטוב.

דער צווייטער באַזוכער, וועלכער איז געקומען קיין קרייצנאַך, אַנ'ערך אַ חודש שפּעטער, האָט דאַקעגן געפונען ביי מאַרקס'ן און זיין פרוי אַ האַרציקע אויפנאַמע

און אויך געזעגענונג. דאָס איז געווען ד״ר אַרנאָלד רוגע. ער האָט זיך געוואָלט גע־
נוי פאַרשטענדיקן מיט מאַרקס׳ן בנוגע די „דייטש־פראַנצויזישע יאָרביכער״, וואָס
זאָלן דערשיינען אָנהויב 1844 אין פּאַריז, אין אַ בשותפות׳דיקער רעדאַקציע.

שנעל זענען פאַרגאַנגען די האָניג־חדשים אין קרייצנאַך. די דאָזיקע קורצע צייט
אין דער פריינטלעכער היים פון מאַדאַם פאָן וועסטפאַלן, צוזאַמען מיט דער טייערער,
היים־געליבטער זשעני, איז פאַר דעם פאַרמאַטערטן, אָפּט טרויעריקן געמיט פון קאַרל
מאַרקס׳ן געוואָרן אַ קוואַל פון נייע אימפּולסן און לעבנס־ענערגיעס. קאַרל און זשע־
ני פלעגן מאַכן ווייטע עקסקורסיעס אין דער פּרעכטיקער, קאָלירן־פולער סביבה פון
קרייצנאַך. ווי קינדער זענען זיי געווען גליקלעך און סענטימענטאַל. קאַרל האָט אָפּט
אויסנווייניק רעציטירט לידער פון היינע׳ן און הערוועג׳ן. זשעני איז געווען וווּנ־
דערשיין און האָט געזונגען מיט איר פרישן, קלינגנדיקן קול.

עס זענען אָבער געווען אויך שעה׳ן, ביי טאָג אָדער ביי נאַכט, ווען מאַרקס
האָט ערנסט אַריינגעטראַכט אין דעם מהות פון זיין ליבע מיט זשעני. צי איז דאָס
ריכטיק, וואָס דער פאָטער האָט אים איינמאָל געזאָגט, אַז זיין ליבע צו זשעני, איז
נישט מער ווי אַ מיטל צו פאַרשטאַרקן דעם אייגענעם זעלבסט־געפיל, בכדי מיט דעם
צו באַזיגן אין זיך דעם נאַגנדיקן צווייפל. אפשר איז טאַקע גערעכט געווען דער
טאַטע, און זיין ליבע צו זשעני איז נישט מער ווי אַ קינסטלעכע באַריערע, וואָס דאַרף
אים אָפּהיטן און אויף תמיד באַשיצן פאַר די פּייניקנדיקע, מורא׳דיקע שאָטנס? קאַרל
מאַרקס האָט פון זיך געיאָגט די דאָזיקע אומעטיקע מחשבות און האָט געוואָלט
לגמרי אין זיי פאַרגעסן.

## דרייאונפופציקסטער קאַפּיטל.

## „צווישן קליינע שווינדל׳ס און גרויסע אילוזיעס״.

צו יענער צייט, האָט קאַרל מאַרקס באַשלאָסן צו שרייבן אַ גרעסערע אַרבעט
וועגן דער יידישער פראַגע, וועלכע האָט אים אויך אין זיין גליקלעכסטער צייט,
במשך די פאָר חדשים אין קרייצנאַך, קיין רו נישט געגעבן. מאַרקס איז געווען ביי
זיך זיכער, אַז ס׳וועט אים געלינגען מיט דער דאָזיקער פּובליקאַציע צו מאַכן אַ סוף,
איינמאָל־פאַר־אַלע־מאָל, מיט די שאָטנס פון זיין פאַרגאַנגנהייט. ער האָט דאָ צוגע־
גרייט דעם אַזוי־באַרימט־געוואָרענעם אַרטיקל „צור יודען־פראַגע״, וואָס איז אַ
האַלב יאָר שפּעטער דערשינען אין זיינע „דייטש־פראַנצויזישע יאָרביכער״.

אויך במשך די פינף „האָניג־חדשים״ אין קרייצנאַך, האָט קאַרל מאַרקס זיך
נישט פאַרגונען קיין איבעריים אין זיין שטודירן. ער האָט אַ סך געלייענט און גע־
שריבן. די פילאָזאָפישע שיטה פון לודוויק פייערבאַך איז אים איצט גרינטלעך קלאָר
געוואָרן און ער האָט מיט גרויסן אינטערעס געלייענט פייערבאַכ׳ס נייעסטע שריפטן,
פון וועלכע ער איז שטאַרק באַאיינפלוסט און נתפעל געוואָרן.

ווי אין יאָר 1841, מיט זיין בוך „דאָס וועזן פון קריסטנטום״, האָט איצט ווי־
דער לודוויק פייערבאַך אַרויסגערופן אַ גרויס אויפזען מיט זיין נייען ווערק (1843):

„טעזן וועגן דער רעפאָרם פון פילאָזאָפיע". פייערבאַך איז שאַרף אַרויסגעטרעטן קעגן העגעל'ס פילאָזאָפישער שיטה, באַקעמפנדיק די „אַבסאָלוטע אידיי", וועלכע איז דער יסוד פון דער העגעלישער וועלט־אַנשויאונג. פייערבאַך האָט אָנברחמנות'דיק קריטיקירט און אויסגעלאַכט די דאָזיקע „אַבסאָלוטע אידיי", וואָס איז, לויט זיין מיינונג, נישט מער ווי אַן איבערבלייבעניש פון דער טעאָלאָגישער אמונה אין שדים און מיסטישע באַגריפן. פייערבאַך האָט געהאַלטן, אַז נישט אין דער אַבסטראַקטער אידיי דאַרף מען זוכן די סודות פון דער פילאָזאָפיע, נאָר אין דער נאַטור און אין דעם מענטש. נישט די אידיי שאַפט די נאַטור און דעם מענטש, נאָר להיפך, די נאַטור און דער מענטש שאַפן די אידיי.

פייערבאַכ'ס וועלט־אַנשויאונג האָט געהאַט אַ געוואַלדיקע השפעה אויף מאַרקס'נס ווייטערדיקער גייסטיקער אַנטוויקלונג, זי האָט אים לסוף געפירט צום היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. מאַרקס האָט גובר געווען אין זיך די צוציאונגס־קראַפט פון דער העגעלישער פילאָזאָפיע, הגם ער איז טריי געבליבן דער העגעלישער דיאַלעקטיק.

קאַרל מאַרקס האָט באַשלאָסן צו פאַרבעטן פייערבאַכ'ן, דעם דאָזיקן אָריגינעלן דענקער און שריפטשטעלער צו אַ סטאַבילער מיטאַרבעט אין די צוקונפטיקע „דייטש־פראַנצויזישע יאָרביכער". ער איז אפילו אויסן געווען אַריבערצובערענגען פייערבאַכ'ן קיין פאַריז, דאָרט אַהין, וווּ עס וועט זיך געפינען די רעדאַקציע פון נייעם זשורנאַל. אָבער פייערבאַך האָט זיך נישט געלאָזט צורעדן דורך מאַרקס'ן, ער איז לויט זיין כאַראַקטער געווען אַ גרויסער עקשן און איז זיך ביחידות געגאַנגען זיין אייגענעם וועג. געוווינט האָט ער ערגעץ־ווו אין אַ דאָרף, ווייט פון שטאָטישן טומל, און האָט בשום אופן נישט געוואָלט האָרכן זיינע פריינט, וועלכע האָבן פאַרלאַנגט, אַז ער, זייער גייסטרייכער רבי, זאָל צוזאַמען מיט זיי וווינען און קעמפן אין אַ צענטראַלער שטאָט אין דייטשלאַנד. פייערבאַך האָט זיך גוט געפילט אין זיין דאָרפישער איינזאַמקייט. און נישט דערפאַר, ווייל ער האָט געזוכט מנוחה, נאָר להיפך, ער האָט געהאַלטן, אַז אין דאָרף קאָן ער פאַרטיפן זיין גייסט און פאַרשאַרפן זיין אינטעלעקט צום קאַמף פאַרן אמת. ווי גאַליליי בשעתו, איז פייערבאַך געווען איבערצייגט, אַז די שטאָט איז אַ תפיסה פאַר דעם דענקענדיקן מח, דאַקעגן „דאָס אומבאַצוווּנגענע, שטילע לעבן אין דאָרף עפנט פאַר די אויגן דעם בוך פון דער נאַטור, אין וועלכער מ'קאָן דאָ פריי לייענען וויפל ס'דערלויבט נאָר דער כח פון מענטשלעכן שכל".

אָנשטאָט צו פאָרן צוזאַמען מיט מאַרקס'ן, צום ווייטן, רוישיקן און הערלעכן פאַריז, האָט לודוויק פייערבאַך באַשלאָסן צו בלייבן אין זיין דאָרפישער איינזאַמקייט, הגם ער האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז דאָס דעמאָלדיקע דייטשלאַנד איז אַ גייסטיקער און געזעלשאַפטלעכער בית־הקברות. „דער טאָג, אין וועלכן פייערבאַך האָט אויף דעם מעכטיקן רוף פון מאַרקס'ן געענטפערט מיט אַ „ניין", הגם אין אַ פאַרנעמען, פריינטלעכן טאָן, איז געוואָרן פאַר פייערבאַכ'ן דער שוואַרצער טאָג פון זיין לעבן. ער איז באַלד געבליבן פאַראייניזאַמט אויך גייסטיק" שרייבט פראַנץ מעהרינג אין זיין באַוווּסטער מאַרקס־ביאָגראַפיע.

די דאָזיקע סכנה פון גייסטיקער איינזאַמקייט און מאָראַלישער דעגראַדאַציע האָט אין דעמאָלדיקן דייטשלאַנד געדראָט יעדן ערלעכן און אמת'ן אינטעלעקטואַ־

ליסט. ס'איז געווען אַ תקופה, ווען די דייטשע סביבה האָט זיך אויסגעלעבט, לויט דער געלונגענער דעפיניציע פון דערמאָנטן מעהרינג „צווישן קליינע שווינדליס און גרויסע אילוזיעס". מיט אַ טעמפּער, פאַרבלענדעטער טפּשות האָט רעגירט דער אַל־טער דעספּאָטישער רעזשים, גלויבנדיק, אַז מיט תפיסות און צענזור קאָן מען אויפ־האַלטן דעם גאַנג פון דער געשיכטע. ערשט אין אַ פּאָר יאָר שפּעטער, בעת די שטור־מישע רעוואָלוציע־טעג פון יאָר 1848, האָבן זיך די רעאַקציאָנערע מושלים געקאָנט איבערצייגן, ווי ריכטיק עס זענען געווען די וואָרענונגס־ווערטער פון ייִד יאָהאַן יאַ־קאָבי, איינער פון די נאַציאָנאַל־ליבעראַלע פירער אין דייטשלאַנד: „ווייִ איז צו די הערשער, וואָס ווילן נישט הערן דעם אמת!".

אין דער דאָזיקער תקופה, ערב דעם „פעלקער־פרילינג", איז באַזונדערס מיאוס און שפּל'דיק געווען דאָס דייטשע בירגערטום מיט זיין אייביקער, נידעריקער פּח־דנות און הכנעה. ווי ווייט איז געווען דער גייסטיקער און מאָראַלישער מהלך פון דעם דייטשן בירגערטום צו דעם פראַנצויזישן, וואָס האָט מיט אַ האַלבן יאָרהונ־דערט צוריק דורכגעפירט מיט אַזאַ מעכטיקן דינאַמיזם זיין גרויסע דעמאָקראַ־טישע רעוואָלוציע! די ליבעראַלע קרייזן אין דייטשלאַנד, אירע אינטעלעקטואַליסטן און פאָרשטייער האָבן געלעבט, ווי געזאָגט, „צווישן קליינע שווינדל'ס און גרויסע אילוזיעס". און ווען די רעאַקציע האָט פאַרשטאַרקט און פאַרשאַרפט איר ממשלה, זענען די שווינדל'ס געוואָרן גרעסער און די אילוזיעס קלענער. די אַטמאָספערע איז געווען אַ שטיקנדיקע און אַן אָנגעשטרענגטע, הגם עס האָט געהערשט די שטילקייט פון אַ בית־הקברות.

דער יונגער קאַפּיטאַליזם אין דייטשלאַנד האָט דעמאָלט ערשט איבערגעלעבט זיינע ערשטע אַנטוויקלונגס־פּאַזן. די נויט פון די פאַבריקס־אַרבעטער, פון די מאַנו־פאַקטור־לוין־שקלאַפן, פון די שלעזישע וועבער, פון די קוילן־גרעבער און פון אַנ־דערע פּראָלעטאַרישע און האַלב־פּראָלעטאַרישע שיכטן איז געווען אַ מורא'דיקע. אונטער דער שטילער אויבערפלאַך פון דייטשן בית־הקברות, האָבן זיך געזאַמלט גע־פערלעכע סאָציאַלע קאָנפליקטן, וואָס ווען באַלד אָננעמען לײַדנשאַפטלעכע פאָרמען פון ווילדע שטרייקן און בלוטיקע אומרוען. אפילו מצד געמעסיקטע קרייזן האָבן נישט געפעלט וואָרענדיקע מאָנונגען, וואָס זענען אויסן געווען צו ראַטעווען די מלוכה און די געזעלשאַפט פאַר דעם נאָענטן רעוואָלוציאָנערן אויסברוך. די דערמאָנטע שריפטשטעלערין, מאַרקס'נס נאָענטע פריינדין בעטינאַ פאָן אַרנים האָט אָנגעשריבן און אַרויסגעגעבן צו יענער צייט אַ פובליקאַציע א. נ. „דאָס דאָזיקע בוך געהערט צום קעניג", אין וועלכן זי האָט געגנוי און אָפן געשילדערט די שרעקלעכע נויט, וואָס הערשט אין די בערלינער פאָרשטעט.

דער פּרייסישער מלך איז אונטער דעם איינפלוס פון די פאַרשידענע ווענדונגען, צוגעטרעטן צו שאַפן, מיט דער הילף פון אַריסטאָקראַטישע און בירגערלעכע דאַמען און הערן, אַ פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפט, וואָס זאָל די אָרעמע באַפעלקערונג באַ־זאָרגן מכל טוב. די נאָבעלע דאַמען און הערן זענען טאַקע בשפע פאַרזאָרגט געוואָרן מיט פילאַנטראָפּישע מעשים טובים און מיט קעניגלעכע אָרדנס, אָבער די בערלינער אָרעמע לייט האָבן פון דעם אַלעמען ווייניק געהאַט צו עסן.

מאַרקס האָט שוין אומגעדולדיק געוואַרט אויף דעם טאָג, ווען ער וועט קאָנען פאַרלאָזן דאָס דאָזיקע דייטשלאַנד מיט אירע „קליינע שווינדלס", וואָס זענען גע־

וואקסן פון טאָג־צו־טאָג, און מיט אירע „גרויסע אילוזיעס“, וועלכע זענען לגמרי שוין צערונען. ער האָט גענומען שנעל פאַרענדיקן די אָפּהאַנדלונג „צו דער יודען־פראַגע“. שרייבנדיק וועגן יידן און יידנטום, האָט ער כסדר געטראַכט וועגן משה העס'ן און זיינע מאָדנע יידישע מנהגים און געדאַנקען. אָבער נישט דער מענטשן־פריינטלעכער, עכט־יידישער גייסט פון משה העס'ן האָט באַהערשט מאַרקס'ן, בעת ער האָט געשריבן זיין אָפּהאַנדלונג וועגן יידן און יידנטום. עס האָט מאַרקס'ן באַוועלטיקט און לגמרי באַהערשט דער דייטשער, קריסטלעך־גערמאַנישער און יידן־פיינטלעכער פייערבאַך, וועלכער האָט וועגן יידנטום געשריבן בזה הלשון: „די יידן זענען ביז היינט געבליבן ספּעפֿאַרירט אין זייער אָפּגעזונדערטקייט. זייער וועזן, זייער גאָט איז די פּראַקטישקייט פון דער וועלט. דער עגאָאיזם אין דער פאָרם פון א רעליגיע. דער עגאָאיזם קאָנצענטרירט דעם מענטשן אויף זיך אַליין און מאַכט אים טעאָרעטיש באַגרענעצט, אינדיפערענט לגבי אַלץ, וואָס דינט נישט זיינע אייגענע אינטערעסן“.

לודוויק פייערבאַך האָט מיט דער דאָזיקער אָפּשאַצונג פון יידנטום בולט באַוויזן, ווי גייסטיק־באַגרענעצט און טעאָרעטיש־עגאָאיסטיש עס קאָן זיין אפילו א גרויסער דייטשער פילאָזאָף און געלערנטער, ווען עס האַנדלט זיך וועגן דעם יודאַאיזם, וועלכער האָט נאָך מיט טויזנטער יאָרן צוריק, געגעבן דער מענטשהייט די גרונטלאַגן פון עטיק און סאָציאַלן יושר. פייערבאַכ'ס אַנטי־יידישע טעזע האָט זיך פולשטענדיק אריינגעפּאַסט אין דער דאָזיקער שפּל'דיקער דייטשער תקופה פון „קליינע שווינדלס און גרויסע אילוזיעס“.

## פיראונפופציקסטער קאַפּיטל.

## די דייטשע באַגלייטונג: „העפּ־העפּ, יודע!“.

בעת דעם באַזוך פון דר“ ארנאָלד רוגע אין קרייצנאַך, איז די פריינטשאַפט צווישן אים און קאַרל מאַרקס'ן געוואָרן א זייער נאָענטע און אפילו אינטימע. רוגע האָט זיך מיט מאַרקס'ן באַראָטן וועגן אַלע פראַגן, אַלגעמיינע און פערזענלעכע, און מאַרקס איז אין זיינע געשפּרעכן מיט רוגע'ן געווען לגמרי אויפריכטיק און פריי. ער האָט רוגע'ן דערציילט א סך סודות פון זיין ליטעראַרישער ארבעט און פון אייגענעם ריין־פערזענלעכן משפּחה־לעבן. אויך זשעני און איר מוטער האָבן זיך שטאַרק באַפריינדעט מיט דעם דאָזיקן פיינעם, הויך־קולטורעלן, געבילדעטן און דערביי אַזוי־לוסטיקן דייטשן שריפטשטעלער. מיט זיין אייגנאַרטיקן הומאָר פלעגט רוגע דערציילן וועגן זיינע קינדערישע יאָרן אין א מזרח־פּרייסישן דאָרף און וועגן דער שפּעטער־דיקער, שטורמישער סטודענטן־צייט, בעת ער האָט גאָר שטאַרק גענאָסן פון אַלע עולם־הזה'דיקע פאַרגעניגנס און איז געווען דער אמת'ער דייטשער בורש מיט אַלע ליידנשאַפטן פאַר ווייַן, ווייב און... פּאָליטיק. מיט שטאָלץ פלעגט רוגע צוגעבן, אַז די ווייַן־הייזער און די זנות־ווייבער האָבן אים נישט דעמאָראַליזירט, און די זעקס יאָר, וועלכע ער איז אָפּגעזעסן אַלס „פּאָליטישער פאַרברעכער“ אין די פּרייסישע

תפיסות, האָבן פון אים געמאַכט אַן אויסגעהאַלטענעם קעמפער פאַר פרייהייט און גערעכטיקייט.

רוגע איז לאַנג געווען נישט־דעצידירט, ווו ער זאָל אין אויסלאַנד אָנהויבן אַרויסצוגעבן דעם נייעם זשורנאַל: אין דער שווייץ, צי אין בריסל אָדער אין פּאַריז. מאַרקס איז געווען קאַטעגאָריש פאַר פּאַריז און האָט געהאַלטן, אַז דער נייער זשורנאַל מוז שאַפן אַ גייסטיקע בריק צווישן דער דייטשער פילאָזאָפיע און דעם פראַנצויזישן „עספּרי". מאַרקס האָט דערביי ציטירט לודוויק פייערבאַכ'ס מיינונג וועגן דעם, אַז דאָס האַרץ דאַרף זיין פראַנצויזיש און דער קאָפּ — דייטש. לסוף האָבן ביידע פריינט אויסגעוועלט פּאַריז. רוגע איז געווען אַ פאַרמעגלעכער מענטש, ער האָט מאַרקס'ן געגעבן זיכערע הבטחות בנוגע זיין צוקונפטיקער מאַטעריעלער עקזיסטענץ אַלס מיטרעדאַקטאָר פון „די דייטש־פראַנצויזישע יאָרביכער". דער טעמפּעראַמענט־פולער רוגע האָט געשילדערט מיט אַ סך איבערצייגונג און אָפּטימיזם די נאָענטע, בשותפות'דיקע אַרבעט אין פּאַריז, ווו דער נייער זשורנאַל וועט אַרום זיך קאָנצענטרירן דאָס בעסטע און איידלסטע אין דער דייטשער און פראַנצויזישער אינטעליגענץ. אויך קאַרל מאַרקס איז געווען באַגייסטערט. ער האָט טיף געגלויבט אין דער אייגענער גלענצנדיקער צוקונפט אין פּאַריז, אין געזעלשאַפט פון אַזאַ טרייען און שטאַרקן פריינט, ווי ס'איז רוגע, און בעיקר, צוליב דעם גליק, וואָס זשעני האָט אים געגעבן. „איך קאָן דיר פאַרזיכערן אָן ביליקע ראָמאַנטישע ווערטער, אַז מיין ליבע צו זשעני באַהערשט לגמרי און גאָר ערנסט מיין גאַנץ וועזן!" האָט מאַרקס זיך פאַרטרויט צו רוגע'ן.

צו יענער צייט, איז רוגע געווען דער בעסטער און נאָענטסטער פריינט פון קאַרל מאַרקס'ן. וועגן דעם זאָגט געגנוי עדות די אָפּטע קאָרעספּאָנדענץ צווישן זיי ביידע, פאַר דעם צונויפטרעפן זיך אין קרייצנאַך און באַזונדערס שפּעטער. רוגע איז באַלד אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז, ווו ער האָט געדאַרפט אַלץ צוגרייטן פאַר דער אויסגאַבע פון נייעם זשורנאַל און פאַר מאַרקס'נס איינאָרדענען זיך אין פּאַריז. די נאָענטע צוקונפט וועט אָבער באַווייזן, אַז אויך די דאָזיקע פריינטשאַפט, צווישן מאַרקס'ן און רוגע'ן, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין אַזוי טריי און ערלעך, האָט קיין לאַנגן קיום נישט געהאַט.

וואַרטנדיק אין קרייצנאַך אויף שנעלע ידיעות פון רוגע'ן, האָט מאַרקס אַ גרויסן טייל פון זיין פרייער צייט געווידמעט זיין יונגער פרוי. זיי האָבן צוזאַמען אַ סך געלייענט און געשמועסט וועגן דער לעקטור. זשעני איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך־פיינע פרוי, און די שיינקייט פון איר קערפּער האָט האַרמאָניזירט מיט דער איידלקייט פון איר נשמה. אָבער זי איז אויפגעוואַקסן און דערצויגן געוואָרן אין אַ קליינער פראָווינץ־שטאָט, אירע גייסטיקע האָריזאָנטן זענען ממילא געווען באַגרענעצטע, און איר בילדונג אַ באַשיידענע. פון דער היימישער סביבה, פון דער מוטער און אירע קרובים, האָט זשעני אין זיך איינגעזאַפּט אַ געוויסע רעליגיאָזיטעט פאַרבונדן מיט קריסטלעכע, פּראָטעסטאַנטישע צערעמאָניעס. מאַרקס, הגם אָפיציעל אַריינגעטראָגן אין זיינע דאָקומענטן אַלס עוואַנגעלישער קריסט, האָט אין זיין פאָטערלעכער היים און שפּעטער אין זיין סטודענטישער צייט, נישט געזען און נישט געפילט קיין שום רעליגיעזע פיעטעט אָדער צערעמאָניע. ער איז, כידוע, געוואָרן אַן איבערצייגטער, קעמפערישער אַטעאיסט. איצט, אין קרייצנאַך, האָט ער באַשלאָסן אָפּצושאַפן

דעם תהום, וואָס טיילט אים אָפּ פון זשעני'ס גלויבן און וואָס איז עלול אָפּצושוואַכן זייער ליבע. זיין דעצידירטער, פעסטער ווילן איז געווען, אַז אויך זשעני זאָל זיך באַפרייען פון יעדן רעליגיעזן סענטימענט!

מאַרקס האָט זיך באַמיט מיט פאָלגנדיקע פּאָפּולערע און, ווי ער האָט געהאַלטן, לאָגיש־קלאָרע אַרגומענטן, צו באַווירקן זיין פרוי: „אַ מענטש, וואָס וויל זיין פריי, מוז קודם־כל קריטיש ווערן בנוגע דער רעליגיע, און דאָס וועט דעם קריטיש־דענקנדיקן צופירן צום אַטעאיזם. ווייל נישט די רעליגיע באַשאַפט דעם מענטש, נאָר להיפך, דער מענטש באַשאַפט די רעליגיע. אָבער דער מענטש איז נישט קיין אַב־סטראַקטער באַגריף, ער לעבט אין אַ געוויסער סביבה פון געזעלשאַפטלעכע, עקאָ־נאָמישע און מלוכה'שע באַדינגונגען, וואָס ווירקן אויף זיין גייסטיקן און מאָראַ־לישן מהות. ממילא, איז די רעליגיע פון מענטשן אַ פּראָדוקט פון זיין סביבה, פון די עקזיסטירנדיקע לעבנס־פאָרמען. די רעליגיע און די קאָנפעסיאָנעלע גלויבנס ענ־דערן זיך כסדר, אַזוי ווי עס ענדערן זיך אַלע געזעלשאַפטלעכע פאָרמען פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ.

ווידער ביי אַן אַנדערער געלעגנהייט, האָט מאַרקס געגעבן צו פאַרשטיין זשע־ני'ן מיט אַ באַקאַנטן ביישפּיל, וואָס עס איז אַזוינס די העגעלישע דיאַלעקטיק. אָט, איז געווען במשך לאַנגע יאָרהונדערטער אַן אַלגעמיין־אָנגענומענע און אָנערקענטע טעזע: ווער עס באַגייט אַ פאַרברעכן, דער איז אַ פאַרברעכער און מוז דערפאַר באַ־קומען זיין אַנטשפּרעכנדיקע שטראָף. איצט ווערט פּראָפּאַגירט קעגן דער דאָזיקער טעזע אַן אַנטי־טעזע, וועלכע דערקלערט, אַז דער פאַרברעכער איז גאָרנישט קיין פאַר־ברעכער, נאָר בלויז אַ קראַנקער, און אַ קראַנקן טאָר מען נישט שטראָפן נאָר מ'מוז אים היילן. עס בלייבט אָבער נישט ביי דער דערמאָנטער טעזע און אַנטי־טעזע, ווייל פון דער טעזע און איר אַנטי־טעזע וועט זיך מיט דער צייט באַשאַפן אַ סינטעזע פוןביידע מיינונגען. לויט דער דאָזיקער כסדר'דיקער ליניע פון טעזע, אַנטי־טעזע און סינטעזע אַנטוויקלט זיך און וועט זיך אויך להבא אַנטוויקלען דער פּראָגרעסי־ווער אויפשטייג פון דער מענטשהייט.

זשעני האָט אַ סך געלערנט פון קאַרלען במשך די דאָזיקע פינף חדשים אין קרייצנאַך. דער זומער איז שנעל פאַרגאַנגען און פריצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן דער האַרבסט. ענדלעך, ס'איז שוין געווען סוף סעפּטעמבער 1843, איז אָנגעקומען דער מיט אומגעדולד דערוואַרטעטער בריוו פון פּאַריז, אין וועלכן רוגע האָט מודיע גע־ווען, אַז אַלץ איז שוין פאַרטיק און מ'זאָל גלייך קומען צו פאָרן. כמעט אין לעצטן טאָג אין קרייצנאַך, האָט נאָך מאַרקס געפונען צייט, בכדי פאָרצולייענען פאַר זשע־ני'ן אַן אויסצוג פון אַן אַרטיקל, וועלכן דער פירשט מיכאל באַקונין האָט פאַרעפנט־לעכט אין רוגע'ס האַלישע יאַרביכער: „אַלע פעלקער און אַלע מענטשן זענען היינט באַהערשט פון שווערע פאָרגעפילן. אַלע די, וועמענס לעבנס־אָרגאַנען זענען נישט פאַראַליזירט, באַמערקן מיט אַ ציטער דאָס דערנענטערן זיך פון אַ צוקונפט, וועל־כע וועט ברענגען די אַנטשיידנדיקע ווענדונג. אויפן האָריזאָנט זאַמלען זיך אַלץ־מער שוואַרצע וואָלקנס, די אַטמאָספערע איז אַ שטיקנדיקע, זי איז געוואָרן דראָענדיק מיט אַ שטורעם, וואָס דערנענטערט זיך כסדר. צוליב דעם, רופן מיר צו אונזערע פאַרבלענ־דעטע ברידער: זייט זיך מתוודה, ענדערט אייערע דרכים!".

מאַרקס האָט געוואָלט, אַז דאָס זאָלן זיין פאַר זשעני'ן די געזעגענונגס־ווערטער

ביים פאַרלאָזן דעם דייטשן פּאַטערלאַנד. ס'איז אָבער אַנדערש אַרויסגעקומען. ביים אַוועקפאָרן פון דייטשלאַנד, האָט מען קאַרל מאַרקס'ן און זיין פרוי געזעגנט מיט די געמיינע אַנטיסעמיטישע רופן: „העפּ־העפּ, יודע!". געשען איז דאָס אויף אַ סטאַציע, שוין גאָר נאָענט צו דער פראַנצויזישער גרענעץ. אין דעם וואַגאָן, אין וועלכן מאַרקס איז געזעסן צוזאַמען מיט זשעני'ן, איז פּלוצלינג אַריינגעלאָפן אַן עלטערער פּאַסאַזשיר אין אַ לאַנגן, טונקעלן מאַנטל, מיט אַ צעשויבערטער שוואַרצער באָרד און גע־קרייזלטע קאָפּ־האָר. זיינע גרויסע, ווייט־געעפנטע אויגן זענען געווען דערשראָקן און די דאַרע הענט האָבן נערוועזיש געציטערט בעת ער האָט אין וואַגאָן, ערגעץ־ווו אין ווינקל געגומען פאָרן זיך ביי אַ פּעקל סחורה. פון דרויסן האָבן זיך דערהערט לאָבוזאָוואַטע, הויך־שרייענדיקע שטימען: „העפּ־העפּ, יודע!". מאַרקס האָט אַרויס־געקוקט דורכן פענצטער. דאָס האָט אַ באַנדע שקצים נאָכגעיאָגט דעם יידישן הענד־לער און באַגלייט אים מיט אַנטיסעמיטישע זידלערייען. דער צוג האָט באַלד גערירט, די כוליגאַנעס זענען פאַרשוונדן און דער איבערגעשראָקענער ייד האָט מיט אַ שווערן זיפץ אָפּגעאָטעמט.

אין וואַגאָן איז געוואָרן לעבעדיק און פריילעך. די פּאַסאַזשירן האָבן בקול רם געלאַכט און דערציילט זיך לוסטיקע אַנעקדאָטן וועגן יידן. שפּעטער איז מען געוואָרן ערנסטער און אָנגעהויבן רעדן מיט אַ פאַרסמ'טער שנאה וועגן דעם יידישן רייכטום און וועגן דער יידישער חוצפּה. דער יידישער פּאַסאַזשיר איז געזעסן שטיל און זיין דאַרער גוף האָט זיך נאָך מער איינגעקאָרטשעט, ווי ער וואָלט זיך וועלן באַהאַלטן צווישן דער באַנק און דעם פּעקל סחורה. קאַרל האָט אָנגעקוקט זשעני'ן, די אַטמאָס־פערע אין וואַגאָן איז פאַר זיי געוואָרן אַ העכסט־פּיינלעכע. מאַרקס האָט זיך גע־וואָנדן צום פּובליקום און געזאָגט אַ פּאָר שאַרפע ווערטער. באַלד האָט ער אַרויסגע־נומען פון דער וואַליזע אַ בוך און אין אים זיך פאַרטיפט. אָבער מאַרקס'נס ווערטער זענען נישט דערהערט געוואָרן אין אַלגעמיינעם טומל. דעם גאַנצן וואַגאָן האָט באַ־הערשט עפּעס אַ באַסאָווע, הייזעריקע שטימע, וואָס האָט פון איין עק צום צווייטן נישט־געערדט נאָר געשריגן מיט האס און געמיינקייט, מיט רוצחישער בייזקייט און מיט אויסגעטראַכטעטע בלבולים קעגן יידן און יידנטום.

אויף דער נאָענטסטער סטאַציע, איז דער איבערגעשראָקענער ייד אויסגעשטיגן. עס האָבן אים ווידער באַגלייט ווילדע אויסגעשרייען און הירזשענדיקע קולות: „העפּ־העפּ, יודע!". דער צוג איז ווייטער געפאָרן אָן דעם ייד, אָבער די רייזנדיקע האָבן ממשיך געווען זייער אַנטיסעמיטישע אונטערהאַלטונג. זשעני האָט נישט מער אויס־געהאַלטן, זי האָט דערזען צווישן די פּאַסאַזשירן אין וואַגאָן אַ פּאַסטאָר און האָט גענומען צו אים רעדן:

„הער פּאַסטאָר! איר זייט דאָך אַ קריסטלעכער גלח, וועלכער דאַרף פּריידיקן מענטשן־ליבע. ווי קאָנט איר זיך רואיק צוהערן צו אַזעלכע געמיינע, מערדערישע רייד, פאַרוואָס שווייגט איר?".

אין וואַגאָן איז אויפאַיינמאָל געוואָרן שטיל, פּולשטענדיק שטיל, מ'האָט בלויז געהערט דאָס קלאַפּן פון די באַן־רעדער. אַלע וואַגאָן־פּאַסאַזשירן האָבן אָנגעקוקט זשעני'ן מיט דערשטוינטע, בייזע אויגן. דער פּאַסטאָר, אַ גראָבער אויסגעפּאַשעטער פאַרשוין, מיט אַ פעטן, פון בלוט צערויטלטן פּנים און קאַרק, האָט אָנגעהויבן

ענטפערן לאַנגזאַם, בנעימות, און אויף זיין מגושמ'דיקן פּרצוף איז געווען צעגאָסן אַ טריפה'נער, איראָנישער שמייכל:

„איך ווייס נישט, מאַדאַם, צי איר זייט אַ קריסטין. ווייל, אויב יאָ, וואָלט איר געדאַרפט וויסן, וואָס אונזער לערער, דער גרויסער מאַרטין לוטער, דער שעפער און גרינדער פון אונזער עוואַנגעלישער קירך, האָט געשריבן וועגן די יידן אין זיין באַרימטן בוך: „די יידן און זייערע שקרים".

דער גלח האָט אַ רגע איבערגעריסן, ווי ער וואָלט וועלן זען דעם איינדרוק פון זיינע ווערטער. די צוהערער אין וואַגאָן האָבן מיט הסכמה געשאָקלט מיטן קאָפּ „יאָ, יאָ, הער פּאַסטאָר!". דער פּאַרשטייער פון דער „קריסטלעכער מענטשן-ליבע" האָט זיך דאַן געוואָנדן צו זשעני, און זיינע קליינע פעטע אייגעלעך האָבן זיך אָנגעצונדן מיט אַ שלעכט-פאַרשטעלטן האַס:

„צי ווייסט איר, מאַדאַם, אַז דריי טעג פאַר זיין טויט האָט מאַרטין לוטער געהאַלטן אין אַ קירך אַ גרויסע רעדע, אין וועלכער ער האָט אָנגעוויזן ווי שעדלעך און געפערלעך עס זענען די יידן פאַר דעם קריסטלעכן פאָלק?!".

דער אויפגעהעצטער עולם אין וואַגאָן האָט אָנגעהויבן מאַכן פיינטלעכע, בייזיקע באַמערקונגען קעגן מאַרקס'ן און זיין פרוי: „זיי זענען דאָך אַליין יידן!" — „מ'זעט דאָך, די אמת'ע איזראַעליטן, האַ, האַ!" — „קוקט אָן דעם דאָזיקן שוואַרצן, צי איז ער נישט אַ ראַבינער אָדער אַ זון פון אַ ראַבינער!?".

מאַרקס האָט זיך אויפגעהויבן און געוואָלט שאַרף רעאַגירן. זשעני איז אויך אויפגעשטאַנען און האָט זיך אַוועקגעשטעלט צווישן איר מאַן און די פּאַסאַזשירן. גראָד איז מען צוגעפאָרן צו דער גרענעץ-סטאַציע, און די רייזנדיקע זענען גלייך בחפזון אויסגעשטיגן, מרוטשענדיק עפּעס און איבערחזר'נדיק: „העפּ-העפּ, יודע!".

קאַרל מאַרקס און זיין פרוי האָבן פריי אָפּגעאָטעמט, ווען אין צוג איז אַריין די פראַנצויזישע גרענעץ-וואַך און עס האָבן זיך דערהערט די קלאַנגען פון דער זינגנדיקער, נאָבעלער פראַנצויזישער שפּראַך.

## פינפאונפופציקסטער קאַפּיטל.

## אין פּאַריז, דער „שטאָט פון ליכט און רעוואָלוציע".

סוף אָקטאָבער 1843 איז קאַרל מאַרקס מיט זיין פרוי אָנגעקומען קיין פּאַריז. אויף דעם וואָקזאַל האָט זיי דערוואַרט אַרנאָלד רוגע. אין אַ דראָשקע זענען זיי אַלע צוזאַמען געפאָרן צו דעם פאָבור-סאַן-זשערמען, וווּ רוגע האָט פאַר זיך און די מאַרקס'נס געדונגען אַ קליין באַקוועם הויז. מ'איז געפאָרן איבער ברייטע, טומלדיקע בולוואַרן און איבער שטילע זייטיקע געסלעך. ס'איז געווען אַ קילער נאָכמיטאָג און די אונטערגייענדיקע זון האָט זיך מיט אירע לעצטע כוחות באַמיט צו דערוואַרעמען און צו באַשיינען די אַרומיקע שטאָט-פּאַנאָראַמע. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָבן די אָנגעקומענע אָבסערווירט און באַוווּנדערט די פּראַכט פון דער פּאַריזער וועלט-מעטראָפּאָליע. ווי אַ באַרעדעוודיקער מבין אויף קונסט און געשיכטע, האָט רוגע

אינפֿאָרמירט און געגעבן אויפֿקלערונגען. ער האָט זיך שוין דאָ געפֿילט ווי אַן עכטער פּאַריזער. אויף די בולוואַרן זענען געלעגן הויפֿנס אַראָפּגעפֿאַלענע געלע בלעטער. פֿון דער סען האָט געבלאָזן אַ שאַרף ווינטל און אין דער לופֿט האָט זיך פֿאַרשפּרייט דער ספּעציפֿישער האַרבסטלעכער, נאַסער ריח. אָבער אומעטום, אויף די גאַסן און פּלעצער, אויף די געשטאַלטן פֿון מענטשן און זאַכן האָט געשיינט אַ מאָדנע, שטאַרקע ליכטיקייט.

„פּאַריז, פּאַריז, די שטאָט פֿון ליכט!" האָט אויסגערופֿן זשעני מיט אַן אמת'ער התפּעלות. זי איז געווען, ווי פֿאַרשכור'ט פֿון דער הערלעכער, ממש־פֿאַנטאַסטישער פּאַריזער פּאַנאָראַמע, וואָס האָט געבלישטשעט ווי מיט אַ פֿייערדיקן ליכט־ים.

קאַרל מאַרקס האָט, פֿריינטלעך שמייכלנדיק, גענומען זיין פֿרוי ביי דער האַנט און האָט צוגעגעבן שטיל, ווי צו זיך אַליין:

„פּאַריז, פּאַריז, די שטאָט פֿון רעוואָלוציע!".

גלייך דעם נאָענסטן טאָג, האָט רוגע געפֿירט קאַרלען און זשעני'ן איבער די אינטערעסאַנטסטע פּאַריזער קוואַרטאַלן. אָבער בלויז אַ פּאָר געציילטע טעג זענען געבליבן פֿאַר קאַרל מאַרקס'ן, בכדי צו באַקענען זיך, אויף דעם אויבערפֿלעכלעכסטן און שנעלסטן אופֿן, מיט די צאָלרייכע, אַלטע און נייע אוצרות פֿון קולטור און קונסט אין פּאַריז. עס האָט אים באַלד און לגמרי באַשעפֿטיקט די אינטענסיווע וויסנשאַפֿטלעכע און ליטעראַרישע אַרבעט. צוזאַמען מיט רוגע'ן איז מאַרקס שטאַרק פֿאַרטאָן געווען ביים רעדאַגירן דעם ערשטן העפֿט פֿון די „דייטש־פֿראַנצויזישע יאָרביכער". מ'האָט געמוזט שרייבן אַ סך בריוו, דורכקוקן די אַריינגעשיקטע אַרטיקלען און די אויסגעזעצטע קאָרעקטן, און אויך באַקענען זיך פּערזענלעך מיט די פֿירנדיקע געשטאַלטן פֿון דער ראַדיקאַלער דייטשער עמיגראַציע און פֿון דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, מיט אירע טעאָרעטיקער און שריפֿטשטעלער. מאַרקס האָט אויסערדעם אַ סך געלייענט און געשריבן. גאַנצע נעכט איז ער פּשוט נישט געשלאָפֿן. ער איז געווען שטאַרק באַשעפֿטיקט ביים שטודירן, גרינטלעך און קריטיש, די געשיכטע פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, וואָס האָט אים באַצויבערט און מיטגעריסן מיט איר העראָאישן דינאַמיזם. מאַרקס האָט געזאַמלט מאַטעריאַלן פֿאַר דער געשיכטע פֿון דעם רעוואָלוציאָנערן קאָנווענט, וועלכע ער איז צוגעטרעטן צו שרייבן. גלייכצייטיק האָט ער זיך גענומען פֿאָרשן די רייכע ליטעראַטור פֿון סאָציאַלע און סאָציאַליסטישע באַוועגונגען אין פֿראַנקרייך.

פֿראַנקרייך איז גראָד דעמאָלט געשטאַנען אויף דער שוועל פֿון אַ נייער רעוואָלוציע. דער קעניג לואי פֿיליפּ, וועמען דאָס זיגרייכע בירגערטום האָט, נאָך דעם אויפֿשטאַנד פֿון יאָר 1830, אַוועקגעזעצט אויפֿן טראָן פֿון די אַראָפּגעוואָרפֿענע בורבאָנען, איז נישט געווען באַליבט ביים פֿאָלק. זיין הערשאַפֿט האָט נישט געגעבן דער פֿראַנצויזישער נאַציע די צוגעזאָגטע נצחונות כלפּי חוץ און די דערוואַרטעטע פֿרייהייטן כלפּי פּנים. מיט אַ שאַרפֿן אָבסערוואַציע־בליק האָט אַרנאָלד רוגע אָפּגעשאַצט די געפֿערלעכע לאַגע אין פֿראַנקרייך ערבֿ דער נייער רעוואָלוציע פֿון יאָר 1848, און האָט געשריבן: „דער תהום צווישן דעם בורזשואַזן מלך און זיין פֿאָלק ווערט כסדר בולט דורך די אָפֿטע אַטענטאַטן קעגן דעם דאָזיקן מושל, וואָס רעגירט לויט דינאַסטישע און אויטאָקראַטישע פּרינציפּן און לאָזט זיך נישט באַגרענעצן אין זיין הערשאַפֿט דורך די דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס, וועלכע ער האָט אַמאָל צו־

געזאָגט צו רעספּעקטירן. ווען איך האָב איינמאָל געזען לואי פיליפ׳ן, ווי ער איז דורכגעפאָרן איבער די שאַנז־עליזיי, באַהאַלטן אין אַ ווינקל פון זיין קאַרעטע, מיט באַוואָפנטע הוזאַרן פון פאָרנט, פון הינטן, פון אַלע זייטן, האָב איך פעסטגעשטעלט אַ דערשטוינטער, אַז די דאָזיקע רייטער מיט אויפגעשטעלטע צו דער גאַס ביקסן, זענען דער בעסטער באַווייז פאַר דעם קאַמף, וועלכן דער דאָזיקער מלך פירט קעגן זיין פאָלק, אַ קאַמף, וואָס נאָך אַלעמען, האָט ער אַ געוויסן לעבערלעכן ביינגעשמאַק. פאַר מיינע אויגן איז דורכגעפאָרן די קעניגלעכע פאַרקערפּערונג פון אַ שלעכטן געוויסן. פראַנקרייך איז דאָס פאָטערלאַנד פון דער רעוואָלוציע. פון דאַנען וועט זיך אָנהויבן די נייע רעוואָלוציע, די אומפאַרמיידלעכע רעוואָלוציע! אומעטום, וווּ עס לעבן רעוואָלוציאָנערן, דערוואַרטן זיי מיט אומגעדולד זייער שעה, וואָס וועט אויסשלאָגן מיטן בונטאַרישן קול פון גאַלישן הון!".

דער אַנטי־דעמאָקראַטישער רעזשים פון לואי פיליפ האָט זיך פאָרמעל געשטיצט אויף אַ רעאַקציאָנערער דעפּוטאַטן־קאַמער, וועלכע איז אויסגעוויילט געוואָרן לויט אַ פּריווילעגירטן וואַל־רעכט. בלויז פאַרמעגלעכע בירגער, וואָס האָבן געצאָלט הויכע שטייערן, זענען געווען וואַל־באַרעכטיקטע. אָבער אפילו אין דער דאָזיקער רעאַקציאָנערער דעפּוטאַטן־קאַמער, איז די רעגירונגס־מערהייט פון גיזאָ, דעם שעף פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי און מיניסטער־פּרעזידענט, באַשטאַנען סך־הכל פון דריי שטימען. די אומצופרידנקייט אין גאַנץ פראַנקרייך איז געווען אַן אַלגעמיינע. בסדר האָבן זיך איבערגעחזר׳ט בלוטיקע אַרבעטער־שטרייקן און פּויערן־אומרוען. אומעטום זענען אין די שטעט און שטעטלעך פאָרגעקומען פּאָליטישע באַנקעטן, וועלכע זענען געוואָרן אַן אויסדרוק פאַר דער וואַקסנדיקער רעוואָלוציאָנערער שטימונג.

אַ טיפער סאָציאַלער אויפברויז האָט לגמרי באַהערשט דאָס פּאָליטישע און גייסטיקע לעבן פון דעמאָלדיקן פראַנקרייך. צו די אַמאָליקע סאָציאַליסטיש־אוטאָפּישע געדאַנקן און רעפאָרמען פון אַ סען־סימאָן און שאַרל פוריער, זענען איצט צוגעקומען נייע אידעאָלאָגיעס און באַוועגונגען מיט אַ ברייטן פּראָלעטאַרישן, ראַדיקאַלן, סאָציאַליסטישן און קאָמוניסטישן פּאַרנעם. זייערע לאָזונגען האָבן אין דער רעאַקציאָנערער, בורזשואַזער סביבה פון לואי פיליפ׳ס מאָנאַרכיע, אויפגעריסן מיט אַ גרעסערן רעוואָלוציאָנערן אימפּעט, ווי די געפערלעכסטע דינאַמיט־באָמבען. דער שלאַכטרוף פון פּרודאָן: „דאָס אייגנטום איז אַ גנבה!", און דער קאַמפּס־פּאַראָל פון לואי בלאַנק וועגן דעם „רעכט אויף אַרבעט", האָבן מאָביליזירט די פאָלקס־מאַסן און אויפגעטרייסלט די עפנטלעכע מיינונג.

אַלע, וואָס זענען אין דעם דעמאָלדיקן פראַנקרייך געווען געבילדעט און פאָרטגעשריטן, מיט אַ געוויסן און מיט אַ האַרץ, האָבן גענומען זוכן, צוזאַמען מיט סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע טעאָרעטיקער און פירער, דעם בעסטן און שנעלסטן וועג צו אַ סאָציאַלער אויסבעסערונג און אַלגעמיינער דערלייזונג. סאָציאַליסטישע שטימונגען קומען צום אויסדרוק אין די לידער פון בעראַנזשער און אין די ראָמאַנען פון עאוזשען סי און זשאָרזש סאַנד. אויסער די שוואַכע סעקטן פון די סען־סימאָניסטן און פוריעריסטן, האָט זיך אָרגאַניזירט אַ גרופּע פון קריסטלעכע סאָציאַליסטן, און ס׳איז אויסגעוואַקסן אַ שטאַרקע דעמאָקראַטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, בראָש פון וועלכער עס זענען געשטאַנען פּראָמינענטע אַרבעטער־פירער ווי לואי בלאַנק און לעדרי־ראָלען.

די דאָזיקע אַלע באַוועגונגען זענען געווען געמעסיקטע און האָבן זיך קאַטעגאָ־ריש אָפּגעגרענעצט פון אַזעלכע „ווילדע רעוואָלוציאָנערן" ווי בלאַנקי און באַרבעס, די אָנפירער פון די פּאַריזער אַרבעטער־אויפשטאַנדן אין יאָר 1830. אָבער וואָס מער די לאַגע אין פראַנקרייך האָט זיך פאַרשאַרפט און ס'האָט זיך דערנענטערט דער שטורם פון יאָר 1848, אַלץ מער איז צאָלמעסיק און פּאָליטיש געוואַקסן די השפּעה פון די עקסטרעם־לינקע סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן רופן קאָמוניסטן, און האָבן פאַרלאַנגט די תיכפדיקע איינפירונג פון דער קאָלעקטיוויסטישער, סאָ־ציאַליסטישער אָרדענונג אין דער ווירטשאַפט און אין דער מלוכה.

היינריך היינע, וועלכער איז נאָענט געשטאַנען צו אַלע סאָציאַליסטישע און רע־וואָלוציאָנערע שטרעבונגען אין פראַנקרייך, האָט געשריבן אין יאָר 1843 פאָלגנדי־קע ווערטער: „די קאָמוניסטן זענען היינט די איינציקע פּאַרטיי אין פראַנקרייך, צו וועלכער מ'דאַרף זיך באַציען מיט דרך ארץ. אייגנטלעך, וואָלט מען זיך געדאַרפט אַזוי באַציען אויך צו די רעשטלעך פון סען־סימאָניסטן, וואָס פאַרשטעלן זיך אונטער פאַרשידענע משונה'דיקע נעמען, און אויך צו די פוריעריסטן, וועלכע זענען נאָך גאַנץ רירעוודיק. אָבער די דאָזיקע חשוב'ע מענטשן לעבן בלויז מיט אַלטע ווערטער און מיט אַלטע באַגריפן, וועלכע זיי האָבן געיריש'נט. עס יאָגט זיי נישט פאָרווערטס די דעמאָנישע נויטווענדיקייט, און זיי זענען טאַקע נישט די אויסדערוויילטע מחנה, וואָס איז פון אַ העכערן, געשיכטלעכן גורל באַשטימט געוואָרן צו פאַרווירקלעכן גיי־גאַנטישע ציל. פריער אָדער שפּעטער וועט די קליינע סען־סימאָניסטישע משפּחה, און אויך דער גאַנצער גענעראַל־שטאַב פון די פוריעריסטן אַריבערגייען צו דער וואַקסנדיקער קאָמוניסטישער אַרמיי".

דער גרויסער דיכטער היינע האָט אין די אויבן־ציטירטע זאַצן, ווי אויך אין אַנדערע פּובליקאַציעס, און בעיקר אין זיינע הערלעכע פּריוואַטע־לידער, אויסגעדריקט דעם דעמאָלדיקן אַלגעמיינעם ענטוזיאַזם מיט זיינע אילוזאָרישע האָפענונגען אויף אַ נאָענטער מענטשהייט־דערלייזונג אין דער פאָרם פון אַ סאָציאַליסטישן מעסיאַ־ניזם. דער משיחישער גלויבן אין דער באַלדיקער גאולה, דער סאָציאַלער, גייסטיקער און עטישער באַפרייאונג פון דער מענטשהייט, האָט דאָ אין פּאַריז, דער „שטאָט פון ליכט און רעוואָלוציע", אין דער סביבה פון ברויזנדיקן פראַנצויזישן טעמפּעראַמענט און פּאָעטישער פאַנטאַזיע, געפונען זיין מעכטיקן פּאַטעטישן אויסדרוק.

## זעקסאונפופציקסטער קאַפּיטל.

## אַ לעקציע פון דייטשער פילאָזאָפיע מיט אַ פראַנצויזישן פּראָלעטאַריער.

די דייטשע עמיגראַנטן־קאָלאָניע אין פּאַריז איז געווען אַ גאַנץ גרויסע. ערב דער רעוואָלוציע פון יאָר 1848, האָט זי געציילט אַנ'ערך הונדערט טויזנט נפשות.

זי איז באַשטאַנען פֿון אַ סך שרייבער און קינסטלער, זשורנאַליסטן און געזעלשאַפֿט־לעכע טוער, אָבער מייסטנס פֿון בעלי־מלאכות. גאַנצע פּאַכן, ווי למשל די שוסטעריי, זענען פּשוט מאַנאָפּאָליזירט געוואָרן דורך די דייטשן. אָפֿט האָבן די דייטשע אַר־בעטער קאָנקורירט מיט די פֿראַנצויזישע און אַרויסגערופֿן שאַרפֿע קאָנפֿליקטן, וואָס זענען אָבער לרוב דערלײדיקט געוואָרן בשלום דורך דער אינטערווענץ פֿון די רעוואָ־לוציאָנערע אַרבעטער־פֿאַרבאַנדן.

זייט די דרייסיקער יאָרן (פֿון 19־טן יאָרהונדערט) האָבן עקזיסטירט אין פּאַ־ריז געהיימע דייטשע אַרבעטער־פֿאַריינען, געגרינדעט פֿון אינטעלעקטואַליסטן, פּאָ־ליטישע עמיגראַנטן, און צונויפֿגעשטעלט בעיקר פֿון בעלי־מלאכות. ווען לודוויק בערנע האָט אַ קורצע צייט פֿאַר זיין טויט, באַזוכט אַ קאָנספּיראַטיווע פֿאַרזאַמלונג פֿון אַזאַ אַרבעטער־פֿאַריין, האָט ער פֿאַר התפּעלות געוויינט מיט פֿריידיקע טרערן. די רעוואָלוציאָנערע אינטעלעקטואַליסטן, וועלכע האָבן זיך אָפֿט געפֿילט פֿאַראיינ־זאַמט און אָפּגעריסן פֿון דער מאַסע, זענען אין די דאָזיקע פֿאַריינען פֿאַרבונדן גע־וואָרן מיטן פֿאָלק, מיט זיינע פֿאַרלאַנגען און צילן. צווישן די געהיימע דייטשע אָר־גאַניזאַציעס און דער רעוואָלוציאָנערער פֿראַנצויזישער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן זיך איינגעשטעלט נאָענטע און ברידערלעכע באַציאונגען, מ'איז צוזאַמען כסדר צונויפֿ־געקומען און מ'האָט געשאַפֿן געמיינזאַמע אַקטיווע קאַמף־גרופּן.

צווישן די דייטשע עמיגראַנטן גופֿא זענען כסדר פֿאָרגעקומען אינערלעכע סכ־סוכים, אידעאָלאָגישע און פּערזענלעכע רייסעניש. די רעוואָלוציאָנערע אינטעלעק־טואַליסטן האָבן געהאַט זייער אייגענעם געהיימען קלוב מיטן נאָמען: „פֿאַרבאַנד פֿון די פֿאַרטריבענע", בעת די בעלי־מלאכות זענען סעפּאַרירט געווען אין זייער באַ־זונדערן „בונד פֿון די גערעכטע". זייער אָנפֿירער איז געווען דער שניידער־געזעל וויל־העלם וויטלינג, אַ טאַלאַנטירטער און אינטעליגענטער פּראָלעטאַריער, מחבר פֿון אַ פּאָר ביכלעך און פּובליקאַציעס, וועלכער האָט שפּעטער פֿאַרלאָזט פּאַריז און איז אַריבער אין די שווייץ. וויטלינג האָט פּיינט געהאַט בתכלית השנאה די אינטעלעק־טואַליסטן. ער האָט זיי פֿאָרגעוואָרפֿן, אַז זייער גאַנצע רעוואָלוציאָנערישקייט איז נישט מער ווי אַ ביליקע פֿראַזעאָלאָגיע, און אַז זייער הומאַניזם שטאַמט נישט פֿון וואָרט „האָמאָ" (מענטש), נאָר פֿון נאָמען „הימען", דעם עלעגאַנטן, צו יענער צייט, מאָדערנעם מענער־שניידער אין פּאַריז. „אַ רעוואָלוציאָנערער הומאַניסט מוז זיך קליידן ביים שניידער הימען!" פֿלעגט וויטלינג אָפֿט שפּאָטן.

אָבער סיי ביי די אינטעלעקטואַליסטן און סיי ביי די בעלי־מלאכות, איז גרויס געווען די גייסטיקע השפּעה פֿון באַרימטן ייִדיש־דייטשן דיכטער היינריך היינע, וועמענס פּריוויהייטס־לידער מ'האָט דעקלאַמירט אויף די פֿאַרזאַמלונגען פֿון די „פֿאַר־טריבענע" און פֿון די „גערעכטע". היינע, וועלכער האָט, לויט זיינע אייגענע ווער־טער, „געזונגען דאָס לעצטע פֿרייע וואַלד־ליד פֿון דער ראָמאַנטיק", איז געווען דער אָנערקענטער און באַוווּנדערטער פּאָעט פֿון „יונג־דייטשלאַנד". אין פּאַריז האָט דע־מאָלט געלעבט נאָך אַן אַנדערער, שוין דערמאָנטער, דייטשער רעוואָלוציאָנערער דיכ־טער געאָרג הערוועג, אָבער היינע'ס אויטאָריטעט איז געווען אַן אַלגעמיין־אָנגענו־מענער, בפרט נאָכן טויט פֿון לודוויק בערנע, מיט וועלכן היינע האָט, כידוע, געפֿירט אַ לאַנגיעריקן פֿאַרביטערטן קאַמף, וואָס איז אָבער געווען נישט־באַזונדערס איידל און שוין בכלל נישט קיין מחלוקת לשם שמים.

קאַרל מאַרקס האָט זיך באַלד באַקענט מיט די פירנדיקע פּערזענלעכקייטן פון דער דייטשער עמיגראַציע אין פּאַריז. גאַר נאָענט און האַרציק איז געוואָרן זיין פריינטשאַפט מיט היינריך היינע, וועמענס געניאַלע דיכטער־קונסט ער האָט באַוווּנדערט זייט זיינע ייִנגסטע יאָרן. מאַרקס אַליין האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ מין „דורכגעפאַלענעם פּאָעט". אפשר טאַקע צוליב דעם, איז ער געבליבן כל ימיו ענג פאַרבונדן מיט דער דיכטערישער וועלט און איר „נישט־געקרוינטן מלך" היינריך היינע. אָן ספק, איז דער גייסטיקער און אינטעלעקטועלער איינפלוס פון מאַרקס'ן אויף היינע'ן געווען אַ שטאַרקער, הגם מ'מוז נישט דווקא מסכים זיין מיט דער מיינונג פון מאַרקס'נס ביאָגראַף מעהרינג, אַז דער שעפערישער הויכפּונקט פון היינע'ס דיכטונג (אין יאָר 1844) איז געווען, אין דער גרעסטער מאָס, צו פאַרדאַנקען מאַרקס'ן.

זיכער איז די ראַדיקאַל־פּאָליטישע און סאָציאַלע טענדענץ פון היינע'ס „ווינטער־מעשה'לע", פון דעם „וועבער־ליד" און פון אַנדערע לירישע און סאַטירישע שאַפונגען, וואָס האָבן פאַרהערלעכט דעם פרייהייטס־קאַמף קעגן די דייטשע דעספּאָטן, שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון די שטימונגען, וועלכע היינע האָט אין זיך איינגעזאַפּט בעת זיינע אָפטע באַזוכן אין מאַרקס'נס פּאַריזער שטוב און סביבה. מאַרקס, וועלכער איז בכלל געווען גענוג שאַרף און טיילמאָל אפילו ברוטאַל אין זיינע באַציאונגען מיט פּאָליטיקער און שריפטשטעלער, האָט זיך צו היינע'ן באַצויגן מיט אַזאַ דעליקאַטער, פיין־פילנדיקער גוטסקייט, וואָס קאָן זיך בלויז טרעפן אין אַ ראָמאַנטישער ליבע. ס'איז באַקאַנט מאַרקס'נס מיינונג, אַז די דיכטער זענען אַ באַזונדערע סאָרט מענטשן, מיט אַן אייגענער ספּעציפישער אינדיווידואַליטעט און עמפּפינדלעכקייט און מ'טאָר זיי נישט באַהאַנדלען ווי פשוט'ע בשר ודמ'ס. אויב מ'וויל, אַז זיי זאָלן זיין גוטע פּאָעטן, מוז מען זייער דיכטונג שאַנעווען, מ'טאָר זי נישט צופיל קריטיקירן, גראָד להיפך, מ'מוז זי שטאַרק לויבן. טאַקע צוליב דעם, האָט זיך מאַרקס פולשטענדיק, בלב ונפש, געשטעלט אויף דער זייט פון היינע'ן אין זיין פאַרביסענעם קאָנפליקט מיט לודוויק בערנע'ן, וואָס האָט געדויערט אפילו נאָך בערנע'ס טויט. גייסטיק האָט מאַרקס'ן מיט היינע'ן פאַרבונדן די נייע דייטשע פילאָזאָפיע און די בונטאַרישקייט פון פראַנצויזישן סאָציאַליזם. ביידע האָבן זיי טיף און ריקזיכטסלאָז פאַראַכטעט און געהאַסט די דייטש־קריסטלעכע טעמפּקייט און אָפּגעשטאַנענקייט, די פּרייסיש־יונקערישע פאַריסנקייט און די אָנגעבלאָזענע, טעאָוטאָנישע פּראַזעאָלאָגיע. זיכער זענען היינע און מאַרקס, הגם אומבאַוווּסט פאַר זיי ביידע, געווען צוגעבונדן צו זיך אויך צוליב די אַטאַוויסטיש־ייִדישע טראַדיציעס, וואָס האָבן זיך אויסגעווירקט אין זייערע אומרואיקע אינערלעך־צעריסענע נשמות און זיי אַזוי אַרום אינטים דערנענטערט אין דער גרויסער פּאַריזער פרעמדקייט.

קאַרל מאַרקס האָט זיך אין פּאַריז באַפריינדעט מיט אַ ריי אויסלענדישע רעוואָלוציאָנערן, און קודם־כל מיט דעם פירשט מיכאַל באַקונין, מיט וועלכן עס וועט אים בקרוב פאַרבינדן אַ לאַנגיעריקע מיטאַרבעט. דורך באַקונינ'ען האָט זיך מאַרקס באַקענט מיט דער פּראָמינענטער פראַנצויזישער שריפטשטעלערין זשאָרזש סאַנד און מיט אַ סך פראַנצויזישע און פּוילישע רעוואָלוציאָנערן. דעם שטאַרקסטן איינדרוק האָט אויף מאַרקס'ן געמאַכט פּיער דזשאָזעף פּרודאָן. דער דאָזיקער טעמפּעראַמענט־פולער פראַנצויזישער פּראָלעטאַריער, אַ זעצער פון באַרוף, האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט זיין שריפט: „וואָס איז דאָס אייגנטום?", אין וועלכן ער דער־

קלערט, אַז דאָס פּריוואַט־אייגנטום איז די סבה פון אַלדאָס בייזעס. און אייגנטלעך איז עס נישט מער ווי אַ גנבה ביים כּלל, ביי דער געזעלשאַפט. פּרודאָן, אַ לײַדנשאַפט־לעכער, פּאַטעטישער רעוואָלוציאָנער, האָט געשריבן ממש מיט בלוט און גערעדט מיט פײַער. מאַרקס האָט אין פּרודאָנ׳ען געזען דעם אמת׳ן, אויפריכטיקן און באַגייס־טערטן טיפּ פון אַ פראַנצויזישן אַרבעטער־רעוואָלוציאָנער, וועלכער פאַרקערפּערט אין זיך די אידעלע, מענטשהייט־דערלייזערישע טראַדיציעס פון דער גרויסער רע־וואָלוציע. ער האָט אים געוואָלט דורכאויס געווינען פאַר די ראַדיקאַלע, סאָציאַליס־טישע אידייען, וואָס זענען געוואָרן דער אני־מאמין פון מאַרקס׳ן און זיין קרייז. אָבער פּרודאָן איז נישט געווען פון די מענטשן, וואָס לאָזן זיך לײַכט איבערצייגן. ער איז געווען אַן אָריגינעלער דענקער און דערפינדער, און דערצו אַן עקסטרעמער אינדיווידואַליסט. אין זיינע שריפטן האָט ער שאַרף באַקעמפט דעם קאָמוניזם, די קאָלעקטיוויסטישע אָרדענונג, וועלכע איז אים געווען פרעמד, אַזוי ווי ס׳איז אים אויך געווען פאַרהאַסט דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם פון מעכאַנישער מאַסנהאַפטער פּראָדוקציע. פּרודאָן האָט פּראָפּאַגירט אַן אייגענעם, גאָר־אָריגינעלן מיטל־וועג צווישן קאַפּיטאַליזם און קאָמוניזם.

אָבער קאַרל מאַרקס, דער פילאָזאָף און סאָציאַליסט, איז אויך געווען טיף איבער־צייגט, אַז ער אַליין האָט געפונען דעם איינציקן אויסוועג פון דעם דעמאָלדיקן פּאָלי־טישן און גייסטיקן כאַאָס. דער אויסוועג איז באַשטאַנען, לויט זיין מיינונג, אין דעם, אַז מ׳דאַרף פאַרבינדן די פילאָזאָפיע מיט דעם פּראָלעטאַריאַט, און דאָס וועט ברענגען די לאַנג־דערוואַרטעטע און אויסגעחלום׳טע דערלייזונג פאַר דער מענטשהייט. דער אַרבעטער פּרודאָן האָט געזאָלט ווערן די פאַרקערפּערונג פון דעם דאָזיקן זיווּג צווישן פּראָלעטאַריאַט און פילאָזאָפיע. גאַנצע טעג און נעכט איז קאַרל מאַרקס אָפּ־געזעסן אין געזעלשאַפט פון פּרודאָנ׳ען, סיי אין זיין פּריוואַט־דירה און סיי אין דייטשן אַרבעטער־קלוב, און האָט זיך באַמיט, מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג און מיט די שטאַרקסטע אַרגומענטן, צו איבערצייגן פּרודאָנ׳ען. ער האָט געגעבן דעם דאָזיקן פראַנצויזישן פּראָלעטאַריער־רעוואָלוציאָנער אַ לעקציע וועגן העגעל׳ס פילאָ־זאָפיע. מאַרקס האָט גערעדט מיט אַ דידאַקטישן, קאַטעגאָרישן טאָן:

„איר דאַרפט, מיין ליבער פּרודאָן, פאַרשטיין, אַז העגעל׳ס דיאַלעקטיק איז דער יסוד, דער א״ב פון דער רעוואָלוציע. אָן העגעל׳ס דיאַלעקטיק זענען מיר פאַרלוירן אין דעם היינטיקן אידעאָלאָגישן כאַאָס. ווי לאַנג איר נעגירט די העגעלישע דיאַלעק־טיק, קאָנט איר נישט תופס זיין דעם גאַנג פון דער געשיכטע און אונזער איצטיקן קאַמף פאַר אַ נייער וועלט־אָרדענונג!״.

אַרנאָלד רוגע, וועלכער איז צופעליק געווען אין מאַרקס׳נס צימער, בעת דער דיסקוסיע מיט פּרודאָנ׳ען, האָט זיך באַמיט צו העלפן זיין „שותף״ מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„מעסיע פּרודאָן! דאָס אומגליק פון די פראַנצויזן, באַשטייט אין דעם, וואָס זיי ווילן נישט קענען און פאַרשטיין די דייטשע פילאָזאָפיע. ס׳איז דאָך קלאָר, אַז אין דעם היינטיקן תוהו ובוהו, אין וועלכן די פראַנצויזן בלאָנדזשן אָן אַ וועג און אָן אַ ציל, איז די העגעל׳שע פילאָזאָפיע דער איינציקער קאָמפּאַס, וועלכער איז ביכולת אַרויסצופירן די פראַנצויזישע געזעלשאַפט פון איר שטורמישן און געפערלעכן כאַ־אָס!״.

פּרודאָן האָט זיך מיט אַ בולט'ער אומגעדולד צוגעהערט צו די דאַזיקע אויס־פירונגען. לסוף איז ער אויפגעשפּרונגען און גענומען לעבעדיק געסטיקולירן און רעדן בקול רם:

„חשוב'ער דאָקטאָר קאַרל מאַרקס! איר זייט אַ געלערנטער, שטודירטער מענטש. איך בין לגבי אייך אַ פּראָסטאַק, אַ פּשוט'ער פּראָלעטאַריער. אָבער איך בין עלטער פאַר אייך מיט קנאַפּע צען יאָר און האָב מער לעבנס־דערפאַרונג ווי איר. אייער חכמה איז אַ פּאַפּירענע, אַן אַבסטראַקטע, דערוואָרבן במשך פון אַ סך יאָרן מיט בלויזער קאָפּ־אַרבעט, און אַנטשולדיקט, מיט זיצן אין די ביבליאָטעקן. מ'האָט מיר דערציילט, אַז איר שטאַמט פון רייכע עלטערן און פון רבנים. קוקט מיך אָן, מאַרקס, זעט מיינע אויסגעהאָרעוועטע, מאָזאָלנע הענט! פון מיינע יינגסטע יאָרן אָן, שטיי איך ביי מיין טאָג־טעגלעכער שווערער אַרבעט. איך קען דאָס לעבן נישט פון ביי־כער, נאָר פון דער אמת'ער ווירקלעכקייט. וואָס ווייסט איר, דאָקטאָר מאַרקס, פון פּאַקטישן לעבן? איר קוקט אויף אַלץ דורך אייערע פילאָזאָפישע טעאָריעס און דורך אייער, אַנטשולדיקט, תלמודישער פּלפּוליסטיק...".

מאַרקס האָט שאַרף איבערגעריסן פּרודאָנ'ען:

„איר רעדט, פּרודאָן, נאַרישקייטן! איר אַרגומענטירט נישט, נאָר אַטאַקירט פּערזענלעך. דאָס איז אַ העסלעכער און פּרימיטיווער מעטאָד ביים פּאָלעמיזירן!".

פּרודאָן איז געוואָרן רויט פאַר כעס און האָט געענטפערט מיט אַן אויפגערעגטער שטימע:

„דאָקטאָר מאַרקס! איך בין ביי אייך דאָ אין שטוב אַ גאַסט און איר באַליי־דיקט מיך! איך גיי באַלד אַוועק, אָבער איך וויל אייך צום סוף נאָך זאָגן פּאָלגנ־דיקע ווערטער: אַ פראַנצויזישער פּראָלעטאַריער און רעוואָלוציאָנער וועט עס קיינ־מאָל נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס און צוליב וואָס ער דאַרף זיך לערנען ביי העגעל'ן, ביי דעם דאָזיקן עכט־דייטשן פּראָפעסאָר און רעאַקציאָנערן לאַקיי פון פּרייסישן דעס־פּאָטיזם. מיר, פראַנצויזישע אַרבעטער, האָבן וואָס צו לערנען ביי אונזערע ענציקלאָ־פּעדיסטן, ביי אַ וואָלטער און אַ רוסאָ, ביי אַלע גייסטיקע פירער פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. צו וואָס טויג אונז די העגעלישע פילאָזאָפיע מיט אירע דיאַלעקטישע עוואָלוציעס און „אַבסאָלוטע אידייען"? איר, מאַרקס, ווערט נתפּעל פון דער דאָזיקער פילאָזאָפיע, און איך זע אין איר אַ נייע, מאָדערנע סכאָלאַסטיק, וואָס וויל מיט גלענצנדיקע פראַזן באַפּוצן דעם פאַרפוילטן, שטינקנדיקן פּגר פון דער דייטשער טעמפּקייט און פּרייסישער שקלאַפעריי!".

נאָך דעם דאָזיקן שטורמישן געשפּרעך, האָט מאַרקס פולשטענדיק אויפגעגעבן יעדן ווייטערדיקן פּרווו צו איבערצייגן פּרודאָנ'ען. פאַר זיינע פריינט האָט מאַרקס דערקלערט: „פּרודאָן איז צו ווייניק געבילדעט און באַהערשט נישט די דייטשע שפּראַך. ער איז נישט אימשטאַנד צו פאַרשטיין די העגעלישע פילאָזאָפיע!".

ווען מ'האָט ווידער פּרודאָנ'ען געפרעגט אין זיין באַקאַנטן־קרייז, פאַרוואָס ער טרעפט זיך נישט מער מיט מאַרקס'ן אויף די באַרימט־געוואָרענע דיסקוסיעס, האָט פּרודאָן געהויבן די פּלייצעס און געזאָגט:

„לאָזט מיך צורו! העגעל — אַ דייטשער פילאָזאָף, מאַרקס — אַ יידישער תל־מודיסט, און איך — אַ פראַנצויזישער פּראָלעטאַריער, מיר פּאַסן נישט צוזאַמען. מיר זענען נישט קיין גלייכע חברותא!".

# זיבנאונפופציקער קאַפּיטל.

## „די דייטש־פראַנצויזישע יאָרביכער".

די ווערטער פון פּרודאָן האָבן עדות געזאָגט וועגן זיינע אַנטיסעמיטישע געפילן. דאָס איז נישט געווען קיין צופאַל און קיין אויסנאַמספאַל. אין די רייען פון די פראַנצויזישע אַרבעטער, אפילו ביי סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן, האָט מען אָפט געהערט אַזעלכע רייד. אין דער דעמאָלדיקער פראַנצויזישער אַרבעטער־באַוועגונג איז דער אַנטיסעמיטיזם געווען גאַנץ שטאַרק פאַרשפּרייט. די ראָטשילד'ס און די אַנדערע יידישע מיליאָנערן זענען אין די אויגן פון אַ סך פּראָלעטאַריער געוואָרן „די פאַרקערפּערונג פון קאַפּיטאַליסטישער גנבה און גזלה, פון שווינדל און עקספּלאָאַטאַציע". פּרודאָן האָט זיך אפילו געשעמט מיט זיין אַנטיסעמיטיזם און האָט אַמאָל אין אַ געשפּרעך מיט משה העס'ן זיך פאַרטיידיקט און ציטירט דאָס, וואָס ער, פּרודאָן, האָט געשריבן וועגן שבת: „קיין שום זאַך, וואָס זאָל זיין ענלעך צום יידישן שבת, איז נישט אויסגעקלערט און נישט איינגעפירט געוואָרן צווישן מענטשן, זייט דער צייט פון דעם געזעץ־געבער פון סיני ביז צום היינטיקן טאָג".

מאַרקס האָט דעם פאָרוואורף וועגן זיין יידישער דאָגמאַטישקייט אָפט געהערט, אפילו פון מענטשן, וואָס זענען צו אים אַ געוויסע צייט געשטאַנען זייער נאָענט. אַזוי האָט למשל באַקונין געשריבן וועגן דעם קעגנזאַץ צווישן מאַרקס'ן און פּרודאָנ'ען: „אַ סך בעסער ווי מאַרקס, האָט פּרודאָן פאַרשטאַנען און געפילט די באַדייטונג פון פרייהייט. הגם פּרודאָן איז נישט געווען קיין גרויסער קענער פון דאָקטרינען און מעטאַפיזישע ענינים, האָט ער אָבער פאַרמאָגט דעם אמת'ן רעוואָלוציאָנערן אינסטינקט. ס'איז זייער מעגלעך, אַז מאַרקס איז ביכולת טעאָרעטיש צו דערהויבן זיך צו אַ סיסטעם פון פרייהייט, וואָס איז מער לאָגיש, ווי ביי פּרודאָנ'ען, אָבער עס פעלט מאַרקס'ן דער אינסטינקט פון פּרודאָן. אַלס אַ דייטש און אַלס אַ ייד איז מאַרקס פון קאָפּ־ביז־צו־פיס אַרביטראַל איינגעקשנט!".

סוף פעברואַר 1844 איז דערשינען דער ערשטער העפט פון „די דייטש־פראַנצויזישע יאָרביכער". דאָס איז געווען אַ דאָפּלטער נומער. לויט ווי די רעדאַקציע האָט אַנאָנסירט, האָבן די „יאָרביכער" געדאַרפט דערשיינען אין מאָנאַטלעכע אויסגאַבן. אָבער דער ערשטער נומער איז גלייכצייטיק געווען דער לעצטער. אַרנאָלד רוגע איז זיך באַלד, סיי פערזענלעך און סיי אידעאָלאָגיש, צעגאַנגען מיט זיין מיטרעדאַקטאָר קאַרל מאַרקס. נישט אין אַ גליקלעכער שעה איז אַרויס פון דרוק דער ערשטער און לעצטער העפט פון „די דייטש־פראַנצויזישע יאָרביכער". רוגע איז נישט געווען זייער צופרידן מיט דעם אינהאַלט פון די „יאָרביכער", ער האָט זיך אַנטשולדיקט מיט זיין קראַנקייט און האָט געהאַט טענות צו מאַרקס'ן. די „יאָרביכער" האָבן זיך גערופן „פראַנצויזישע", אָבער צווישן די מיטאַרבעטער איז נישט געווען קיין איינציקער פראַנצויז. פּרודאָן, דער באַרימטער סאָציאַליסטישער פירער לואי בלאַנק, דער שריפטשטעלער און פּאָליטיקער לאַמאַרטין און אַנדערע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שרייבן פאַר די „יאָרביכער". אויך די ליסטע פון די דייטשע מיטאַרבעטער איז נישט געווען קיין באַזונדערס גרויסע. אויסער די רעדאַקטאָרן מאַרקס און רוגע, האָבן אין

דעם העפט געדרוקט זייערע שאַפונגען די דיכטער היינע און הערוועג, אויסערדעם משה העס און דער דייטשער פּאָליטיקער, אגב אַ ייִד, יאָהאַן יאַקאָבי. פון די ייִנגערע שריפטשטעלער האָט זיך באַטייליקט פרידריך ענגעלס.

בראש פון העפט איז געדרוקט געוואָרן אַ בריוו־אויסטויש צווישן מאַרקס'ן, רוגע, פייערבאַך און באַקונין. רוגע שרייבט אין זיין בריוו וועגן דער גייסטיקער באַשרענקטהייט און נידעריקער הכנעה'דיקייט פון די דייטשע „פּיליסטער", וואָס קאָן ממש ברענגען צו אַ פאַרצווייפלונג. מאַרקס ענטפערט דערויף, אַז רוגע'ס ווערטער פּאַסן זיך אַריין אין אַן עלעגיע אָדער אין אַ טרויער־מאַרש, אָבער בשום אופן נישט אין אַ פּאָליטישן פּראָגראַם. אויב די וועלט איז אין די הענט פון די פּיליסטער'ס, מוז מען די דאָזיקע וועלט ביז צום יסוד אויספאָרשן און לגמרי זי באַהערשן. מ'דאַרף נישט מורא האָבן פאַר די פּיליסטער'ס. זיי זענען טאַקע די הערן פון דער היינטיקער וועלט, וועלכע זיי פילן אויס מיט זיך, אָבער אין דער אמת'ן זענען זיי נישט מער ווי ווערם, וואָס ראַיען זיך אין אַ פּגר. דער היינטיקער רעזשים, וועלכער שטיצט זיך אויף די פּיליסטער'ס, איז אינגאַנצן קאָרומפּירט און פאַרפוילט, ער קאָן לאַנג קיין קיום נישט האָבן. די אויפגאַבע פון אַ קעמפער באַשטייט אין דעם, צו ווייזן דעם וועג צו אַ נייער וועלט, וואָס וועט אָפּשאַפן די גייסטיקע שקלאַפעריי און יעדע עקספּלאָאַטאַציע פונעם מענטש דורכן מענטש.

באַקונין און פייערבאַך האָבן אין זייערע בריוו אַרויסגעזאָגט, ווי רוגע, פאַרשידענע ספקות און קריטישע מיינונגען בנוגע דעם פּראָגראַם, וועלכן מאַרקס איז אויסן געווען פעסטצושטעלן פאַר דער רעדאַקציע פון די „דייטש־פראַנצויזישע יאַרביכער". אין זיין רעפּליק, וואָס שליסט דעם אינטערעסאַנטן בריוו־אויסטויש, דערקלערט מאַרקס, אַז ער וויל נישט זיין קיין דאָגמאַטיקער, וועלכער באַזיצט אין זיין שופלאָד פאַרטיקע תשובות אויף אַלע פּראָבלעמען. להיפּך, גראָד מיט דעם מעטאָד פון קריטיק און דיסקוסיע וועט מען געפינען דעם בעסטן און שנעלסטן וועג צו דער אַלגעמיין־מענטשלעכער דערלייזונג.

מאַרקס האָט אין די „דייטש־פראַנצויזישע יאַרביכער" פאַרעפנטלעכט זיינע צוויי אַרבעטן, וועלכע ער האָט צוגעגרייט נאָך אין קרייצנאַך. די ערשטע אַרבעט איז נוגע דעם אַריינפיר צו דער קריטיק פון העגעל'ס רעכטס־פילאָזאָפיע, און די צווייטע איז געווען אַן ענטפער אויף דער פּובליקאַציע, וועלכע ברונאָ בויער האָט געשריבן וועגן דער יידן־פראַגע.

„דער אַריינפיר צו העגעל'ס רעכטס־פילאָזאָפיע" איז געווען אַ טעאָרעטישער אַרטיקל וועגן די אויפגאַבן און פּערספּעקטיוון פון דער נייער פילאָזאָפיע. עס האָט זיך אין אים שטאַרק אויסגעדריקט די השפעה פון פייערבאַכ'ן. מאַרקס האָט אויף דעם פאָלגנדיקן אופן אָנגעצייכנט די אויפגאַבן פון דער נייער פילאָזאָפיע: זי דאַרף אָנהויבן אַ ריקזיכטסלאָזן קאַמף קעגן דער רעליגיע. פון דעם מוז די קריטיק איבערגיין פונם הימל צו דער קריטיק פון דער ערד, דאָס הייסט, פון דער מענטשלעכער ווירקלעכקייט. די פילאָזאָפיע וועט אויף דעם וועג ווערן די קריטיק פון עקזיסטירנדיקן מלוכה־געזעץ, פון עקאָנאָמיק און פּאָליטיק. די דאָזיקע קריטיק מוז קומען צום באַשלוס, אַז די היינטיקע אָרדענונג, מיט אירע הערשנדיקע קלאַסן, מיט אירע לעבנסבאַדינגונגען און געזעצן, איז דורכאויס פאַרפוילט און צום טויט פאַראורטיילט, און אַז די פילאָזאָפיע פאַרמאָגט בלויז איין איינציקן פּאָזיטיוון אויסוועג: צו פאַרייניקן

זיך מיט דעם פּראָלעטאַריאַט אין זיין קאַמף. אַזוי אַרום וועט זיך שאַפן דער בונד צווישן דער פילאָזאָפישער קריטיק און דעם אַרבעטער־קלאַס. די פילאָזאָפיע וועט גע־פינען אין פּראָלעטאַריאַט זיין מאַטעריעלן כח, און דער פּראָלעטאַריאַט וועט אין דער פילאָזאָפיע געפינען זיין גייסטיקן כלי־זין. די פילאָזאָפיע קאָן נישט זיגן אָן דעם פּראָלעטאַריאַט, אַזוי ווי דער פּראָלעטאַריאַט קאָן נישט מנצח זיין אָן דער פילאָזאָפיע!

מאַרקס'נס פילאָזאָפיש־פּראָלעטאַרישער אני־מאמין איז אויפגענומען געוואָרן מיט הסכמה דורך אַ טייל ראַדיקאַלע און קאָמוניסטישע שרייבער און טוער. רוגע דאַקעגן האָט געהאַלטן, אַז ביי זיין גאַנצן קריטישן טאַלאַנט און דיאַלעקטישער שאַרפקייט, איז מאַרקס'נס אַרטיקל צו־פאָרמאַליסטיש געשריבן, און אַז זיין עפּיגראַ־מישער סטיל איז צו קינסטלעך. אַנדערע זענען אין דער קריטיק פון מאַרקס'נס אַר־בעט געגאַנגען נאָך ווייטער. זיי האָבן פאָרגעוואָרפן, אַז מאַרקס'נס שפּראַך איז צו שטאַרק באַפּוצט מיט פראַזן, אָפט אפילו מיט געשמאַקלאָזע אויסדרוקן.

פון די אַרטיקלען, וואָס זענען געדרוקט געווען אין די „דייטש־פראַנצויזישע יאָרביכער" איז מאַרקס'ן שטאַרק געפעלן געוואָרן פרידריך ענגעלס'ס „סקיץ צו אַ קרי־טיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע". ענגעלס האָט געלעבט זייט אַ יאָר אין מאַנ־טשעסטער. הגם סך הכל 24 יאָר אַלט, איז ער שוין געווען אַ גוטער און טיפער אָב־סערוואַטאָר פון דעם ענגלישן לעבן. אין זיין אַרטיקל האָט ענגעלס געשילדערט די שנעלע אַנטוויקלונג פון דעם ענגלישן קאַפּיטאַליזם, און זיין ריזיקן, כסדר־וואַקסנ־דיקן פּראָדוקציע־פּראָצעס. אָבער צוזאַמען מיט דער מעכטיקער קאַפּיטאַליסטישער אַנטוויקלונג איז אויך געוואַקסן די נויט פון די אַרבעטער, די אומברחמנות'דיקע עקס־פּלאָאַטאַציע פון מענער, פרויען און קינדער. ענגעלס אַנאַליזירט די דערשיינונגען פון די פּראָדוקציע־ און האַנדל־קריזיסן, די געזעצן וועגן אַרבעטס־לוין, די נייע וויסנ־שאַפטלעכע און טעכנישע דערפינדונגען און אַז. וו. ער טרעט אויף שאַרף קעגן די אין ענגלאַנד הערשנדיקע קלאַסן פון אַריסטאָקראַטיע און בורזשואַזיע, וועלכע זע־נען, לויט זיין מיינונג, מאָראַליש פאַרדאָרבן און גייסטיק אויסגעליידיקט פון יעדן טיפן אינהאַלט. לסוף רעזומירט ענגעלס זיינע אויספירונגען מיט פאָלגנדיקע ווער־טער: „נאָר יענער אומבאַקאַנטער אויף דעם אייראָפּעאישן קאָנטינענט, טייל פון ענג־לישן פאָלק, די אַרבעטער, די עלנדיקע פּאַריאַסן פון ענגלאַנד, זענען באמת ווערט, אַז מ'זאָל זיך צו זיי באַציען מיט דרך ארץ, הגם זיי זענען נישט־געבילדעט און אפילו דעמאָראַליזירט. נאָר פון זיי קען קומען די רעטונג פאַר ענגלאַנד, נאָר זיי זענען פעאיק צו אַ פּראָגרעס. בלויז זיי פאַרמאָגן נאָך אין זיך דעם כח, וואָס קען מאָביליזירן די גרויסע נאַציאָנאַלע מעשים, און נאָר זיי האָבן פאַר זיך אַ צוקונפט!".

מאַרקס'נס עפנטלעך־אויסגעדריקטע מיינונג איז געווען, אַז ענגעלס האָט אויפ־געשריבן אַ „געניאַלן סקיץ". מאַרקס האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דעם נאָ־ענסטן פּערזענלעכן צונויפטרעף מיט ענגעלס'ן. דאָס איז באַלד פאָרגעקומען אין פּאַ־ריז. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן צווישן מאַרקס'ן און ענגעלס'ן אַ פריינטשאַפט, אַן אויסערגעוויינלעכע מיט איר ערלעכקייט און טריישאַפט. זי האָט אויסגעהאַלטן אַלע שווערע צייטן און נסיונות און איז פעסט געבליבן ביז זייערע לעצטע לעבנס־טעג.

קאַרל מאַרקס איז אין זיינע פּערזענלעכע באַציאונגען נישט געווען פון די לייכ־טע מענטשן. ער איז אָפט געווען ריקזיכטסלאָז און שאַרף, קעמפעריש געשטימט און האַרט. בנוגע די גייסטיקע־פּאָליטישע און וויסנשאַפטלעכע פּרינציפּן האָט ער נישט

געוואָלט נאָכגעבן בקוצו של יוד. אין דער יוגנט, האָט אים זיין פאָטער, היינריך מאַרקס, געמאַכט ביטערע פאָרווורפן, אַז ער באַציט זיך צו אַנדערע מענטשן מיט ווייניק געפיל און הארץ. משה העס האָט קאַרל מאַרקס׳ן פאַראיבל געהאַט זיין טרור־קענע דאָגמאַטישקייט און זיין פאַרביסענע עקשנות. ער האָט אים אַמאָל האַלב־וויציק, האַלב־ערנסט אָנגערופן אַ „רבנישן קנאי". מיט אַ סך מענטשן האָט זיך מאַרקס במשך זיין שטורמישן לעבן באַפריינדעט און געחבר׳ט, אָבער סוף־כל־סוף איז ער זיך כמעט מיט אַלע צעגאַנגען און ברוגז געוואָרן. דאָס איז אויך באַלד פאָרגעקומען מיט אַרנאָלד רוגע׳ן, זיין אינטימען פריינט און שותף צו דער רעדאַקציע פון די „דייטש־פראַנצויזישע יאָרביכער".

# אַכטאונפופציקסטער קאַפּיטל.

## „צו דער יידן־פראַגע".

דער אַרטיקל פון קאַרל מאַרקס׳ן „צו דער יידן־פראַגע", וועלכער איז געדרוקט געוואָרן אין די „דייטש־פראַנצויזישע יאָרביכער" (פעברואַר 1844) האָט אייגנטלעך געדאַרפט זיין בלויז אַ מין רעצענזיע אויף די צוויי אָפּהאַנדלונגען פון דעם געוועזענעם פריינט ברונאָ בויער וועגן יידן און יידנטום. אַזוי, ווי מאַרקס האָט מער אין זיין לעבן נישט געשריבן וועגן זיין באַציאונג צום יידנטום, ווערט דער אַרטיקל „צו דער יידן־פראַגע" באַטראַכט אַלס מאַרקס׳נס וועלט־אַנשויאונג מכח דעם פאָלק און דער רעליגיע, פון וועלכע ער האָט געשטאַמט.

צו יענער צייט, האָבן די דייטשע יידן געקעמפט פאַר זייער גלייכבאַרעכטיקונג, פאַר דער מענטשלעכער און בירגערלעכער עמאַנציפּאַציע. וועגן דעם דאָזיקן קאַמף האָט מען אַ סך געשריבן אין דער דייטשער פּרעסע און אין ביכער־פּובליקאַציעס, און נאָך מער גערעדט און דעבאַטירט אין דער עפנטלעכקייט. עס זענען געקומען צום אויסדרוק פּראָ־ און אַנטי־יידישע שטימונגען, אַרגומענטן פאַר און קעגן דער יידישער גלייכבאַרעכטיקונג.

ברונאָ בויער, איינער פון די פירנדיקע יונג־דייטשע, ראַדיקאַלע און אַטעאיסטישע דענקער און שריפטשטעלער, האָט אין יאָר 1843 געשריבן און געדרוקט צוויי פּובליקאַציעס וועגן דעם יידישן קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטיקונג, און זיינע מיינונגען האָבן זיכער אויסגעדריקט די איבערצייגונג פון אַ גרויסן טייל אין יונג־העגעליאַנישן, פאָרטשריטלעך־דייטשן לאַגער.

וואָס פאַרא גלייכבאַרעכטיקונג פאַרלאַנגען די יידן? פרעגט ברונאָ בויער אין זיינע שריפטן. אפשר די רעליגיעזע? די היינטיקע מלוכה איז אַ קריסטלעכע, ווי קאָן זי גלייכשטעלן איר רעליגיע מיט דער יידישער. בויער האַלט, אַז צווישן דעם ייד און דעם קריסט זענען פאַראַן טיפע קעגנזאַצן. די יידן פאַרלאַנגען, אַז די קריסטן זאָלן זיך באַפרייען פון זייערע פאָראורטיילן לגבי די יידן. אָבער זיי אַליין, די יידן, ווילן נישט אויפגעבן זייערע פאָראורטיילן קעגן דעם קריסטנטום. די איינציקע לייזונג פון דער יידן־פראַגע איז מעגלעך, נאָר דעמאָלט, ווען סיי די קריסטלעכע און סיי די יידי־

שע רעליגיע וועלן אָפּגעשאַפט ווערן און די מלוכה וועט זיין אַ נישט־רעליגיעזע. פאַר דעם דאָזיקן ציל, דאַרפן צוזאַמען קעמפן סיי די יידן און סיי די קריסטן. אָבער די דאָזיקע אחדות ווערט געשטערט דורך דעם רעליגיעזן סעפּאַראַטיזם פון די יידן. ברונאָ בויער פאַרלאַנגט פון די יידן, אַז זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון זייער רעליגיע, ווערן קריסטן (ווייל דאָס קריסטנטום איז, לויט זיין מיינונג, אַ העכערע מדרגה פון דער מענטש־לעכער אַנטוויקלונג) און צוזאַמען קעמפן פאַר אַ פרייער אַטעאיס־טישער מלוכה. פּראַקטיש האָט עס געהייסן, אַז ברונאָ בויער איז פאַר דער גלייכ־באַרעכטיקונג פון יידן, אָבער בתנאי, אַז זיי זאָלן זיך פריער שמד'ן. מיט איין וואָרט, דער מאָדערנער פרייגייסט, יונג־העגעליאַנער און אַטעאיסט ברונאָ בויער האָט פאַר די יידן געהאַט דעם זעלביקן ענטפער, וועלכן עס האָבן די יידן געגעבן די פינצטער־סטע קריסטלעכע פאַנאַטיקער אין מיטלאַלטער.

קאַרל מאַרקס איז אין זיין אַרטיקל „צו דער יידן־פראַגע" שאַרף אויפגעטרעטן קעגן ברונאָ בויער'ס טעזן און אויספירונגען. ער האָט בויער'ן, דעם געוועזענעם פּאַסטאָר און קריסטלעכן טעאָלאָג, פאָרגעוואָרפן, אַז טראָץ זיין היינטיקן אַטעאיס־טישן פרייידענקערטום, קאָן ער זיך, בשום אופן, נישט באַפרייען פון זיין אַמאָליקן טעאָלאָגישן, רעליגיעזן צוגאַנג צו אַ סך פראַגן. מאַרקס האַלט, אַז דעם ענטפער אויף דער יידן־פראַגע דאַרף מען נישט זוכן אין דער רעליגיע פון יידן נאָר אין די יידן גופא. ער שטיצט זיך דערביי אויף דער מיינונג, וועלכע פייערבאַך האָט אַרויסגע־זאָגט אין זיין בוך „דער מהות פון יידנטום" וועגן דעם, אַז די פּראַקטישע, תמיד נוצן־און־תכלית־זוכנדיקע יידן, האָבן זייערע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן געמאַכט צום העכסטן פּרינציפּ פון זייער רעליגיע, פון יידנטום. סיי פייערבאַך און סיי מאַרקס האָבן פאַר זייערע אויגן געהאַט בלויז די דייטשע יידן, וואָס זענען כמעט אויסשליס־לעך געווען סוחרים, באַנקירן, פּראָצענטניקעס און דעסגלייכן. די איינזייטיקע דאָג־מאַטישקייט פון פייערבאַכ'ן און מאַרקס'ן לגבי דעם יידנטום, האָט זיי אַזוי ווייט פאַרבלענדט, אַז זיי האָבן נישט געקאָנט, און אפשר אויך נישט געוואָלט זען די טיף־עטישע און סאָציאַל־יושר'דיקע געזעצן פון תנ"ך, פון דער טויזנט־יעריקער יידישער טראַדיציע און געשיכטע.

מאַרקס האַלט, אַז בכדי צו לייזן בשלמות די יידן־פראַגע, דאַרף מען נישט אָפּ־שאַפן די רעליגיעס. ס'איז פאַלש, ווען ברונאָ בויער מיינט, אַז ווען די מלוכה וועט זיך באַפרייען פון די רעליגיעס, וועלן ממילא פאַרשווינדן די קאָנפעסיאָנעלע, רעלי־גיעזע אונטערשידן צווישן מענטשן. אָט למשל, אין די אַמעריקאַנער „פאַראייניקטע שטאַטן" און אין אַנדערע לענדער איז די רעליגיע אָפּגעטיילט געוואָרן פון דער מלו־כה, און דאָך עקזיסטירן דאָרט ווייטער רעליגיעזע געמיינדעס מיט זייערע צאָלרייכע קולטן און אינסטיטוציעס. פאַר דער באַפרייאונג פון דער מענטשהייט איז נישט נוי־טיק די אָפּשאַפונג פון דער רעליגיע, נאָר ס'איז נויטיק די אָפּשאַפונג פון דער היינ־טיקער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. מ'דאַרף נישט זוכן דעם סוד פון דעם יידן אין דער יידישער רעליגיע, נאָר דעם סוד פון דער יידישער רעליגיע דאַרף מען זוכן אין דעםווירקלעכן ייד גופא!

דאָס זענען די הויפּט־הנחות, אויף וועלכע מאַרקס האָט באַזירט זיין אַרטיקל „צו דער יידן־פראַגע". אין זיינע ווייטערדיקע אויספירונגען, וואָס האָבן געדאַרפט זיין אַ פּועל יוצא פון די דאָזיקע הנחות, איז מאַרקס באַגאַנגען, באַוווסט אָדער אומ־

באוווסט, אַ געוואַלדיקן היסטאָרישן טעות, וועלכער לאָזט זיך נישט דערקלערן בלויז מיט אַן איינזייטיקער דאָגמאַטישקייט, נאָר מוז פאַרענטפערט ווערן בעיקר מיט גע־ווּיסע קאָמפּלעקסן. דאָס זענען געווען די אָפּט שוין דערמאָנטע אינערלעכע, גייסטיק־פּסיכישע ראַנגלענישן, וועלכע האָבן מארקס'ן, זייט זיין פריעסטער יוגנט אָן, פאַר־פאָלגט, און פון וועלכע ער האָט דורכאויס געוואָלט, פאַר יעדן פּרייז, פּטור ווערן.

אויף אַן עקסטרעם־דאָגמאַטישן און פולשטענדיק־אַרביטראַלן אופן, האָט מארקס גענומען אידענטיפיצירן דאָס יידנטום מיט דעם קאַפּיטאַליזם. און געטון האָט ער עס, ווי ס'איז געווען זיין מנהג און זיין לשון, אין אַ דראַסטישער, אויסערגעוויינ־לעך־שאַרפער אויסדרוקס־פאָרם:

מארקס שטעלט פראַגן און ענטפערט אויף זיי אויף דעם פאָלגנדיקן אופן:

„וואָס איז דער וועלטלעכער יסוד פון יידנטום?" — „דאָס פּראַקטישע באַ־דערפעניש, דער אייגננוץ!".

„וואָס איז דער וועלטלעכער קולט פון יידנטום?" — „דער שאַכער!".

„וואָס איז זיין וועלטלעכער גאָט?" — „דאָס געלט!".

און מארקס קומט צו גאָר ווייטגייענדיקע אויספירונגען און קאָנסעקווענצן, אין דעם זעלביקן לשון און גייסט. ער שרייבט: „די באַפרייאונג פון דער הערשאַפט פון שאַכער און געלט, דאָס הייסט פון רעאַלן, ממשות'דיקן יידנטום, וועט ברענגען די זעלבסט־עמאַנציפּאַציע פון אונזער תקופה. אַ נייע געזעלשאַפטס־אָרדענונג, וועל־כע וועט אומעגלעך מאַכן די באַדינגונגען פון שאַכער, און פון שאַכער גופא, וועט ממילא אויך אומעגלעך מאַכן די עקזיסטענץ פון דעם יידן. זיין רעליגיע וועט זיך אַליין אויפלייזן ווי אַ כמאַרע אין אַ ריינער געזעלשאַפטלעכער לופט. ווען דער ייד וועט אַנערקענען, אַז דער פּראַקטישער מהות פון זיין יידישקייט איז שעדלעך, און וועט זיך באַמיען אים אין זיך גובר צו זיין, וועט ער מיט דעם גלייכצייטיק העלפן צו דער אַלגעמיינער מענטשלעכער עמאַנציפּאַציע!".

קאַרל מארקס וויל, זיין אין יסוד פאַלשע און לגמרי אומגערעכטע אַנטי־יידישע דאָגמע באַשטעטיקן מיט ווייטערדיקע פאָלגנדיקע קאָמענטאַרן און פירושים: דאָס איצטיקע יידנטום איז אַנטי־סאָציאַל. דער יסוד פון דער יידישער רעליגיע איז דער מאַטעריאַליסטישער עגאָאיזם, דער זעלבער פּרינציפּ, ווי אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. געלט איז דער יידישער גאָט. געלט האָט דערנידעריקט אַלע מענטשלעכע געטער און געמאַכט פון זיי אַ סחורה. דער יידישער גאָט, דאָס געלט, איז געוואָרן דער וועלט־גאָט. דער סוחרישער וועקסל איז היינט דער אייגנטלעכער יידישער גאָט. די קריסטן זענען געוואָרן יידן, ווייל דאָס געלט הערשט אין דער גאַנצער וועלט. דער יידן־גייסט איז היינט דער פּראַקטישער גייסט פון די קריסטלעכע פעלקער. די יידן וועלן דערגרייכן זייער גלייכבאַרעכטיקונג אויף דעם אופן ווי אַלע מענטשן אויף דער גאָרער וועלט, דאָס הייסט, ווען די וועלט וועט זיך באַפרייען פון קאַפּיטאַליזם.

קאַרל מארקס'נס אויספירונגען און אויסדרוקן וועגן יידן און יידנטום, פאַר־ווּנדן באַזונדערס טיף אונזער היינטיקן יידישן דור, וואָס האָט ע"פ נס איבערגע־לעבט די מורא'דיקע רדיפות פון היטלער'ס מאָרד־מאַשין, וועלכע איז אויסן געווען צו פאַרניכטן דעם ייד נישט נאָר פיזיש נאָר אויך גייסטיק און מאָראַליש. מארקס'נס ווערטער באַליידיקן די פאַרפּייניקטע, אָנגעווייטיקטע יידישע נשמה נאָך מער צוליב דעם, וואָס זיי זענען אָנגעשריבן געוואָרן דורך אַ הויך־געבילדעטן און קולטורעלן

מענמש, אַן אייניקל און אור־אייניקל פון באַוווסטע יידישע געלערנטע, רבנים און גאונים.

זיכער איז קאַרל מאַרקס נישט געווען קיין אַנטיסעמיט אין דעם ווולגאַרן זין. און וואָלט ער פאַרויסגעזען, אַז הונדערט יאָר נאָכן אָפּדרוקן פון זיין אַרטיקל „צו דער יידן־פראַגע", וועלן מערדערישע אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדיסטן זיך באַנוצן מיט זיינע אויסדרוקן און אַרגומענטן, קעגן די יידן, דאַן וואָלט ער, מאַרקס, מן הסתם צעבראָכן זיין פּעדער, איידער ער האָט גענומען שרייבן ווערטער, וואָס באַשמוצן און באַליידיקן דעם עבר פון זיינע זיידעס און דעם הווה פון גאַנצן יידישן כלל.

אָבער, ווי געזאָגט, בלויז אין דער בלינדער דאָגמאַטישקייט און טעאָרעטישער פאַלשקייט, קאָן מען און טאָר מען נישט זוכן די אייגנטלעכע מאָטיוון פון מאַרקס'נס „צו דער יידן־פראַגע". זיי זענען אויסגעוואַקסן, בזדון אָדער בשגגה, אין אַ פּסיכי־שער מורא־שטימונג פאַר די שאָטנס, וואָס האָבן מאַרקס'ן פאַרפאָלגט כל ימיו און קיין מנוחה אים נישט געגעבן. אין די דאָזיקע קאָמפּלעקסן דאַרף מען זוכן דעם פאַ־טאַלן כוח, וועלכער האָט מאַרקס'ן באַוויגן אַזוי צו שרייבן וועגן אַ פאָלק, וואָס האָט מיט זיין 2000־יעריקער מאַרטיראָלאָגיע באַוויזן און מיט טייכן פון אייגענעם בלוט באַצאָלט פאַר זיין הייליקער טריישאַפט צו גרויסע גייסטיקע און עטישע אידעאַלן.

די מורא פאַר די שאָטנס פון דער יידישער פאַרגאַנגנהייט, די מורא פאַר דעם דורות־לאַנגן אַטאַוויזם, די מורא פאַר אַלץ וואָס דערמאָנט יידן און יידישקייט, זי האָט מאַרקס'ן דיקטירט זיין אַנטי־יידישע פּובליקאַציע. קאַרל מאַרקס איז אין דער ווירקלעכקייט געוואָרן איר קרבן, דער באַזיגטער, הגם ער האָט געוואָלט זיין דער באַצווינגער, דער זיגער.

## נייַנאונפופציקסטער קאַפּיטל.

## אַרנאָלד רוגע: „מאַרקס איז אַ געמיינער לומפּ און אַן אומפאַרשעמטער ייד!".

אויב קאַרל מאַרקס האָט מיט זיין אַרטיקל „צו דער יידן־פראַגע" געוואָלט פּטור ווערן פון זיין יידישן שאָטן, איז אים באַלד דארויף געגעבן געוואָרן די געהעריקע גויאישע תשובה. און געגעבן האָט זי נישט קיין אַנדערער, ווי גראָד זיין לאַנגיאָרי־קער און נאָענסטער פריינט, זיין שותף פון די „דייטש־פראַנצויזישע יאָרביכער" אַר־נאָלד רוגע. ענדע פעברואַר 1844 איז דערשינען אין די „יאָרביכער" מאַרקס'נס אַנ־טי־יידישער אַרטיקל, און שוין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער, האָט רוגע אומעטום עפנטלעך גערעדט און געשריבן, אַז „מאַרקס איז אַ געמיינער לומפּ און אַן אומפאַרשעמטער ייד!".

דער ברוגז צווישן די צוויי רעדאַקטאָרן פון די „יאָרביכער" איז געקומען צו־ליב אַ סך סיבות. קודם־כל צוליב דעם, וואָס די „יאָרביכער" האָבן זיך געמוזט אָפּ־

שטעלן. דער ערשטער, און לעצטער, העפט האָט נישט אַרויסגערופן קיין גרויסע פאַראינטערעסירונג צווישן דער צאָלרייכער דייטשער עמיגראַציע אין אויסלאַנד. דאַ־קעגן, זענען אין דייטשלאַנד געווען אַ סך בעלנים צו קויפן און צו פאַרשפּרייטן די „יאָרביכער". דער פּרייסישער אַמבאַסאַדאָר האָט אָבער מודיע געווען זיין רעגירונג וועגן דער דאָזיקער „געפערלעכער און סקאַנדאַליעזער" פּובליקאַציע, און מ'האָט אויף דער גרענעץ קאָנפיסקירט אַ פּאָר הונדערט עקזעמפּלאַרן, כמעט די גאַנצע אויפלאַגע פון די „יאָרביכער". אַלע דייטשע רעגירונגען האָבן אַרויסגעגעבן אַ פאַרבאָט קעגן די „יאָרביכער", און דער שעף פון דער עסטרייכישער פּאָליציי און צענזור האָט אין זיין צירקולאַר געשריבן, אַז „די דייטש־פראַנצויזישע יאָרביכער" זענען מיט זייער אינהאַלט און טאָן דאָס ערגסטע און דאָס מיאוסטע פון דעם אַלעמען, וואָס די רע־וואָלוציאָנערע פּרעסע האָט ביז־איצט פּראָדוצירט!".

רוגע איז געווען רייך, און מאַרקס האָט פון אים פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל האַלטן די הבטחות און פאַרפּליכטונגען, וועלכע ער האָט לגבי אים איבערגענומען. אָבער רוגע איז אין געלט־זאַכן געווען זייער פּאַרזיכטיק און האָט מאַרקס'ן פאַרגעוואָרפן זיין „לייכטזיניקע, נגידישע באַציאונג" צו פינאַנצן. אַזוי ווי אין די „יאָרביכער" האָט סטאַביל מיטגעאַרבעט דער פּאָעט הערוועג, איז רוגע געפאַלן אויף אַ המצאה צו שאַפן אַ מין קאָמונע פון אַלע דריי משפחות, וואָס וועלן קאָנען, בזה האופן, אויסקומען מיט ווייניקע אויסגאַבן. די דריי מענער: מאַרקס, רוגע און הערוועג האָבן געדאַרפט, לויט דעם דאָזיקן פּלאַן, זאָרגן פאַר פּרנסה, און זייערע פרויען האָבן גע־זאָלט צוזאַמען פירן די קיך און בכלל די הויז־ווירטשאַפט. אָבער פון רוגע'ס פּלאַן איז גאָרנישט געוואָרן. די דריי דאַמען האָבן מיט זיך נישט סימפּאַטיזירט צוליב דער באַזונדערקייט פון זייערע כאַראַקטערן און צוליב אַנדערע טעמים. די פרוי פון רוגע איז געווען אַ גאַנץ פיינע, אָבער ווייניק־געבילדעטע און פּשוט'ע בעל־הבית'טע בעת זשעני מאַרקס האָט זיך לגבי איר אויסגעצייכנט מיט אינטעליגענץ און אַמ־ביציע. די פרוי פון הערוועג'ן ווידער איז געווען די יינגסטע, אַ גאַנץ רייכע, ערשט אַ פּאָר וואָכן נאָך דער חתונה, און זי האָט בכלל נישט ליב געהאַט קיין שותפות מיט אַנדערע.

מאַרקס האָט זיך אויפאיינמאָל געפונען אין אַ גאָר שווערער מאַטעריעלער לאַ־גע. זשעני'ס מוטער, די אַלמנה פון געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן איז נישט ביכולת געווען אַ סך צו העלפן, און קאַרל'ס מוטער, מאַדאַם הענריעטע האָט אפילו נישט געוואָלט הערן וועגן שיקן דעם זון אַ גראָשן. זי האָט אים געלאָזט וויסן, אַז ער זאָל, אַנשטאָט מיט הויפנס ביכער, בעסער זיך באַזאָרגן מיט געלט. מאַרקס איז געוואָרן נערוועזיש און פאַרביטערט. ער האָט געמאַכט רוגע'ן שווערע פאָרווורפן, אַז ער איז נישט קיין וואָרטסמאַן, דאַקעגן איז ער אַ גאַנץ־מיאוסער קמצן.

צוגעקומען זענען נאָך טיפע אידעאָלאָגישע סתירות צווישן מאַרקס'ן און רוגע'ן. בעת מאַרקס איז געוואָרן אַן אויסגעשפּראָכענער אָנהענגער פון דער קאָלעקטיוויסטי־שער וועלט־אָרדענונג, האָט רוגע געהאַסט בתכלית השנאה דעם קאָמוניזם. מיט באַגייסטערונג האָט רוגע אויפגענומען דאָס נייע בוך פון מאַקס שטירנער, וואָס איז אויסן געווען צו באַזיגן, ווי רוגע האָט געהאָפט, דעם קאָמוניזם „דעם דאָזיקן גרעסטן שטות פון אַלע נאַרישקייטן, וועלכע ווערן געפּרייידיקט דורך נאַאיווע גלויביקער פון אַ נייעם קריסטנטום, און וועמענס פאַרווירקלעכונג וואָלט געברענגט צו דעם מיאוסטן

לעבן פון אַ סטאַדע, ענלעך צום לעבן פון בהמות אין אַ שטאַל!". רוגע, דער ראַדי־קאַלער דעמאָקראַט און „יונג־העגעליאַנער", איז אָפּט אויפגעטרעטן מיט רעדעס און האָט שאַרף געשריבן קעגן דער „מלכות פון פּאָליציי און שקלאַפעריי", וועלכע עס ווילן איינפירן די סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן מכל המינים.

אָבער דער לעצטער, שאַרפסטער אינצידענט צווישן מאַרקס'ן און רוגע'ן איז פאָרגעקומען צוליב דעם דיכטער געאָרג הערוועג. דער דאָזיקער דייטשער פּאָעט, וועל־כער האָט געשטורעמט און ממש געברענט מיט אַ פייערדיקן רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס, איז צוליב זיין אויסגעלאַסענער, פאַרשווענדערישער לעבנס־פירונג אין פּאַריז, שאַרף קריטיקירט געוואָרן דורך דער גאַנצער דייטשער עמיגראַציע. הערוועג האָט חתונה גע־האַט מיט דער טאָכטער פון אַ זייער רייכן בערלינער באַנקיר און האָט אין פּאַריז מיט איר געלעבט אין אַן אויסערגעוויינלעכן לוקסוס. מ'האָט זיך דערציילט פאַנטאַס־טישע זאַכן וועגן זיינע אַבסורדאַלע איינפאַלן מכח די קאָסטבאַרסטע קליידער, וווי־נונגס־באַקוועמלעכקייטן, טייערע מאַלצייטן, עקזאָטישע בלומען, פּרעכטיקע קאַרעטן, פערד און ענלעכע „פיינע זאַכן". אין גאַנץ פּאַריז זענען פאַרשפּרייט געוואָרן משונה־דיקע רכילות וועגן זיינע פאַרדאַרבענע ליבע־ראָמאַנען מיט דאַמען פון דער העכס־טער אַריסטאָקראַטיע. דאָס אַלץ האָט שטאַרק פאַרביטערט קעגן הערוועג'ן די פּאָלי־טישע עמיגראַנטן, וועלכע האָבן אין פּאַריז, אין אַלגעמיין, געלעבט אין זייער אָרעמע באַדינגונגען.

איינמאָל אין אַן אָוונט, ווען מ'איז געזעסן צוזאַמען אין דער געמיינזאַמער דירה פון רוגע'ן און מאַרקס'ן, איז דאָס געשפּרעך צוגעקומען צו דעם ענין פון הערווער און פון זיין סקאַנדאַליעזער אויפירונג. רוגע האָט אין אַן אויפגערעגטן טאָן גערעדט וועגן הערווער'ס לוקסוס, פאַרדאָרבענער אויסגעלאַסנקייט, פאַרשווענדערישקייט און פוילקייט. נישט־געקוקט אויף דער אָנוועזנקייט פון זיין און מאַרקס'נס פרוי, האָט רוגע זיך באַנוצט לגבי הערווער'ן מיט גאַנץ טריוויאַלע און אפילו גראָבע אויס־דרוקן. מאַרקס האָט זיך לאַנג שווייגנדיק צוגעהערט און באַלד האָט ער גענומען ליידנ־שאַפטלעך פאַרטיידיקן דעם דיכטער. ער האָט רוגע'ן פאָרגעוואָרפן, אַז ער באַציט זיך צום גרויסן און געניאַלן פּאָעט מיט קליינלעכע, גייסטיק־באַשרענקטע, עכט־פי־ליסטערישע באַגריפן. רוגע איז מאַרקס'ן נישט געבליבן שולדיק קיין ענטפער און דער טאָן פון דער דיסקוסיע איז געוואָרן זייער אַ שאַרפער. מ'האָט זיך לסוף פער־זענלעך באַליידיקט און ווער ווייס צו וועלכע אינצידענטן עס וואָלט נאָך דערגאַנגען, ווען נישט די ענערגישע אינטערווענץ פוןביידע פרויען.

שרעקלעך אויפגערעגטע, מיט אַ פאַרביסענעם ברוגז זענען זיך די לאַנגיעריקע פריינט צעגאַנגען. זיי האָבן צו זיך מער נישט גערעדט און נישט געוואָלט הערן איי־נער פון דעם אַנדערן. רוגע, דער געבילדעטער, פילאָזאָפיש־געשולטער, גייסטיק־פריי־דענקערישער און פּאָליטיש־ראַדיקאַלער שריפטשטעלער, האָט אָנגעהויבן אומעטום, ווו ער האָט נאָר דערצו געהאַט אַ געלעגנהייט, צו שרייבן און רעדן בקול רם: „מאַרקס איז אַ געמיינער לומפּ און אַן אומפאַרשעמטער ייד!".

אויך היינריך היינע איז געווען נישט־צופרידן מיט דער לעבנס־פירונג פון זיין יינגערן „פאַך־קאָלעגע" הערווער. אָבער ער איז געבליבן שטיין אין פאַרלעגנהייט, ווען הערווער האָט אים אַמאָל געענטפערט ברוטאַל:

„איך פיר מיך, היינע, לויט דיין אייגענעם מאָראַלישן, אָדער בעסער געזאָגט,

אַנטי־מאָראַלישן קאָדעקס, וועלכן איך האָב פון דיר געלערנט. עס זענען דאָך דאָס דיינע ווערטער: „איך בין אַ קינסטלער און קאָן מיר אַלץ דערלויבן!”. אויף די קינסטלערישע פרייהייט האָסטו דו נישט קיין מאָנאָפּאָל! איבעריקנס, היינע, ווי שטייט עס געשריבן אין אייערע הייליקע יידישע ספרים: „נעם אַרויס דעם באַלקן פון דיינע אויגן!”. דו האָסט נישט קיין רעכט מיר צו מאַכן פאָרוורפן, ווייל דו אַליין האָסט אויף דיר צו טראָגן אַ נישט־קשה'דיקע זינד: דו נעמסט פון דעם רעאַקציאָנערן קעניג לואי פיליפ אַ חודשלעכע פענסיע, אַ לאַ יהרץ־געלט...”.

היינע איז אַנטלאָפן און האָט נישט געוואָלט מער הערן הערוועג'ס רייד. ער האָט געוווסט, אַז לײַדער זענען הערוועג'ס פאָרווורפן אמת'ע. היינע, דער קראַנקער און עלנדער, האָט יעדן חודש אָפּגענומען אַ פענסיע פון דער פראַנצויזישער רעגירונג, פון דער דאָזיקער רעגירונג, וואָס איז אַזוי שאַרף באַקעמפט געוואָרן דורך אַלע רעוואָלוציאָנערע און ראַדיקאַל־דעמאָקראַטישע קרייזן.

די דייטשע עמיגראַציע האָט מיט כעס גערעדט וועגן אירע צוויי גרויסע פּאָעטן, וואָס קאָמפּראָמיטירן מיט זייער פירונג די פרייהייטס־באַוועגונג פון דייטשן פאָלק. היינע האָט זיך רעוואַנזשירט און געשריבן: „די דייטשן אין פאַריז זענען אַ באַנדע משוגעים און שנאָרערס, וואָס שאַנטאַזשירן געפערלעך, אויב מ'גיט זיי גאָרנישט. ס'איז אַ באַנדע לאַידאַקעס, וואָס האַלטן בלויז אין איין רעדן וועגן ערע און פאָטערלאַנד, אַ חברה פון ליגנערס און שווינדלערס!”.

נישט־געקוקט אויף די אַלגעמיינע שטימונג פון דער דייטשער עמיגראַציע קעגן הערוועג'ן און היינע'ן, האָט זיך מאַרקס פולשטענדיק געשטעלט אויף דער זייט פון די דאָזיקע צוויי פּאָעטן. צי האָבן דאָ דעצידירט די פּערזענלעכע באַציאונגען, אָדער די יוגנטלעכע טרייִשאַפט און שוואַכקייט פון מאַרקס'ן פאַר דער דיכטערישער מוזע? ווער ווייס? אפשר ביידע סיבות האָבן, באַוווסט אָדער אומבאַוווסט, מיטגעווירקט צוזאַמען. מאַרקס, וועמען עס האָבן נישט געפעלט קיין שונאים, פּערזענלעכע און אידעאָלאָגישע, צווישן די דייטשע עמיגראַנטן אין פאַריז, האָט זיך צוליב זיין שטעלונג לגבי די צוויי פּאָעטן, פאַרשאַפט פרישע, שאַרפע קעגנער.

היינריך היינע, אַ קראַנקער, מיט אַלע צעקריגטער און איזאָלירטער, האָט זיך מיט זיינע לעצטע כחות אָנגעכאַפּט אין מאַרקס'נס פריינטשאַפט. ער פלעגט כמעט יעדן טאָג קומען אין שטוב פון מאַרקס'ן און פאָרלייענען פאַר קאַרלען און זשעני'ן זיינע נייע לידער. ער האָט זיך גערעכנט מיט זייערע קריטישע באַמערקונגען, הגם ער איז געווען שטאַרק פילבאַר לגבי יעדן קריטישן וואָרט. נישט איינמאָל איז ער געקומען צו די מאַרקס'נס אַ דעפּרימירטער און אפילו אַ פאַרוויינטער צוליב דעם, וואָס עפּעס איינער אַ זשורנאַליסט האָט ערגעץ־ווו אין אַ צייטונג אָפּגעדרוקט אַ נאָטיץ קעגן אים און זיין פּאָעזיע. קאַרל מאַרקס און זשעני האָבן פאַרשטאַנען מיט גוטע, געפּילפּולע ווערטער צו באַרואיקן דאָס לײַדנדיקע, איבערגעשפּאַנטע געמיט פון גרויסן דיכטער. היינע איז שטאַרק דאַנקבאַר געווען פאַר זייער פריינטשאַפט און איז געבליבן האַרציק מיט זיי פאַרבונדן. אין דעם סכסוך צווישן מאַרקס'ן און רוגע'ן, איז היינע, פאַרשטענדלעך, אינגאַנצן געווען אויף דער זייט פון זיין פריינט. מיט אַ סאַרקאַסטישער, ספּעציפיש־היינישער איראָניע, האָט ער געזאָגט וועגן רוגע'ן: „ער, רוגע, האָט שוין דערגרייכט די פרייהייט אין זיין קאָפּ, אָבער די פרייהייט איז נאָך נישט אַריינגעדרונגען אין אַלע זיינע גלידער. הגם ער איז באַגייסטערט מיט דער

קלאַסישער גריכישער נאַקטהייט, דאָך קאָן ער זיך נישט אַנטשליסן צו פאַרציכטן אויף די שרעקלעכע, מאָדערנע הויזן און אַפילו נישט אויף די גערמאַניש־קריסטלע־כע אונטערהויזן פון זיין מאָראַל!".

נאָך דעם צעגייען זיך מיט רוגע'ן, איז די לאַגע פאַר מאַרקס'ן, ווי געזאָגט, גע־וואָרן אַ שווערע. זשעני איז געווען שוואַנגער און די געבורט פון ערשטן קינד האָט זיך דערנענטערט. די אויסגאַבן זענען געוואַקסן און די הכנסות האָבן אויפגעהערט. אַ ביסל געלט איז אָנגעקומען פון די אַמאָליקע פריינט אין קעלן, אָבער וואָס וועט זיין ווייטער? נישט געקוקט אויף אַלע זיינע ערנסטע זאָרגן, האָט מאַרקס אינטענסיוו שטודירט די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע ליטעראַטור, איז געגאַנגען אויף אַרבעטער־מיטינגען און האָט פאַרגרעסערט דעם קרייז פון זיינע באַקאַנטע אין די ליטעראַרי־שע סאַלאָנען און אין די געזעלשאַפטלעכע קאַפעהייזער. אָפט האָבן אָבער מאַרקס'ן געפּייניקט דעפּרימירנדיקע שטימונגען פון ספקות און יאוש. צו זיינע אויערן זע־נען דערגאַנגען די שמוציקע רכילות פון רוגע'ן און זיינע ווערטער: „מאַרקס איז אַ געמיינער לומפּ און אַן אומפאַרשעמטער ייד!". אין פינצטערע, אומעטיקע אָוונטן האָבן מאַרקס'ן פאַרפאָלגט די מורא'דיקע שאָטנס פון פאַרגאַנגנהייט. זשעני האָט באַמערקט זיין אומרואיקייט און געפרעגט פאַרוואָרגט, וואָס עס איז די סיבה דערפון. קאַרל האָט געוואָלט, אָבער נישט געקאָנט איר זאָגן דעם גאַנצן אמת. זשעני איז גע־ווען אַ שטאַרקע און טריי־פאַרליבטע פרוי. זי האָט אים געטרייסט און געגעבן מוט. זי האָט שוין געוווּסט, אַז איר מאַן האָט אויסגעוועלט אַ שווערן און געפערלעכן וועג: דעם קאַמף פאַר די אָרעמסטע און שוואַכסטע אין דער הייַנטיקער וועלט. מיט איר אינסטינקט האָט זי קלאָר פאָרויסגעזען, אַז אין דעם דאָזיקן קאַמף דערוואַרטן זיי נויט און צרות, פאַרפאָלגונגען און גלות־וואַנדערונגען. זשעני מאַרקס איז אָבער גע־ווען אַנטשלאָסן צו גיין מיט איר מאַן דעם דאָזיקן שווערן און געפערלעכן וועג, אַפילו קעגן אַ וועלט פון שונאים און רדיפות.

## זעכציקסטער קאַפּיטל.

## „אין רבנישן שאָטן".

ס'איז געווען אַ וואַרעמער האַרבסט־אָוונט פון יאָר 1844. אין קאַפעהויז פּראָ־קאָפּ, אין סאַמע צענטער פון לאַטיינישן קוואַרטל, האָט געהערשט אַ לעבעדיקע באַ־וועגונג. דאָס דאָזיקע קאַפע־הויז, וואָס איז נאָך אין 17־טן יאָרהונדערט געעפנט גע־וואָרן דורך אַן איטאַליענישן קאַפע־הענדלער מיטן נאָמען פּראָקאָפּ, האָט צוגעצויגן פון גאַנץ פראַנקרייך און פון דער גאַנצער וועלט נייגעריקע באַזוכער. זייט דורות איז פּראָקאָפּ'ס קאַפעהויז געווען באַקאַנט אַלס דער לאָקאַל, וווּ עס האָבן זיך געטראָפן די באַרימטעסטע פערזענלעכקייטן פון פּאָליטישע, ליטעראַרישע, וויסנשאַפטלעכע און קינסטלערישע קרייזן. דאָ זענען גאַנצע טעג און נעכט אָפּגעזעסן די ענציקלאָפּע־דיסטן, פראַנקרייך'ס גייסטיקע פאָרשטייער ערב דער גרויסער רעוואָלוציע, דאָ האָט מען לייַדנשאַפטלעך דעבאַטירט און געמאַכט פּאָליטיק בעת די שטורמישע טעג פון

יאקאבינישן קאנווענט און אויך שפעטער, אין די צייטן פון דער נאפאלעאנישער אימפעריע. די קעלנער האבן מיט שטאלץ געוויזן די טישלעך, ביי וועלכע עס זענען געזעסן די געניאלע שריפטשטעלער זשאן זשאק רוסא און וואלטער, און די רעוואלוציאנערע העלדן מאראט און ראבעספיער.

אויך איצט, ערב דעם „פעלקער־פרילינג" איז דאס קאפעהויז פראקאפ געבליבן דער טראדיציאנעלער צענטער פון דער פאריזער גייסטיקער עליטע. דא האט מען אפט געזען די בארימטסטע פראנצויזישע שרייבער עאוזשען סי און די מאדאם סאנד, די מיניסטארן און היסטאריקער גיזא און טיער, די אויסלענדישע דיכטער און קינסטלער מיצקיעוויטש, שאפען און א סך אנדערע. אויך היינריך היינע איז געווען דא א טאג־טעגלעכער, סטאבילער איינגייער. לעצטנס האט מען אים אין קאפעהויז פראקאפ געזען אין געזעלשאפט פון קארל מארקס און פון משה העס.

אויך דאסמאל איז היינע געזעסן ביי א זייטיק טישל אויף דער וועראנדע, און נעבן אים דער תמיד־פארטראכטער, הויך־געוואקסענער און שווארץ־געקליידעטער משה העס. ביידע פריינט האבן לאנגזאם געטרונקן זייער קאפע, און שווייגנדיק האבן זיי אבסערווירט די שטארקע גאסן־באוועגונג, וואס איז כסדר געוואקסן צוליב דער אוונט־שעה, ווען די געשעפטן און די ביורא'ס ווערן צוגעמאכט. העס האט נישט לאנג געקאנט פארטראגן דאס שווייגנדיקע, מנוחה'דיקע זיצן. ער האט אנגעהויבן טעמפעראמענטפול און בקול רם דערציילן וועגן א משונה'דיקער צערעמאניע פון די סען־סימאניסטן, ביי וועלכער ער איז, מיט א פאר טעג צוריק, געווען אנוועזנדיק.

„ס'איז נישט צו גלויבן" האט געזאגט העס „וואס פון סען־סימאנ'ס אנהענגער'ס איז געווארן. ווען זייער גרויסער לערער וואלט דערזען דאס, וואס זיי טרייבן, וואלט ער זיך מסתמא אומגעדרייט אין קבר. זיי האבן די לערע פון דעם איידעלן פילאנטראפ און סאציאלן רעפארמאטאר פארוואנדלט אין א מין קירכלעכע רעליגיע. זיי פארזאמלען זיך ווי צו א תפילה, און באגריסן דעם גייסט פון סען־סימאן אלס א וועלט־דערלייזער, וועלכער פארייניקט אין זיין פערזאן משה רבנו און ישו הנוצרי!".

היינע האט מתחילה גארנישט געענטפערט, נאר געשמייכלט. פלוצלינג האט ער צוגעווארפן א סארקאסטישע באמערקונג:

„ר' משה העס! ביים ארויסזאגן בנשימה אחת די נעמען יעזוס און משה רבנו, באדארפסט דו דאך זאגן להבדיל!".

ביידע פריינט האבן זיך הויך צעלאכט.

היינע איז געווען עלטער פאר העס'ן מיט א 15 יאר. דער געניאלער דיכטער האט אויסגעזען מיד און קראנק. אויף זיין בלאסן פנים איז געלעגן א טיפער אומעט. נאר די פונקלנדיקע אויגן האבן געשיינט מיט לעבנס־לוסט און הומאר. נאך א רגע איז היינע ווידער געווארן ערנסט געשטימט און האט געזאגט:

„מ'דארף צורו לאזן די טויטע, די סען־סימאניסטן, די פוריעריסטן און ווי זי הייסן אלע, די דאזיקע פאנטאסטישע אוטאפיסטן! צום ווארט קומען היינט נישט די פילאנטראפישע בעלי־חלומות, נאר די אמת'ע פראלעטאריער, מענטשן ווירקלעכע, רעאלע פון ארבעט און קאמף. אט מעלדן איצט די צייטונגען וועגן דעם בלוטיקן אויפשטאנד פון די שלעזישע וועבער. וואס פארא כוח און מוט זיי ווייזן ארויס, די דאזיקע ארעמסטע און עלנטסטע אין היינטיקן דייטשלאנד!".

העם האָט לײדנשאַפֿטלעך אױסגערופֿן:

„אַזױ איז עס! נישט טעאָריעס און פֿאַנטאַזיעס װעלן דעצידירן אין דעם אַנ־געװײטיקטן סאָציאַלן פּראָבלעם, נאָר דער קאַמף פֿון די פּראָלעטאַריער, דער קלאַסן־קאַמף. אָט האָט אפילו אַזאַ רעאַקציאָנערער היסטאָריקער, דער מיניסטער גיזאָ, דער־קלערט מיט אַ קורצער צײט צוריק: „ס'איז לעכערלעך צו לײקענען די עקזיסטענץ פֿון קלאַסן־קאַמף!".

הײנע האָט, װי אַ פֿאַרחלום'טער, געקוקט צום װײטן האָריזאָנט, װו אױף דעם גרױען הימל האָט די פֿײערדיקע, אונטערגײענדיקע זון געקעמפֿט קעגן די טונקעלע װאָלקנס, װאָס האָבן געגומען זי אַרומרינגלען פֿון אַלע זײטן. הײנע האָט שטיל געזאָגט:

„איך שרײב איצט אַ נײ ליד. דאָס זאָל זײן „דאָס ליד פֿון די װעבער". איך װיל צום אױסדרוק ברענגען זײער העראָאישן קאַמף אין דעם הײנטיקן פֿאַרפֿױלטן, דע־גענערירטן דײטשלאַנד!"

מיט אַ ציטערדיקער שטימע, האָט הײנע אָנגעהױבן רעציטירן די סטראָפֿן, װאָס זענען באַלד געװאָרן אַלגעמײן־באַרימט:

אין פֿינצטערן אױג איז קײן טרער נישט צו זען,
זײ זיצן בײם װעב־שטול און קריצן די צײן:
„דײטשלאַנד, מיר װעבן דײן טױטן־טוך!
מיר װעבן אַרײן דעם דרײפֿאַכיקן פֿלוך!
מיר װעבן, מיר װעבן!

אַ קללה דעם פֿאַלשן פֿאָטערלאַנד,
װו ס'װאַקסט פֿאַר אונז בלױז שפּאָט און שאַנד,
װו יעדע בלום װערט פֿרי צעדריקט,
מיר װעבן, מיר װעבן!

דאָס שיפֿל פֿליט, דער װעב־שטול קראַכט,
מיר װעבן פֿלײסיק טאָג־און־נאַכט.
אַלט־דײטשלאַנד, מיר װעבן דײן טױטן־טוך!
מיר װעבן אַרײן דעם דרײפֿאַכיקן פֿלוך!
מיר װעבן, מיר װעבן!".

מערקװירדיק און אפילו אומהײמלעך האָבן געקלונגען די שאַרפֿע הײנישע פֿערזן אין דער סביבה פֿון אַרומיקן פֿרײלעך־צעזונגענעם פּאַריזער גאַסן־טומל.

הײנע און העס האָבן געשװיגן, פֿאַרזונקען אין געדאַנקען. הײנע האָט מיט אַ מעלאַנכאָלישן בליק געקוקט צום הימלישן האָריזאָנט, װו די טונקעלע װאָלקנס האָבן לסוף פֿולשטענדיק באַזיגט די אונטערגײענדיקע זון. די געזיכטס־צוגן פֿון קראַנקן דיכטער זענען געװאָרן זײער בלאַס און אָנגעװײטיקט.

װידער האָט משה העס איבערגעריסן די פֿײנלעכע שטילקײט.

העס האָט אָנגעהױבן רעדן װעגן „די דײטש־פֿראַנצױזישע יאָרביכער", אין װעל־כע בײדע, סײ העס און סײ הײנע, האָבן זיך באַטײליקט. לױט זײן מײנונג זענען „די יאָרביכער" געװען דער לעצטער אױפֿברױז פֿון „יונג־העגעליאַניזם". איצט איז

געקומען די צייט פאַר נייע אידייען, און בעיקר, עס האָט געשלאָגן די שעה פון מעשים!

דאָס געשפּרעך איז אַריבער צו דער פּערזאָן פון קאַרל מאַרקס'ן. העס האָט דער־מאָנט דעם טרויעריקן, רעגנדיקן האַרבסט־אָוונט, ווען ער האָט דאָ, אין קאַפעהויז פּראָקאָפּ, צום ערשטן מאָל פאַרגעשטעלט פאַר היינען דעם דאָזיקן יונגן, קוים 26־יעריקן ד"ר קאַרל מאַרקס מיט דעם ברייטן רבנישן שטערן און מיט דעם שוואַרצן פּראָפעסאָרישן בערדל. היינע האָט גענומען רעדן שבחים וועגן מאַרקס'ן. ער איז גע־ווען אַנטציקט מיט זיין בילדונג, מיט זיין פעסטן כאַראַקטער און מיט זיין אומדער־שראָקענעם קאַמף־גייסט:

„די פירער פון פּראָלעטאַריאַט אין זייער קאַמף קעגן דעם היינטיקן רעזשים וועלן זיין די פּאָרטשריטלעכסטע און געבילדעטסטע פילאָזאָפן, און דער בעסטער פון זיי איז טאַקע אונזער קאַרל מאַרקס! אגב, איך גיי איצט מיט אַ באַזוך צו די מאַרקס'נס".

היינע האָט זיך אויפגעהויבן און איינגעלאַדן העס'ן, אַז ער זאָל מיטגיין. ביי־דע פריינט האָבן באַצאָלט דעם קעלנער און זענען אַוועק אין דער ריכטונג פון מאַרקס'נס וווינונג.

אויף דעם וועג, האָט היינע דערציילט העס'ן וועגן דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע, אין וועלכער מאַרקס געפינט זיך לעצטנס צוזאַמען מיט זיין יונגער פרוי און דעם ערשטן, ניי־געבוירענעם קינד. קאַרל'ס מוטער וויל אפילו נישט הערן פון איר זון, און אויך די אלמנה פון געהיימראַט פאָן וועסטפאַלן העלפט גאָר ווייניק איר חתונה־געהאַטער טאָכטער. היינע האָט לסוף דערקלערט, אַז ס'איז נויטיק צו בעטן די פאַרמעגלעכע פריינט אין דייטשלאַנד וועגן אַ שנעלער הילף פאַר דעם אַזוי טאַלאַנ־טירטן און אַרבעטסזאַמען לאַנדסמאַן דר. קאַרל מאַרקס. העס און היינע האָבן באַשלאָסן, גלייך צומאָרגנס וועגן דעם צו שרייבן קיין דייטשלאַנד.

אַריינקומענדיק צו מאַרקס'ן, האָבן זיי אים געטראָפן אַ באַשעפטיקטן ביים שטו־דירן. ער האָט געמאַכט נאָטיצן און צוגעגרייט אַ נייע געשיכטלעכע אַרבעט וועגן דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. באַלד זענען אָבער פון טיש פאַרשוווּנדן די ביכער און די נאָטיץ־העפטן. מאַדאַם זשעני האָט סערווירט אַ ווייסן קאַפע און ברויט מיט פּוטער.

פון נאָענטן צימער האָט זיך דערהערט אַ שטיל קינדעריש געוויין. מאַדאַם מאַרקס איז אַוועק אין שלאָפצימער, אָבער זי איז באַלד צוריקגעקומען, האַלטנדיק אויף דער האַנט איר ניי־געבוירן טעכטערל.

קאַרל האָט מיט אַ שנעלער, האַרציקער באַוועגונג, גענומען דאָס קינד אין זיינע שטאַרקע, מענערישע אָרעמס. מיט אַ פריילעך־צערשטראַלטן פּנים, האָט ער זיך גע־וואָנדן צו העסן:

„דו ביסט ביי אונז אַ זעלטענער גאַסט! איך האָב איצט דעם גרויסן כבוד און דאָס אמת'ע פאַרגעניגן פאָרצושטעלן דיר מיין בת־יחידה. זי הייסט ווי איר מאַמע זשעני, און איז אויך אַזוי גוט און שיין ווי זי!"

די קליינע זשעני האָט ווידער אָנגעהויבן וויינען. מאַדאַם מאַרקס האָט זי שנעל באַרויִקט, און געזאָגט מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל צו די געסט:

„איך האָף, אַז אונזער טעכטערל וועט אונז ברענגען אַ ניי גליק. זי איז געבוירן געוואָרן אין אַ מזל'דיקן טאָג: דעם ערשטן מאַי. און ווען איז די נאַטור אַזוי פּרעכטיק און גליקלעך ווי אין מאַי!?"

נאָך אַ ווײַלע, איז מאַדאַם מאַרקס געוואָרן ערנסטער און האָט צוגעגעבן:

„אָבער דערווײַל איז האַרבסט, און מיר ביידע, איך און מײַן טעכטערל, זענען אַביסל פאַרקילט!"

זי האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר די געסט, געזאָגט פרײַנטלעך „אַ גוטע נאַכט" און איז מיט דעם קינד אַרײַן צו זיך אין שלאָפצימער.

די דרײַ מענער האָבן געגעסן, געטרונקען, פאַרויכערט די ליולקעס און אָנגעהויבן רעדן וועגן די טאָג־נײַעסן. קאַרל מאַרקס האָט דערציילט וועגן זײַנע אײַנדרוקן פון אַ גרויסן אַרבעטער־מיטינג, אין וועלכן ער האָט זיך נעכטן באַטייליקט. מאַרקס האָט גערעדט מיט באַגייסטערטע ווערטער וועגן די פראַנצויזישע אַרבעטער:

„ווי אָפט איך בין אויף אַ סאָציאַליסטישער פאַרזאַמלונג פון פראַנצויזישע אַר־בעטער, מוז איך מיט באַוווּנדערונג זיי אָבסערווירן. די ברידערלעכקייט איז נישט פאַר זיי קיין קלינגנדיקע, בילִיקע פראַזע, זי איז אַן אמת'ע ווירקלעכקייט, וואָס לעבט אין זייער בלוט. אויף זייערע מידע געזיכטער שפּיגלט זיך אָפּ די איידלקייט פון זיי־ער ראַסע און וועקט אונזערע טיפסטע געפילן!".

הײַנע האָט אָנגעהויבן אַפּלאָדירן:

„בראַוואָ, מאַרקס, דו רעדסט ווי אַן עכטער פּאָעט. ווען איך וואָלט אַפילו נישט געוווּסט, אַז דו האָסט אין דער יוגנט געזינדיקט מיט פּאָעזיע, וואָלטן דײַנע איצטיקע ווערטער געזאָגט וועגן דעם עדות!".

די שטימונג איז געוואָרן אַ הייטערע, אָבער נישט אויף לאַנג. מאַרקס האָט אין אַן ערנסטן טאָן און מיט התפעלות גערעדט וועגן דעם דײַטשן שנײַדער־געזעל ווײַט־לינג, דעם קאָמוניסטישן אַגיטאַטאָר און שרײַבער, וועמענס בוך: „די גאַראַנטיעס פון האַרמאָניע און פרײַהייט", ער האָט שטאַרק באַוווּנדערט:

„אָט אַזעלכע וויכטיקע, גע̈ניאַלע כחות דרימלען אין פּראָלעטאַריאַט. צי קאָן די דײַטשע בורזשואַזיע צוזאַמען מיט אירע אַלע געלערנטע און פילאָזאָפן אויפווײַזן לטו־בת איר פּאָליטישן קאַמף אַזאַ ווערק, ווי עס האָט אָנגעשריבן דער דאָזיקער פּשוט'ער שנײַדער־געזעל אין דינסט פון זײַן אַרבעטער־קלאַס? ווען מיר וועלן פאַרגלײַכן די פּוסטע, פּחדנישע נישטיקייט פון דער דײַטש־בירגערלעכער פּאָליטישער ליטעראַטור מיט דער קעמפערישער, הערלעכער פּובליקאַציע פון דעם דײַטשן אַרבעטער ווײַטלינג, קאָנען מיר רואיק פאָרויסזאָגן דעם דײַטשן פּראָלעטאַריאַט אַ שנעלע, מעכטיקע צו־קונפט!".

מאַרקס, וועלכער האָט נאָך נישט פאַרגעסן דעם שמערצלעכן דורכפאַל, וועלכן ער האָט געליטן בײַם פראַנצויזישן פּראָלעטאַריער פּרודאָן, האָט איצט אַלע זײַנע האָפענונגען פאַרבונדן מיטן דײַטשן אַרבעטער ווײַטלינג. דאָס, וואָס איז אים נישט גע־לונגען בײַ פּרודאָנען, האָט געדאַרפט פאַרווירקלעכן ווײַטלינג, דאָס הייסט, די פאַר־בינדונג צווישן פילאָזאָפיע און פּראָלעטאַריאַט. ווײַטלינג האָט צו יענער צײַט געלעבט אַלס אַ פּאָליטישער עמיגראַנט אין דער שווייץ, און מאַרקס האָט אומגעדולדיק גע־וואַרט אויף דעם טאָג, ווען ער וועט זיך קאָנען מיט ווײַטלינגן צונויפטרעפן. די נאָ־ענטע צוקונפט וועט באַווײַזן, אַז מאַרקס'נס האָפענונגען לגבי דעם דײַטשן פּראָלע־

טאַריער ווייטלינג זענען אַזוי ביטער אַנטוישט געוואָרן ווי די פֿריערדיקע לגבי דעם פֿראַנצויזישן פּראָלעטאַריער פּרודאָן.

אָבער איצט, בעת דעם געשפּרעך מיט היינע'ן און העס'ן, איז מאַרקס געווען מלא התפּעלות לגבי ווייטלינג'ן און דער דייטשער אַרבעטערשאַפט. מאַרקס איז גאָר־נישט געווען צופֿרידן, ווען היינע האָט פּלוצלינג באַמערקט, אַז רוגע שרייבט און רעדט אומעטום אין אַ שפּאָטישן טאָן וועגן דער קאָמוניסטישער באַוועגונג צווישן די דייטשע אַרבעטער און וועגן דעם לעבערלעך־שוואַכן, ווי ער מיינט, איינפֿלוס פֿון מאַרקס'ן אויף דער דייטשער עמיגראַציע אין פּאַריז. העס האָט גלייך צוגעגעבן, אַז רוגע'ס אַנטיסעמיטישע רייד זענען אַ באַווייז, ווי ווייניק מ'קאָן זיך פֿאַרלאָזן אויף דער אָנשטענדיקייט פֿון די דייטשן, און זאָלן זיי אַפֿילו זיין ראַדיקאַלע פֿילאָזאָפֿן און דעמאָקראַטן. העס האָט גאַנץ שאַרף אונטערגעשטראָכן:

„זעסט דו, מאַרקס, עס האָט דיר נישט געהאָלפֿן דיין יידן־פֿיינטלעכער אַרטיקל אין די „דייטש־פֿראַנצויזישע יאָרביכער"? ביי רוגע'ן און זיינע דייטשן ביסטו און וועסט דו בלייבן „דער יודע". דו קאָנסט אַפֿילו האָבן צען מעטריקעס פֿון עוואַנגע־ליש־קריסטלעכן גלויבן און שרייבן הונדערט אַזעלכע אַרטיקלען קעגן דעם יידנטום, עס וועט דיר נישט העלפֿן אַפֿילו דיין אַנטיסעמיטיזם, ווייל...".

מאַרקס איז געוואָרן אויפֿגערעגט און האָט העס'ן שאַרף איבערגעריסן:

„דו דערלויבסט דיר צופֿיל, העס! ס'איז נאַריש פֿאַרצוואַרפֿן מיר אַנטיסעמי־טיזם. אפשר ווייסט דו, און אויב נישט, זאָלסט דו עס ווּיסן: אין דער צייט, ווען איך האָב געשריבן מיין אַרטיקל „צו דער יידן־פֿראַגע" האָב איך גלייכצייטיק באַמיט זיך וועגן אַ פּעטיציע צום פּרייסישן לאַנדטאָג קעגן די אַנטי־יידישע אויסנאַמס־גע־זעצן און לטובת אַ יידישער גלייכבאַרעכטיקונג. אַזוי האַנדלט אַן אַנטיסעמיט? און נאָך עפּעס: איך קלויב זיך איצט צו שרייבן אַ ספּעציעלע פּובליקאַציע לטובת די יידן אינם אָריענט, בפֿרט אין ירושלים, וועלכע וווינען אין שרעקלעכע באַדינגונגען און זענען די שטענדיקע קרבנות פֿון דער מוזולמאַנישער אונטערדריקונג. מיין פּו־בליקאַציע דאַרף זיין אַ דערגענצונג צו היינעס „דמשק־בריוו פֿאַר דעם יידנטום און זיין געזעץ". ס'איז גענוג, אַז רוגע אַטאַקירט מיך פֿון דער קריסטלעכער זייט! ווילסט דו, העס, מיך נאָך אַטאַקירן פֿון דער יידישער זייט?...".

העס איז אויפֿגעשפּרונגען. היינע האָט אים אָבער שנעל באַרויקט:

„זאָל שטיל זיין. מיר וועלן דאָך אויפֿוועקן די קליינע זשעני. איך וועל צווישן אייך מאַכן אַ פּשרה. העס איז אַ גאַנצער ייד און דו, מאַרקס, ביסט אַ גאַנצער משומד. און איך...?

היינע האָט זיך סאַרקאַסטיש צעלאַכט: „איך בין אַ האַלבער ייד און אַ האַלבער משומד!".

אַלע דריי פֿריינט האָבן געשמייכלט. העס איז אָבער גלייך ווידער ערנסט גע־וואָרן. ער האָט גענומען באַווייזן, ווי אומגערעכט מאַרקס איז געווען אין זיין אַר־טיקל „צו דער יידן־פֿראַגע": אָט, זייט הונדערטער יאָרן ווערן יידן בלוטיק פֿאַרפֿאָלגט צוליב זייער רעליגיע. אומצאָליקע טויזנטער יידן זענען געשטאָרבן על קדוש השם, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט אַפֿילו פֿאָרמעל זיך באַקענען צום קריסטנטום. ווי קאָן מען לגבי די דאָזיקע פֿאַקטן קומען מיט אַזאַ פֿאַלשער און אומגערעכטער טעזע, אַז דער וועלטלעכער קולט פֿון יידנטום איז דער שאַכער און אַז דער יידישער גאָט איז

דאָס געלט. אויך די מעשה מיט דעם יידישן קאַפּיטאַליזם איז שטאַרק איבערגעטריבן און פאַלש. נישט די יידן, נאָר דווקא עכטע קריסטן זענען געווען די שעפער און אויסנוצער פון מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם.

היינע האָט זיך מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צוגעהערט צו די אויספירונגען פון העס'ן, און האָט צוגעגעבן:

„זיכער איז העס גערעכט. ווען מ'שרייבט וועגן אַ צווייטראַנגיקער זאַך פאַרטיפט מען זיך אין ביכער און ביבליאָטעקן. אָבער ווען עס קומט צום יידנטום, שרייבט מען סתם אין דער וועלט אַריין, אָן וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, און מען חנפ'נט צו די נידעריקסטע, דעמאַגאָגישע אינסטינקטן פון המון. מאַרקס! נישט אַזוי האַנדלט אַן ערנסטער, פאַראַנטוואָרטלעכער וויסנשאַפטלער. מ'טאָר זיך נישט צורירן צום יידנטום אויף אַזאַ לייכטזיניקן אופן!".

מאַרקס איז געזעסן, אָנגעשפּאַרט די הענט אויפן טיש. ער האָט זיך איצט רואיק צוגעהערט און געשוויגן. זיין פּנים איז געוואָרן ערנסט, און אויף דעם ברייטן, רבנישן שטערן זענען בולט געוואָרן טיפע קנייטשן. לסוף האָט מאַרקס זיך אויפגעהויבן און געזאָגט שטיל:

„אַנטשולדיקט, מיינע חברים! ס'איז זייער שפּעט. מיין פרוי און מיין טעכטערל זענען פאַרקילט, און מען טאָר נישט שטערן זייער נאַכט־רו! מיר וועלן נאָך וועגן די אַלע זאַכן האָבן די מעגלעכקייט צו דיסקוטירן. דער ענין איז נישט אַזוי פּשוט, מ'קאָן אים נישט דערליידיקן מיט אַ פּאָר ווערטער!".

היינע און העס האָבן זיך שנעל געזעגנט מיטן בעל־הבית. העס האָט באַגלייט היינע'ן אַ שטיקל וועג, און זיי האָבן ממשיך געווען דאָס געשפּרעך וועגן יידנטום. היינע איז געוואָרן שטאַרק באַרעדעוודיק, ווי ער וואָלט שוין לאַנג געוואַרט אויף אַ פּאַסנדיקער געלעגנהייט, בכדי אַראָפּצורעדן זיך פון האַרצן:

„איך האָב דעם איינדרוק, העס, אַז סוף־כּל־סוף וואָלט זיך מאַרקס אפשר אַנטשולדיקט פאַר זיין אומגעלומפּערטן אַרטיקל „צו דער יידן־פראַגע". ס'איז אים זיכער נישט לייכט אויסצודריקן זיין חרטה. ער קאָן נישט זיין לגמרי אויפריכטיק מיט אונז. מ'מוז אים פאַרשטיין פּסיכאָלאָגיש, און איך פאַרשטיי אים גענוי. ער וויל פאַר יעדן פּרייז אַנטלויפן פון יידנטום. אויך איך האָב עס געוואָלט טון מיין גאַנץ לעבן. אָבער דאָס יידנטום איז געווען און געבליבן שטאַרקער פאַר מיר און פאַר מיין ווילן. דאָס איז העכער פון מענטשלעכן שכל, אַ מין מיסטעריעזע און איראַציאָנעלע ספערע פון אונזערע באַהאַלטענע און געירש'נטע קאָמפּלעקסן. איך האָב יאָרנלאַנג געקעמפט מיט זיך, און בשום אופן נישט געקאָנט פּטור ווערן פון יידנטום, פון די פאַרגאַנגענע שאָטנס. אפשר איז פאַר אונז דאָס יידנטום אַ העכערע, געטלעכע מאַכט, און אפשר איז עס פּשוט נישט מער ווי אַ הויקער, פון וועלכן דער בעל־מום קאָן זיך נישט באַפרייען. ער, מאַרקס, רעדט זיך מנ'סתם איין, אַז מיט דעם דאָזיקן אַרטיקל „צו דער יידן־פראַגע" האָט ער אַנטגילטיק און פולשטענדיק באַזיגט זיין יידישן קאָמפּלעקס. אָבער, דאָס איז בלויז זיין איינרעדעניש, ס'איז נישט מער ווי אַ מאָמענ־קאָמפּלעקס. די אַטאַוויסטישע ירושה פון זיינע אבות וועט אים באַטאַלער נצחון, אַ פּירהוס־זיג. די אַטאַוויסטישע ירושה פון זיינע אבות וועט אים באַגלייטן דאָס גאַנצע לעבן און קיין מנוחה נישט געבן! מ'אַנטלויפט נישט אַזוי לייכט פון אַ דורות־לאַנגן עבר, וועלכער האָט זיך איינגעגראָבן טיף אין אונזער בלוט, אין

אונזער מוח און נשמה. איך האָב, אַלס יונגער מענטש, געוואָלט מיט דער הילף פון מיין שמד־צעטל, אַנטלויפן אויף אייביק פון מיין יידישן שאָטן. ס'איז מיר נישט געלונגען! איך האָב שפּעטער געפּרוּווט, מיט מיינע יידישע לידער און דערציילונגען גובר צו זיין אין זיך דעם קאָמפּלעקס פון מיין געיריש'נטער יידישקייט, וואָס האָט מיך כּסדר אומברחמנות'דיק געיאָגט און געמאָנט. מאַרקס איז פאַרבלענדט און ער נאַרט זיך אַליין אָפּ, ווען ער גלויבט דאָס צו דערגרייכן מיט זיין אַרטיקל קעגן דעם יידנ־טום. ער איז נאָך יונג און פאַרשטייט נישט די טיפקייט פון אונזער יידישער טראַ־געדיע. לויט מיינע יאָרן, וואָלט איך געקאָנט זיין מאַרקס'נס פאָטער. איך פאַרשטיי זיין אינערלעכן געראַנגל און בין אים מוחל זיין זינד. ער קעמפט פאַרצווייפלט מיט זיך און מיט די שאָטנס פון דער פאַרגאַנגנהייט. ער שעמט זיך אין דעם מודה צו זיין און שטעלט זיך האָפערדיק אין אַ זיגערישער פּאָזע. אָבער דער אַטאַוויזם פון זיינע רבנישע דורות איז און וועט בלייבן שטאַרקער פון אים, פון זיין בילדונג און פון זיין פאַרביסענער עקשנות. אין דער נאַטור גייט גאָרנישט פאַרלוירן! לאַנגע דורות פון רבנים און תלמודישע גאונים קאָנען נישט אַזוי פּשוט און לייכט אָפּגעווישט ווערן פון אַ מענטשלעכן קיום. אפילו אויך נישט מיט דער הילף פון אַ זייער באַקוועמער און ספּעציעל־צוגעטראַכטער טעאָריע! זיין גאַנץ לעבן, ביז צום לעצטן אָטעם, וועט מאַרקס קעמפן און ליידן אין רבנישן שאָטן!״.

העס האָט, אַ שווייגנדיקער און אין געדאַנקען אַ פאַרזונקענער, צוגעהערט זיך צו היינע'ס מערקווירדיקער „וידוי״. ביידע פריינט זענען שטיין געבליבן ביי איינער פון די נייע, פּרעכטיקע סען־בריקן, און האָבן שטילערהייט, לאַנג געקוקט, ווי פאַר־חלומט, צו די איינזאַמע ברעגעס פון מורמולנדיקן טייך. לסוף האָט העס געזאָגט מיט אַ שוואַכער, טרויעריקער שטימע:

„יעדער ייד, אפילו דער מיט אַ שמד־צעטל, איז ווילנדיק צי נישט־ווילנדיק, פאַרבונדן מיטן גורל פון זיין יידישן אָפּשטאַם. דער אַנטיסעמיטיזם וועט זיך נישט לאָזן אָפּשאַפן מיט שכל'דיקע אַרגומענטן! ווייל די באַציאונגען צווישן פעלקער און ראַסן קומען פאָר לויט געוויסע נאַטור־געזעצן, וועלכע מיר קאָנען נישט געשטאַלטן אָדער ענדערן לויט אונזער ווילן. די שנאת־ישראל איז טיף איינגעוואָרצלט אין דער נשמה פון די פעלקער!״.

היינע האָט געוואָרפן אַ שאַרפן בליק אויף זיין חבר, איבערייסנדיק אים מיט ליידנשאַפטלעכע פראַגן:

„איז וואָס, העס? זענען מיר פאַרלוירן? איז דען נישטאָ מער קיין שום אויס־וועג?״.

העס האָט נאָך אַ וויילע, ממשיך געווען:

„כּל־זמן דער ייד וועט אָפּלייקענען זיין נאַציע, אַזוי לאַנג וועט זיין לאַגע צווישן די פעלקער ווערן פון יאָר־צו־יאָר אומדערטרעגלעכער. איך האָב די טעג געלייענט דעם ניי־דערשינענעם ראָמאַן פון עאוזשען סו: „לע זשוויף ערראַן״. דער אייביקער יידישער וואַנדערער אַהאַסוועער איז געוואָרן אַ גרויל פאַר זיך און נאָך מער פאַר זיי, די גויים. ווי מיינסט דו, היינע, צי איז שוין נישט געקומען די צייט, אַז אַהאַסוועער זאָל ענדלעך אָנהויבן טראַכטן וועגן אַן אייגן שטיקל לאַנד אויף דער דאָזיקער רי־זיקער און זינדיקער וועלט?!״.

היינע האָט דאַרויף גאָרנישט געענטפערט. ס׳איז געווען שוין שפּעט אין דער נאַכט. הערלעך האָט געגלאַנצט די פּראַכט פון דער „שטאָט פון ליכט און רעוואָלוציע”. אָבער היינריך היינע׳ן און משה העס׳ן האָט זיך געדוכט, אַז אין דער שטילער גאַסן־איינזאַמקייט שלייכן זיי נאָך די טראַגישע, אומרואיקע שאָטנס פון אַהאַסווער, דעם אייביקן יידישן וואַנדערער.



סוף



## באַמערקטע דרוק־טעות׳ן:

| זייט | שורה | אַנשטאַט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| 28 | 18 | אין | און |
| 36 | 41 | פעסטפאַלן | וועסטפאַלן |
| 39 | אין טיטל | GALILEE | GALILAEE |
| 41 | 29 | " | " |
| 42 | 3 | " | " |
| 46 | 6 | קינדישע | קינדערישע |
| 58 | 12 | קלאַסן | קלאַס |
| 65 | 21 | תחום | תהום |
| 77 | 18 | אויסער דעם | אויסערדעם |
| 86 | 2 | פרידריך | ווילהעלם |
| 103 | 37 | קינדיש | קינדעריש |